# שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע

און אין אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד

## פאָרשונגען אין יידישער געשיכטע און יידישן לעבנסשטייגער

פון

## מ. אָשעראָוויטש

באַנד צוויי

אַרויסגעגעבן פון
מ. אָשעראָוויטש יובילײ־קאָמיטעט
ניו יאָרק, 1948

אַרויסגעגעבן ווען ס'איז געוואָרן 300 יאָר

זינט די כמעלניצקי־שחיטות פון ת"ח ות"ט.

געווידמעט דעם אָנדענק פֿון מיין ברודער
דזשיאל אַשעראָוויטש, וועלכער איז ביים
לעבן געוועזן אַ מאַרטירער און איז
דערנאָך אין אוקראַינע געפֿאַלן אויפֿן
שלאַכטפֿעלד ווי אַ העלד.

# בערשאַד

בערשאַד איז אין אוקראַינע פון יענע שטעטלעך, וואָס זיינען ניט אַליין, נאָר אין אַ משפחה פון נאָך שטעטלעך, וואָס זיינען איינע מיט די אַנדערע געקניפּט און געבונדן...

אַ סך אַזעלכע יידישע שטעטלעך זיינען אין יענעם געגנט פאַראַן.

זיי זיינען מיילן ווייט איינע פון די אַנדערע; מ'פאָרט אַהין געוויינלעך מיט אַ וואָגן, ניט מיטן באַן, און די וועגן, וואָס זיינען אַמאָל זייער בלאָטיקע און אַמאָל זייער שטויביקע, אָדער פול און פול מיט פאַרהאַרטעוועטע הרודעס און גריבער, פאַרדרייען זיך אָפּט אין געדיכטע וועלדער, וואו מ'פילט זיך ניט זייער היימלעך; און ווען מ'קומט צו צו אַ הויכן באַרג אין מיטן פעלד, מוז מען אַראָפּ־קריכן פונם וואָגן און „צולעגן אַ פּלייצע", אַז ס'זאָל די פערד זיין גרינגער דעם וואָגן אַרויפצושלעפּן; ס'טרעפט אויך, אַז מ'ווערט אין מיטן וועג פאַרסטראַניעט אין אַ בלאָטע, דער וואָגן קריכט אַריין מיט איין זייט אין אַ ריוו און די רעדער הערן זיך אויף דרייען, און מ'מוז לויפן ערגעץ אין אַ נאָענטן דאָרף זוכן אַ גוי, וואָס זאָל קומען מיט פערד, אָדער מיט אָקסן, העלפן „אַרויסביטשעווען" דעם וואָגן, און דאַן האַלט מען אין איין „נאָקען" און „וויאָקען" צו די פערד, און מ'האַלט אין איין שרייען „העי צאָבע" צו די אָקסן, און מ'שמייסט זיי מיט בייטשן, און מ'שלעפּט זיי ביי דער „יאַרמאָ", און ווען מ'קריכט שוין, קוים מיט צרות, אַרויס פון דער בלאָטע און מ'לאָזט זיך פאָרן ווייטער, איז מען פונדעסטוועגן נאָך ניט זיכער צי מ'וועט באַלד ניט אַריין אין אַ נייער בלאָטע...

אויף אַזעלכע וועגן איז מען געפאָרן קיין בערשאַד פון די אַנדערע שטעטלעך, וואָס געפינען זיך אין יענעם געגנט — פון טראָסטינעץ, פון אַבאַדיווקע, פון וואַרכיווקע, פון טערניווקע און פון אַנדערע שטעטלעך; אויף אַזעלכע וועגן איז מען אויך געפאָרן פון בערשאַד, ווען מ'האָט געדאַרפט צוקומען ערגעץ. און דאָך זיינען די אַלע שטעטלעך געווען פאַראייניקט צווישן זיך ווי איין גרויסע משפחה, וואָס איז געקניפּט און געבונדן; די ווייטקייט און אויך די שווערע וועגן זיינען ניט געווען קיין אָפּהאַלט און קיין שטערונג; ווען מ'האָט נאָר געדאַרפט פאָרן — צי דאָס איז געווען צוליב פּרנסה, אָדער גאָר צוליב „גוט יום־טוב ביטן" — איז מען געפאָרן, און מ'האָט געשלאָסן שידוכים צווישן זיך און מ'איז געפאָרן

אויף חתונות און אויך אויף בריתן איינע צו די אַנדערע, און ס'איז אין יענעם געגנט שווער געווען צו געפינען איין שטעטל, וואו ס'זאָלן ניט זיין עטלעכע בערשאַדער אידעמס און עטלעכע בערשאַדער שנורן; און מ'האָט עס געהאַלטן פאַר אַ כבוד זיך משדך צו זיין מיט בערשאַד, ווייל ס'איז געווען אָנגענומען, אַז פון דאָרט קומען די לערנער, די וואוילקענענדיקע און גלאַט אַזעלכע, וואָס צייכענען זיך אויס מיט גוטע מידות און מיט איידלקייט.

אַפילו אין דעם צונאָמען, וואָס מען האָט געגעבן די בערשאַדער, איז געווען אַ היפּשע מאָס דרך־ארץ; ניט אַזוי ווי מ'האָט זיך געוויינלעך געפירט אין יענע צייטןביים געבן אַ צונאָמען די איינוואוינער פון אַ שטאָט, אָדער פון אַ שטעטל; מיט יענע האָט מען קיין צערעמאָניעס ניט געמאַכט און מ'האָט זיי געגעבן אַזעלכע צונעמען, אַז מ'זאָל פון זיי קענען לאַכן — „טראָסטינעצער צאַפּעס", „אַבאַדיוּוקער פּעלצן", „וואַרכיוּוקער ציגן". קיינער האָט ניט געוואוסט ווער ס'האָט די דאָזיקע נעמען אויסגעטראַכט, אָבער מ'האָט זיי אָנגענומען און מ'האָט געהאַט שפּאַס פון דעם. מיט די בערשאַדער אָבער האָט מען קיין שפּאַס ניט געמאַכט, און מ'האָט זיי גערופן „בערשאַדער טליתימלעך", און דאָס האָט גע־הייסן, אַז זיי זיינען פון אַ העכערער קאַטעגאָריע, און ניט אומזיסט האָבן זיך די בערשאַדער אידעמס אין די אַלע אָרומיקע שטעטלעך פון דער משפחה גע־האַלטן אַזוי, אַז מ'זאָל אויף זיי קענען אָנווייזן ווי אויף די אמתע ייִדענע יונגע־לייטלעך, וואָס מעגן זיך איבערנעמען מיט זייער יחוס...

אָן אמתער בערשאַדער אָבער, עס הייסט, אַזאַ וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ בערשאַדער ניט נאָר אין בערשאַד, נאָר אומעטום, וואו ער איז נאָר געווען, האָט זיך מיט זיין יחוס ניט איבערגענומען, אַפילו ווען ער האָט גע־שטאַמט פון דער פיינסטער משפחה; אָן אמתער בערשאַדער האָט ניט געטאָרט זיך האַלטן גרויס, ווייל גרויסהאַלטעריי, גאווה, איז באַטראַכט געוואָרן ווי זייער ניט קיין שיינע מידה ביי מענטשן, און דאָס איז געבליבן נאָך פון יענע צייטן, ווען דער חסידישער רבי ר׳ רפאל האָט אין בערשאַד געלעבט.

ר׳ רפאל בערשאַדער האָט געהאַט אַ שם פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער עניוות. ער איז געווען דער שטילסטער און באַשיידנסטער מענטש, וואָס מ'קען זיך נאָר פאָרשטעלן. גרויסהאַלטעריי איז אים געווען אַזוי פרעמד, אַז ער האָט פּשוט ניט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי אַ מענטש קען זיך גאָר איבערנעמען מיט די מעלות, וואָס ער האָט, און וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן מען קען בכלל האָבן פון גאווה.

ער איז אין דעם פּרט געווען אַן עכטער תלמיד פונם בעל־שם־טוב, אָבער איבערגענומען די תורה פון דעם גרויסן גרינדער און באַשאַפער פונם חסידיזם ביי ייִדן, האָט ר׳ רפאל ניט פונם בעל־שם־טוב אַליין, נאָר פון זיין תלמיד ר׳

פּנחס קאָרעצער, וועלכער איז אינם יאָר 1831 געשטאָרבן אינם שטעטל שעפּעטיווקאַ, וואָס אין וואָלינער גובערניע. פּונקט ווי ר׳ פּנחס קאָרעצער, אַזוי איז אויך ר׳ רפאל בערשאַדער קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו פּרעדיקן דעם געדאַנק, אַז גדלות איז איינע פון די גרעסטע עבירות, וואָס אַ מענטש קען באַגיין און אַז די שענסטע אייגנשאַפט, וואָס לייטערט די נשמה פון אַ מענטשן און דערהויבט אים צו גייסטיקער הויכקייט, איז ענוות.

ער פלעגט זאָגן:

— איך דאַנק אָפּט דעם רבונו־של־עולם פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס ער האָט געטאָן צו אונז דערמיט וואָס ער האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז אַ מענטש דאַרף זיך ניט האַלטן גרויס ביי זיך. ווען גאווה וואָלט, חלילה, געוועזן אַ מצווה, וואָלט איך דאָס געהאַלטן פאַר אַ גזר מן השמים; איך וואָלט אַזאַ מצווה בשום אופן ניט געקענט אָפּהיטן, וואָרעם וואָס בין איך דען און ווער בין איך דען, אַז איך זאָל זיך האַלטן גרויס ביי זיך?...

ער פלעגט אויך זאָגן, אַז ווען דאָס וואָרט גאַווה וואָלט אין ערגעץ ניט דערמאָנט געוואָרן, וואָלט ער זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז ס׳איז טאָקע פאַראַן אַזאַ זאַך אויף דער וועלט.

און נאָך האָט ער וועגן דעם געזאָגט:

— פאַרן בית־דין של מעלה וואָלט איך זיך געקענט פאַרענטפערן פאַר אַלע עבירות אין דער וועלט, נאָר ניט פאַר אַזאַ עבירה ווי זיך האַלטן גרויס ביי זיך. ווען מ׳וואָלט מיך דאָרט געפרעגט צי איך האָב ביים לעבן געלערנט תורה, וואָלט איך דערויף געקענט ענטפערן, אַז איך האָב דאָס ניט געקענט טאָן, ווייל איך בין ניט קיין למדן; ווען מ׳וואָלט מיך געפרעגט צי איך האָב געפאַסט תעניתים, וואָלט איך דערויף געקענט ענטפערן, אַז איך בין שטענדיק געווען אַ שוואַכער מענטש און איך האָב דעריבער ניט געקענט פאַסטן קיין תעניתים, ווייל ס׳וואָלט מיר געשאַדט צום געזונט; ווען מ׳וואָלט מיך געפרעגט צי איך האָב געגעבן צדקה צו אָרעמע לייט, וואָלט איך געקענט ענטפערן, אַז איך האָב קיין צדקה ניט געקענט געבן, ווייל איך בין אַליין אַן אָרעמאַן. אָבער וואָס וואָלט איך זיי דאָרט געקענט ענטפערן, ווען זיי גיבן מיר אַ זאָג: „הער נאָר דו! קיין למדן ביסטו ניט געווען, קיין כוח האָסטו ניט געהאַט און צו דעם ביסטו נאָך געווען אַ קבצן אויך, איז מיט וואָס האָסטו זיך דאָס אַזוי איבערגענומען און זיך געהאַלטן אַזוי גרויס ביי זיך?...“ אדרבה, זאָגט, וואָס וואָלט איך זיי געקענט ענטפערן דערויף?

אַזוי האָט ער גערעדט וועגן זיך אַליין, און אין דעם איז אויך געווען גרויס ענוות, ווייל ער איז דווקא יאָ געווען אַ למדן, ער האָט דווקא יאָ געקענט לערנען. אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז וויפל מ׳קען, איז ניט גענוג, און אַז אַפילו ווען מ׳קען גאָר אַ סך, דאַרף מען זיך אויך ניט איבערנעמען דערמיט...

ר׳ רפאל בערשאַדער איז אין זיין עניוות געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז כאָטש ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש, איז ער דאָך קיינמאָל אין גאַס ניט געגאַנגען מיט קיין שטעקן. „אַ שטעקן, — האָט ער געזאָגט, — איז אַ סימן פון גדלות און דאָס איז זייער ניט קיין שיינע מידה.״

אין אַלץ, וואָס ר׳ ר׳פאל האָט געטאָן, איז געווען אַ סך איידלקייט און פיינקייט, און מ׳קען ווענן אים זאָגן, אַז ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די פאַרקערפּערונג פון דעם שענסטן, וואָס דער בעל־שם־טוב האָט געפּרעדיקט. „ער האָט פיינט געהאַט געלט און פלעגט אַנטלויפן פון כבוד״, — דערציילט וועגן אים אברהם בער גאָטלאָבער, וועלכער האָט אין זיינע ווערק שטאַרק באַקעמפט די חסידישע רביים פון יענע צייטן. — „ער פלעגט שטענדיק אַרומפאָרן איבער די שטעטלעך, קיין געלט פלעגט ער אָבער ניט נעמען, בלויז אויף הוצאות. דאָס איבעריקע פלעגט ער צעטיילן צו אָרעמע לייט. ער פלעגט אויך לערנען דאָס פאָלק צו ליידן אמת און צו דערווייטערן זיך פון גאווה און גדלות״ *).

ר׳ רפאל בערשאַדערס גוטסקייט האָט ממש קיין שיעור און קיין ערך ניט געהאַט. ער האָט געקענט פאַרגעבן די גרעסטע עוולות, וואָס מ׳איז באַגאַנגען קעגן אים. פּונקט ווי זיין רבי ר׳ פּנחס קאָרעצער, האָט ער אויך געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף ניט טראָגן קיין כעס אויף מענטשן בכלל און אויף יידן בפרט, אַפילו ניט אויף אַזעלכע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פונם גלייכן וועג און וואָס זיינען אַוועק אויף קרומע וועגן. און איינמאָל, ווען ער איז געווען אין דער שטאָט אומאַן און איז דאָרט פאַרבייגעגאַנגען לעבן אַ הויז, וואו עטלעכע אַפּיקורסים, וואָס זיינען געזעסן אויפן גאַניק, האָבן אויפן קול געלאַכט פון אים און פון די חסידים, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אים, איז ער ניט געוואָרן בייז אויף זיי דערפאַר.

— ס׳מאַכט ניט, — האָט ער געזאָגט צו די אַפּיקורסים, ווען ער איז צוגעקומען נעענטער. — אויב אַפילו ס׳איז ניט שיין אָפּצולאַכן און חוזק מאַכן פון יענעם, איז אָבער פונדעסטוועגן גוט וואָס יידן קענען דערמיט פאַרטרייבן די מרה־שחורה און זיין כאָטש אַ ביסל פריילעך... לאַכט, יידן, לאַכט!...

אַזוי האָט ער געזאָגט צו די, וואָס האָבן חוזק געמאַכט פון אים, און ער איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג...

ער איז קיינמאָל אויף קיינעם ניט געווען בייז. ער האָט קיינעם קיינמאָל קיין פאָרוואורף ניט געמאַכט. און ווען זיינע חסידים אין בערשאַד האָבן אים אַמאָל געבראַכט אַ מתנה אַ טלית־קטן און ער האָט דערזען ווי זיי שטייען פאַר

*) גאָטלאָבערס מעמואַרן, ז׳ 115, געדרוקט אין דעם בוך „אברהם בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע״, אונטער דער רעדאַקציע פון א. פרידקין, פאַרלאַג קלעצקין, ווילנע, 1925

אים מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, ווייל פּונקט אין דער רגע האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז אַנשטאָט איין אויסשניט אַ קיילעכדיקן, האָט מען, דורך אַ טעות, גאָר געמאַכט צוויי אויסשניטן קיילעכדיקע, האָט ער מיט אַ שמייכל צו זיי געזאָגט:

— נישקשה, איר דאַרפט זיך דערפאַר ניט פאַרענטפערן פאַר מיר. אפשר איז גאָר גוט, אַז מ׳זאָל טאַקע מאַכן צוויי מיילער אין אַ טלית־קטן: איין מויל — אָנטאָן אויפן קאָפּ, און דאָס צווייטע מויל — אויף איינצוהאַלטן דעם כעס...

ר׳ רפאל בערשאַדער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן קיין ליגן ניט געזאָגט, און דאָס האָט ער אויך איבערגעגעבן פון זיין רבין ר׳ פנחס קאָרעצער, וועלכער האָט דעם אמת אויפגעהויבן אַזוי הויך, אַז ער פלעגט אָפט זאָגן, אַז אַ מענטש זאָל בעסער נעמען אויף זיך דעם טויט, איידער זאָגן אַ ליגן. און צווישן די בער־שאַדער חסידים האָט מען טאַקע דערציילט, אַז ר׳ רפאל האָט אַזוי געטאָן — ער האָט אויסגעקליבן דעם טויט, איידער זאָגן אַ ליגן. און וועגן דעם דערציילט אויך אברהם בער גאָטלאָבער אין זיינע מעמוארן. אויך דער העברעאישער שריפט־שטעלער אלימלך איש־נעמי (וועקסלער) דערמאָנט דאָס אין זיינע זכרונות, וואָס ער האָט אָנגערופן „מתהום־הנשיה״, און פון דעם וואָסביידע דערציילן — יעדער איינער אויף זיין שטייגער — האָט זיך ס׳געהאַנדלט וועגן אַ שבועה, וואָס צוויי רביים האָבן געדאַרפט געבן אין אַ געריכט וועגן אַ יידן, וואָס מ׳האָט באַ־שולדיקט אין האַנדלען מיט קאָנטראַבאַנדע מיט דער הילף פון אַ פּוילישן פּריץ, וואָס האָט געקראָגן גוט באַצאָלט דערפאַר; די ריכטער האָבן געלאָזט וויסן, אַז אויב דער סאַווראַניער רבי ר׳ משהלע און דער בערשאַדער רבי ר׳ רפאל וועלן שווערן, אַז דער ייד איז ניט שולדיק, וועט מען אים אינגאַנצן ריינוואַשן פון דער קלאַגע און מ׳וועט משפטן בלויז דעם פּריץ, וואָס מ׳האָט געכאַפּט מיט דער קאָנטראַבאַנדע; און דאַן האָט דער סאַווראַניער געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו קומען שווערן. ר׳ רפאל בערשאַדער אָבער האָט אַזאַ זאַך ניט געקענט נעמען אויף זיך, ווייל ער האָט דאָך ניט געוואוסט אויף זיכער צי דער ייד איז טאַקע אומשולדיק, און ס׳ווערט דערציילט, אַז ווען מ׳איז צו אים געקומען בעטן, ער זאָל גיין שווערן, האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט...

פון איין זייט האָט ער אוודאי געוואָלט ראַטעווען אַ יידן. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט ער מורא געהאַט, אַז ער וועט אפשר נאָך, חלילה, שווערן פאַלש.

— ווי קען איך דאָס טאָן? — האָט ער געטענהט. — איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן קיין ליגן ניט געזאָגט; אַלע מיינע יאָרן האָב איך פון מיין מויל ניט אַרויסגעבראַכט קיין איין וואָרט, וואָס קען אין זיך האָבן עפּעס, וואָס איז אַ ליגן. איך האָב זיך מיט אַלע כוחות אויסגעהיט פון שקר, און איצט, אויף דער עלטער, זאָל איך שווערן פאַלש! ניין, דאָס קען איך בשום אופן ניט טאָן! איך וועל בעסער שטאַרבן, איידער שווערן פאַלש!

ער איז שוין דאַן געווען זייער אַלט, דער פרומער און ערלעכער ר׳ רפאל בערשאַדער. אַלט און קראַנק. און די לעגענדע דערציילט, אַז גאָט האָט זיך צוגעהערט צו זיין געבעט און האָט פאַרנומען זיין געוויין. זיין קראַנק האַרץ האָט ניט אויסגעהאַלטן. ער איז געשטאָרבן, וויינענדיק דערויף וואָס ער איז געבראַכט געוואָרן צו אַזאַ שווערן נסיון...

אַפילו די מתנגדים און אַפּיקורסים פון יענער צייט האָבן צוגעגעבן, אַז ר׳ רפאל בערשאַדער איז געווען אַ גרויסער צדיק, אַן אמתער צדיק, און אַז ניט נאָר פון זיין מויל האָט שטענדיק אַרויסגערעדט דער ריינער אמת, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ מוסטער פאַר אַלעמען, נאָר אויך פון זיין האַרץ. די שענסטע דריי מידות, וואָס דערהויבן אַ מענטשן אי ביי גאָט אי ביי לייט — עניוות, גוטסקייט און די ליבשאַפט צום אמת — האָט מען קלאָר און שאַרף געקענט זען אין אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געטאָן. ער האָט אין דעם קיינמאָל גאָר ניט פאַרבויגן. ער איז אין דעם געווען אויסגעהאַלטן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

דאָס איז געווען אַן אמת כשרע נשמה פון אַ צדיק, וואָס האָט געהאַט דעם כוח צוצוציען צו זיך יענע, וואָס האָבן געבענקט נאָך אַ ביסל וואַרעמקייט און ליכטיקייט אין אַ וועלט, וואָס איז פאַר זיי געווען קאַלט און פינצטער. ס׳האָט אָבער ר׳ רפאל בערשאַדער געפעלט דאָס פייער פון אַ לוי יצחק באַרדיטשעווער און די טיפקייט פון אַ נחמן בראַצלאַווער. ער איז, קען מען זאָגן, געווען מער תלמיד ווי רבי. און גייענדיק אויף די וועגן, וואָס ר׳ פנחס קאָרעצער האָט פאַר אים אויסגעטראָטן, האָט ער קיין נייס ניט אויפגעטאָן און ניט געהאַט דעם מוט צו שטעלן אויף זיך אַזוי פיל, אַז ער זאָל זיך גאָר אונטערנעמען אויפצוטאָן עפּעס נייס אין חסידות. ער איז אין זיין עניוות געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך געהאַלטן צו קליין צו זיין ר׳ פנחסעס אַ תלמיד, און ער פלעגט דעריבער קיינמאָל ניט זאָגן „מיין רבי האָט געזאָגט“, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז מיט דעם וועט ער אַרויסווייזן גדלות; ער פלעגט אויך ניט זאָגן „ר׳ פנחס האָט געזאָגט“, ווייל ער האָט געדענקט, אַז דאָס קען נאָך מיינען, אַז ער שטעלט זיך אַליין אַוועק מיט אים אויף איין מדרגה און מיט דעם מינערט ער דאָך יענעמס כבוד. און אַלע מאָל, ווען ער האָט פאַר זיינע חסידים געוואָלט ברענגען אַ קלוג וואָרט, אָדער אַ גוט וואָרט פון זיין רבין, וואָס האָט אים אָנגעוויזן דעם וועג אין לעבן, פלעגט ער געוויינלעך זאָגן „ער, זכרונו לברכה, האָט אַמאָל געזאָגט“, און אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט ער ניט קיין אַנדערן ווי ר׳ פנחס קאָרעצער.

בכלל איז ר׳ רפאל בערשאַדער געווען פון יענעם מין געטרייע און אויסגעהאַלטענע תלמידים און נאָכפאָלגער, וואָס גרינדער און באַשעפער פון נייע תורות און באַוועגונגען בענטשן זיך מיט זיי; ער איז דאָס גאַנצע לעבן זיינס געגאַנגען אין די פוס־טריט פון זיין רבין און ער האָט ניט געטאָן קיין איין

זאַך, וואָס זאָל ווידערשפּרעכן דעם גייסט פון דער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס ר׳ ישראל בעל־שם־טוב האָט געגרינדעט אין די יאָרן, ווען ס׳איז געווען אַזוי נויטיק אַנצואווייזן יידן אַ נייעם וועג אין לעבן. אָבער כאָטש ר׳ רפאל האָט קיין נייס אינם חסידיזם ניט אויפגעטאָן, כאָטש ער האָט ניט פאַרמאָגט די טיפקייט און אַוודאי אויך ניט די אייגנאַרטיקייט פון אַ נחמן בראַצלאַווער, איז אַרום אים דאָך געשאַפן געוואָרן אַזוינס, וואָס בעט זיך אויף אַ פאַרגלייך מיט דעם וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַרום ר׳ נחמנען.

נאָך ר׳ נחמנס טויט האָבן די בראַצלאַווער חסידים פאַר זיך קיין אַנדער רבין ניט אויסגעקליבן און צו קיין אַנדער רבין ניט איבערגעגאַנגען, נאָר זיי זיינען געבליבן „בראַצלאַווער חסידים“ און אַזוי האָט מען זיי אומעטום גערופן. און דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט ר׳ רפאלס חסידים אין בערשאַד און אין די אַנדערע שטעט פון אוקראַינע; זיי האָבן נאָך זיין טויט קיין אַנדער רבין פאַר זיך ניט אויסגעקליבן און צו קיין אַנדער רבין ניט איבערגעגאַנגען — זיי זיינען געבליבן „בערשאַדער חסידים“, און אַזוי האָט מען זיי גערופן אומעטום — ניט נאָר אין בערשאַד, אין טערניווקע, אין טראָסטינעץ, אין אָבאָדיווקע, אין וואָר־כיווקע, אין טאָראַשטשאַ און אין די אַנדערע שטעטלעך, וואָס זיינען אַלע איין משפּחה, נאָר אויך אין די ווייטע שטעט, וואָס קערן זיך גאָר ניט אָן מיט דער משפּחה.

זיי זיינען אומעטום, פונקט ווי די „בראַצלאַווער“, געווען חסידים אָן אַ רבין, און מ׳האָט זיי דעריבער אין אַ סך שטעט גערופן „די טויטע חסידים“. דאָס איז אָבער געווען ניט ריכטיק; זיי זיינען ניט געווען קיין „טויטע“, נאָר פאַרקערט, זייער לעבעדיקע חסידים, און אין זייער געדעכעניש איז אויף אייביק געבליבן דער רבי, וואָס איז שוין לאַנג געווען טויט...

***

פון דור צו דור איז צווישן די „בערשאַדער“ איבערגעגאַנגען די תורה, וואָס ר׳ רפאל האָט פאַרשפּרייט אין די יאָרן וואָס ער האָט אין בערשאַד געלעבט, און וואָס האָט מיט איר פשוטקייט געוועקט די שענסטע און איידלסטע געפילן ביי מענטשן. און טאַטעס האָבן געלערנט זייערע קינדער ווי צו האַלטן הויך און הייליק דעם אמת, און קיינמאָל קיין ליגן ניט זאָגן, ווי צו זיין גוט צו מענטשן און דערשטיקן אין זיך די שלעכטע געפילן, און ווי צו זיין אָפּגעהיט מיט דער מידה פון עניוות, ווייל אַ מענטש טאָר זיך ניט האַלטן גרויס ביי זיך און ער דאַרף ניט קוקן אויף אַנדערע ווי אויף אַזעלכע, וואָס זיינען קלענער פון אים...

אין זייער אויסהיטן זיך פון גאווה זיינען די בערשאַדער געגאַנגען אַזוי ווייט,

אַז זיי האָבן ניט נאָר זיך אַליין, נאָר אויך אַנדערע אויסגעהיט פון דער מעגלעכ־
קייט געשטרויכלט צו ווערן. און ווען ס׳האָט זיך זיי אַמאָל אָנגעהויבן אויסווייזן,
אַז דער חסיד ביי וועמען זיי קומען זיך צונויף אין בערשאָד יעדן שבת צו
פּראַווען שלוש־סעודות הויבט זיך אָן איבערנעמען דערמיט, האָבן זיי געדונגען
אַ שטיבל ביי אַ שניידער, וואָס איז ניט געווען קיין חסיד און זיי האָבן דאָרט
יעדן שבת געפּראַוועט שלוש־סעודות. און ווען ס׳האָט זיך זיי אָנגעהויבן דוכטן,
אַז דער שניידער האַלט זיך שוין אויך גרויס דערמיט, איז ביי זיי געבליבן, אַז
מ׳זאָל שוין בעסער דינגען אַ שטיבל ביי אַ גוי און דאָרט פּראַווען שלוש־סעודות
יעדן שבת און רעדן ביים טיש וועגן דעם וואָס דער רבי האָט זיי געלערנט;
דער גוי וועט זיך אוודאי ניט איבערנעמען דערמיט. און ס׳וועט אויסקומען,
אַז מ׳האָט אויסגעהיט אַ יידן פון דער שלעכטער מידה זיך צו האַלטן גרויס
ביי זיך און קוקן אויף אַנדערע ווי אויף קלענערע פון זיך...

אַפילו ביים גיין אויף קבר אָבות צום רבין האָבן די בערשאָדער זיך געפירט
מיט גרויס ענוות. און ס׳איז ביי זיי געווען אַ מנהג, אַז ווי ס׳קומט נאָר אָן
דער חודש אלול, קלייבט מען אויס איינעם, וואָס זאָל פאָרן אין דעם שטעטל
טאַראַשטשאַ, וואו ס׳געפינט זיך ר׳ רפאלס קבר, און ער, דער אויסגעקליבענער
שליח, זאָל מיטנעמען מיט זיך אויף פּאַפּיר די נעמען פון די אַנדערע, וואָס פאָרן
ניט. און ווען ער וועט תפילה טאָן ביים רבינס קבר, זאָל ער אים שוין בעטן,
אַז ער זאָל זיך דאָרט, אויף יענער וועלט, שוין מיען פאַר אַלעמען. אין מאָסן,
ווי ס׳איז געווען איינגעפירט ביי די בראַצלאַווער, זיינען די בערשאָדער חסידים
צום רבין אויף קבר אבות ניט געפאָרן, ווייל זיי האָבן אין דעם אויך געזען
גדלות. און כדי דער אויסגעקליבענער שליח זאָל זיך ניט איבערנעמען, האָט
מען אַלע יאָר אויסגעקליבן אַן אַנדערן...

אויף ווי ווייט די „בערשאָדער״ האָבן זיך געהיט אַז זיי זאָלן, חלילה וחס,
ניט זאָגן קיין ליגן, קען מען זען פון דעם, וואָס ס׳איז ביי זיי געווען איינגעפירט
ניט צו געבן קיין באַשטימטן ענטפער, ווען מ׳איז ניט אינגאַנצן זיכער אין דעם.
ווען מען האָט ביי אַ בערשאָדער חסיד עפּעס געפרעגט, האָט ער געוויינלעך גע־
ענטפערט: „מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז אַזוי״. „אַז ס׳איז „אַוודאי אַזוי״ האָט ער
געזאָגט בלויז דאַן, ווען ער איז ווירקלעך געווען אינגאַנצן זיכער אין דעם,
אַז ס׳איז טאַקע אַזוי — ווען ער האָט דאָס מיט זיינע אייגענע אויגן געזען און
מיט זיינע אייגענע אויערן געהערט...

גאַנצע פּעק מיט אַנעקדאָטן האָבן מתנגדים און אפּיקורסים געשאַפן אויפן
חשבון פון דעם „מיר דאַכט זיך״, וואָס איז ביי די בערשאָדער חסידים שטענדיק
געלעגן גרייט אויף דער צונג, כדי, חלילה, ניט געשטרויכלט צו ווערן מיט
קיין ליגן. פון מויל צו מויל זיינען די אַנעקדאָטן געגאַנגען און מ׳האָט זיי דער־

ציילט און איבערדערציילט אין די אַלע שטעט און שטעטלעך, וואָס זיינען מיט בערשאַד אין איין משפּחה. און איינער פון די דאָזיקע אַנעקדאָטן ווערט איבער־געגעבן אין די זכרונות פון אלימלך איש־נעמי. דאָרט ווערט דערציילט, אַז אין שפּאַס האָט מען געזאָגט, אַז אויפן סידור פון אַ בערשאַדער חסיד איז געווען פאַרשריבן אַזוי:

„ר׳ יעקב טערנעיווקער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ר׳ זאב באַלטער האָט אים אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט געהערט זאָגן, אַז ר׳ רפאל האָט איבערגע־געבן, אַז ר׳ פּנחס קאָרעצער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דאַכט זיך, אַז מ׳טאָר קיין ליגן ניט זאָגן...״

אַלץ „דאַכט זיך״...

מ׳פלעגט אויך זאָגן, אַז ווען מ׳פרעגט אַ בערשאַדער חסיד צי ער וועט זיך אַמאָל שמדן, ענטפערט ער ניט „ניין״, נאָר „איך ווייס ניט״. ער וויל ניט זאָגן באַשטימט, אַז ער וועט זיך ניט שמדן, ווייל טאָמער, חלילה, וועט ער זיך יאָ שמדן, וועט דאָך אויסקומען, אַז ער האָט פריער געזאָגט אַ ליגן...

אויך כעס איז ביי די בערשאַדער חסידים געווען פאַררעכנט פאַר זייער אַ שלעכטער מידה, וואָס אַ ייד דאַרף זיך פון איר אויסהיטן. און אין די אַלע שטעטלעך, וואָס זיינען געווען אין איין משפּחה, האָט מען שוין געוואוסט, אַז אַפילו אַ מלמד, וואָס איז אַ בערשאַדער חסיד, איז ניט קיין כעסניק און ער שלאָגט ניט די קינדער, אַזוי ווי אַנדערע מלמדים. אַפילו ווען ער ווערט אַמאָל יאָ אין כעס, איז אויך ניט געפערלעך; ער כאַפּט זיך ניט באַלד צום קאַנטשיק, ער לעגט ניט אַריבער אויף דער באַנק, ער שמייסט ניט — ער וואַרט ביז דער כעס גייט אים אָפּ און נאָכדעם זאָגט ער דעם תלמיד מוסר פאַרוואָס ער לייגט ניט צו דעם קאָפּ צום לערנען...

***

אין פאַרלויף פון דורות האָט זיך אין בערשאַד געפילט דער איינפלוס פון דעם שטילן חסידישן רבין ר׳ רפאל, וואָס האָט געלעבט ווי אַ הייליקער און איז געשטאָרבן ווי אַ הייליקער. ניט נאָר עלטערע יידן, נאָר אויך יונגעלייט פונם נייעם דור, האָט בערשאַדער חסידות אַמאָל צוגעצויגן צו זיך מיט איר ליבלעכער פּשוטקייט און מיט איר הויכער מאָראַל, און צווישן די, וואָס האָבן אַמאָל זייער שטאַרק געהאַלטן פון איר, איז אויך געווען מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, וועלכער האָט זיך שפּעטער געמאַכט אַ גרויסן נאָמען אין דער העברעאישער און אויך אין דער יידישער ליטעראַטור.

בערדיטשעווסקי איז געווען דער זון פון דעם בערשאַדער רב ר׳ משה אהרון, וועלכער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם אין דעם שרעקלעכן פּאָגראָם, וואָס

איז אינם יאָר 1920 פאַרגעקומען אין דעם שטעטל דובאָווע, וואָס אין קיעווער גובערניע, ווי ס'ווערט באַשריבן אין רחל פייגענבערגס „מגילת־דובובה" (זז. 113־115), און אויך אין א. ד. ראָזענטאַלס „מגילת־הטבה" (באַנד 2, זז. 51־53).
ער איז געווען אַ זקן פון אַכט און אַכציק יאָר און ער איז דאָס גאַנצע לעבן זיינס געווען אַ חסיד, זיך געהאַלטן פאַר אַ תלמיד פון ר' רפאל בערשאַדער, אָפּגעהיט די גוטע מידות, וואָס ר' רפאל האָט געהאַלטן הייליק, און אין דעם גייסט האָט ער אויך דערצויגן זיין זון מיכה יוסף, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די זיילן אין דער העברעאישער ליטעראַטור און אויך אין דער פאָרשונג פון יידישער געשיכטע.

מיכה יוסף בערדיטשעווסקי האָט אין זיך געהאַט אַלע מעלות פון אַ בער־שאַדער חסיד, און דער עיקר — ליבע צום אמת. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ פייערדיקן טעמפּעראַמענט, וואָס ווייסט קיינמאָל ניט פון קיין רו, און נאָכ־דעם ווי ער איז אַרויס פון דער ישיבה, איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד שטודירן און דאָרט האָט ער געענדיקט אַן אוניווערסיטעט און איז געוואָרן אַ דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע, און דאַן — איבערשפּרינגענדיק פון איין עקסטרעם צום צווייטן — איז ער מיטאַמאָל געוואָרן אַ גרויסער אָנהענגער פון דעם דייטשן פילאָסאָף פרידריך ניטשע און ער האָט אין דער העברעאישער ליטעראַטור אָנגעהויבן פּרע־דיקן דעם געדאַנק, אַז מ'דאַרף אַוועקשטעלן הויך פיזישע גבורה, די מאַכט פון דער שווערד, און אַז ס'איז נויטיק אינם יידישן לעבן „איבערצושעצן אַלע ווערטן", אַראָפּוואַרפן דעם שווערן עול פון די ספרים און אַרויסווייזן מער ליבשאַפט צו דער נאַטור, צו שיינקייט און צום געניס פון לעבן בכלל...

בערדישעווסקי איז אין יענע צייטן געווען דער בונטאַר אין דער ליטעראַ־טור. און איך געדענק נאָך ווי אין די אַלע שטעטלעך, וואָס זיינען מיט בערשאַד אין איין משפּחה, האָבן די אויפגעקלערטע יידישע יונגעלייט זיך שטאַרק אי־בערגענומען דערמיט, וואָס ער, דער מענטש, וואָס זיצט אין בערלין און שטו־רעמט דאָרט די אַלטע יידישע פעסטונגען, איז אַליין אַ בערשאַדער. שוין אָפּ־גערעדט פון די אויפגעקלערטע אין בערשאַד גופא; זיי האָבן אינגאַנצן פאַר־געסן אָן דער מידה פון עניוות, וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן איבערגע־נומען פון דעם שטילן און באַשיידענעם צדיק ר' רפאל, און זיי האָבן זיך שטאַרק געגרויסט דערמיט, וואָס דר. מיכה יוסף בערדיטשעווסקי קומט פון זייער שטאָט, און ווען מ'האָט איינעם פון זיי, געדענק איך, פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער היט ניט אָפּ די מידה פון עניוות, האָט ער דאָס אינגאַנצן אַוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט:

— וואָס איז דען בערשאַדער עניוות? — האָט ער געזאָגט. — בער־

שאַדער עניוות באַשטייט אין דעם, וואָס ווען מ׳זאָגט איינעם: „איך בין דאָך אַליין גראַניט״, טראַכט מען זיך דערביי: „און דו ביסט גראַניט שבגראַניט...״

אָבער מיכה יוסף בערדיטשעווסקי אַליין איז אַפילו אין די יאָרן פון זיין בונטאַרישקייט ניט געווען פון די, וואָס ווילן אינגאַנצן אומוואַרפן די אַלטע פעסטונגען פון יידישקייט און מיטן וואָרצל אַרויסרייסן די איינגעפונדעוועטע טראַדיציעס פונם יידישן לעבן; ער האָט שטענדיק געזוכט גאַנצקייט אין דעם יידישן לעבן; און דאָס האָט אים אַמאָל אויף זייטיקע וועגן אַוועקגעפירט, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ פלאַמענדיקן טעמפּעראַמענט און דערצו איז ער נאָך געווען זייער אָריגינעל און אייגנאַרטיק אין זיין דענקען, איז ער אַמאָל אַוועק גאָר ווייט, ווי ס׳איז געוויינלעך דער שטייגער פון מענטשן, ביי וועמען ניט נאָר דאָס האַרץ, נאָר אויך דער קאָפּ ווייסט ניט פון קיין רו. אָבער שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעקערט פון דער פילאָסאָפיע, וואָס מאַכט אַן אידעאַל פון פיזישער גבורה און פון דער מאַכט פון דער שווערד, און ער האָט זיך נאָך מער ווי פריער דערנעענטערט צו דער אַלטער יידישער פאַרגאַנגענהייט און צו אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן אינעם יידישן לעבן; ער האָט אין זיינע ווערק אַוועקגע־שטעלט זייער הויך די העלדן פון דער יידישער געשיכטע; ס׳זיינען אים געווען ליב די, וואָס האָבן אין אַלע דורות געפירט אַ קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכ־טיקייט אינעם לעבן פון יידישן פאָלק; ער האָט אויך באַזונגען די שיינע זייטן פונם חסידיזם, ווייל ער האָט אין דער פאָלקס־באַוועגונג פונם בעל־שם־טוב געזען ניט בלויז אַ הויכע מאָראַל, נאָר אויך גאַנצקייט און אויסגעהאַלטנקייט. ס׳האָט אין אים ווידער אויפגעוואַכט דער גייסט פון בערשאַדער חסידות, וואָס ער האָט איבערגענומען ביי זיין פאָטער...

אויף אַלע געביטן פון ליטעראַטור איז מיכה יוסף בערדיטשעווסקי געווען טעטיק; ער האָט געשריבן ראָמאַנען און דערציילונגען, ליטעראַרישע אָפּהאַנד־לונגען און פובליציסטישע אַרטיקלען. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט ביבל־פאָרשונג. און געשריבן האָט ער אויף דריי שפּראַכן — אויף העברעאיש, אויף יידיש און אויך אויף דייטש. און געשטאָרבן איז ער אינעם יאָר 1921, אין בערלין. ער איז דאַן אינגאַנצן אַלט געווען זעקס און פופציק יאָר. און די ליטעראַרישע ירושה, וואָס איז פון אים געבליבן, איז זייער אַ גרויסע און אויך אַ פילזייטיקע אין אינהאַלט. אויף העברעאיש באַשטייען זיינע ווערק פון פינף און צוואַנציק בענדער. אויך אויף יידיש זיינען זיינע ווערק אַרויס אין עטלעכע בענדער. און אין די יאָרן, וואָס ער האָט געלעבט און געשאַפן, איז זיין איינ־פלוס געווען זייער גרויס אויף דעם נייעם דור, וואָס איז אויפגעשטאַנען אינעם יידישן לעבן ביים סוף פונם נייַנצנטן יאָרהונדערט און ביים אָנהויב פונם צוואַנציקסטן.

ער וואָלט אפשר ניט געווען געשטאָרבן אַזוי יונג, ווען ניט דער גרויסער אומגליק מיט זיין פאָטער, וועלכער איז אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן אומגעקומען אויף קידוש־השם אינם שטעטל דובאָווע, ווען די באַנדעס פון דעם אוקראַינישן אַטאַמאַן קאַזאַקאָוו האָבן דאָרט געמאַכט אַ פּאָגראָם. בכלל האָבן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, אין די יאָרן פון גרויסן בירגער־קריג, אויף בערדיטשעווסקין אַזוי געווירקט, אַז ער איז געוואָרן נאָך מער פאַרשלאָסן אין זיך; ער האָט אַ סך געטראַכט וועגן דעם גרויסן צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די יידן אין אוקראַינע אינאיינעם מיטן אָנקומען פון די נייע צייטן אין רוסלאַנד, אָבער גערעדט האָט ער וועגן דעם זעלטן. אויך וועגן דעם אומגליק מיט זיין פאָטער און זיין ברודער מענדל, וועלכער איז אויך דערהרגעט געוואָרן אין פּאָגראָם אין דובאָווע, האָט ער אַ סך געטראַכט, אָבער ער האָט פון דעם ניט גערעדט. און ווי ס'גיט איבער פּראָפעסאָר חיים טשערנאָוויץ, אַן אינטימער פריינד פון דעם פאַרשטאָרבענעם, האָט ער אַפילו מיט אים קיינמאָל ניט גערעדט דערפון. מ'האָט אָבער געקענט זען, אַז ס'ליגט אים שטענדיק אין זינען און אַז ער וועט דאָס קיין מאָל ניט קענען פאַרגעסן.

און ער האָט דאָס טאַקע ניט פאַרגעסן, און דאָס האָט אים די יאָרן פאַרקירצט, און ער איז געשטאָרבן אין אַ צייט, ווען זיינע שעפערישע כוחות האָבן נאָך געהאַלטן אין בליען...

***

פון גאָר אַן אַנדער שניט איז געווען אַן אַנדער בערשאַדער, וואָס האָט אויך געשטאַמט פון אַ חסידישער משפחה, וואו עניוות, גוטסקייט צו מענטשן און ליבע צום אמת איז געשטאַנען זייער הויך. אָבער ער האָט פאַר זיך ניט געמאַכט קיין נאָמען אין קיין ליטעראַטור — ניט אויף העברעאיש, ניט אויף יידיש און ניט אויף קיין אַנדער שפּראַך. אָבער אין בערשאַד וועט מען זיין נאָמען קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און ווען מ'וועט אים נאָר דערמאָנען, וועט מען אויף אים זאָגן בלויז גוטס, און ס'וועלן זיך אוודאי אויך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן צו דעם נאָך צוגעבן, אַז ער האָט אויפן שענסטן שטייגער זיך איינגעשטעלט פאַרן אמת אַזוי ווי ס'פּאַסט פאַר איינעם, וואָס שטאַמט פון יענע בערשאַדער חסידים, ביי וועמען דער אמת איז געשטאַנען זייער הויך. מ'וועט אויך זאָגן, אַז אַזעלכע יידן ווי ער זיינען אוודאי געווען אין די חיילות פון די חשמנואים, וועלכע האָבן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט געשלאָגן קעגן די, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען צו פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק.

משה האָט ער געהייסן, יענער בערשאַדער, וואָס האָט פון אַ חסידישער

משפּחה געשטאַמט. משה דאַמבראַווענסקי. און געווען איז ער אַ יונגער בחור, גע־בענטשט מיט אַ סך גבורה און אויך מיט אַ סך מוט. ער האָט אין שטאָט געהאַט אַ שם פון אַ גרויסן גבור, וואָס שרעקט זיך ניט פאַר קיינעם. און נאָך דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער־קריג, און בערשאַד איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ גרויסע שטאָט פון עטלעכע און צוואַנציק טויזנט איינ־וואוינער, ווייל פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס זיינען מיט בערשאַד אין איין משפּחה, זיינען זיך אָנגעלאָפן אַהין אַ סך צעשראָקענע יידן, האָט משה דאַמבראָ־ווענסקי דעמאָלט גלייך איינגעזען, אַז מ'מוז זיך שוין צוגרייטן, ווייל אין די דער־פער העצט מען די פּויערים קעגן יידן און מ'רעדט, אַז אומעטום זיינען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אוקראַיינישע אַטאַמאַנען, וואָס שטעלן צונויף באַנדעס זיך צו שלאָגן מיט דער סאָוועטן־מאַכט און מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן.

ניט פאַרלירנדיק קיין צייט, האָט משה דאַמבראָווענסקי צונויפגעשטעלט אַ זעלבסטשוץ פון יונגע, געזונטע און מוטיקע יידישע בחורים, און אַזוי ווי מ'האָט געדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, האָט ער געהייסן, אַז מ'זאָל אין דער סאָווראַניער קלויז באַהאַלטן אַלץ, מיט וואָס מ'קען נאָר שלאָגן. און באַלד האָט מען אַהין צונויפגעטראָגן וואָס מ'האָט נאָר ערגעץ געקענט קריגן — מעסערס, קאָלאָדאַטשן, באַלאָווקעס, לאָפּעטעס, ריסקאַליעס, גראַבליעס און נאָך און נאָך זאַכן, וואָס מ'קען באַנוצן אין אַ געשלעג. אויך עטלעכע רעוואָלווערן האָט מען געקראָגן און מ'האָט זיי באַהאַלטן. און ווען ס'איז נאָר געקומען אַ טאָג פון אַ יאַריד, און משה דאַמבראָווענסקי האָט דערזען ווי אויפן מאַרק שטייט איינער אין אַ רעדל און העצט קעגן יידן און די פּויערים זיינען שוין גרייט צו מאַכן אַ פּאָגראָם, האָט ער דעם רעדנער גלייך אַרויסגעשלעפּט פונם רעדל און אים אָנגעהויבן דער־לאַנגען די ריכטיקע קלעפּ, און דאָס איבעריקע האָבן שוין געטאָן די אַנדערע פון דער זעלבסטשוץ, און דאָס האָט אויף די פּויערים אַרויפגעוואָרפן אַזאַ מורא, אַז זיי זיינען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן, און דעם רעדנער, דעם כוליגאַן, פלעגט מען געוויינלעך אַריינגעמען אין אַ זייטיק געסל און דאָרט האָט מען אים ערשט גוט אָנגעבראָכן די ביינער, אַז ער האָט געדאַרפט פאַרזאָגן אַ צענטן מער דאָס פּנים ניט צו ווייזן אין בערשאַד.

די בערשאַדער בעלי־בתים האָבן די זעלבסטשוץ אויסגעהאַלטן. אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַן אַסיפה, וואָס מ'האָט צונויפגערופן. דאָרט איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער הויפּט פון דער זעלבסטשוץ זאָל בלייבן משה דאַמבראָווענסקי.

אַ קורצע צייט איידער פּעטליורעס באַנדעס זיינען אַריין קיין בערשאַד, האָט זיך דאָרט איינגעשטעלט אַ סאָוועטישע מאַכט, אָבער זייער אַ שוואַכע און מ'האָט זיך אויף איר ניט געקענט פאַרלאָזן, און דאַן האָט זיך משהן איינ־

געגעבן צוזוציִען צו דער יידישער זעלבסטשוץ די מיליציאָנערן, וואָס האָבן באַוואַכט די שטאָט. ס׳האָט זיך אים אויך איינגעגעבן צו קריגן אַ קאַנאָן און עטלעכע קלענערע פּולעמיאָטן, און ווען די פּעטליורישע באַנדעס זיינען צוגעקומען צום טויער פון דער שטאָט, איז משה זיי אַרויסגעגאַנגען אַקעגן מיט דער גאַנצער זעלבסטשוץ און מיט די מיליציאָנערן, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין איר. ער איז געווען זיכער, אַז מיט אַזאַ מחנה וועט זיך אים אַוודאי איינגעבן צו פאַרטרייבן פּעטליורעס קאָזאַקן פון בערשאַד. אָבער ווי נאָר פּעטליורעס קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן שרייען „סלאַוואַ״, האָבן די גויישע מיליציאָנערן פון שטאָט אַריינגעוואָרפן זייער געווער אין טייך אַריין און אַליין זיינען זיי אַנטלאָפן, און דאַן האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ שיסעריי פון בײדע זייטן; די יונגעלייט פון דער יידישער זעלבסטשוץ האָבן געהאָגלט מיט קוילן אויף די קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך אַלץ נעענטער געשפּאַרט צו דער שטאָט, און איין יידישער בחור, וועמעס נאָמען ס׳ווערט, לײדער, אין ערגעץ ניט אָנגעגעבן, איז ניט אַוועק פון דעם איינציקן קאַנאָן, וואָס די זעלבסטשוץ האָט געהאַט, ביז ער איז געפאַלן טויט.

ווען ס׳איז שוין געווען קלאָר, אַז די שלאַכט איז פאַרלאָרן, זיינען זיך אַלע צעלאָפן וואוהין זיי האָבן נאָר געקענט. משה דאַמבראָווענסקי איז אָבער ניט אַנטלאָפן. ער איז ביז דער לעצטער מינוט געבליבן אויף זיין פּאָסטן, שיסנדיק די גאַנצע צייט פון אַ פּולעמיאָט אויף די קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך אויף אים געיאָגט. וויפל מ׳האָט זיך ביי אים ניט געבעטן, ער זאָל אַנטלויפן, האָט דאָס ניט געהאָלפן. „איך וועל פון דאַנען ניט אַוועק! — האָט ער געזאָגט. — דאָ וועל איך פאַלן טויט, אָבער אַנטלויפן וועל איך ניט!״

אַפילו ווען ער איז שוין געלעגן אויף דער ערד אַ פאַרוואונדעטער און ס׳האָט זיך פון אים געגאָסן בלוט, האָט ער דעם פּולימיאָט פון דער האַנט ניט אַרויסגעלאָזט און ער האָט נאָך אַלץ געשאָסן...

אַזוי פיל מוט קען אַרויסווייזן בלויז אַזאַ מענטש, וואָס איז ווירקלעך מיטן גאַנצן האַרצן געטריי און איבערגעגעבן זיין פאָלק — איינער, וואָס האָט ביי זיינע טאַטעס און זיידעס איבערגענומען דעם גייסט פון אַ גרויסן אמת, וואָס איז ווערט, אַז מ׳זאָל פאַר אים אַפילו דאָס לעבן אַוועקגעבן....

און וועגן די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן, וואָס ער האָט פאַרלאָרן ווי אַ העלד, האָט שפּעטער דערציילט זיין כלה, די טאָכטער פון אַ בערשאַדער:

„ווען איך האָב דערהערט, אַז אַ קויל האָט אים געטראָפן, — האָט זי דערציילט, — בין איך געלאָפן אים זען. ווען איך בין צוגעקומען צו אים, האָט ער נאָך געלעבט. פון דער קויל, וואָס האָט אים געטראָפן, איז איין אויג ביי אים אַרויס, און דאָס אַנדערע האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזוי פיל רחמנות, אַז ס׳האָט מיר אַזש פאַרקלעמט דאָס האַרץ. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער וויל

מיר געבן אַ קוש, האָב איך זיך אָנגעבױגן צו אים אויף די קני, און איך האָב אַליין ניט געוואוסט וואָס איך זאָל טאָן. איך האָב געזען ווי ער שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות, וואָס זיינען אין אים נאָך געבליבן, אויפצוהייבן איין האַנט און מיך אַרומנעמען צום לעצטן מאָל. אָבער ער האָט דאָס ניט געקענט. באַלד האָט זיך דאָס אַנדערע אויג אויך אויסגעלאָשן ביי אים... מיטאַמאָל האָב איך דערהערט טריט, און איך האָב זיך באַהאַלטן הינטער אַ פּלויט. פון דער ווייטנס האָב איך דערזען ווי צום טויטן זיינען צוגעקומען צוויי — איינער איז געווען אַ פּעטליורישער קאָזאַק, און דער אַנדערער איז געווען אַ היימישער פּויער. דער פּויער האָט פונם טויטן אַראָפּגעצויגן די קליידער, און ווען דער קאָזאַק האָט דערזען דעם טויטן אינגאַנצן נאַקעט, האָט ער געגאַפּט, דרייענדיק דערביי מיטן קאָפּ: „עך, וואָס פאַר אַ געזונטער קאָזאַק דאָס איז געווען! — האָט ער געזאָגט. — אַזאַ גיבור האָט געדאַרפט זיין איינער פון אונדזערע!" און דער פּויער האָט אויפגעהויבן ביידע הענט צום הימל און נאָכדעם האָט ער זיך איבערגעצלמט און געזאָגט מיט אַ פרומער מינע אויפן פנים: „גאָט, איך דאַנק דיר; ניטאָ מער ביי יידן קיין גאָט!" *)

וואָס האָט ער זיך געטראַכט, יענער פּויער, וואָס האָט דאָס געזאָגט? און וואָס האָט ער געמיינט דערמיט?

ווער קען דאָס וויסן?!...

און וואָס האָט זיך געטראַכט יענער קאָזאַק, דער פּעטליורישער, וואָס ווען ער האָט דערזען דעם טויטן יידישן גיבור אין בערשאַד, האָט ער געזאָגט, אַז ער וואָלט געדאַרפט זיין איינער פון זייערע?!...

אָבער דער פּעטליורישער קאָזאַק האָט ניט געקענט פאַרשטיין דאָס וואָס מ׳האָט פאַרשטאַנען אין בערשאַד און אין די אַלע אַנדערע שטעטלעך, וואָס זיינען אין דער משפחה. דאָרט האָט מען אַלע מאָל געוואוסט און מ׳ווייסט אויך איצט, אַז משה דאַמבראָוועצקי, און נאָך אַזעלכע ווי ער, זיינען אי אין גבורה, אי אין גייסט, אונדזערע — אמתע גוטע אוקראַינער יידן...

*) א. דרויאַנוב: שורה של פגעים, געדרוקט אין „רשומות", באַנד 3, ז' 174.

# כאַרקאָוו

עס איז שוין אַ סך יאָרן אין דעם, אָבער אין מיין זכרון איז נאָך אַלץ פריש דער איינדרוק, וואָס די שטאָט כאַרקאָוו האָט אויף מיר געמאַכט ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אַהין.

אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן פרימאָרגן איז דאָס געווען. דער פראָסט אין דרויסן האָט געברענט אַזוי שטאַרק, אַז ס׳איז אַזש פאַרגאַנגען זאַשפּרעס אין די פינגער. און ווען איך האָב זיך געלאָזט פאָרן אין שטאָט אַריין פון דעם וואָקזאַל, וואו איך האָב זיך געמוזט אָפּוואַלגערן אַ גאַנצע נאַכט. זיינען די גאַסן געווען באַדעקט מיט אייז און שניי. ס׳איז געווען גליטשיק, און פערד, וואָס האָבן געפירט שווערע משא איבערן שאָסיי, זיינען אַלע מאָל געפאַלן. אַלץ אַרום און אַרום איז געווען פאַרפראָרן. די הייזער און די קראָמען האָבן מיט זייערע בלינדע שויבן געקוקט אויף דעם גרויען פראָסטיקן פרימאָרגן און אויך אויף די מענטשן, וואָס האָבן געציטערט פון קעלט, יאָגנדיק זיך ערגעץ מיט פעקלעך און פאַרטפעלן אונטער די אָרעמס. אויף אַלץ און אויף אַלעמען איז נאָך געלעגן די מידקייט פון דער נאַכט און דער טרויער פון צייטן, וואָס לעגן זיך זייער שווער אויפן געמיט. און מיטאַמאָל האָט זיך פון אַ זייטיקער גאָס אַריינגעריסן אַ שטאַרקער גערודער, וואָס האָט זיך עפּעס ווי אינגאַנצן ניט אָנגעקערט מיט דער אָנגעכמורעטקייט פון דעם גרויען פרימאָרגן און אויך ניט מיט דעם געמיט פון די מענטשן, וואָס האָבן געציטערט פון קעלט. און באַלד האָט מען דערזען אַ לאַנגע ריי פון מאָטאָר־וועגענער, און יעדער מאָטאָר־וואָגן איז געווען געפּאַקט מיט זעלנער פון דער רויטער אַרמיי, און יעדער זעלנער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ וואַרעמען פעלץ, און אַלע אינאיינעם האָבן צווישן זיך גערעדט הויך אויפן קול און הילכיקע געלעכטערס האָבן זיך אין דער לופט געטראָגן. אין אַ לאַנגער ריי זיינען די מיליטערישע מאָטאָר־וואָגנס געפאָרן, און ביי די זייטן פון יעדן וואָגן איז געווען אַ גרויסער אויפשריפט מיט גרויסע אותיות, וואָס מ׳האָט געקענט זען ווייט:

„ניע כאָטים וואָיני — ווסיעגדאַ נאַ טשעקו!“ (מיר ווילן ניט קיין מלחמה; מיר זיינען שטענדיק אויף דער וואַך).

## כאַרקאָוו

דאָס איז געווען נאָך אין 1932, ווען איך האָב געמאַכט אַ רייזע איבער סאָ־וועט־רוסלאַנד.

היטלער האָט נאָך דאַן ניט געהערשט איבער דייטשלאַנד, אָבער זיין נאָמען איז שוין דעמאָלט דערמאָנט געוואָרן ווי עפּעס אַ בייזע נאָכשלעפּעניש צו די פּאָליטישע וועלט־געשעענישן, וואָס האָבן קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט. די לאַגע אין אייראָפּע איז געווען אַזאַ, אַז מ׳האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסן וואָס פאַר אַן איבעררעשונג דער מאָרגן וועט ברענגען און פון וואַנען ס׳וועט זיך אָנרוקן אַזאַ געפאַר, וואָס וועט זיין גרעסער פון אַלע אַנדערע געפאַרן, וואָס הענגען אי־בערן קאָפּ. און אין סאָוועט־רוסלאַנד איז מען איבער דעם געווען אַזוי צע־טומלט, אַז מען האָט ניט געוואוסט קעגן וועמען מען זאָל ביים פאָלק אַרויסרופן האַס און אויף וועמען מ׳זאָל זיך אַמאָל פאַרגינען אַ גוט וואָרט צו זאָגן אין דער עפנטלעכקייט; ס׳איז די פירער דאָרט, קענטיק, דעמאָלט נאָך ניט געווען אינ־גאַנצן קלאָר מיט וואָס פאַר אַ לאַנד מ׳וועט פאַרבלייבן פריינד און מיט וועמען מ׳וועט זיך שפּעטער אפשר גאָר דאַרפן שלאָגן ווי מיט אַ בייזן פיינד. און ווייל זיי האָבן דאָס ניט געוואוסט, האָבן זיי איבער דעם, אָפּנים, געפּרואווט אַרויס־רופן ביי דער באַפעלקערונג פון לאַנד אַ האַס צו אַלץ און צו אַלעמען און זיך געגרייט צו קריג קעגן אַלץ און קעגן אַלעמען... און דער לאָזונג איז געווען:

„ניע כאָטים וואָיני — ווסיעגדאַ נאַ טשעקו!...״

דאָס גרייטן זיך צו מלחמה איז דאַן שוין געווען אַזוי שטאַרק, אַז מ׳האָט דאָס אַפילו געקענט זען אין דער שפּיל פון קינדער אין די גאַסן. און אין דער קורצער צייט, וואָס איך בין געווען אין כאַרקאָוו, ווען זי איז געווען די הויפּטשטאָט פון אוקראַינע, האָב איך אויף די גאַסן געזען ווי קינדער זיינען פאַרטאָן אין דער שפּיל מיט סאָלדאַטלעך מער ווי אין אַלע אַנדערע שפּילן, וואָס קענען פאַרכאַפּן די קינדערשע פאַנטאַזיע...

אויף די אַלע שטעלעכלעך, וואו מ׳האָט פאַרקויפט שפּילצייג, האָט מען כמעט גאָר ניט געזען קיין אַנדערע זאַכן ווי נאָר ביקסלעך, פּיסטאָלעטלעך, האַרמאַטלעך, פּולימיאָטלעך און אַנדערע נאָכמאַכענישן פון קריגס־געווער. דאָס איז געווען די בעסטע סחורה צום פאַרקויפן. מיט דעם האָבן זיך קלענערע און גרעסערע קינדער געשפּילט אין די גאַסן און אויך אין די היימען. און ניט נאָר ייִנגעלעך, נאָר אויך מיידעלעך האָבן זיך מיט דעם געשפּילט. און שפּילנדיק זיך מיט דעם, האָבן זיי גערעדט וועגן אַ שונא, וואָס מ׳דאַרף אויסראָטן און פאַר־ניכטן און ס׳האָט געהייסן, אַז ער, דער שונא, איז אומעטום. די גאַנצע וועלט באַשטייט פון שונאים...

מיט דעם וואָס מ׳האָט כאַרקאָוו אויף אַ געוויסער צייט געמאַכט פאַר דער הויפּטשטאָט פון אוקראַינע האָט מען אַ סך דערהויבן איר חשיבות ביים פאָלק.

צו דעם האָט די שטאָט בכלל אַ סך געוואונען דערפון. זי איז געוואָרן אַ וויכ־טיקער אינדוסטריעלער צענטר און אויך אַ גאַנץ באַדייטנדער קולטורעלער צענטר. און אַפילו נאָכדעם ווי קיעוו איז ווידער געוואָרן די הויפּטשטאָט פון אוקראַינע, האָט כאַרקאָוו דאָך ניט פאַרלאָרן איר חשיבות און זי איז אַלץ געבליבן אין דער ערשטער ריי פון די שפּיגל־שטעט אין לאַנד.

***

כאַרקאָוו איז אין אוקראַינע צווישן די געציילטע שטעט, וואו ס'איז ביז נאָכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע קיינמאָל ניט געווען קיין פּאָגראָם אויף יידן. אַפילו אין די ערגסטע צייטן, ווען יידיש בלוט האָט זיך אין אוקראַינע ווי וואַסער געגאָסן, איז כאַרקאָוו ניט געווען אויפן צעטל פון די שחיטה־שטעט. אָבער דאָס קען מען דערקלערן פּשוט מיט דעם, וואָס כאַרקאָוו איז ניט געווען קיין יידישע שטאָט. דאָס ביסל יידן, וואָס איז דאָרט יאָ געווען, האָט זיך זייער ווייניק אָנגעזען און זיי זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שטאָט. קיין צענטר פון יידישקייט איז דאָרט ניט געווען.

ביזן סוף פון זעכצנטן יאָרהונדערט איז דער גאַנצער געגנט, וואו כאַרקאָוו געפינט זיך איצט, באַשטאַנען פון „פּוסטע פעלדער“, ווי מ'האָט דאָס גערופן אין רוסיש. ערשטביים אָנפאַנג פון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט דער געגנט ביסלעכווייז אָנגעהויבן ווערן באַזעצט, און די ערשטע, וואָס האָבן דאָרט פאַר זיך אַ היים געמאַכט, זיינען געווען די רוסישע פּויערים־שקלאַפן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די פּריצים, וואָס האָבן זיי אָן רחמנות אונטערדריקט.

אויך אוקראַינישע פּויערים־שקלאַפן, וואָס האָבן שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם שווערן דרוק פון די פּוילישע פּריצים, האָבן זיך אין יענעם „ווילדן געגנט“ באַזעצט. און אינם יאָר 1655 איז געגרינדעט געוואָרן די שטאָט כאַרקאָוו, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן איינע פון די גרעסטע און וויכ־טיקסטע שטעט אין אוקראַינע.

די ערשטע צייט האָט די שטאָט אַ סך געליטן פון אָפטע שריפות, ווייל די מערסטע הייזער, וואָס מען האָט דאָרט געבויט, זיינען געווען מיט שטרויענע דעכער, פּונקט ווי אין די קליינע שטעטלעך און דערפער. ס'איז געווען גענוג, אַז ס'זאָל זיך אָנצינדן איין שטיבל, און באַלד האָבן זיך שוין די פלאַמען אַריבערגעוואָרפן אויף די אַנדערע שטיבלעך מיט די שטרויענע דעכער און זיי האָבן שוין אַלע אינאיינעם געברענט. וועגן דעם וואוילזיין פון דער שטאָט האָט מען זיך אין די צייטן פון די ערשטע ראָמאַנאָווס קיין סך ניט געזאָרגט. אַזוי איז געווען ניט נאָר אין כאַרקאָוו, נאָר אויך אין אַנדערע שטעט; אַ סך

פון די שטעט, וואָס זיינען אין פאַרלויף פון יאָרן געוואָרן גרויס, האָבן אויס־געזען ווי דערפער, וואָס זיינען זיך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. קיין פנים פון אַ גרויסער שטאָט האָבן זיי ניט געהאַט.

קיין יידן האָבן דאַן אין כאַרקאָוו אינגאַנצן ניט געוואוינט, כאָטש ס'איז דווקא ניט געווען קיין פאַרבאָט דערויף. די שטאָט האָט גלאָט קיין יידן צו זיך ניט געצויגן. אָבער פונדעסטוועגן קען מען ניט זאָגן, אַז יידן האָבן ניט געהאַט קיין חלק אין דעם, וואָס די שטאָט איז שפּעטער געוואָרן אַ וויכטיקער אינ־דוסטריעלער און האַנדלס־צענטער.

באַלד נאָכדעם ווי כאַרקאָוו איז געוואָרן אַ גובערנסקע שטאָט — אינם יאָר 1768 — און מ'האָט דאָרט איינגעפירט די גרויסע יאַרידן, כדי צוצוציען אַ סך סוחרים פון אומעטום, האָבן יידן אָנגעהויבן קומען אַהין, און מיט זייער קומען האָבן זיי אַריינגעטראָגן אַ סך לעבן און דער האַנדל האָט זיך דאָרט שטאַרק צעבליט. יידישע סוחרים, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן אַהין אויף די גרויסע יאַרידן, האָבן דאָרט געקויפט סחורה אויף מיליאָנען רובל, און נאָכדעם האָבן זיי די אָנגעקויפטע סחורה צעפירט איבער בעסאַראַביע, מאָלדאַוויע און וואַ־לאַכיע, און מ'האָט שוין געוואוסט, אַז אָן די יידישע סוחרים קען אין כאַרקאָוו קיין יאַריד ניט זיין.

דאַן האָבן יידן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין כאַרקאָוו און די רעגירונג פון יעקאַטערינע דער גרויסער האָט גאָרניט אויסגעזעצט קעגן דעם, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי ברענגען אַ סך נוצן און זיי העלפן אַ סך אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. אָבער שפּעטער, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, ווען דער פינצטערער רעאַקציאָנער אַראַקטשעיעוו האָט געהאַט די גאַנצע דעה אין דער מלוכה, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז יידן האָבן קיין רעכט ניט צו וואוינען אין כאַרקאָוו, און זיי האָבן אויך קיין רעכט ניט צו קומען אַהין אויף די יאַרידן.

דאָס איז געווען אינם יאָר 1821. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, וואָס איינגעשטעלט זיך פאַר די יידן האָט דאַן דער גובערנאַטאָר פון כאַרקאָוו, און געטאָן האָט ער דאָס ניט דערפאַר וואָס ער איז געווען אַזאַ גוואַלדיקער אוהב ישראל, נאָר פשוט דערפאַר, וואָס ער האָט געוואוסט, אַז אָן די יידן וועלן די יאַרידן אין כאַרקאָוו זיין אַ דורכפאַל. און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעע־וויזן, איז ער טאַקע געווען גערעכט; ווען די יידן האָבן אויפגעהערט קומען קויפן סחורה, האָבן די יאַרידן אָנגעהויבן אַריינטראָגן מיט גאַנצע ניין מיליאָן רובל ווייניקער ווי פריער, און דאָס האָט דער גובערנאַטאָר אויסגענוצט ווי אַ שלאָגנדן אַרגומענט צו באַווייזן ווי נויטיק ס'איז אָפּצושאַפן דעם פאַרבאָט, אַז יידן טאָרן אין כאַרקאָוו ניט וואוינען און אַז זיי טאָרן אַהין אויך אויף די יאַרידן ניט קומען.

דאָס האָט געווירקט און מ׳האָט די גזירה געמאַכט אַ ביסל לייכטער. מען האָט דערלויבט יידן צו קומען קיין כּאַרקאָוו בלויז אויף אַ געוויסער צייט, אָבער ניט זיך צו באַזעצן דאָרט אויף שטענדיק. ערשט אינם יאָר 1863, ווען אויפן טראָן פון רוסלאַנד איז שוין געזעסן אַלעקסאַנדער דער צווייטער, האָט זיך איינגעגעבן צו ווירקן אויף דער רעגירונג, אַז זי זאָל געבן די רעכט אַ גע־וויסער צאָל יידן זיך צו באַזעצן אין כּאַרקאָוו אויף שטענדיק. און דאָס מאָל האָט זיך פאַר זיי אויך איינגעשטעלט אַ גובערנאַטאָר.

גראַף סיווערס האָט יענער כּאַרקאָווער גובערנאַטאָר געהייסן. און אין דעם צושריפט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט דער רעגירונג וועגן דער פראַגע, האָט ער אָנגעוויזן ווי נויטיק ס׳איז צו מאַכן פריי דעם וועג קיין כּאַרקאָוו פאַר די יידן און זיי געבן די מעגלעכקייט ניט נאָר אַריינצוקומען אַהין אויף אַ באַשטימטער צייט, נאָר אויך זיך צו באַזעצן דאָרט אויף שטענדיק, און דערביי האָט ער אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס „וועט אָן צווייפל אַ סך העלפן אויפצולעבן און אַנט־וויקלען די האַנדלס־טעטיקייט און אויך די אינדוסטריעלע טעטיקייט אין שטאָט און וועט ברענגען גרויסע נוצן דעם וואוילזיין פון אַ באַדייטנדיקער מאַסע איינוואוינער". אַזוי האָט גראַף סיווערס געשריבן אין דעם צושריפט, וואָס ער האָט צו דער רעגירונג קיין פּעטערבורג געשיקט, און ער האָט דערמאָנט, אַז דאָס פאָדערן די לעבנס־אינטערעסן פון די איינוואוינער אין דער שטאָט כּאַרקאָוו.

די מי פונם גובערנאַטאָר סיווערס האָט געבראַכט רעזולטאַטן. אָבער ס׳איז דאָך ניט צוגעגאַנגען אַזוי גרינג. און דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס ערשט אינם יאָר 1867 איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין כּאַרקאָוו באַשטאַנען פון צוועלף סוחרים, פערצן סטודענטן, צוועלף גימנאַזיסטן, דריי און צוואַנציק בעלי־מלאכות און אַכט און זעכציק אַזעלכע יידן, וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי.

זיי זיינען געווען די תושבים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין כּאַרקאָוו אויף שטענדיק, און כאָטש זייער צאָל איז געווען אַזוי קליין, האָבן זיי פונדעסטוועגן אויפגעבויט אַ שול אַזוי שנעל ווי זיי האָבן דערויף אַ דערלויבעניש געקראָגן. דאָס איז געווען די ערשטע יידישע שול אין דער גוישער שטאָט כּאַרקאָוו. מ׳האָט זי אויסגעבויט אין יאָר 1867, און אין די צייטן פונם יאָר־יאַריד אין שטאָט איז זי געווען געפּאַקט, ווייל דעמאָלט פלעגן קיין כּאַרקאָוו געוויינלעך קומען ניט ווייניקער ווי אַ דריי טויזנט יידישע סוחרים און זיי האָבן געדאַוונט אין שול, און ניט איינער פון זיי פלעגט זיך אַמאָל אין די אָוונטן אַריינכאַפּן אַהין צו לערנען אַ בלאַט גמרא, אָדער אַ פּרק משניות. די שול איז געווען דער צענטער, וואוהין די אָנגעפאָרענע יידישע סוחרים זיינען געקומען, ווען זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס וואָכעדיקע אין די מאָמענטן ווען זיי זיינען שוין

געוועזן מיד פון דעם שווערן עול פון פרנסה. און ס׳איז זייער מעגלעך, אַז זיי האָבן דאָס געגעבן די נויטיקע סומע געלט, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אויפצובויען די שול, ווייל די שטענדיקע יידישע תושבים אין כאַרקאָוו זיינען דאָך געווען אַזוי קליין אין צאָל און די מערסטע פון זיי, די יונגע סטודענטן און גימנאַזיסטן און אויך די אָרעמע בעלי־מלאכות און די יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי, זיינען אַוודאי ניט געווען אומשטאַנד צו געבן גרויסע באַשטייע־רונגען אויף אויפצובויען אַ שול. ס׳איז דעריבער אויסגעקומען אַזוי, אַז די ערשטע שול אין כאַרקאָוו איז אויפגעבויט געוואָרן פון אַזעלכע יידן, וואָס האָבן גאָרניט געהאַט די רעכט זיך צו באַזעצן דאָרטן אויף שטענדיק.

אָבער ווי נאָר ס׳איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער ערשטער פונדאַמענט פאַר אַ יידישער קהילה אין כאַרקאָוו, איז דאָס שוין ווייטער געגאַנגען ווי פון זיך; ס׳זיינען צוגעקומען נאָך און נאָך יידן, און אינם יאָר 1899, אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, האָט שוין די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין כאַרקאָוו דערגרייכט ביז איבער עלף טויזנט נפשות, און דאָס האָט דאַן אויס־געמאַכט ווייניקער ווי איינס פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין שטאָט.

***

אַ גרויסער יידישער צענטער האָט כאַרקאָוו אָנגעהויבן ווערן אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1914. ווען מ׳האָט אָנגעהויבן טרייבן יידן פון די גרענעץ־שטעטלעך, זיינען אַ סך פון זיי פאַרוואָרפן געוואָרן קיין כאַרקאָוו. צווישן די, וואָס זיינען אַהין פאַרוואָרפן געוואָרן, זיינען געווען ניט ווייניק זייער אָנגעזעענע און געלערנטע יידן, וואָס זיינען פון תמיד אָן געווען צוגעוואוינט צו קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. און כאָטש די צייט איז דאַן געווען זייער אַ שווערע, האָבן זיי דאָך אויסגענוצט זייער גאַנצן איינפלוס, און אין יענער צייט האָט זיך אין כאַרקאָוו גענומען שאַפן אַ יידיש לעבן, וואָס איז געוואָרן מער אָנגעזען ווי אין די פריערדיקע צייטן. די יידישע אינטעליגענץ פון אַלע סאָרטן און ריכטונגען איז געוואָרן גרעסער אין צאָל און יעדער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טוער האָט דאָרט געפונען אַ ברייט פעלד פאַר זיין טעטיקייט. אויך די פרומע יידן זיינען דעמאָלט אין כאַרקאָוו געווען זייער טעטיק; צווישן די ניי־אָריבערגעקומענע זיינען געווען איינִיקע באַוואוסטע רבנים, און דער באַרימטסטער צווישן זיי איז געווען דער גראַיעווער רב ר׳ אליהו אהרון מילייקובסקי, דער מחבר פונם ספר „אהלי אהרון״. אים האָט מען שפּעטער געמאַכט פאַרן הויפּט־רב אין כאַרקאָוו און ער האָט אין זיין קרייז געהאַט אַ גרויסן איינפלוס.

דאָס אָנקומען פון דער רעוואָלוציע אין 1917, האָט ביי די יידן אין קראָקע, פונקט ווי ביי די יידן אין אַ סך אַנדערע רוסישע שטעט, אַרויסגערופן גרויסע האָפענונגען. מ׳האָט געגלויבט, אַז איצט וועט מען מער ניט דאַרפן ליידן פון קיין גזירות און אַז דאָס יידישע לעבן, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין קראָקע, איז שוין געזיכערט און אַז ס׳וועט זיך ווייטער אַנטוויקלען אַזוי, אַז ס׳וועט ווירק־לעך זיין מיט וואָס צו שטאָלצירן. אָבער באַלד זיינען געקומען אַנטוישונגען, און אַלע האָפענונגען זיינען אַוועק מיטן ווינט; ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער גרוי־סער בירגער־קריג, וואָס האָט געבראַכט חורבן און פאַרוויסטונג אין אַ סך שטעט. אויך קאַרקאָוו איז ניט אויסגעלאָזט געוואָרן און נאָכדעם ווי מ׳האָט פון דאָרט אַרויסגעטריבן די דייטשן, זיינען אַהין אַריין די מחנות פון דעם גענעראַל דעניקין, וועלכער האָט אָנגעפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן די באָלשעוויקעס.

די „פרייוויליקע אַרמיי״ — אַזוי האָבן זיך די מחנות פונם גענעראַל דעניקין גערופן. דער עיקר פון זייער „פרייוויליקייט״ האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זיי זיינען געווען פריי צו טאָן מיט די יידן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט, און דעניקין אַליין האָט זיי דערויף די פרייהייט געגעבן, שוין מיט דעם אַליין, וואָס אַלעמאָל, ווען מ׳האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס ער, דער הויפּט־קאָמאַנדיר, דערלאָזט דערצו, אַז זיין אַרמיי זאָל אַזוי באַהאַנדלען יידן, האָט ער דערויף געענטפערט, אַז ער קען גאָרניט העלפן, ווייל אין דער אַרמיי, האָט ער געזאָגט, הערשט אַזאַ שטימונג קעגן יידן, און מ׳קען דאָס ניט איינצוימען.

צווישן די רוסישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן דאַן פּראָטעסטירט קעגן דעם ווילדן אַנטיסעמיטיזם פון דער „פרייוויליקער״ אַרמיי, וואָס האָט געפירט אַ מלחמה קעגן דער סאָוועטן־מאַכט, איז אויך געווען דער פאַרבאַנד פון רוסישע דאָקטוירים אין קאַרקאָוו. אָבער דער גענעראַל דעניקין האָט אַלץ דעם זעלבן ענטפער גע־געבן, אַז ער קען זיך גאָרניט העלפן. אונטערן אויסרייד, אַז „יעדער ייד איז אַ באָלשעוויק״, האָבן ניט נאָר זיינע סאָלדאַטן, נאָר אויך די אָפיצירן פון דער אַרמיי, זיך נוקם געווען אין די יידן אומעטום, אין די אַלע שטעט, וואוהין זיי זיינען נאָר אַריין.

קיין פּאָגראָמען אויף דעם שטייגער פון די פאַרשיידענערליי באַנדעס, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אין יענער צייט, האָבן דעניקינס „פרייוויליקע״ ניט געמאַכט. זייער שטייגער איז געווען אַן אַנדערער; זיי האָבן געמאַכט „שטילע פּאָגראָמען״ אויף אַ כלומרשט געזעצלעכן אופן. און „דעם טיפּישסטן פּאָגראָם״ פון דעם מין האָבן זיי געמאַכט אין קאַרקאָוו. און וועגן דעם האָט איינער, וועלכער האָט דאָרט יענע שווערע צייט אַליין דורכגעמאַכט, דערציילט:

„אונטערן אויסרייד, אַז מ׳דאַרף מאַכן אַן אָביסק, האָבן אָפיצערן און קאָ־

זאָקן זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער. קיין שריפטלעכן באַפעל האָבן זיי ניט געוויזן, און מאַכנדיק דעם אָביסק, האָבן זיי געווינלעך צוגענומען דאָס גאַנצע געלט און אַלע טייערע זאַכן, וואָס זיי האָבן נאָר געפונען אין שטוב, און די מענטשן, ביי וועמען זיי האָבן אַלץ צוגענומען, האָבן זיי געשלאָגן מכות רצח. זיי אַוועקגעפירט אין געפענגעניש און נאָכדעם זיי באַפרייט פאַר אויס־לייז געלט".

אַזוי האָבן זיך די דעניקינצעס אויפגעפירט אין כאַרקאָוו, ווען זיי זיינען אַהין אַריין אין 1919. דעם גאַנצן צאָרן זייערן האָבן זיי אויסגעלאָזט צו די יידן.

שיסן אַ יידן אָן אַ דין און אָן אַ משפט איז ביי די „דעניקינצעס" אין כאַרקאָוו געווען פון די קלענסטע זאַכן. מ'האָט בלויז געדאַרפט אָנווייזן אויף אַ יידן און זאָגן, אַז ער איז אַ באָלשעוויק, און דאָס איז שוין געווען גענוג, אַז מ'זאָל אים דערשיסן אויפן אָרט. אַזוי איז געווען מיט דעם יידן ניסי ראַבצין, וועלכער האָט זיך צעקריגט מיט אַ קריסטלעכער פרוי דערפאַר וואָס זי האָט אים ניט אָפּגעגעבן די העמדער, וואָס ער האָט איר געגעבן וואַשן. זי האָט אויף אים אָנגעוויזן, אַז ער איז אַ באָלשעוויק, האָט מען אים געכאַפּט אין מיטן גאַס, אים געבראַכט אין שטאַב, און דאָרט האָט מען ביי אים צוגענומען דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט, און נאָכדעם האָט מען אים געשאָסן און גלייך באַגראָבן אויפן אָרט, אינם הויף פונם שטאַב.

אויך די צוויי ברידער הירש און יעפים פעליציאַן, האָט מען געשאָסן ווען די ווייב פון דעם דוואָרניק האָט אָנגעוויזן אויף זיי, אַז זיי זיינען באָלשעוויקעס. און ווען זייער מוטער, אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט נאָך ניט געוואוסט וואָס ס'איז געשען מיט אירע צוויי זין, איז געקומען אין דער קאַזאַרמע פון דעם דראָז־דאָווער פּאָלק פרעגן וואָס מ'האָט געטאָן מיט אירע צוויי זין, האָט מען זי דאָרט געשלאָגן מכות־רצח מיט די פּריקלאָדן פון די ביקסן, און ס'האָט זיך ניט געפונען קיין איין אָפּיצער, וואָס זאָל זיך פאַר איר איינשטעלן.

אויך דעם יונגן יידישן סטודענט ווינאָגראַדסקי האָט מען געשאָסן, אונטערן אויסרייד, אַז ווען די באָלשעוויקעס זיינען געווען אין שטאָט, האָט ער ביי זיי געדינט.

ס'איז אין כאַרקאָוו דעמאָלט שוין געווען אַ גאַנץ געווינלעכע זאַך, אַז אין איין טאָג זאָל מען זיך עטלעכע מאָל אַריינרייסן אין אַ יידישער שטוב, אַלץ מיט דעם זעלבן אויסרייד, אַז מ'דאַרף מאַכן אַן אָביסק. מ'דאַרף זוכן, און זוכנדיק האָט מען צוגענומען אַלץ, וואָס מ'האָט נאָר געפונען; איין באַנדע איז אַרויס און די אַנדערע איז אַריין; וואָס איין באַנדע האָט איבערגעלאָזט, האָט די צווייטע צוגענומען; מ'האָט פון זיי ניט געהאַט קיין רו, ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט, און ביי יעדער הויז־זוכונג האָט מען געהרגעט־געשלאָגן, און ס'זיינען אויך געווען

פּאַלן, ווען מ׳האָט ביי אַזעלכע הויז־זוכונגען פּאַרגוואַלטיקט יידישע טעכטער, און דאָס האָבן געטאָן ניט נאָר פּשוטע זעלנער און קאָזאַקן, נאָר אויך אָפיצערן. דעניקינס אָפיצערן...

אין דעם הויז פון מ. וואַוינינגער, וואָס געפינט זיך אויף דער מיעשטשאַנ־סקער גאַס, נומער 9, זיינען פיר קאָזאַקן אַריינגעקומען מאַכן אַן אויספאָרשונג וועגן אַ פריערדיקער הויז־זוכונג, וואָס אַנדערע דעניקינצעס האָבן געמאַכט צונעמענדיק געלט און טייערע זאַכן; ס׳האָט כלומרשט געהייסן, אַז זייער כוונה איז גוט צו מאַכן דעם שאָדן נאָכדעם ווי זיי וועלן דעם ענין אונטערזוכן. אָבער ביים אויספרעגן די געליטענע, האָבן זיי צוגענומען דאָס, וואָס די פריערדיקע באַנדע האָט פאַרזען צוצונעמען, און נאָכדעם האָבן זיי אין שטוב פאַרגוואַלטיקט אַ יידיש מיידל, און דער פאָטער פון דער מיידל, אַ ייד פון 64 יאָר, האָט פאַר ווייטיק און שאַנד אויסגעטרונקען אַ פלעשעלע סם צו מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן *).

און דאָס האָט געהייסן בלויז אַ „שטילער פּאָגראָם". מ׳האָט ניט געשאָכטן אין די גאַסן, מ׳איז ניט אָנגעפאַלן מחנותוויז אויף יידישע הייזער און קראָמען, מ׳האָט ניט געמאַכט קיין ווילדע געוואַלדן אויסזעצנדיק שויבן פון פענצטער, מען האָט ניט געריסן קיין בעטגעוואַנט אַרויסצוואַרפן די פעדערן; מען האָט ניט געמאַכט קיין פּאָגראָם לויט דעם אָנגענומענעם שטייגער פון אַ באַנדע, ווייל דאָס וואָלט דאָך נאָך, חלילה, פאַרשוועכט דעם „כבוד" פון דער „פריווי־ליקער" אַרמיי, וואָס דעניקין האָט געפירט קעגן דער סאָוועטן־מאַכט — מ׳האָט גלאַט געטאָן די יידן כל הרעות שבעולם און זיך געבאָדן אין זייער בלוט, אונטער דעם אויסרייד, אַז דאָס איז אַ טייל פון דעם קאַמף קעגן באָלשעוויזם.

באַפרייט געוואָרן פון דעניקינס פּאָגראָמשטשיקעס זיינען די יידן אין כאַרקאָוו ערשט ביים סוף פונם יאָר 1919, אינם מאָנאַט דעצעמבער, ווען די רויטע אַרמיי איז ווידער אַריין אַהין.

און צווישן די סאָוועטישע קאָמאַנדירן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קאַמף צו באַפרייען כאַרקאָוו פון דעניקינס מחנות, זיינען געווען: אובאָרעוויטש, איידעמאַן און פרימאַקאָוו. אובאָרעוויטש איז געווען דער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל דער רויטער אַרמיי, אַז מ׳זאָל נעמען כאַרקאָוו ניט שפּעטער ווי דעם עלפטן דעצעמבער, און דער באַפעל איז פּינקטלעך דורכגעפירט געוואָרן.

---

*) וועגן דעם „שטילן פּאָגראָם", וואָס דעניקינס באַנדעס האָבן געמאַכט אין כאַר־קאָוו, געפינט מען אַ סך איינצלהייטן אין י. שחטמאַנס „אַנטישמיות ופרעות", וואָס איז געדרוקט אין 3־טן באַנד „רשומות"; אין א. ד. ראָזענטאַלס „מגילת הטבח", און אין דר. חפצס בוך: The slaughter of the jews in the Ukraine in 1919

# כאַרקאָוו

אַזוי ווערט אָנגעגעבן אין ס. ראַבינאָוויטשעס רוסישער „געשיכטע פון דעם בירגער־קריג״ (זז. 135 און 136), וואָס דער רעגירונגס־פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע אינם יאָר 1935. אויך אין אַנדערע קוואַלן ווערט דאָס דערמאָנט ווי אַ געשיכטלעכער פאַקט.

און אין 1937 זיינען די אַלע דריי סאָוועטישע קאָמאַנדירן — אובאָרעוויטש, אייִדעמאַן און פרימאַקאָוו — געווען צווישן די, וואָס מ׳האָט אינאיינעם מיט טו־כאַטשעווסקין, פאַרמשפּט צום טויט און געשאָסן...

ס׳האָט געהייסן, אַז זיי האָבן „פאַרראַטן דאָס פאָטערלאַנד״...

פרימאַקאָוו איז ביז אַ קורצער צייט פאַרן טויט געווען דער הויפּט־קאָמאַנ־דיר פון דעם גאַנצן מיליטערישן געגנט פון כאַרקאָוו, און געגעבן דעם אַמט האָט מען אים, ווייל זיין נאָמען איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיטן געווינען די שטאָט צוריק פאַר דער סאָוועטן־מאַכט...

די געשיכטע האָט זיך אירע וועגן ווי צו מאַכן דראַמאַטיש דאָס לעבן פון די העלדן, וואָס באַטייליקן זיך אין אַ רעוואָלוציע...

⁂

פופצן יאָר איז כאַרקאָוו געווען די הויפּטפּ־שטאָט פון אוקראַינע — פון 1919 ביז 1934 — און אין דער צייט איז די שטאָט שטאַרק אויסגעוואַקסן און שענער געוואָרן. און צווישן די שענסטע פלעצער דאָרט איז דער גרויסער סקווער, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון פעליקס דזשערזשינסקי, דעם געוועזענעם הויפּט פון דער „טשעקאַ״... ניט ווייט פון דאָרט שטייט דאָס סאָוועטן־הויז, וואו ס׳געפינען זיך די וויכטיקסטע רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס, און דאָרט שטייט אויך די גרויסע „קראַסנאַיאַ גאָסטיניצאַ״, דער האָטעל, וואו ס׳שטעלן זיך אָפּ וויכטיקע רעגירונגס־לייט און אויך אויסלענדישע געסט. אויך איך בין דאָרט איינגעשטאַנען ווען איך האָב זיך אין כאַרקאָוו אָפּגעשטעלט אויף מיין רייזע איבער סאָוועט־רוסלאַנד.

אויף ווי ווייט כאַרקאָוו איז אויסגעוואַקסן אין די יאָרן וואָס זי איז געווען די הויפּט־שטאָט פון אוקראַינע, קען מען זען פון דעם וואָס אינם יאָר 1920 איז די באַפעלקערונג דאָרט באַשטאַנען פון צוויי הונדערט און דרייסיק טויזנט נפשות, און אינם יאָר 1933 האָט זי שוין דערגרייכט ביז איבער זעקס הונדערט טויזנט נפשות, און פון זיי זיינען געווען ניט ווייניקער ווי זיבעצן פּראָצענט יידן.

פון אַ קליינער יידישער קהילה וואָס איז אַמאָל באַשטאַנען פון ניט מער ווי הונדערט און ניין און צוואַנציק נפשות איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע יידישע

שטעט און שטעטלעך

באַפעלקערונג, וואָס וואָלט אַוודאי געווען געוואָרן נאָך גרעסער, אָבער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געקומען אַ סוף דערצו. ביי היטלערס דייטשע פאָג־ראָמשטשיקעס, פונקט ווי ביי די רוסישע און אוקראַינישע פאָגראָמשטשיקעס, זיינען די יידן אין כאַרקאָוו געווען די ערשטע קרבנות ווען זיי, די באַוואָפנטע רוצחים, זיינען אין שטאָט אַריינגעקומען.

און עס איז דאָרט אַפילו ניט געווען ווער ס'זאָל די טויטע באַוויינען...

# קרעמענטשוג

ווען מ׳וואָלט געקענט זאָגן, אַז צווישן שטעט, פּונקט ווי צווישן מענטשן, זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זיינען אין אַלץ זייער פּראַקטיש און אויסגערעכנט און אויך אַזעלכע, וואָס האָבן ליב דעם חלום מער ווי די ווירקלעכקייט, וואָלט מען די שטאָט קרעמענטשוג, וואָס ליגט אין פּאָלטאַווער גובערניע, געדאַרפט אַוועקשטעלן אין דער ריי פון די ערשטע, ווייל נאָך אַזאַ פּראַקטיש־אויסגערעכנטע שטאָט איז אין אוקראַינע שווער צו געפינען.

נאָך מיט קנאַפּע פיר הונדערט יאָר צוריק — אין 1571 — האָט זיך די שטאָט אַוועקגעשטעלט ביים לינקן ברעג פון דניעפּר, און אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט איז זי געוואָרן אַ וויכטיקער האַנדלס־צענטער. און אינם יאָר 1655 איז זי שוין געווען פאַררעכנט צווישן די רייכסטע שטעט אין יענעם געגנט.

אויף אַ גאַר ברייטן שטייגער האָט מען אין קרעמענטשוג קיין האַנדל טאָקע ניט געפירט. דאָרט האָט מען געהאַנדלט גרויס בלייז מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס אָן זיי איז שווער זיך צו באַגיין — מיט זאַלץ, מיט שמאַלץ, מיט ווייץ, מיט קאָרן, מיט האָבער, מיט רעטשקע, מיט היי, מיט פאַלאָווע, מיט געהילץ, און אויך מיט מאַכאָרקע און מיט בראָנפן, ווייל דערויף איז אויך שטענדיק געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע און מ׳האָט אין דעם געקענט אַ סך פאַרדינען.

פונם יאָר 1765 ביזן יאָר 1789, אין די צייטן פון יעקאַטערינע דער גרויסער, איז קרעמענטשוג געווען די הויפּט־שטאָט פון דעם גאַנצן געגנט, וואָס מ׳האָט דעמאָלט גערופן „נאָוואָראָסיאַ״ (ניי־רוסלאַנד), און יידן האָבן דאָרט ניט געהאַט קיין רעכט צו וואוינען. ערשט אין 1794, צוויי יאָר איידער די קייסערינע איז געשטאָרבן, האָט זי איינגעזען ווי ניט פּראַקטיש עס איז ניט אַריינצולאָזן קיין יידן אין יענעם געגנט; זי האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל דעם פאַרבאָט אָפּשאַפן, און דאַן האָבן יידן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין קרעמענטשוג. אָבער געיאָגט אַהין שטאַרק האָבן זיי זיך פונדעסטוועגן ניט, און דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס אין יאָר 1801, זיבן יאָר נאָכדעם ווי דער פאַרבאָט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, זיינען אינם גאַנצן קרעמענטשוגער אויעזד געווען ניט מער ווי פיר הונדערט און פיר און פופציק יידן, און פון זיי זיינען בלויז צוויי און דריי־

סיק געווען סוחרים און די איבעריקע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשיידענערליי מלאכות און אויך מיט קרעמעריי.

שפּעטער אָבער, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן און אַפילו אויך פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קרעמענטשוג געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. און אינם יאָר 1847 האָבן שוין דאָרט געוואוינט קנאַפּע פיר טויזנט יידן. און נאָך גרעסער איז געוואָרן זייער צאָל אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן; יידן האָבן געהאָלפן אויפבויען די שטאָט, וואו עס זיינען געווען אַ סך מעגלעכקייטן פאַר ברייטע האַנדלס־באַציאונגען מיט אַנדערע גרויסע שטעט, וואוהין מען קען צוקומען מיטן דניעפּר און אויך מיטן באַן. און אינם יאָר 1897, ווען ניקאָלאַי דער צווייטער איז געווען דער הערשער איבער רוסלאַנד, איז שוין די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קרעמענטשוג באַשטאַנען פון קנאַפּע דרייסיק טויזנט יידן, און דאָס איז געווען כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין שטאָט.

אַ היפּשן חלק אין דעם, וואָס די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קרעמענטשוג איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, האָט אויך גע־האַט דער פאַקט, וואָס מ׳האָט אין יענעם געגנט געהאַלטן אין איין טרייבן די יידן פון די דערפער; די אַרויסגעטריבענע האָבן קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און זיי האָבן זיך געמוזט באַזעצן אין דער גרויסער שטאָט, אַפילו ווען זיי האָבן דערצו קיין איבעריק גרויסן חשק ניט געהאַט; יידן, וואָס האָבן יאָרן און יאָרן געוואוינט אין די דערפער און וואָס זיינען געקומען אין שטאָט אַריין בלויז אויף אַ יום־טוב, אָדער אַמאָל אויך אויף אַ שבת, ווען מ׳בענטשט ראש־חודש, האָבן קעגן זייער אייגענעם ווילן געמוזט ווערן תושבים אין קרעמענ־טשוג און זיך צוגעוואוינען צו די שטאָטישע פרנסות; און ניט אַלע מאָל איז דאָס זיי אַנגעקומען גרינג. אָבער וואָס גרעסער ס׳איז דאָרט געוואָרן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַלץ מער האָט זיך דאָרט אַ גייסטיק יידיש לעבן אַנטוויקלט, און מ׳האָט דאָרט אויסגעבויט תלמוד־תורות, וואו יידישע קינדער האָבן געלערנט. אויך אַ ישיבה האָט מען אויסגעבויט, און אין דער זעלבער צייט וואָס ס׳זיינען אין שטאָט געווען אַ סך אַזעלכע יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געלערנט אין די שקאָלעס און אויך אין די גימנאַזיעס, זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פלייסיק געלערנט אין דער ישיבה, און די אָרעמע קינדער האָבן, לערנענדיק, אויך אַרויסגעהאָלפן טאַטע־מאַמע אין דער פרנסה, און פון דעם האָט מען געהאַט נחת און מ׳האָט אין דעם אויך געזען אַ תכלית.

ס׳זיינען אין קרעמענטשוג געווען אַ סך רייכע יידישע סוחרים, וואָס האָבן אויף אַ ברייטן שטייגער געפירט אַ האַנדל — אַלץ מיט אַזעלכע זאַכן אויף וועלכע ס׳איז געווינלעך פאַראַן אַ גרויסע נאָכפראַגע. אינאיינעם מיט די

קריסטלעכע סוחרים האָבן זיי ווייטער געצויגן די האַנדלס־טראַדיציע פון דער שטאָט, וואָס איז שטענדיק געווען פּראַקטיש און אויסגערעכנט אין דעם. און דאָס האָט זיי געהאָלפן שטייגן הויך און זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו שיקן זייערע קינדער אין די בעסטע אוניווערסיטעטן פון לאַנד און אויך פון אויסלאַנד. אָבער דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קרעמענטשוג איז באַשטאַנען פון אָרעמעלייט, וואָס האָבן זיך „אויסגעשלאָגן פון די כוחות״ צו האָבן פרנסה און ניט דאַרפן אָנקומען צו לייטן, און צווישן זיי זיינען געווען אַ סך בעלי־מלאכות, און די פאַרשפּרייטסטע מלאכה איז געווען שניידעריי, ווייל אין קרעמענטשוג האָט מען פאַרקויפט אַ סך פאַרטיק־אויפגעניייטע קליידער, און אין דעם איז אויך געווען פּראַקטישקייט און אויסגערעכנטקייט.

בכלל האָט מען זיך אין קרעמענטשוג ניט געשעמט מיט קיין מלאכה, נאָר פאַרקערט, מ׳האָט זיך איבערגענומען דערמיט. אַפילו גאָר פיינע בעלי־בתים, יידן לומדים, וואָס זיינען אין דער זעלבער צייט אויך געווען פּראַקטישע מענטשן, האָבן געהאַלטן אַז ס׳איז אַ גוטע זאַך, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך אויסלערנען אַ מלאכה. און געקומען צו דעם געדאַנק זיינען זיי ניט דווקא דערפאַר, וואָס ס׳שטייט אין דער גמרא (אבות א׳, י.), אַז מ׳דאַרף ליב האָבן די מלאכה און פיינט האָבן דאָס רבנות, נאָר דערפאַר וואָס נאָכן פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין קרעמענטשוג אין די שרעקלעכע אָקטאָבער־טעג פונם יאָר 1905, ווען ניקאָלאַי דער צווייטער האָט געגעבן די „קאָנסטיטוציע״ זיינע, און זי באַלד געכאַפּט צוריק, האָט זיך צווישן די קרעמענטשוגער יידן אָנגעהויבן אַ גרויסע אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע, און פון דאָרט האָט מען געשריבן, אַז אין דעם פרייען לאַנד איז אַ מלאכה אַ ברכה; און אַז ווער ס׳האָט דאָרט ניט קיין מלאכה אין דער האַנט, מוז זיך, נעבעך, לאַנג פּלאָגן ביז ער דערשלאָגט זיך צו עפּעס. און אַזוי ווי ס׳זיינען דאַן אין קרעמענטשוג געווען אַ סך יידן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אויף שיפס־קאַרטעס, אָדער גלאָט געטרוימט וועגן דער מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן קיין אַמעריקע און דערנאָך אַריבערנעמען אַהין די ווייב מיט די קינדער, איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז מען זאָל שטאַרק וועלן קענען אַ מלאכה, וואָס וועט זייער גוט צונוץ קומען אין דעם נייעם לאַנד.

אין אַלגעמיין האָט די אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע נאָך די פּאָגראָמען פון 1905 געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישן און אויך אין דעם גייסטיקן איבערברוך פונם יידישן לעבן אין רוסלאַנד. דאָס האָט אין אַ געוויסן זין געהאָלפן מער פּראָלעטאַריזירן דאָס יידישע לעבן דאָרט. אין אַ סך אוקראַיניש־יידישע שטעטלעך האָט מען דאַן, אַרומטראַגנדיק זיך מיט די בריוו, וואָס מ׳האָט באַקומען פון אַמעריקע, גערעדט וועגן דעם וואָס דאָרט אין

דעם פרייען לאַנד, איז „אַ מלאכה — אַ מלוכה". און ניט איינער האָט דערציילט, אַז פון אַמעריקע שרייבט מען אים, אַז אַ „שיסטער ווערט דאָרט אַ מיסטער".

קרעמענטשוג איז אין דעם ניט געווען קיין אויסנאַם פון אַנדערע שטעט. אויך דאָרט האָט די אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע נאָך די פּאָגראָמען פון 1905 אַ סך געהאָלפן מער פּראָלעטאַריזירן דאָס יידישע לעבן, און האָט אָנגענומען אַ ברייטערע פאָרמע ווי אין אַנדערע שטעט. מ'האָט אין דעם אַריינגעגעבן קרעמענטשוגער פּראַקטישקייט. און מען קען זאָגן, אַז אַ סך פון די בעלי־מלאכות, וואָס זיינען פון קרעמענטשוג געקומען קיין אַמעריקע, האָבן געשטאַמט פון זייער אַ פיינעם בעל־הביתישן גראַד. און ניט איינער פון זיי האָט אַמאָל געטרוימט, אַז ער וועט זיך אין לעבן דערשלאָגן צו עפּעס אַזוינס, וואָס וועט זיין ניט נאָר תכלית, נאָר נאָך עפּעס מער ווי דאָס, כאָטש פאַר אים אַליין איז קיינמאָל ניט געווען אינגאַנצן קלאָר אין וואָס דער „נאָך עפּעס מער" זאָל זיך אויסדריקן...

***

אין יאָר 1919 איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קרעמענטשוג שוין באַשטאַנען פון צוויי און דרייסיק טויזנט מיט זעקס הונדערט און פיר און זיבעציק נפשות, און דאָס איז דאַן געווען אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין שטאָט. עס זיינען אויך געווען אַ סך אַנגעלאָפענע פון די קלענערע שטעט, וואָס אַרום און אַרום, ווייל אין לאַנד האָט דאַן געפלאַקערט דער בירגער־קריג, וואָס האָט געבראַכט חורבן און פאַרוויסטונג אומעטום; ווער ס'האָט נאָר געקענט, איז געלאָפן וואוהין מ'האָט נאָר געלאָזט לויפן און וואו ס'איז נאָר ערגעץ געווען פריי אַ וועג. אין קיין איין שטאָט פון דעם גרויסן לאַנד, וואָס פאַרנעמט אַ זעקסטל פון דער ערד, האָט מען ניט געקענט וויסן אונטער וואָס פאַר אַ פאָן אַן אַרמיי וועט מאָרגן אַריינמאַרשירן און וואָס פאַר אַן אָרדענונג די נייע „מאַכט" וועט איינפירן און ווי לאַנג די אָרדענונג וועט זיך האַלטן...

אויך אין קרעמענטשוג האָט מען דאָס ניט געקענט וויסן, און דערפאַר האָבן זיך אַלע געשראָקן; מ'האָט ניט געוואוסט ווער ס'איז פון „אונדזערע" און ווער ס'איז פון „זייערע". און מער ווי אַלע אַנדערע האָבן זיך געשראָקן די יידן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז וואָס פאַר אַן אַרמיי עס זאָל אין שטאָט ניט אַריינמאַרשירן, צי דאָס וועט זיין פּעטליורעס, אָדער דעניקינס — קיין גוטס פאַר יידן וועט זי ניט ברענגען, ווייל אַלע פאַרשפּרייטן דעם זעלבן בלבול, אַז די יידן זיינען שולדיק אין אַלץ, און אַז אַלע יידן זיינען קאָמוניסטן.

דער אמת איז געווען, אַז די ערשטע צייט האָבן די יידן פון דער רעוואָלוציע אַרויסגעקראָגן ווייניקער ווי אַלע אַנדערע, און באַצאָלט פאַר איר האָבן

זיי מער ווי אַלע אַנדערע. דאָס האָבן שפּעטער צוגעגעבן אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן מיט די באָלשעוויקעס. דער גאַנצער פונדאַמענט פון דעם עקאָ־נאָמישן יידישן לעבן איז אונטערגעגראָבן געוואָרן, און די גאַנצע געביידע איז געפאַלן. ס׳האָט געדאַרפט געדויערן יאָרן און יאָרן און ס׳האָט געקאָסט אַ סך לעבנס ביז ס׳איז אָוועקגעלייגט געוואָרן אַ נייער פונדאַמענט און ס׳איז אויפ־געבויט געוואָרן אַ ניי לעבן. דער פּראָצעס — ווי נויטיק ער איז ניט געווען — איז דאָך געווען זייער אַ פּייַנלעכער, און ער האָט אומגעבראַכט אַ גאַנצן דור און אפשר מער ווי איין דור. די יידן אין רוסלאַנד האָבן פאַר דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע באַצאָלט טייערער ווי אַלע אַנדערע, ווייל אונטער דער הערשאַפט פון די צאַרן זיינען זיי געווען געצוואונגען דערצו, אַז אַ גרויסע מאַיאָריטעט פון זיי זאָל מיט זיך פאָרשטעלן דעם שטאַנד, וואָס ווערט אינגאַנצן אָפּגעווישט אין די צייטן פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. אַזוי איז געווען כמעט אין די אַלע שטעט, וואו יידן האָבן אין רוסלאַנד געהאַט די רעכט צו וואוינען, און אַזוי איז אויך געווען אין קרעמענטשוג.

אָבער די שונאים פון די יידן אין יענער צייט — פּונקט ווי אין אַלע צייטן און אין אַלע דורות — האָבן זיך אינגאַנצן ניט גערעכנט מיט דעם אויסגעשריע־נעם אמת, וואָס מען האָט ממש מיט די הענט געקענט אָנטאַפּן און אַפילו בלינ־דערהייט געקענט זען. און וואוהין זייערע אַרמייען זיינען נאָר אַריינגעקומען, אין וואָס פאַר אַ שטאָט זיי האָבן נאָר אַריינגעמאַרשירט, האָבן זיי אַלץ דעם זעלבן לאָזונג געהאַט

— שלאָג די יידן און — ראַטעווע רוסלאַנד!

ס׳איז שווער צו זאָגן ווער ס׳האָט אַרויסגעוויזן מער שנאה צו יידן אין די צייטן פונם בירגער־קריג אין רוסלאַנד — די באַנדעס פון דעם אוקראַיינישן אַטאַמאַן פּעטליורע און פון די אַנדערע אַטאַמאַנען און „באַטקעס“, אָדער די מחנות פון דעם רוסישן גענעראַל דעניקין.ביידע האָבן אין אוקראַינע גענוג יידיש בלוט פאַרגאָסן. אָבער דעניקינס קאָזאַקן האָבן מער רציחה אַרויסגעוויזן און אַ גרע־סערן חורבן געמאַכט, ווייל אויסער דעם וואָס זיי זיינען געווען גרעסער אין צאָל, האָבן זיי זיך קיין אוקראַינע אַריינגעריסן ווי פרעמדע וואָס קומען פון ווייט. זיי האָבן צו אוקראַינע בכלל ניט געהאַט די באַציאונג פון קיין אייגענע. זיי האָבן אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג דאָרט געקוקט מיט פאַראַכטונג, ווי ס׳איז געוויינלעך דער שטייגער פון די גרויס־רוסן. נאָך ערגער איז דאָן געווען זייער באַציאונג צו יידן דאָרט. און די גאַנצע צייט וואָס זיי זיינען געווען אין אוקראַינע איז באַשטאַנען פון איין לאַנגן און גרויסן פּאָגראָם.

און אַ היפּשער טייל פון יענעם פּאָגראָם איז אויסגעפאַלן אויפן גורל פון די יידן אין קרעמענטשוג און אויך אויף די, וואָס זיינען אין דער גרויסער מהומה זיך צונויפגעלאָפן אַהין פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

אין מאָנאַט יולי פונם יאָר 1919 איז דאָס געװען, װען די קאָזאַקן פון גענעראַל דעניקין זײַנען קיין קרעמענטשוג אַרײַנגעקומען. און װי זײ זײַנען נאָר אַרײַן, האָבן זײ גלײַך אָנגעהױבן ראַבעװען און הרגענען ײדן. און װען מ׳האָט זײ אײן מאָל געפרעגט פאַרװאָס זײ טוען דאָס, פאַרװאָס זײ זײַנען זיך נוקם אין אומשולדיקע מענטשן, האָבן זײ דערױף געגעבן אַן ענטפער, אין װעלכן מען קען געפינען די דערקלערונג פאַרװאָס זײ און נאָך אַזעלכע װי זײ האָבן זיך „פּרײַװױליק" אָנגעשלאָסן אין דעניקינס אַרמײ צו „קעמפן קעגן דער סאָװעטן־מאַכט".

„צוליב װאָס דען, מײנט איר, — האָבן זײ געזאָגט, — זײַנען מיר געקומען אַהער אַזש פון די קובאַנער סטעפּעס, אױב ניט צוליב דעם, אַז מיר זאָלן דאָ קענען ראַבעװען און שעכטן ײדן?!..."

ניט נאָר פּשוטע קאָזאַקן, נאָר אױך אָפיצערן, געבילדעטע לײַט, קינדער פון רוסישע אַריסטאָקראַטן, האָבן אין קרעמענטשוג געראַבעװעט און געהרגעט ײדן. און געטאָן האָבן זײ דאָס מיט װילדער הנאה, געשעפּט נחת פון דעם װאָס די אומבאַהאָלפענע מענטשן צאַפּלען זיך אין זײערע הענט, און ס׳איז גאָר ניט געװען קײן שיעור צו די רציחות, װאָס זײ האָבן אַרױסגעװיזן, און ס׳איז גאָר ניט געװען קײן גרענעץ צו די סאַדיסטישע המצאות, אױף װעלכע זײ זײַנען געפאַלן צו פאַרשאַפן נאָך מער פּײן און נאָך מער יסורים צו די אומגליקלעכע מענטשן, װאָס האָבן זיך ניט געקענט באַשיצן.

אין אַ קעלער בײַם הױז פון אַ ײדן, מיטן נאָמען װאָלאָדאַרסקי, האָבן זיך באַהאַלטן פיר הונדערט מענער און פרױען, און צװישן זײ איז אױך געװען אײנער אַ קריסט. פאַרװאָס דער קריסט האָט זיך אױך באַהאַלטן, איז ניט אינגאַנצן קלאָר. ס׳קען זײַן, אַז ער איז גלאַט געװען איבערגעשראָקן, און װען ער האָט געזען, אַז מ׳באַהאַלט זיך, האָט ער זיך אױך באַהאַלטן. און ס׳קען אױך זײַן, אַז ער איז געװען אַ גוטער פרײַנד פון ײדן, און ער האָט זיך פון זײ ניט געקענט אָפּ־טײלן אין דער שעה פון שרעק פאַרן טױט. אָבער װען די קאָזאַקן זײַנען אַרײַנ־געקומען אין קעלער, האָבן זײ אים ניט געטשעפּעט װען זײ האָבן אױסגעפונען, אַז ער איז אַ קריסט. אױף די ײדן אָבער האָבן זײ זיך אַרױפגעװאָרפן װי די װילדע. אַלץ װאָס מען האָט האָט נאָר געהאַט בײַ זיך, האָבן זײ צוגענומען. אַפילו די שיך און שטיװול פון די פיס האָבן זײ אַראָפּגעריסן; בײַ די פרױען האָבן זײ די רינגלעך פון די פינגער אַראָפּגעשלעפּט, און װען אײנע פון די פרױען, אַ יונגע סטודענטקע מיטן נאָמען אסתר מאַנזאָן, האָט געװיזן, אַז זי טראָגט ניט קײן רינגלעך אױף די פינגער, האָט אײנער פון די קאָזאַקן געעפנט דעם לעדערנעם טײַסטער, װאָס זי האָט מיט זיך געהאַט, און װען ער האָט דאָרט געפונען איר

דיפּלאָם פון אוניווערזיטעט, האָט ער העפלעך, מעשה גאַלאַנטער קאַוואַליער, געגעבן אַ זאָג:

— איר וועט דאָס אַוודאי ניט גלויבן, אָבער דער אמת איז, אַז איך האָב אויך געענדיקט אַן אוניווערזיטעט...

דאָס מיידל איז געווען איבערראַשט ווען זי האָט דאָס דערהערט. אין איר צעטומלטקייט האָט זי געענטפערט, אַז ס'איז איר אָנגענעם זיך צו באַקענען מיט אַ „קאָלעגע" און דערויף האָט ער געמאַכט די באַמערקונג, אַז ס'איז אַ שאָד וואָס די באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן גראָד אין אַזעלכע אומשטענדן, און נאָכדעם האָט ער ווייטער געשלעפּט רינגעלעך פון די פינגער און זייגערלעך פון די קעשענעס און שטיוול פון די פיס...

זי האָט נאָך דאַן ניט געוואוסט, די יידישע סטודענטקע פון קרעמענטשוג, אַז צווישן די אָפיצערן פון דעניקינס אַרמיי געפינען זיך אַזעלכע, וואָס שטאַמען פון גאָר גרויסן יחוס — זינדלעך פון גראַפן און באַראָנען, וואָס ווייזן אָפּט אַרויס זייער הויכע „קולטור" און זייערע „געשליפענע מאַניערן" דערמיט וואָס צווישן זיך רעדן זיי פראַנצויזיש...

דאָס האָט מען אויסגעפונען ערשט שפּעטער, ווען מ'האָט געזאַמלט די פאַקטן און זיך מער באַקאַנט מיט די איינצלהייטן פון די מעשים־תעתועים, וואָס דע־ניקינס לייט זיינען באַגאַנגען אין די עטלעכע חדשים, וואָס זיי האָבן געוועלטיקט אין אוקראַינע. דאַן האָט איינער דערציילט ווי אין זשיטאָמיר האָבן עטלעכע פון דעניקינס באַוואָפנטע לייט אין איין שטוב דערהרגעט פיר יידן, און נאָכ־דעם, ביים צעטיילן זיך מיט די אָנגעראַבעוועטע זאַכן, האָבן זיי צווישן זיך שוין ניט גערעדט קיין רוסיש, נאָר פראַנצויזיש. און אַן אַנדערער האָט דער־ציילט ווי אין קיעוו, ווען עטלעכע פון דעניקינס לייט האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער וואוינונג פון אַ רייכער און אינטעליגענטער יידישער פאַמיליע און געפאָ־דערט מ'זאָל זיי געבן געלט, און די בעל־הביתטע האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן אויף פראַנצויזיש צו איינער פון אירע טעכטער, האָבן די רוצחים זיך אַריינגעמישט און האָבן אויך אָנגעהויבן ריידן פראַנצויזיש. און ווען מ'האָט זיי געגעבן די סומע, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, האָבן זיי געהייסן אַז מען זאָל פאַר זיי מאַכן אַ גוטן מאָלצייט, און נאָכן עסן האָט איינער פון זיי זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ און אָנגעהויבן שפּילן קלאַסישע מוזיק, און געשפּילט האָט ער ווי אַ גו־טער מוזיקער...

„קולטור־מענטשן" זיינען זיי געווען, די אָפיצערן פון דעניקינס אַרמיי. ניט אַלע, אָבער אַ היפּש ביסל פון זיי. ס'האָט זיי ניט אויסגעפעלט קיין בילדונג, זיי האָבן געקענט אויסלענדישע שפּראַכן, און אויך מוזיק האָבן זיי ליב געהאַט. און וועגן „פיינע מאַניערן" איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אָבער דאָס האָט זיי דאָך

ניט געשטערט צו זיין רוצחים און ווילדע חיות. און אין וואָס פאַר אַ שטאָט זיי זיינען נאָר ניט אַריינגעקומען, האָבן זיי געשאָכטן און געקוילעט יידן. אַ סך פון זיי האָבן זיך אין אַזעלכע פאַלן אָנגעטאָן אין די יוניפאָרמס פון פּשוטע קאָזאַקן, כדי מ׳זאָל ניט דערקענען, אַז זיי זיינען אָפּיצערן; זיי זיינען שוין געווען די „בעסערע״, וואָס האָבן נאָך געהאַט אַ ביסל בושה אין זיך. און אַנדערע האָבן אַפילו דאָס ביסל בושה אויך ניט געהאַט, און זיי האָבן אָפן געראַבעוועט, גע־שלאָגן און געהרגעט יידן און געשענדט יידישע טעכטער, און באַליידיקט און אויפן גרעבסטן און גרויזאַמסטן אופן געטראַטן מיט די פיס חשובע זקנים און רבנים, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געטשעפּעט אַפילו אַ פליג אויף דער וואַנט.

אַזוי אומעטום, וואוהין זיי זיינען נאָר אַריין. און ס׳זיינען געווען פאַלן ווען זיי, דעניקינס אָפיצערן, האָבן מיט זייער רציחה צו די יידן אין אוקראַינע איבערגעשטיגן די פּראָסטע קאָזאַקן פון דער „פּרייווילליקער״ אַרמיי זייערער. און ס׳ווערט דערציילט, אַז איינער אַ פּשוטער פויער האָט זיך דאַן אויסגעדריקט, אַז ווען ער טוט אַ טראַכט וועגן די שרעקלעכע זאַכן פון אָט די אַלע אָפיצערן, די געבילדעטע זינדלעך פון גרויסע פּריצים און וואַזשנע אַריסטאָקראַטן, שעמט ער זיך וואָס צווישן רוסישע פּראַוואָסלאַוונע מענטשן געפינען זיך אַזעלכע ווילדע רוצחים.

ס׳איז אין קרעמענטשוג דעמאָלט זעלטן אַוועק אַ נאַכט, אַז מען זאָל אַלע מאָל פון אַן אַנדער הויף ניט דערהערן קיין געוואַלדן און געשרייען פון מענטשן, וואָס זיינען געווען אַזוי צעשראָקן און פאַרצווייפלט, אַז אַפילו ווען זיי וואָלטן שוין געוואָלט אויפהערן שרייען, האָבן זיי דאָס ניט געקענט...

אַזוי האָט מען זיך אין יענער שרעקלעכער צייט געפירט ניט נאָר אין קרעמענטשוג, נאָר אויך אין די אַנדערע שטעט, וואוהין דעניקינס באַוואַפנטע לייט זיינען אַריין: ווי נאָר מ׳האָט דערהערט ווי די רוצחים קלאַפּן אין די טויערן פונם הויף, האָבן אַלע יידישע שכנים אויפגעהויבן אַ געוואַלד, וואָס האָט די הימ־לען געקענט שפּאַלטן; ס׳האָבן געשריגן אַלטע און יונגע, מענער און פרויען און אויך קליינע קינדער, און אַלע מאָל, ווען מ׳האָט ביינאַכט דערהערט די קולות פון איין הויף, האָבן זיך דערויף אָפּגערופן די יידישע שכנים פון די אַנדערע הויפן, און גאַנצע גאַסן זיינען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער שרעק־לעכער יללה, וואָס האָט אַ פּחד אַרויפגעוואָרפן, און דאָס איז דאַן ביי יידן געווען אַ מיטל צו פאַרטרייבן די רוצחים...

מ׳האָט מיט שרעק — די שרעק געפּרוּווט פאַריאָגן. מ׳האָט מיט מורא — די מורא געוואָלט פאַרטרייבן...

אָבער ניט אַלע מאָל האָט דאָס געהאָלפן. דעניקינס רוצחים האָבן זיך צוגעוואוינט צו דעם; די נערוון זיינען ביי זיי מער ניט צערודערט געוואָרן,

ווען זיי האָבן דערהערט ווי הויפן און גאַנצע גאַסן הויבן אויף אַ יאָמער און אַ געשריי און זיי האָבן דאָס פאַרטויבט מיט דעם קראַכן פון רעוואָלווערן און ביקסן.

„ווען זיי זיינען דעם דריטן אויגוסט צוגעקומען צו אונדזער הויף, — האָט דערציילט אַ קרעמענטשוגער יידישע פרוי מיטן נאָמען בתיה בראַגינסקי, האָבן מיר אַלע אויפגעהויבן אַ שרעקלעך געשריי און דערמיט האָבן מיר זיי פאַר־יאָגט, די קאַזאַקן. אָבער זיי זיינען ווידער געקומען און האָבן אָנגעהויבן שיסן אין הויף אַריין. איין קויל האָט געטראָפן מיין מאַן אין לינקן אויג און ער איז געפאַלן טויט. פון די אַנדערע קוילן זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן נאָך צוויי שכנים, ישראל לעשטשינסקי און נחמיה טולטשינסקי, און ווען די קאַזאַקן האָבן זיך אין הויף אַריינגעריסן, און דערזען ווי אַ ייד ליגט טויט, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען: „וואָס געוואָלדעוועט איר דאָ אַזוי? און וואו איז די העפלעכקייט אייערע? בלויז איין יידן האָבן מיר דערהרגעט, מאַכן זיי אַ גאַנצן געוואַלד דערפון!" איך האָב געוואָלט לויפן רופן אַ דאָקטאָר, אָבער די קאַזאַקן האָבן מיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט די נאַגאַיקעס, און דערביי האָבן זיי געשריען: „בלויז איין זשיד האָבן מיר דערהרגעט!" אויף מיינע געשרייען איז פון זיין שטוב אַרויסגעלאָפן אברהם אַלפעראָוויטש, און ווען די קאַזאַקן האָבן אים דערזען, האָבן זיי אים גלייך דער־הרגעט."

און אַן אַנדער יידישע פרוי, חנה יעלין, אויך פון קרעמענטשוג, האָט דערציילט:

„ווען מ'האָט גערויבעוועט ביי אונדז אין שטוב, בין איך אַוועק צו די אָפיצערן, וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין אַן אַנדער שטוב, ניט ווייט פון אונדז. דער קאַפיטאַן האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען מיר גאַרניט העלפן און ער האָט מיר געהייסן זיך ווענדן צום שטאַב. בין איך אַוועק צום שטאַב און דאָרט האָב איך אַלץ דערציילט דעם עלטסטן, און נאָכדעם ווי ער האָט מיך אויסגעהערט, האָט ער מיר געשטעלט אַ פראַגע: „ווער, זאָגסטו, זיינען די, וואָס ראַבעווען?..." „קאַזאַקן". — האָב איך אים געענטפערט. איז ער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער און האָט אָנגעהויבן שרייען אויף מיר: „וואָס? קאַזאַקן, זאָגסטו, זיינען רויבער?..." איך האָב זיך דערשראָקן און געפּרואווט זיך אַרויסדרייען: ניין, — האָב איך גע־זאָגט. — אַוודאי אַזעלכע, וואָס טוען זיך אָן אין קאַזאַצקע קליידער"... און דער עלטסטער פונם שטאַב האָט מיר נאָכגעשריען: „היט זיך, דו, פאַרשיווע זשי־דאָווקאַ, וואָס דו ביסט! איך וואָרן דיך!..." (צרור פּרוטוקולים, ז. 262).

און דער קרעמענטשוגער ראש־ישיבה ר' אליעזר שאָשקע האָט דערציילט:

„צוועלף אַזייגער ביינאַכט האָבן זיך אין דער ישיבה אַריינגעריסן זיבן באַוואָפנטע קאַזאַקן מיט אַן אָפיצער. אין דער ישיבה זיינען דעמאָלט געווען אַכט

און צוואַנציק ישיבה־בחורים, אַלע אָרעמע קינדער. די קאַזאַקן האָבן זיי באַנומען פונם קאָפּ ביז די פיס. אַפילו די העמדער, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויפן לייב, האָט מען פון זיי אָראָפּגעשלעפּט, און אויך דאָס ביסל צוקער, וואָס זיי האָבן געהאַט, און צו דעם האָט מען זיי נאָך געהרגעט־געשלאָגן. דער אָפיצער האָט געפּאָדערט, מ׳זאָל אים גלייך געבן פופצן טויזנט קערבלעך, און אויב ניט, האָט ער געסטראַשעט, וועט ער אַלע ישיבה־בחורים צערייסן אויף שטיקלעך מיט דעם האַנט־גראַנאַט, וואָס ער האָט ביי זיך. די ייִנגלעך האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל זוכן אין זייערע קעשענעס און אַלץ, וואָס ער וועט דאָרטן געפי־נען, זאָל ער צונעמען פאַר זיך... ווען דער אָפיצער איז אַרויס פון דער ישיבה, האָט ער אין הויף אויסגעשאָסן איין מאָל, און שפּעטער האָט מען דאָרט געפונען אויף דער ערד דעם אַלטן ר׳ משה באַראַוויצקי, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט. ער איז געווען שווער פאַרוואונדעט.״ (צרור פּרוטוקולים, ז. 243).

די מוראדיקסטע ענוים קשים האָבן דעניקינס קאַזאַקן און אָפיצערן אָנ־געטאָן די תלמידים פון דער ישיבה אין קרעמענטשוג. אַלע מאָל, ווען מ׳האָט געהאַלטן אין מיטן לערנען, זיינען זיי אַריין מיט די נאַגאַיקעס און האָבן אָנגעהויבן שלאָגן, און שלאָגנדיק, האָבן זיי געצוואונגען די ישיבה־בחורים זיי זאָלן זיך צלמען, זיי זאָלן זאָגן, אַז יעזוס כריסטוס איז דער אמתער משיח, און זיי זאָלן פּרוּוון אַרויסרעדן שאַרף דאָס רוסישע וואָרט „קוקורוזאַ״, און ווער ס׳האָט זיך ניט געוואָלט צלמען, ווער ס׳האָט ניט געוואָלט זאָגן, אַז יעזוס איז דער אמתער משיח, אָדער ער האָט ניט געקענט אַרויסרעדן שאַרף גענוג די רעיש אין דעם רוסישן וואָרט „קוקורוזאַ״, האָט געקראָגן שרעקלעכע קלעפּ, מ׳האָט זיי געשלאָגן מיט די נאַגאַיקעס איבער די פּנימער, מען האָט זיי געשמיסן אויפן היילן לייב, מ׳האָט זיי געצוואונגען צו טראָגן אויף די פּלייצעס שווערע פּעק העי און פּאַלאָווע פאַר די פערד, און מ׳האָט זיי אויך געצוואונגען צו טאָן זייער מיאוסע זאַכן פאַר דעם פאַרגעניגן פון דעניקינס לייט, וועלכע זיינען געווען ניט נאָר רוצחים, נאָר אויך געשלעכטלעך פאַרדאָרבענע ברואים... (צרור פּרוטוקולים ז. 249).

אַזוי האָבן זיי זיך אויפגעפירט אין קרעמענטשוג די קאַזאַקן און אויך די אָפיצערן פון דעניקינס אַרמיי. און ניט נאָר אין קרעמענטשוג, נאָר אויך אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן זיי אַזוי געבושעוועט. און ווען פאָרטרעטער פון ליבעראַלע רוסישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך צו דעניקינען געווענדט ער זאָל מאַכן אַ סוף צו די שחיטות אויף יידן, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיט פאַר־שיידענערליי תירוצים. און ווען אַ יידישע דעלעגאַציע איז צו אים געקומען מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אַ באַפעל קעגן פּאָגראָמען, האָט ער געענטפערט, אַז ליידער קען ער דאָס ניט טאָן, ווייל „דאָס מיליטער און דאָס

פאָלק איז פול מיט שנאה צו יידן" און אונטער אַזעלכע אומשטענדן, האָט ער געזאָגט, וואָלט זיינער אַ באַפעל קעגן פאָגראָמען אויף יידן געמאַכט די לאַגע נאָך ערגער ווי זי איז. און ווען די יידישע דעלעגאַציע האָט אים דערמאָנט אָן דעם פאַקט, וואָס אין סיביר האָט דער אַדמיראַל קאָלטשאַק יאָ אַרויסגעגעבן אַ באַפעל קעגן פאָגראָמען, האָט ער געענטפערט:

„דאָרטן איז עפּעס אַנדערש; דאָרט געפינען זיך אַמעריקאַנער..."

ניט אומזיסט האָט מען אין סאָוועט־רוסלאַנד געזאָגט, אַז דעם גענעראַל דעניקינס אַרמיי האָט זיך ניט געדאַרפט רופן „פריוואָליקע" נאָר „רויבוואָליקע".

„העלדישקייטן" האָט דעניקינס אַרמיי אַרויסגעוויזן — ניט אויפן שלאַכט־פעלד, אינם קאַמף קעגן דער סאָוועטישער אַרמיי, וואָס דער ייד טראָצקי האָט דעמאָלט געפירט פון איין גרויסן נצחון צום אַנדערן, נאָר אין פאָגראָמען אויף יידן, וואָס האָבן קיין ווידערשטאַנד ניט געקענט אַרויסווייזן. און אויך אין דעם איז זיי אָפט אויסגעקומען זיך צו טרעפן אויג אויף אויג מיט עכט־יידישן מוט, וואָס האָט זיי געמאַכט אויסזען נאָך נידעריקער און געמיינער ווי זיי זיינען געווען. און איין פאַל אַזאַ איז געשען טאַקע אין דער שטאָט קרעמענטשוג. ס׳איז געווען אַזוי:

פינף קאָזאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַ שטוב און צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט אַוועקטראָגן. און ווען די בעל־הביתטע, אַ פרוי פון צוויי און זעכציק יאָר, האָט זיך ביי זיי געבעטן, זיי זאָלן כאָטש איבערלאָזן איר מאַנס שבתדיקע קאַפּאָטע, ווייל ס׳גייט צו יום־טוב און ער וועט ניט האָבן וואָס אָנצוטאָן צו גיין אין שול אַריין, האָט איינער פון די קאָזאַקן זיך צעשריען אויף איר:

— שווייג, דו אַלטע! אויב דו רעדסט אַרויס נאָך איין וואָרט, וועל איך דיך גלייך דערשיסן!...

און ער האָט אויף איר אָנגעשטעלט דעם רעוואָלווער.

אָבער די אַלטע יידישע פרוי האָט זיך פאַר אים ניט דערשראָקן, און אַוועקשטעלנדיק זיך גלייך, האָט זי געזאָגט:

— שיס!...

דער מוט פון דער אַלטער יידישער פרוי האָט דעם קאָזאַק צעטומלט, און ער האָט נאָך העכער אָנגעהויבן שרייען:

— אויב דו וועסט ניט שווייגן, וועל איך דיך אויפהענגען!...

— איך בין גרייט דערויף! — האָט די אַלטע יידישע פרוי געענטפערט. — ווילסט מיך אויפהענגען, הענג מיך אויף... איך האָב קיין מורא ניט פאַרן טויט!...

די קאָזאַקן זיינען געבליבן שטיין צעטומלטע. זיי האָבן זייערע אייגענע אויגן און אויערן ניט געגלויבט, און — זיי זיינען אַוועק...

## שטעט און שטעטלעך

אַוועק דערשראָקענע און צעמישטע...

זיי האָבן זיך איינגאַנצן פאַרלאָרן ווען זיי האָבן דערזען וואָס פאַר אַ מוט אַן אַלטע יידישע פרוי קען אַרויסווייזן ווען זי שטייט אויג אויף אויג מיטן טויט אין אַ צייט פון גרויס אומגליק אויף איר געפּייניקט פאָלק, וואָס לעבט דאָך אייביק...

און אין דעם מוט פון יענער אַלטער יידישער פרוי אין קרעמענטשוג איז זיכער געווען מער עכטע גבורה ווי אין די אַלע „העלדישקייטן", וואָס ס'האָט דאַן אַרויסגעוויזן דעניקינס גענעראַל אַנדרעי שקוראָ. אונטער וועמעס קאָמאַנדע עס זיינען געשטאַנען די קאָזאַקן און אָפיצערן, וועלכע האָבן דעמאָלט אַריינגעמאַרשירט קיין קרעמענטשוג...

פונקט ווי דעניקין, האָט שקוראָ שפּעטער אויך געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד צו ראַטעווען זיין לעבן. און וואָס איז פון אים געוואָרן אין אויס־לאַנד? ער איז דאָרט געוואָרן אַ רייטער אין אַ צירק...

העכער שטייגן אין די יאָרן פון זיין מפּלה האָט דעניקינס גענעראַל ניט געקענט...

פונקט ווי ער האָט ניט געקענט זינקען נידעריקער אין די יאָרן פון זיין גדולה...

# יצחק־בער לעווינזאָן פון קרעמענעץ

## א.

זינט יידן זיינען צעזייט און צעשפרייט געוואָרן איבער אַלע לענדער פון דער וועלט, האָבן זיי אין יעדן דור אַרויסגעגעבן גרויסע מענטשן, וואָס זיינען געווען אַ כבוד פאַרן פאָלק און אויף וועלכע מ׳האָט געקוקט ווי אויף די לערער און וועג־ווייזער פונם פאָלק. אָבער ניט אויף יעדן פון די לערער און די וועג־ווייזער האָט מען געקענט זאָגן, אַז ער האָט אַרויפגעלייגט זיין שטעמפל ניט נאָר אויף דעם דור, אין וועלכן ער האָט געלעבט, נאָר אויך אויף די דורות, וואָס זיינען געקומען נאָך אים *).

אַזעלכע זיינען געווען בלויז געציילטע.

אַזעלכע זיינען געווען בלויז די אויסדערוויילטע — יענע, וואָס זיינען עפּעס ווי פון גאָט אַליין געווען געבענטשט ניט נאָר מיט שעפערישן טאַלאַנט און מיט אַ ווייטן בליק, נאָר אויך מיט עכטן אידעאַליזם און מיט גענוג עקשנות און פעסטן מוט צו טאָן אַלץ אין דער וועלט, אַז די אידעען, וואָס זיי פּרעדיקן און די אידעאַלן, אין וועלכע זיי גלויבן, זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

איינער פון אַזעלכע געציילטע און אויסדערוויילטע איז געווען ר׳ יצחק בער לעווינזאָן, אָדער דער ריב״ל, ווי מ׳האָט אים גערופן פאַרקירצט — דער פאָטער פון דער השכלה־באַוועגונג ביי יידן אין רוסלאַנד, דער פּיאָנער פון אויפקלערונג אין זיין דור און אויך אין די דורות, וואָס זיינען געקומען נאָך אים.

מיט די ווערק וואָס ר׳ יצחק בער לעווינזאָן האָט געשאַפן אין די יאָרן, וואָס ער האָט געלעבט, און דער עיקר — מיט זיין ווערק „תעודה בישראל“, וואָס איז אַרויס פון דרוק נאָך אינם יאָר 1828, האָט ער אָוועקגעלייגט דעם ווינקל־

*) איך האָב אין אָנפאַנג געהאַט בדעה אָנצושרייבן אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן דער שטאָט קרעמענעץ בכלל. אָבער ביים פונאַנדערקלייבן זיך אין די אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, האָב איך איינגעזען, אַז אין דעם פאַל איז דאָס ניט נויטיק, ווייל יצחק בער לעווינזאָן איז במילא שוין דער וויכטיקסטער טייל אין דער געשיכטע פון יידישן לעבן אין קרעמענעץ.

שטיין פאַר אַ באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעצייכנט אַ נייע עפּאָכע אינם קולטורעלן לעבן פון יידן אין רוסלאַנד. זיין אייד‏עלער צוגאַנג צו אַלטער, טראַדיציאָנעלער יידישקייט, פון איין זייט, און זיין אויספיר, אַז די יידן פון זיין דור דאַרפן ווערן אויפגעקלערטע, וועלטלעכע מענטשן און זיך נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, פון דער אַנדערער זייט — אָט דיביידע זאַכן אינאיינעם האָבן שטאַרק צו־געטראָפן די יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן אין יענע צייטן געזוכט אַ נייעם וועג, וואָס זאָל ערגעץ דערפירן, אָבער ניט צו־ווייט פאַרפירן. אינם „תעודה בישראל“ האָט די יידישע יוגנט פון יענעם דור געפונען דאָס וואָס זי האָט שוין לאַנג געזוכט, און ס׳איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס דאָס ווערק איז אויפ־גענומען געוואָרן מיט אַזאַ באַגייסטערונג, וואָס מ׳זעט גאָר ניט היינטיקע צייטן אין דער ליטעראַטור.

„דעם היינטיקן לייענער, — שרייבט דער היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור, דר. י. צינבערג, — איז שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ גע־וואַלטיקן רושם לעווינזאָנס „תעודה“ האָט געמאַכט אויף דעם בעסערן, וויסנס־דורשטיקן טייל פון דער יוגנט. פאַר איר איז דאָס דאָזיקע ווערק געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג, אַ גייסטיקע באַפרייאונג. הונדערטער ישיבה־בחורים, וואָס האָבן אומבאַוואוסט געטאַפּט אין דער פינצטער, געבלאָנדזשעט אויף די וועגן פון לעבן, און מאַכטלאָז געחלומט וועגן דעם נייעם וואָרט, וואָס זאָל זיי עפענען די אויגן און זיי ווייזן דעם ריכטיקן וועג, האָבן אינם „תעודה“ דערזען דעם דער־לייזער און געטרייען וועג־ווייזער, דעם לעבעדיקן קוואַל, וואָס דערפרישט זייערע שמאַכטנדיקע ליפּן. אויף די בוידעמער, אין די פאַרבאָרגנסטע ערטער, אין דער טיפער נאַכט אין די טונקעלע ווינקלען פונם בית־מדרש, ביים לעצטן צאַנקען פונם חלבענעם ליכטל, האָבן קלויזניקעס און ישיבה־בחורים בסוד־סודות און מיט שלאָגנדיקע הערצער געשלונגען די בלעטער פונם „תעודה בישראל“.“*)

אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו באַהאַלטענע יונגע משכילים האָבן אין די קלויזן און בתי־מדרשים אַרויסגעקוקט אויף איינעם, וואָס זאָל זיין באַוואָפנט מיט חכמה און וויסן סיי אין יידישקייט און סיי אין וועלטלעכקייט און וואָס זאָל זיי אונטערגעבן מוט אַרויסטרעטן אָפן קעגן פאַרגליווערטן פאַ־נאַטיזם, איז דער „תעודה בישראל“ אויפגענומען געוואָרן ווי אַ רוף צום קאַמף. און נאָכדעם זיינען אַרויס נאָך ווערק פון יצחק בער לעווינזאָן; עס איז אָפּ־געדרוקט געוואָרן זיין „בית־יהודה“, זיין „אפס דמים“ און נאָך אַנדערע ווערק. אויך די מאַנוסקריפּטן פון זיינע ביכער, וואָס זיינען אַרויס ערשט נאָך זיין טויט,

---

*) דר. ישראל צינבערג: די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן, באַנד 8, צווייטער בוך, זז׳ 55-56.

האָבן אַ סך מענטשן געלייענט מיטן גרעסטן אינטערעס, און אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, האָט מען געפילט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, און צו דעם האָט מען דאָרט אויך געקענט געפינען אַ ים מיט וויסן, אַ וועלט מיט בקיאות, סיי אין יידישקייט און סיי אין וועלטלעכקייט.

עס איז קיין וואונדער ניט געווען וואָס אַפילו אין די פרום־לומדישע מתנגדישע קרייזן האָט מען זיך צו יצחק בער לעווינזאָנען און צו זיינע ווערק באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ. אַפילו די, וואָס האָבן ניט אינגאַנצן איינגעשטימט מיט די שלוסן, צו וועלכע ער איז געקומען, האָבן זיינע ספרים געלייענט מיט גרויס אינטערעס און באַוואונדערט זיין אויסערגעוויינלעכע בקיאות אין תלמוד און אין דער גאַנצער יידישער רעליגיעזער ליטעראַטור פון אַלע צייטן. אַלע האָבן געוואוסט, אַז פון אים קען מען זייער אַ סך לערנען. און עס איז באַקאַנט וואָס דער ווילנער רב ר׳ אַבעלע פּאָסווילער האָט אַמאָל געזאָגט ווען מ׳האָט אים געפרעגט וואָס ער דענקט וועגן ר׳ יצחק־בער לעווינזאָנס בוך „תעודה בישראל.״

„דער חסרון פון דעם „תעודה בישראל״, — האָט ער געזאָגט, — ליגט אין דעם וואָס ניט דער ווילנער גאון האָט דאָס אָנגעשריבן...״

מיט דעם איז ר׳ אַבעלע פּאָסווילער אויסן געווען צו זאָגן, אַז אַזאַ ספר האָט אַפילו דער ווילנער גאון געמעגט אָנשרייבן. און דערביי דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז ניט קיין אַנדערער ווי דער גרויסער יידישער געלערנטער אייזיק הירש וויס, דער מחבר פון דעם גרינטלעכן ווערק „דור דור ודורשיו״, האַלט אַז דווקא מיטן ווילנער גאון, וואָס איז געווען אַזוי פרום און גאָטספאַרכטיק, הויבט זיך אָן די עפּאָכע פון אויפקלערונג ביי די יידן אין רוסלאַנד.

אַזוי שרייבט ער אין זיינע מעמואַרן *). און דערביי זאָגט ער, אַז כאָטש ער ווייסט, אַז עס וועלן זיך אַוודאי געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן אפשר לאַכן ווען זיי וועלן דערהערן, אַז דער ווילנער גאון, וואָס איז געווען אַזוי פרום, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דער פאָטער פון אויפקלערונג ביי יידן אין רוסלאַנד, האַלט ער דאָך, אַז ס׳איז אַזוי. ווייל ער, דער ווילנער גאון, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט צום תלמוד אָנגעווענדט קריטיק, און זיין קריטיק איז ניט געקומען פון השערות וואָס מ׳מאַכט סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, נאָר פון דעם וואָס מיט זיין גרויסער בקיאות האָט ער געקענט פאַרגלייכן די קוואַלן און די טעקסטן; ער האָט אָפּגעשאַפט יענעם מין פּלפּול, וואָס איז אי נאַריש אי פאַלש, און אַנשטאָט דעם האָט ער אָנגעווענדט אַן עכט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדע, וואָס איז עכטע און נוצלעכע קריטיק.

---

*) אייזיק הירש וויס. זכרונותי, מילדותי עד מלאת לי שמונים שנה. זז׳ 125 און 126.

אייזיק־הירש וויס גיט אָבער צו, אַז דער ערשטער, וואָס האָט מיט אַ שע־פערישן חוש דערפילט דאָס אָנקומען פון דער נייער צייט און דערקענט די שפּראָצונגען פון אויפקלערונג ביי יידן, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי יצחק־בער לעווינזאָן. און שרייבנדיק וועגן אים ווי וועגן אַ געלערנטן, שטעלט ער אים אַוועק זייער הויך; ער לויבט אים אויך דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ גוטער ייד מיט אַ וואַרעם האַרץ, און ער קומט צום אויספיר, אַז אַ דאַנק דעם וואָס ער האָט פאַרשטאַנען דאָס פאָלק און געוואוסט ווי אַזוי צו רעדן צום פאָלק, האָט ער אויף דעם פעלד פון אויפקלערונג ביי יידן אויפגעטאָן מער פון ר׳ נחמן קראָכמאַל, וועלכער האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען מיט זיין ווערק „מורה נבוכי הזמן״.

בלויז די חסידים זיינען געווען זייער שטאַרק קעגן יצחק בער לעווינזאָן און קעגן זיין „תעודה בישראל״. זיי האָבן אים די גאַנצע צייט באַקעמפט מיט אַלע כוחות און זיי האָבן אים גאָר אַנדערש ניט גערופן ווי נאָר דער „תעודקע״. אָבער ער האָט זיי אויך ניט געשאַנעוועט; מיט זיין שאַרפער פעדער האָט ער זיי אַרויסגעשטעלט אין אַזאַ ליכט, אַז זיי זאָלן אויסזען לעכערלעך און ער האָט אויף זיי געוואָרפן די שולד פון דעם וואָס די רעגירונג באַטראַכט ניט די רוסישע יידן פאַר קיין נוצלעכע בירגער. ער האָט טאַקע אויף אַן אמת געגלויבט, אַז ווען ניט דער פאַנאַטיזם פון די חסידים, וואָס זיינען אַזוי פאַרגלויבט אין זייערע רביים, ווען ניט זייער שרייערישע פרומקייט און זייער עקשנותדיקע קעגנער־שאַפט צו וועלטלעכער אויפקלערונג, וואָלט די צאַרישע רעגירונג זיך בעסער באַצויגן צו יידן. זיין מיינונג איז געווען, אַז אַנשטאָט פאָרן צום רבין כאַפּן שירים און פאַרנאַכלעסיקן ווייב און קינדער, זאָלן אַזעלכע יידן זיך בעסער אויס־לערנען צו זיין גוטע און נוצלעכע בעלי־מלאכות, אָדער זיך גאָר אָפּגעבן מיט ערד־אַרבעט. און דאָס האָט ער געפּרעדיקט אין די וויכטיקסטע ווערק, וואָס ער האָט געשריבן. ער האָט געוואָלט, אַז אין דער זעלבער צייט וואָס יידן וועלן ווערן אויפגעקלערטע מענטשן, וועלטלעך־אויפגעקלערטע מענטשן, זאָלן זיי זיך אָפּגעבן וואָס מער מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט, און ער האָט אָנגעווענדט זיין איינ־פלוס, אַז די רוסישע רעגירונג זאָל אים אַרויסהעלפן אין דעם.

ב.

אין די אַלע יאָרן פון זיין שעפערישער טעטיקייט איז יצחק־בער לעווינזאָן געווען אַ רוסישער פּאַטריאָט און ער האָט ניט איין מאָל אויף אַן עכט מליצהדיקן שטייגער, ווי עס איז געווען דער מנהג אין יענע צייטן, געזונגען שירים ותשבחות צו דער רוסישער רעגירונג.

נאָך אינם יאָר 1812, ווען יצחק־בער לעווינזאָן איז אינגאַנצן אַלט געווען פיר און צוואַנציק יאָר, האָט ער אָנגעשריבן אַ פּאַטריאָטישן שיר, אין וועלכן ער האָט באַזונגען דעם גרויסן נצחון, וואָס די רוסישע אַרמייען האָבן געהאַט ביים אַרויסטרייבן נאַפּאָלעאָנען פון רוסלאַנד. דער פּאַטריאָטישער שיר האָט געהייסן „קול ענות גבורה“. און לעווינזאָן, וועלכער איז דאַן געווען אַן איבערזעצער פון שפּראַכן ביים קאָמענדאַנט פון ראַדזיוויל, גענעראַל גירס, האָט דעם פּאַטריאָטישן שיר געוויזן דעם גענעראַל און יענער האָט אים אַוועק־געשיקט צום מיניסטער פו"ן אינערן, וועלכער איז געווען זייער שטאַרק צופרידן דערפון וואָס אַ ייד ווייזט אַרויס אַזוי פיל פּאַטריאָטיזם צו רוסלאַנד.

דעם רוסישן צאַר, אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, האָט יצחק־בער לעווינזאָן ביי אַ סך געלעגנהייטן שטאַרק געלויבט און געריסט, און אַפילו ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט ער קיין שירים ותשבחות ניט געזשאַלעוועט און זיך אַפילו איבערגעשריבן מיט אים. און דאָס האָבן אים קיינמאָל ניט געקענט מוחל זיין די, וואָס האָבן וועגן אים געשריבן שפּעטער, ווען ס'איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי אַ וועלטלעך־אויפגעקלערטער מענטש, און נאָך אַ ייד דערצו, קען גאָר זאָגן אַ גוט וואָרט אויף אַ רוסישן קיסר און טאַקע גלויבן אין דעם, אַז ער קען זיין גנעדיק צו יידן און אויסן זיין זייער טובה.

עס איז אמת, אַז דאָס איז טאַקע שווער זיך פאָרצושטעלן. בפרט נאָך ווען מ'נעמט אין אַכט, אַז ניקאָלאַי דער ערשטער האָט בכלל אַרויסגעוויזן אַ סך רשעות צו יידן און אַז ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט אין יאָר 1827 אַרויס־געגעבן די קאַנטאָניסטן־גזירה אָפּצוגעבן קליינע יידישע קינדער פאַר סאָל־דאַטן. אָבער כדי דאָס צו פאַרשטיין, איז נויטיק זיך בעסער און נענטער צו באַקענען מיט דער לעבנס־געשיכטע פון יצחק־בער לעווינזאָן און אויך מיט דער אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אין יידישן לעבן אין די צייטן ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די השכלה־באַוועגונג.

יצחק־בער לעווינזאָן איז געבאָרן געוואָרן אין דעם אוקראַיניש־יידישן שטעטל קרעמענעץ, וואָס געפינט זיך אין וואָלין. דאָס איז געווען אינם יאָר 1788, און אין יענער צייט איז וואָלין נאָך געווען אַ טייל פון דער פּוילישער מלוכה, און די פּוילישע פּריצים, וואָס האָבן זיך געפירט ווי זעלבסט־הערשער, האָבן דאָרט אַזוי געווילדעוועט, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען פון זיי אַריבערצוטראַגן, און מער ווי אַלע אַנדערע האָבן געליטן די יידן.

עס איז גאָר ניט געווען קיין גרענעץ צו דער רשעות און צו דער ווילד־קייט פון אַ רייכן פּוילישן פּריץ, וואָס האָט געהאַט אַ סך מאַיאָנטקעס; ער האָט געקאָנט געבן שמיץ וועמען ער האָט געוואָלט, און אויב ער האָט אַמאָל אימיצן פאַרשמיסן צום טויט, האָט מען אים אויך ניט באַשטראָפט דערפאַר. קיינער

האָט אים קיין דעות ניט געקענט זאָגן, ווייל מ׳איז פשוט ניט געווען זיכער מיטן לעבן ווען מ׳האָט געזאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס איז אים ניט געפעלן געוואָרן. צוליב זיינעם אַ קאַפּריז, איז ער געווען גרייט אַלץ און אַלעמען אומצוברענגען.

אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרן באַגריף וועגן דער ווילדקייט און צעלאָזנ־קייט פון די גרויסע פּוילישע פּריצים און מאַגנאַטן אין יענער צייט קען מען האָבן פון דעם וואָס דער באַרימטער יידישער פילאָזאָף שלמה מאַימאָן דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע וועגן דעם פירשט ראַדזיוויל, וואָס איז געווען איינער פון די גרעסטע פּוילישע מאַגנאַטן.

ער האָט אויף זיין אייגענעם חשבון — דערציילט שלמה מאַימאָן, — אויסגעהאַלטן אַן אַרמיי פון צען טויזנט מאַן און דאָס האָט אים אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט גאָלד. צוליב וואָס ער דאַרף האָבן די אַרמיי האָט ער אַליין ניט געוואוסט. דער עיקר איז ביי אים געווען דער גלאַנץ, דער פּאַראַד. און וואָס גרעסער עס זיינען געווען די הוצאות, וואָס ער האָט געמאַכט, אַלץ גרעסערע שטייערן האָט ער אַרויפגעלייגט אויף די איינוואוינער פון די דערפער און שטעטלעך, וואָס האָבן געהערט צו אים.

פון ווײלטאָג האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין שיכרות, דער צעבאַלעוועטער פירשט ראַדזיוויל, און איינמאָל, ווען ער איז שיכורערהייט אַריינגעקומען אין קלויסטער, האָט ער אַליין ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז און צוגייענדיק צום אַלטאַר, וואו דער גייסטלעכער איז געשטאַנען, האָט ער אָפּ־געשפּיליעט די הויזן און דאָרט געטאָן אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש...

מ׳קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ טומל עס איז געוואָרן אין קירכע ווען מ׳האָט דאָס דערזען; עס איז אויפן גאַנצן עולם אַ שרעק אַרויפגעפאַלן, אָבער קיינער האָט ניט געוואָגט דעם פירשט אַ וואָרט צו זאָגן. אַפילו דער גייסטלעכער האָט דאָס ניט געוואָגט...

ערשט מיט אַ טאָג שפּעטער זיינען עטלעכע קאַטוילישע גלחים אַוועק צום פירשט ראַדזיוויל אים זאָגן אַ ביסל מוסר און זען, אַז ער זאָל אויסקויפן זיינע גרויסע זינד. געקומען צו אים זיינען זיי אינדערפרי, כדי זיי זאָלן אים טרעפן נאָך אין אַ ניכטערן צושטאַנד. און ווען זיי האָבן אים גענומען זאָגן מוסר, האָט ער דערויף געענטפערט, אַז ער וועט דאָס שוין ווי ס׳ניט איז גוט־מאַכן. און באַלד האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן פונם שטעטל זאָלן פאַר זייער געלט קויפן פופציק פוד וואַקסענע ליכט און דאָס ברענגען אין דער קירכע, וואו ער, דער „יאַסני וועלמאָזשנער פּאַן״, האָט געטאָן אַזאַ מיאוסע זאַך...

„די אומגליקלעכע יידן, — זאָגט דערביי שלמה מאַימאָן אין זיינע זכרונות,

— האָבן געמוזט ברענגען אַ קרבן, כדי מכפר צו זיין די זינד פון אַ רעכט גלויביקן קאַטוילישן קריסט, וואָס האָט פאַרשוועכט אַ קריסטלעכע קירכע" *).

און ווייטער אין דעם זעלבן ווערק דערציילט שלמה מאַימאָן ווי דער זעלבער פוילישער פירשט ראַדזיוויל האָט זיך איינמאָל, מיט אַ גאַנצער כאַפּטע פון זיינע לייט, אַריינגעריסן אין אַ בית־מדרש און דאָרטן האָט ער זיך גלאָט אַזוי, אָן אַ פאַר־וואָס און אָן אַ פאַר־ווען, געמאַכט אַ גאַנצן חורבן; ער האָט אויסגעשלאָגן די שויבן פון די פענצטער, צעוואָרפן די הרובעס, צעבראָכן די בענק, די טישן און די סטענדאַרדס און אַרויסגעוואָרפן אויף דער ערד די ספרי־תורות פונם אָרון־קודש.

קיינער האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס די רציחה האָט זיך אין אים מיטאַמאָל אַזוי צעברענט, און ער אַליין האָט אפשר אויך ניט געוואוסט, ווייל די יידן פון שטאָט האָבן זיך דעמאָלט ביי אים מיט גאָר ניט פאַרזינדיקט און ער האָט ניט געהאַט קיין גרונט צו זיין בייז אויף זיי. עס איז אים גלאָט אָנגעקומען אַ ווילדער קאַפּריז צו ווייזן די יידן, אַז ער קען טרעטן מיט די פיס זייערע הייליקסטע הייליקייטן און מאַכן אַ חורבן אין בית־מדרש און אַרויסוואָרפן אויף דער ערד די ספרי־תורות פונם אָרון־קודש. און ווען איינער פון די יידן, זייער אַ פרומער און אַ גאָטספאָרכטיקער, האָט אויפגעהויבן פון דער ערד אָן אַרויסגעוואָרפענע ספר־תורה, האָט אים דער ווילדער פוילישער פירשט „אָנגעטאָן דעם כבוד" דערמיט וואָס ער אַליין האָט אים געשאָסן. און נאָכדעם איז ער מיט זיין כאַפּטע אַוועק אין אַן אַנדער שול און האָט דאָרט אויך געמאַכט אַ חורבן, און פון דער שול איז ער מיט דער זעלבער כאַפּטע אַוועק אויפן יידישן בית־עולם און האָט דאָרט אַרויסגעריסן פון דער ערד די מצבות און זיי פאַרברענט.

אַזוי האָבן די צעבאַלעוועטע און צעלאָזענע פוילישע פריצים און מאַגנאַטן געווילדעוועט אין די יידישע שטעטלעך, וואו זיי זיינען געווען די גאַנצע בעלי־בתים און קיינער האָט זיי קיין דעה ניט געקענט זאָגן. אַזוי האָבן זיי זיך געפירט אין די צייטן ווען אַ סך פון די שטעט, שטעטלעך און דערפער, וואָס זיינען שפּעטער, ביים סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד, זיינען נאָך געווען אַ טייל פון דער פוילישער מלוכה.

***

אויך אויף דער משפחה פון יצחק־בער לעווינזאָן איז אויסגעפאַלן דער ביטערער גורל צוליידן זייער אַ סך פון די צעלאָזענע פוילישע פריצים און מאַגנאַטן, וועלכע האָבן אין וואָלין געווילדעוועט פונקט אַזוי ווי אין די אַנדערע טיילן פון דער פוילישער מלוכה.

*) שלמה מיימונס לעבנס־געשיכטע, ערשטער באַנד, ז' 81.

נאָך אינם יאָר 1775, דרייצן יאָר אײדער יצחק־בער איז געבאָרן געוואָרן, האָט מען דעם עלטערן ברודער פון זיין פאָטער, אַ פאַרמעגלעכן סוחר מיטן נאָמען ר׳ חיים, פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש איבער אַ בלבול וואָס אַ פּוילישער פּריץ האָט אויף אים אויסגעטראַכט. דער פּריץ האָט פריער געהאַנדלט מיט ר׳ חיימען; ר׳ חיים האָט אים די גאַנצע צייט געטרויט און ס׳איז אים גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ שונא, וואָס איז גרייט אים אומצו־ברענגען. איינגעזען האָט ער דאָס שפּעטער, ווען ער האָט זיך שוין ניט געקענט העלפן; דער פּוילישער פּריץ איז ר׳ חיימען שולדיק געבליבן אַ סך געלט און ער האָט ניט געוואָלט באַצאָלן, און כדי זיך אַרויסצודרייען פונם חוב, האָט ער אויף דעם יידן געמאַכט אַ בלבול, אַז ער האָט דערהרגעט אַ קריסטלעך קינד, כדי צו נוצן זיין בלוט אין די מצות, וואָס מ׳באַקט אויף פּסח. און דאַן האָט מען דעם אומשולדיקן יידן פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש. אויך זיין ווייב און קינדער האָט מען אין תפיסה פאַרשפּאַרט, און מ׳האָט זיי דאָרט אָפּגעהאַלטן גאַנצע צוועלף יאָר, ביז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען אומשולדיק.

עס האָט דעם פּוילישן פּריץ ניט געאַרט וואָס אַ גאַנצע יידישע פאַמיליע, וואָס איז אין קיין זאַך ניט שולדיק, פינצטערט אָפּ יאָרן אין געפענגעניש. דער געוויסן האָט אים ניט געפּלאָגט, ווייל ער האָט אויף די יידן געקוקט מיט אַזאַ פאַראַכטונג ווי זיי וואָלטן גאָר אינגאַנצן קיין מענטשן ניט געווען, און איינוויקלענדיק זיין געמיינהייט אין קריסטלעכער פרומקייט מיט דעם בלוט־בלבול, וואָס ער האָט אויף דעם אומשולדיקן יידן אויסגעטראַכט, איז דער עיקר ביי אים געווען וואָס ער איז פּטור פון באַצאָלן דעם יידן דאָס געלט, וואָס ער איז אים שולדיק.

אויך יצחק־בערס פאָטער, ר׳ יהודה, אַן אָנגעזעענער סוחר אין קרעמענעץ, איז געווען אַ קרבן פון דער פּויליש־פּריצישער ווילדקייט, וואָס האָט געהערשט אין די צייטן ווען קרעמענעץ און גאַנץ וואָלין איז נאָך ניט געווען קיין טייל פון רוסלאַנד, נאָר אַ טייל פון דער פּוילישער מלוכה. אָבער איידער ס׳ווערט דער־ציילט ווי אַזוי יצחק־בער לעווינזאָנס פאָטער איז געוואָרן אַ קרבן פון פּויליש־פּריצישער ווילדקייט, דאַרף מען זיך אַ ביסל מער אויספירלעך אָפּשטעלן אויף זיין פערזענלעכקייט און דערציילן וואָס פאַר אַ מענטש ער איז געווען. דאָס איז נויטיק, ווייל עס העלפט אַ סך צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער אַטמאָספערע, אין וועלכער ס׳איז אויסגעוואַקסן דער מענטש, וואָס האָט מיט זיין שאַפן אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אין דעם יידישן קולטורעלן לעבן אין רוסלאַנד. עס איז אויך נויטיק צוליב דעם, וואָס אַ סך פון די אייגנשאַפטן, וואָס האָבן יצחק־בער לע־ווינזאָנען געמאַכט ליב און סימפּאַטיש ביי די וואָס האָבן אים געקענט, האָט ער איבערגענומען בירושה פון זיין טאַטן.

קיין רייכער מאַן איז יצחק־בער לעווינזאָנס פֿאָטער ניט געווען. ער איז אָבער געווען אַ פֿאַרמעגלעכער מענטש, אַן אָנגעזעענער סוחר אין שטעטל, און כאָטש ער האָט קיין עשירות ניט פֿאַרמאָגט, איז ער דאָך געווען אַ גרויסער בעל־צדקה; ער האָט אַלע מאָל געגעבן מער וויפֿל ער האָט געקענט, און ביים טיילן צדקה צו די, וואָס נויטיקן זיך אין דעם, האָט ער אַלע מאָל אין זינען געהאַט, אַז די ערשטע אויפֿן צעטל דאַרפֿן זיין די, וואָס שעמען זיך צו קומען בעטן.

געלט און כבוד האָט ער פֿיינט געהאַט און זיך קיינמאָל ניט געיאָגט נאָך דעם. ער האָט אויך פֿיינט געהאַט זיך צו קריגן מיט מענטשן; ווי ווייט ער האָט נאָר געקענט, האָט ער געווייכט פֿון קריגעריי; און ווען אימיצער האָט אים אַמאָל געזאָגט אַזוינס, פֿון וואָס ער האָט זיך געקענט געפֿינען באַליידיקט, האָט ער דאָס פֿאַרשוויגן, כאָטש ס׳האָט אים שטאַרק ווי געטאָן.

אין זיינע באַנעמונגען מיט מענטשן איז ער געווען זייער מאַנירלעך און איידל, און עפּעס ווי ער וואָלט מורא געהאַט זיך צו פֿאַרטשעפּען מיט אַזעלכע, וואָס זיינען ניט איידל און ניט מאַנירלעך, האָט ער אויסגעמיידט געזעלשאַפֿט ווי ווייט ער האָט נאָר געקענט, אוז אַפֿילו אין שול האָט ער זיך געהיט פֿון יענע וואָס נעמען זיך צונויף אין רעדלעך פֿאַרן דאַווענען און נאָכן דאַווענען, און ס׳איז ביי אים געווען איינגעפֿירט, אַז קומען אין שול אַריין זאָל ער פּונקט דאַן ווען מ׳שטעלט זיך דאַווענען, און אַוועקגיין פֿון שול זאָל ער גלייך נאָכדעם ווי מ׳ענדיקט דאָס דאַווענען.

אויף מענטשן איז ער געווען אַ גרויסער מבין, ער האָט געקענט דערפֿילן בחוש ווער ס׳איז אַן אויפֿריכטיקער מענטש און ווער ניט, ווער עס זאָגט דעם אמת און ווער ניט, ווער ס׳חנפֿעט און ווער ס׳מיינט טאַקע דאָס וואָס ער זאָגט; אָבער כדי ניט צו באַליידיקן די וואָס זאָגן ליגן און די וואָס חנפֿענען, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער גלויבט זיי און אַז ס׳פֿאַלט אים גאָרניט איין, אַז זיי האָבן דערביי הינטערשטע כוונות.

ער איז געווען אַ למדן, געקענט גוט לערנען און אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך גוט געקענט פּויליש רעדן. און כאָטש ער איז געווען אַ פֿרומער ייד, האָט ער זיך פֿונדעסטוועגן באַצויגן זייער גוט צו די וואָס מ׳האָט אין יענער צייט שוין געהאַלטן פֿאַר אַפּיקורסים. בכלל האָט ער זיך באַצויגן גוט צו אַלע כתות און גרופּירונגען אין יידישן לעבן; ער איז ניט געווען קיין קעגנער פֿון די חסידים, וועלכע האָבן אין יענע צייטן געהאַט אַ גרויסן איינפֿלוס אין אוקראַינע, און ער איז אויך ניט געווען קיין קעגנער פֿון די מתנגדים. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ ייד קען זיך זיין אַ חסיד, אַ מתנגד, אָדער אַפֿילו אַן אַפּיקורס, אַ פֿריידענקער — אַבי ער בלייבט נאָר אַ ייד, איז שוין גוט, און מ׳דאַרף זיך מיט אים ניט קריגן דערפֿאַר וואָס ער גייט אויף אַנדערע וועגן.

דער אמת איז ביי יצחק־בער לעווינזאָנס פּאַטער ר׳ יהודה געווען טייע־רער פון אַלץ אין דער וועלט. ער איז געווען ערלעך צו גאָט און צו לייט. אַזוי ווערט ער געשילדערט אין דוד בער נאַטאַנזאָנס „ספר הזכרונות״ און דאָס זעלבע דערציילט וועגן אים יצחק־בער לעווינזאָן אַליין אין זיין „יד יהודה״. אויף אים האָט מען ווירקלעך געקענט זאָגן, אַז ער איז אַן אמת׳דיינער מענטש. און פּונקט אַזוי ווי ער איז געווען ריין אין כאַראַקטער, אַזוי איז ער געווען ריין אין זיין אויסערלעכן אויסזען. ער האָט זיך שטענדיק אָנגעטאָן אַזוי, אַז מ׳האָט אויף זיינע קליידער קיין שפּרינקעלע ניט געקענט זען. אַלץ וואָס ער האָט געטראָגן, איז געווען אַזוי ציכטיק און אַזוי נעט, אַז מ׳האָט געקענט מיינען, אַז ס׳איז נאָר וואָס פון דער נאָדל אַרויס. ער האָט זיינע קליידער אַזוי אָפּגעהיט, אַז ס׳זאָל אויף זיי קיינמאָל קיין פלעק ניט זיין. און פּונקט אַזוי איז ער געווען אָפּגעהיט מיטן עסן; אין זיין גרויסער ליבשאַפט צו ריינקייט האָט ער זיך גע־מיאוסט צו עסן אין אַ פרעמדער שטוב, ווייל ער האָט ניט געקענט זיין זיכער, צי מ׳האָט פריער דאָס געפעס גוט אויסגעוואַשן.

עס איז געווען שווער צו געפינען אין קרעמענעץ נאָך איינעם, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן צו יצחק־בער לעווינזאָנס פּאַטער ר׳ יהודה אין איידלקייט און אין ריינקייט, און אויך אין ערלעכקייט און אויפריכטיקייט. אַלע האָבן זיך דער־פאַר צו אים באַצויגן מיט גרויס אַכטונג. אַן אויסנאַם אין דעם זיינען בלויז געווען יענע ווילדע און צעלאַזענע פּוילישע פּריצים, וואָס האָבן צו קיינעם קיין אַכטונג ניט געהאַט און געקוקט אויף יידן ווי אויף באַשעפענישן, וועמעס לעבן ס׳איז אינגאַנצן הפקר.

איינמאָל, ווען ר׳ יהודה איז אין קרעמענעץ געפאָרן מיט אַ וועגעלע סחורה אויף אַ שמאָלן וועג, איז אים אַנטקעגן אָנגעפאָרן אַ גרויסער פּוילישער פּריץ אין אַ רייכער קאַרעטע, און ווייל דער וועג איז געווען אַזוי שמאָל, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען זיך צו פאַרנעמען אין אַ זייט, אָדער זיך אויסדרייען אַזוי, אַז מ׳זאָל קענען פאָרן צוריק, האָט ר׳ יהודהס וועגעלע מיט סחורה זיך פאַרטשעפּעט אָן דער קאַרעטע פון דעם גרויסן פּריץ, און דאָס האָט דעם פּוי־לישן פּאַן אַריינגעטריבן אין אַזאַ ווילדער רציחה, אַז ער איז אַרויס פון דער קאַרעטע און כאַפּנדיק אַ שטיק האָלץ האָט ער דעם יידן אַזוי לאַנג געשלאָגן איבערן קאָפּ ביז ער האָט געחלשט און איז געבליבן ליגן אויפן וועגעלע אַ צע־בלוטיקטער און מ׳האָט געמיינט, אַז ער איז שוין טויט.

עס האָט נאָכדעם לאַנג געדויערט ביז מ׳האָט יצחק־בער לעווינזאָנס פּאַ־טער אָפּגעמינטערט. אָבער ער איז שוין געבליבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן און האָט שוין מער ניט געקענט זיך אָפּגעבן מיט זיינע געשעפטן אַזוי ווי פריער.

ער האָט געליטן פון שרעקלעכע ווייטיקן אין קאָפּ. און די דאָקטוירים, ביי וועלכע ער האָט זיך געקורירט, האָבן אים פאַרזאָגט, אַז ער זאָל מער קיינמאָל ניט אַריינקוקן אין קיין ספר, ווייל ער טאָר ניט אָנשטרענגען דעם מוח און אויך ניט די אויגן. מ׳האָט מורא געהאַט, ער זאָל נאָך אי־נגאַנצן ניט פאַרלירן די ראיה פון די אויגן איבער די שטאַרקע קלעפּ אין קאָפּ. און ר׳ יהודה האָט זיך אין דעם געדאַרפט אַזוי שטאַרק היטן, אַז אַפילו דאַוונען האָט ער מורא געהאַט פון סידור און ער האָט געמוזט דאַוונען אויף אויסנווייניק. עס האָט געדויערט יאָרן ביז ס׳איז אים געוואָרן אַ ביסל בעסער און די סכנה פאַר זיין לעבן איז שוין ניט געווען אַזוי גרויס. דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבן „אַריינקוקן אין אַ ספר״. אָבער ער האָט אַלץ געדאַרפט זיין זייער אָפּגעהיט ניט אָנצושטרענגען צופיל דעם מוח און אויך ניט די אויגן. ער איז געבליבן אַן אינוואַליד ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. און דער פוילישער פּריץ, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אַן אינוואַליד, איז מיט גאָרניט באַשטראָפט געוואָרן דערפאַר. און אין קרעמענעץ האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז ר׳ יהודה האָט נאָך „גוט אָפּגעשניטן״ און ער מעג בענטשן גומל, וואָרעם וואָס וואָלט געווען ווען דער רייכער פוילישער פּריץ, וואָס איז אַריין אין אַזאַ ווילדן צאָרן, וואָלט אים נאָך חלילה, אינגאַנצן דערהרגעט?...

אַזעלכע דערינערונגען וועגן דער פוילישער הערשאַפט אין קרעמענעץ האָט יצחק־בער לעווינזאָן געהאַט ווען מ׳האָט גאַנץ וואַלין, אין די יאָרן פון 1793 און 1795, אָפּגעריסן פון פוילן און דאָס אָפּגעגעבן צו רוסלאַנד. עס האָט אים געמוזט שוידערן ווען ער האָט וועגן דעם געטראַכט. ער האָט געמוזט פילן אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַזוינס און נאָך ערגערע זאַכן האָבן צעווילדעוועטע פוילישע פּריצים געטאָן ניט נאָר צו די, וואָס אין זיין משפחה, נאָר אויך צו די, וואָס אין די משפחות פון נאָך הונדערטער און טויזנטער יידישע קינדער. קיין ווייטיק און קיין בזיון איז ניט אַזוי גרויס און ניט אַזוי טיף ווי דער ווייטיק און דער בזיון פון אַ קינד, וואָס ווייסט, אַז מ׳האָט געשלאָגן זיין טאַטן, ווען ער האָט אים אַזוי שטאַרק ליב. און ווייל ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז יצחק־בער לעווינזאָן זאָל אויסוואַקסן מיט אַ האַס צו דער ווילדער און צעלאָזענער פוילישער שליאַכטע פון יענער צייט, איז שוין במילא אויס־געקומען אַזוי, אַז ער זאָל האָבן אַ בעסערע באַציאונג צו דער רעגירונג, וואָס האָט צוגענומען די מאַכט ביי דער דאָזיקער שליאַכטע. און מיט דעם קען מען דערקלערן זיין רוסישן פּאַטריאָטיזם. עס איז געווען די דאַנקבאַרקייט פון אַ יידן, וואָס האָט טיף געפילט דעם ווייטיק פון זיין פאָלק.

ג.

אונטערן איינפלוס פון זיין פאָטער האָט יצחק־בער לעווינזאָן נאָך אין די קינדער־יאָרן אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן חשק צום לערנען. אין חדר איז ער געווען דער גרעסטער מתמיד און אַלע מלמדים האָבן באַוואונדערט זיין מערקווירדיקן זכרון, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט. אַלץ וואָס מ׳האָט מיט אים געלערנט, איז אים באַלד אַריין אין קאָפּ און ער האָט דאָס געדענקט אויף אויסנווייניק. און אין דער עלטער פון צען יאָר איז ער שוין געווען אַ גאַנצער בקי אין תנ״ך און וואָס מ׳האָט אים נאָר געפרעגט, האָט ער געוואוסט וואו ס׳שטייט און וואָס פאַר אַ פירוש ס׳איז פאַראַן דערויף. פון די נביאים האָט ער געדענקט גאַנצע קאַפּיטלעך אויף אויסנווייניק. אויך גמרא האָט ער שוין גוט געקענט און וואָס פאַר אַ מסכתא מ׳האָט פאַר אים נאָר אויפגעמישט, האָט ער זיך דאָרט געפילט היימיש. און צו דעם האָט ער אויך געלערנט רוסיש. אַזוי איז געווען דער ווילן פון זיין פאָטער, און מ׳קען זאָגן, אַז אין קרעמענעץ איז ער געווען דאָס ערשטע יידישע יינגל, וואָס האָט אין יענער צייט געלערנט רוסיש, און ווען ער איז אויסגעוואַקסן האָט ער די שפּראַך געקענט אַזוי גרינטלעך, אַז ער האָט אויף העברעאיש אָנגעשריבן אַ לערן־בוך ווי צו שטודירן די רוסישע שפּראַך, און דער ציל איז אין דעם געווען אַן אויפקלערערישער; ער האָט געוואָלט, אַז יידישע קינדער, וואָס קענען העברעאיש, זאָלן זיך קאָנען אויסלערנען די רוסישע שפּראַך אויך. דאָס איז ביי אים געווען זייער וויכטיק און ער האָט דערפאַר געקעמפט אַלע זיינע יאָרן מיט די, וואָס זיינען געווען קעגן דעם, אַז יידישע קינדער זאָלן שטודירן פרעמדע שפּראַכן.

וועגן דעם דאָזיקן לערן־בוך צו שטודירן די רוסישע שפּראַך רעדט יצחק־בער לעווינזאָן אינם פערטן קאַפּיטל פון זיין „תעודה בישראל״, וואָס איז געווען דער מאַניפעסט, די קאָנסטיטוציע, פון דעם נייעם יידישן דור אין רוסלאַנד אין דער ערשטער העלפט פונם ניינצנטן יאָרהונדערט. ער דערמאָנט דאָרט, אַז ער האָט דעם לערן־בוך „יסודי לשון רוסיא״ אָנגעשריבן צו ברענגען נוצן יידישע קינדער און זיי העלפן ווערן וועלטלעך־געבילדעטע מענטשן ווען זיי וועלן אויסוואַקסן. אָבער דער מאַנוסקריפּט פון דעם לערן־בוך איז פאַרפאַלן געוואָרן און מ׳ווייסט ניט וואו ער איז אַהינגעקומען. צווישן די כתבים, וואָס זיינען געבליבן פון יצחק־בער לעווינזאָן, האָט מען יענעם מאַנוסקריפּט ניט געפונען.

קיין סיסטעמאַטישע בילדונג האָט לעווינזאָן ניט געקראָגן. ער איז געווען — וואָס מען רופט אָן — אַן אויטאָדידאַקט. דאָס הייסט, ער האָט געלערנט אַליין.

געווען זיין אייגענער לערער. און מ׳קען זאָגן, אַז אויב אימיצער האָט פֿאַר זיך אַמאָל אויסגעקליבן אַ גוטן לערער, איז דאָס געווען יצחק־בער לעווינזאָן. קיין בעסערן לערער פֿאַר זיך ווי זיך אַליין האָט ער ניט געקענט אויסקלייבן.

פּונקט ווי ער וואָלט נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן געפּילט בחוש, אַז ס׳וועט אים שפּעטער אויסקומען צו ווערן דער פּיאָנער פֿון אַ נייער עפּאָכע אינם יידישן קולטורעלן לעבן און אַז צוליב דעם וועט ער מוזן זיין באַוואָפֿנט מיט אַ סך יידישן וויסן און אויך מיט אַ סך וועלטלעכן וויסן, האָט ער טאָג ווי נאַכט געלערנט, טאָג ווי נאַכט געשטודירט, און אין דער זעלבער צייט וואָס ער איז געשוואומען אין דעם גרויסן ים פֿון תלמוד און פֿון דער גאַנצער אַלטער יידיש־רעליגיעזער ליטעראַטור, האָט ער אויך געשטודירט די אייראָפּעאישע פֿילאָסאָפֿישע און טעאָלאָגישע ליטעראַטור, און אויסער די אייראָפּעאישע שפּראַכן, וואָס ער האָט זיך אַליין גוט אויסגעלערנט, אויסער דייטש, פֿראַנצויזיש און רוסיש, האָט ער מיט זיין אויסערגעוויינלעכער התמדה אויך געשטודירט גריכיש, אַראַביש, סיריש און אַראַמעאיש און ער איז שפּעטער געוואָרן אַ בקי אין דעם אויך. און ווען מ׳לייענט זיינע ווערק, אין וועלכע ער האָט געפּרעדיקט דעם געדאַנק, אַז יידן דאַרפֿן ווערן וועלטלעך־געבילדעטע מענטשן און זיך אָפּגעבן מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט און זיין גוטע, נוצלעכע און גלייכע בירגער אין די לענדער, וואו זיי וואוינען; ווען מ׳פֿאָלגט נאָך ווי ער האָט אין זיינע ווערק — דער עיקר אין זיין „תעודה בישראל״, אין „בית יהודה״, אין „זרובבל״ און אין זיין „אפס דמים״ — פֿאַרטיידיקט יידן און יידישקייט, מוז מען באַוואונדערן זיין אויסערגעוויינלעכן וויסן אין אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק און מיט דער געשיכטע פֿון פֿעלקער און לענדער בכלל.

עס איז אין דעם גאָרניט געווען קיין איין זאַך וואָס ער זאָל ניט וויסן; עס איז ניט געווען קיין איין וויכטיק ווערק וועגן דעם וואָס ער זאָל ניט האָבן געלייענט; ער האָט אין זיין שרייבן בלויז אין אַ פֿאַר קאַפּיטלעך פֿון אַ ווערק געקענט מאַכן אַן עקסקורסיע איבער אַ פֿאַר טויזנט יאָר אַלטער יידישער געשיכטע און דערביי אַרויסשטעלן די וויכטיקסטע מאָמענטן און געשעענישן צו באַווייזן דאָס וואָס ער וויל באַווייזן, און ווי ס׳איז געוויינלעך דער שטייגער פֿון פּיאָנערן־אידעאַליסטן, וואָס פֿאַרלייגן זיך אויף עפּעס מיט עקשנות און לאָזן ניט אָפּ, ווייל זיי זיינען שטאַרק פֿאַרגלויבט אין דעם, איז ער קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו פּרידיקן דעם געדאַנק פֿון וועלטלעכער אויפֿקלערונג און פֿון פּראָדוקטיווער אַרבעט ביי יידן.

## שטעט און שטעטלעך

***

צו אַכצן יאָר האָט מען לעווינזאָנען חתונה געמאַכט, און ווי ס׳איז געווען דער שטייגער אין יענע צייטן, האָט וועגן אַזאַ זאַך ווי ליבע גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. דער יונגער יצחק־בער האָט גלאַט געדאַרפט צוליב טאָן טאַטע־מאַמע און חתונה האָבן מיט דער מיידל, וואָס זיי האָבן פאַר אים אויסגעקליבן. ער האָט זיי געפאָלגט און האָט חתונה געהאַט, און נאָך דער חתונה האָט ער זיך מיט זיין יונגער ווייבל באַזעצט אין דעם שטעטל ראַדזיווילאָוו, וואָס איז ניט ווייט פון קרעמענעץ. אָבער דער שידוך איז פון סאַמע אָנפאַנג אָן געווען זייער ניט קיין געראָטענער; יצחק־בער האָט זיין ווייב ניט ליב געהאַט; ווי ער האָט זיך ניט געפלייסט זיך צוגעוואוינען צו איר, האָט ער דאָס אַלץ ניט געקענט; ער האָט גלייך נאָך דער חתונה געוואָרפן אַ שרעקלעכן אומחן אויף איר, און ווייל ער איז אין דער נאַטור געווען זייער אַן איידעלער מענטש, האָט ער געפרואווט דער־שטיקן דעם שלעכטן געפיל אין זיך; ער האָט געמיינט, אַז מיט דער צייט, ווען זי וועט פון אים אַ קינד געבאָרן, וועט ער צו איר אפשר האָבן אַ בעסערן געפיל. אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך אַנדערש; נאָכדעם ווי זי האָט פון אים אַ קינד גע־באָרן און דאָס קינד איז געשטאָרבן, האָט ער אויף איר נאָך אַ גרעסערן אומ־חן געוואָרפן און ער האָט דאָס שוין מער ניט געקענט דערשטיקן אין זיך.

קיין וואונדער איז דאָס ניט געווען, ווייל אין יענע צייטן זיינען יידישע פרויען אין רוסלאַנד געווען זייער צוריקגעשטאַנען אין אַלץ; קיין תורה האָט מען מיט זיי ניט געלערנט, קיין בילדונג האָט מען זיי ניט געגעבן, פון מצוות זיינען זיי געווען פטור, וויסן האָבן זיי קיין זאַך ניט געדאַרפט, געפוצט האָבן זיי זיך ניט, ווייל דאָס איז דאָך געווען אַן עבירה; און ווייל יצחק־בער לעווינזאָן איז שוין געווען אַ היינטוועלטיקער יונגערמאַן מיט אַ סך וויסן און מיט אַ חוש פאַר שיינקייט, איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס פשוטע, קליינשטעטלדיקע יונגע יידישע ווייבל זאָל אים ניט געפעלן. און ווייל ער האָט דעם געפיל שוין מער ניט געקענט דערשטיקן אין זיך, איז די אַטמאָספערע אין שטוב געוואָרן זייער אַן אָנגעצויגענע. דאָס יונגע ווייבל האָט זיך געפילט באַליידיקט פון דעם וואָס דער מאַן באַציט זיך צו איר אַזוי און אין איר פשוטקייט איז ביי איר אויסגעקומען אַז דאָס בעסטע וואָס זי קען זיך טאָן איז זיך אָפּצורעכענען מיט אים דערפאַר וואָס ער האָט זי ניט ליב, איז — אים סמען...

צו קיין אַנדער מיטל האָט זי זיך ניט געקענט דערטראַכטן, און זי איז שוין געווען גרייט אַריינצוטאָן סם אין דעם עסן, וואָס זי וועט אים דערלאַנגען צום טיש. אָבער ער האָט זיך באַציטנס געכאַפּט וואָס זי גרייט דאָ צו פאַר אים, און ס׳איז געווען אַ נס וואָס ער האָט זיך אַרויסגעדרייט און איז געבליבן לעבן.

נאָכדעם איז שוין געווען אוממעגלעך, אַז דאָס פּאָר־פֿאָלק זאָל ווייטער בלייבן וואוינען צוזאַמען. פֿאַר יצחק־בער לעווינזאָן האָט דאָס פּשוט געמיינט איינשטעלן דאָס לעבן, האָט ער דער ווײַב געגעבן אַ גט און איז אַוועק פֿון איר. און ווייל זיינע עלטערן זיינען שוין דאַן געווען אָרעם און האָבן אים ניט געקענט אויסהאַלטן, איז ער געוואָרן אַ לערער און האָט געצויגן זיין חיונה פֿון דעם וואָס ער האָט געגעבן „שטונדן" אין רייכע יידישע הייזער.

נאָך דער ערשטער ווייב, וואָס ער האָט אָפּגעגט, האָט ער שוין מער קיינ־מאָל אין זיין לעבן ניט חתונה געהאַט. און ס׳איז פֿאַראַן אַ גרונט צו גלויבן, אַז דאָס איז אַוודאי געווען דערפֿאַר וואָס ער איז שטענדיק געווען אָרעם און אויך קראַנק. ער האָט פּשוט ניט געקענט נעמען אויף זיך דעם שווערן עול פֿון אויסהאַלטן אַ פֿאַמיליע, ווייל ער אַליין האָט ניט געהאַט פֿון וואַנען צו לעבן, און אַלע מאָל, ווען ער האָט געדאַרפֿט אַרויסגעבן אַ ניי ווערק, אויף וועלכן ער האָט לאַנג געאַרבעט, האָט ער זיך געמוזט ווענדן מיט תחנונים־בריוו צו רייכע יידן, אַז זיי זאָלן אים אַרויסהעלפֿן אין דעם.

קראַנק געוואָרן איז יצחק־בער לעווינזאָן נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן, און דאָס איז אַוודאי געווען דערפֿאַר וואָס ער האָט זייער שווער געאַרבעט טאָג ווי נאַכט און ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל אויפּפּאַסן אויף אים צו זען, אַז ער זאָל עסן אין צייט און אויך שלאָפֿן גענוג. ער, דער מענטש, וואָס האָט ניט פֿאַרזען קיין איין פּסוק אין דער תורה, קיין איין פּשט אין דער גמרא, קיין איין שורה אין די מדרשים, און קיין איין ווערק, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט דער פֿאָרשונג פֿון אַלטער יידישער געשיכטע און אַלטער יידישער ליטע־ראַטור — ער האָט זיך אַליין דווקא יאָ פֿאַרזען; און ער האָט ניט אָפּגעהיט זיין געזונט און ניט אַכטונג געגעבן אויף זיך. וויפֿל ער האָט ניט געאַרבעט אויף זיך צו וויסן אַ סך, האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס איז נאָך אַלץ ניט גענוג, אַז ער דאַרף און מוז וויסן נאָך מער און נאָך מער. און ווען ער איז שוין געוואָרן אַזוי קראַנק, אַז ער האָט שוין געמוזט עפּעס טאָן צו פֿאַרהיטן זיין געזונט, איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין בראָד זיך צו קורירן דאָרט. און אויסגעקליבן די גאַליצישע שטאָט האָט ער ניט צוליב דעם וואָס דאָרט זיינען געווען בעסערע דאָקטוירים ווי אין ראַדזיוויל און אין קרעמענעץ, נאָר צוליב דעם וואָס דאָרט זיינען געווען בעסערע משכילים, וואָס האָבן שוין געהאַט אַן אייראָפּעאישע בילדונג.

אין בראָד האָט זיך יצחק־בער לעווינזאָן באַקענט מיט די אָנגעזעענסטע משכילים פֿון יענער צייט — יצחק ערטער, יעקב שמואל ביק, בעריש בליומענ־פֿעלד און אויך מיט דעם באַרימטן מענדל לעפֿין, וועלכער האָט, פּונקט ווי יצחק־בער לעווינזאָן, אויך געשטאַמט פֿון אוקראַינע, ווייל ער איז געבאָרן געוואָרן אין דעם קליינעם שטעטל סאָטענאָוו, וואָס אין פּאָדאָליער גובערניע.

קיין געלט אויף צו קורירן זיך האָט לעווינזאָן קיין בראָד ניט געבראַכט, פון וואָס צו לעבן האָט ער ניט געהאַט, האָט מען פאַר אים געפונען אַ שטעלע אין אַ האַנדלס־געשעפט. ער איז דאָרט פאַר קליינע שכירות געוואָרן אַ בוכ־האַלטער, און שפּעטער האָט ער אין דער שטאָט טאַרנאָפּאָל אויסגעהאַלטן עקזאַ־מען אויף לערער, און ווען ס׳איז אין בראָד געגרינדעט געוואָרן אַ רעאַל־שול, האָט ער דאָרטן געקראָגן די שטעלע פון אַ העברעאישן לערער און פון דעם האָט ער געלעבט, און ווען ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן עפּעס אָפּצושפּאָרן דערפון, איז ער שוין געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר זיך צו קורירן אַ ביסל.

אין גאַליציע איז יצחק־בער לעווינזאָן נאָענט באַפריינדעט געוואָרן מיט דעם גרויסן יידישן געלערנטן ר׳ נחמן קראָכמאַל, דעם מחבר פון „מורה נבוכי הזמן״. באַקענט געוואָרן מ׳ט אים איז ער אין דער שטאָט זשאָלקיעוו, און שפּע־טער האָט ער געשריבן, אַז די חדשים וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט קראָכמאַלן אין זשאָלקיעוו זיינען ביי אים „טייערער פון אַלץ אין דער וועלט״. ער האָט אויך געשריבן, אַז „פון די ברעקלעך, וואָס פאַלן אַרונטער פון ר׳ נחמן קראָכ־מאַלס טיש פון וויסנשאַפט, זיינען ביי אונדז אויסגעוואַקסן גאַנצע ביכער״.

פון אַלץ וואָס מ׳געפינט צעוואָרפן דאָ און דאָרט וועגן די צייטן ווען יצחק־בער לעווינזאָן איז געקומען קיין בראָד זיך קורירן, קען מען זען, אַז ער האָט דאָרט דאָס לערנען אין זינען געהאַט מער ווי זיין געזונט. קריגן וואָס מער וויסן און פירן באַקאַנטשאַפט מיט אַזעלכע מענטשן, ביי וועמען מ׳קען אַ סך לערנען — דאָס איז ביי אים געווען דער עיקר.

אינם יאָר 1817 איז ער געקומען צוריק קיין קרעמענעץ און האָט זיך דאָרט באַזעצט. אָבער אויך אין זיין געבורטסשטאָט איז ניט געווען ווער ס׳זאָל אויפ־פּאַסן אויף זיין געזונט און אַכטונג געבן, אַז ער זאָל זיך אָפּהיטן, ווייל זיין מוטער איז שוין געווען טויט און קיין פאַמיליע האָט ער ניט געהאַט. געלעבט האָט ער דאַן פון דעם וואָס ער איז געווען אַ לערער ביי אייניִעם אַ קרעמענעצער גביר מיטן נאָמען לאַנדעסבערג. אַלט געווען איז ער דאַן ניין און צוואַנציק יאָר, אָבער ער איז שוין געווען גוט באַלאָדן מיט אַ סך וויסן, און אין יענער צייט האָט ער דאָס אָנגעהויבן שרייבן זיין ווערק „תעודה בישראל״, וואָס האָט אים שפּעטער געמאַכט באַרימט ניט נאָר ביי יידן, נאָר אויך אין די העכסטע רוסישע רע־גירונגס־קרייזן. די מאַנוסקריפּטן פון די קאַפּיטלען, וואָס ער האָט געהאַלטן אין שרייבן, זיינען אין קרעמענעץ געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און אַזוי ווי די אידעען, וואָס ער האָט געפּרעדיקט, זיינען אין יענע צייטן באַטראַכט געוואָרן ווי די גרעסטע אַפּיקורסות, האָט מען אים אין דעם קליינעם שטעטל אָנגעהויבן פאַרביטערן דאָס לעבן, און מער ווי אַלע אַנדערע האָבן זיך אין דעם אויסגע־

צייכנט די פרומע חסידים, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען די גרעסטע קעגנער פון וועלטלעכער בילדונג פאַר יידן.

אַן אמתן באַגריף וועגן דעם וואָס פאַר אַן אַטמאָספער ס׳האָט אין יענע יאָרן געהערשט אין דעם שטעטל קרעמענעץ, וואו יצחק־בער לעווינזאָן האָט געלעבט און געשאַפן, קען מען האָבן ווען מ׳לייענט וואָס דוד־בער נאַטאַנזאָן דערציילט וועגן דעם אין זיין בוך „ספר הזכרונות". דאָרט דערציילט ער, אַז אין יענע צייטן זיינען אין קרעמענעץ געווען דרייערליי סאָרטן יידן: לומדים, משכילים און בעלי־בתים. אָבער, זאָגט ער, די לומדים זיינען ניט געווען קיין לומדים, די משכילים זיינען ניט געווען קיין משכילים, און וואָס שייך די בעלי־בתים זיינען זיי אַלע געווען גרויסע אָרעמעלייט, עניים ואביונים...

אין איין זאַך בלויז זיינען אַלע געווען גלייך — אַלע זיינען געווען חסידים. ווער צוליב דעם וואָס ער האָט בעסער ניט פאַרשטאַנען, און ווער צוליב דעם וואָס ס׳האָט זיך אים אַזוי בעסער געלוינט...

חיונה האָט מען געצויגן פון דעם וואָס מ׳האָט געהאַנדלט מיט טוטין, פאַרקויפט בראָנפן און נאָך אַזעלכע זאַכן. די איינציקע, וואָס האָבן געלעבט פון שווערער פראַצע, זיינען געווען די שניידערס, די שוסטערס און די אַנדערע יידישע בעל־מלאכות...

פון אַזעלכע זאַכן ווי גרויס־האַנדל מיט דער וועלט איז אין קרעמענעץ דעמאָלט אַפילו קיין סימן ניט געווען, ווייל דאָס שטעטל איז פאַרוואָרפן צווישן בערג און ס׳שטייט אין אַ זייט, ווי ס׳וואָלט מורא געהאַט, אַז מ׳זאָל ס׳נאָך ניט דערזען. און פונקט אַזוי ווי מ׳האַנדלט דאָרט ניט מיט דער גרויסער וועלט און מ׳ירשנט פון איר ניט קיין עשירות, אַזוי ירשנט מען פון איר ניט קיין תורה און חכמה, און ניט קיין בילדונג און ניט קיין דרך־ארץ; און ווען מען נאָר ס׳גליקט אָפּ און ער פאַרמאָגט שוין זיינע אייגענע טויזנט קערבלעך, אָדער טאָקע די גאַנצע צוויי טויזנט, פועלט ער ביי זיך גלייך, אַז ער איז שוין אַ גרויסער גביר און במילא קריגט ער שוין די חוצפּה פון אַ גביר און ער יאָגט זיך שוין נאָך כבוד און וויל דווקא זיין פון די, וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן און פון די, וואָס שינדן פון אַנדערע די הויט. און ווער ס׳קען נאָר איבערלייענען אַ פּאָר שורות אין אַ ספר און אַ ביסל שרייבן אויפן שפּיץ מעסער, האַלט זיך שוין פאַר אַ גאַנצן למדן און פאַר אַ גרויסן קענער און ער מאַכט דערפון אַ גאַנצן טאַראַראַם און ער בלאָזט פון זיך און ער שפּאַרט זיך אומעטום אַרן וויל האָבן די גאַנצע דעה איבער אַלץ און אַלעמען אַרן וויל דווקא זיין דער קאָפּ פון די לייבן, כאָטש ער האָט ניט די ווערט צו זיין דער עק פון די פוקסן...

אַזאַ אַטמאָספער האָט דאָס אין יענע יאָרן געהערשט אין דעם שטעטל, וואו ס׳איז געשאַפן געוואָרן דאָס גרויסע ווערק, וואָס האָט דעמאָלט געבראַכט

ליכט פאַר אַ גאַנצן דור און אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אינם יידישן קולטורעלן לעבן.

ווען יצחק־בער לעווינזאָן האָט געזען ווי שווער ס׳איז אים זיך איינצולעבן אין קרעמענעץ, ווען ער האָט שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן פון די, וואָס פאַראומערן אים דאָס לעבן, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין באַרדיטשעוו און דאָרט איז ער געווען אַ לערער אין דער פאַמיליע פון אַנטאָן רובינשטיינס זיידע, און אין דער זעלבער צייט וואָס ער איז געווען אַ לערער, איז ער אויך געווען אַ כלל־טוער און ער האָט אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע די משכּילים, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער שטאָט, און אין דעם האָט ער, ווי ס׳שיינט, גענומען פאַר זיך אַלס אַ מוסטער די חסידים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אייניק צווישן זיך און זיך שטענדיק געוואָרעמט אַרום אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיי אַלעמען פאַראייניקט. בלויז אין דעם איז לעווינזאָן געווען גרייט נאָכצוטאָן די חסידים, וועלכע זיינען געווען זיינע גרעסטע קעגנער. ער האָט טאַקע ניט גע־וואָלט שאַפן קיין קולט פון קיין פּערזענלעכקייט, אין וועלכער מ׳איז שטאַרק פאַרגלויבט, ווי ס׳איז געווען איינגעפירט ביי די חסידים אַפילו אין די צייטן ווען דער חסידיזם האָט שוין אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ אין זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. לעווינזאָנס מיינונג איז געווען, אַז די פאַרגלויבטקייט אין אַ פּער־זענלעכקייט ווי אין אַ גאָט, אָדער ווי אין אַ געטלעכן מענטשן, איז שעדלעך, ווייל עס טויטעט אָפּ דעם אייגענעם ווילן, עס דערפירט צו פּוילקייט און עס מאַכט פון מענטשן אַ טשערעדע שאָף, וואָס קען אָן אַ פּאַסטוך ניט גיין פון דאַנען אַהין. ער האָט אָבער מקנא געווען די אייניקייט פון די חסידים; ער האָט געוואוסט, אַז אין דעם ליגט זייער כוח, און ער האָט געוואָלט, אַז די משכּילים, וואָס זיינען צעוואָרפן אין די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, די נייע אויפ־קלערער פונם פאָלק, זאָלן אויך זיין אַזוי אייניק ווי די חסידים, זאָלן אויך זיין פונקט אַזוי גוט אָרגאַניזירט, און דאָס האָט ער געפּרוּווט טאָן אין באַרדי־טשעוו ווען ער איז דאָרט געווען אַ לערער. און ווייל ער האָט אויף זיך אַזאַ וויכטיקע אויפגאַבע גענומען, האָט ער צו לאַנג אין איין שטאָט ניט געקענט פאַרבלייבן, און דאַן איז ער פון באַרדיטשעוו אַוועקגעפאָרן קיין אָסטראָ, וואו ער איז געווען אַ לערער אַ שטיקל צייט, און שפּעטער איז ער אויך געווען אַ לערער אין נעמיראָוו, אין טולטשין און אין אַנדערע שטעט פון אוקראַינע, און אומעטום האָט ער צווישן די משכּילים געפּרוּווט שאַפן אַזאַ אייניקייט ווי צווישן די חסידים, כאָטש ער אַליין האָט קיינמאָל ניט געוואָלט שפּילן די ראָלע פון קיין רבין, אין וועמען מענטשן זיינען בלינד פאַרגלויבט.

בכלל איז אים אַזאַ זאַך ווי בלינדער גלויבן געווען דערווידער. ער האָט אין זיינע ווערק אַלץ געבויט אויף שכל, אויף פאַרשטאַנד, אויף לאָגיק.

## ד.

פיר און דרייסיק יאָר איז יצחק־בער לעווינזאָן אַלט געווען ווען ער האָט זיך צוריק באַזעצט אין קרעמענעץ נאָך זיין אַרומוואַנדערן איבער די שטעט, וואו ער איז געווען אַ לערער און וואו ער האָט געפּרוּאווט פּאַראייניקן די משכילים אַזוי, אַז זייער ווירקונג זאָל זיין גרויס און זייער אויפקלערונגס־אַרבעט אין פאָלק זאָל ברענגען גוטע רעזולטאַטן.

ער האָט שוין דאַן געהאַט פאַרטיק זיין ווערק „תעודה בישראל״. אָבער קיין געלט אויף אַרויסצוגעבן דעם בוך האָט ער ניט געהאַט. געקראָגן די מעג־לעכקייט דערויף האָט ער ערשט מיט זעקס יאָר שפּעטער, אינם יאָר 1828. און ס׳איז וויכטיק צו דערמאָנען דעם פאַקט וואָס צו די אַלע אַנדערע שוועריקייטן, וואָס ער האָט געהאַט, איז אויך צוגעקומען די שוועריקייט וואָס קיין יידישע דרוקעריי אין אוקראַינע, וואו דער איינפלוס פון חסידות איז געווען גרויס, האָט ניט געוואָלט דרוקן אַזאַ אַפּיקורסיש ווערק ווי דער „תעודה בישראל״. אַפילו די דרוקער, וואָס זיינען אַליין קיין חסידים ניט געווען, האָבן מורא געהאַט צו דרוקן „אַזאַ אַפּיקורסישן בוך״, ווייל עס איז געווען אַ סכנה, אַז מ׳זאָל זיי נאָך ניט אַריינלייגן אין חרם דערפאַר. אַזוי גרויס איז אין אוקראַי־נע געווען דער איינפלוס פון די חסידים, וועלכע האָבן געקוקט אויף לעווינזאָנען ווי אויף אַ שרעקלעכן אַפּיקורס, וואָס איז געקומען אומוואַרפן די זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך די גאַנצע יידישקייט.

היינטיקע צייטן קלינגט דאָס מאָדנע, ווייל ווען מ׳לייענט ר׳ יצחק־בער לעווינ־זאָנס ווערק און מ׳זעט ווי אין דער זעלבער צייט וואָס ער האָט אין זיין שרייבן אָנ־געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר וועלטלעכער בילדונג ביי יידן און דורכגעפירט דעם געדאַנק, אַז ס׳איז נויטיק, אַז יידן זאָלן זיך נעמען צו ערד־אַרבעט און צו אַנדערע פּראָדוקטיווע אַרבעטן, האָט ער מיט אַזאַ פייער און ברען פאַרטיידיקט די אמתע יסודות פון יידישקייט און אויך דאָס יידישע פאָלק — ווען מ׳לייענט דאָס, איז שווער זיך פאַרצושטעלן ווי אַזוי מ׳האָט אין דעם געקענט זען אַזאַ געפערלעכע אַפּיקורסות, אַז מ׳זאָל גאָר קענען טראַכטן וועגן אַריינלעגן אין חרם פאַר דרוקן אַזאַ בוך. דוכט זיך, אַז היינטיקע צייטן וואָלט אַפילו אַ פרומער רב זיך אונטערגעשריבן מיט ביידע הענט דערויף וואָס יצחק־בער לעווינזאָן האָט געפּרעדיקט. שוין אָפּגערעדט פון דעם וואָס ער וואָלט זיך היינטיקע צייטן געוויס ניט ווייניק איבערגענומען ווען ער וואָלט געווען אַזאַ למדן און אַזאַ בקי אין יידישקייט ווי יצחק־בער לעווינזאָן איז געווען. און וואָס שייך די אַפּיקורסים פון היינט, איז ווען זיי וואָלטן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל לומדות און וואָלטן מיט אַזאַ ברען פאַרטיידיקט טראַדיציאָנעלע יידישקייט, וואָלט מען זיי

נאָך אפשר גאָר געשטעמפּלט פאַר פּרומאַקעס און מ׳וואָלט געזאָגט, אַז זיי האָבן „פאַרראַטן דעם פּראָגרעס״ און זיי זיינען מער ניט קיין פריידענקער...

אָבער ווען יצחק־בער לעווינזאָן האָט געהאַלטן ביים אַרויסגעבן דעם „תעודה בישראל״, איז געווען 1828, ניט 1948. און אין יענע צייטן זיינען די באַגריפן געווען אַנדערע. און ווייל דער גרויסער אויפקלערער פון קרעמענעץ האָט זיין ווערק ניט געקענט אַרויסגעבן אין די יידישע דרוקערייען פון אוקראַי־נע, איז ער געווען צופרידן ווען ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט דערויף אין דער שטאָט, וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען „ירושלים דליטא״ — אין ווילנע.

רעדנדיק וועגן דער ווירקונג פון דעם „תעודה בישראל״ אויף דעם יונגן דור פון יענער צייט, דערציילט אברהם בער גאָטלאָבער אין זיינע זכרונות:

„אָן אַ שיעור יידישע יונגעלייט האָבן דעמאָלט געעפנט די אויגן און זיך גענומען לערנען לשון־קודש און אויך די לאַנדס־שפּראַך. זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט אַ סך מוט און זיך מער ניט געשראָקן פאַר די פאַנאַטיקער, וואָס זיינען זיי געשטאַנען אין וועג; אין יעדער שטאָט האָבן די יונגעלייט דאָן געגרינדעט פאַראיינען, און די איניקע משכילים, וואָס זיינען נאָך פריער געווען צעשפּרייט און צעוואָרפן דאָ און דאָרט, האָבן זיי אַרויסגעהאָלפן אין דעם. מ׳האָט זיך אָפּ־געטיילט פון די חסידים און מ׳האָט זיך מיט גרויס חשק געגעבן אַ נעם צו בילדונג און צו וויסן״ *).

מיט פּסוקים פון דער תורה, מיט מאמרים פון דער גמרא און מיט אָן אַ שיעור אויסצוגן פון אַלטע ספרים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן פון די גרעסטע יידישע געלערנטע אין פאַרשיידענע לענדער, שטעלט יצחק־בער לעווינזאָן אַרויס פינף פונקטן, וואָס זיינען אין דער אמתן בלויז פיר, און וואָס זיינען, לויט זיין מיינונג, געווען זייער וויכטיק אין יענע צייטן, ווען אין יידישן לעבן אין רוסלאַנד האָט געהערשט די טענדענץ זיך אָפּצוזונדערן פון אַלץ און פון אַלעמען און לעבן אונטערן שוץ פון אַן אייגענער האַרטער שאָלעכץ, ווי די פירער פונם חסידיזם האָבן געפּרעדיקט.

ערשטנס באַווייזט ער, אַז יעדער ייד איז מחויב צו קענען זיין שפּראַך — העברעאיש — ניט בלויז אַזוי ווי מען האָט אים געלערנט אין חדר, נאָר אויף אַן עכט אינטעליגענטן שטייגער, לויט אַלע כללים פון גראַמאַטיק.

צווייטנס באַווייזט ער, אַז עס איז ניטאָ ביי יידן אַזאַ דין, וואָס זאָל פאַרווערן צו שטודירן פרעמדע שפּראַכן און ליטעראַטורן, באַזונדערס די שפּראַך פון דעם לאַנד, אין וועלכן יידן וואוינען ווייל דאָס ברענגט דאָך נוצן אי דעם איינצלנעם מענטשן, אי דעם גאַנצן כלל.

---

*) גאָטלאָבערס מעמואַרן, געדרוקט אין א. פרידקינס „אברהם-בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע״, ז׳ 211.

דריטנס פירט ער אויס, אַז וועלטלעכע בילדונג איז פאַר יידישקייט בשום אופן ניט קיין סכנה; מ׳קען זיין אַ וועלטלעך־געבילדעטער מענטש און זיין באַהאַוונט אין די אַלע חכמות און וויסנשאַפטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אויף אַנדערע שפּראַכן, און דאָך בלייבן אַ גוטער און אַן ערלעכער ייד, און ווי אַ באַווייז דערויף קען מען נעמען דעם רמב״ם און אַנדערע גרויסע און געלערנטע יידן.

און פערטנס שטרייכט ער אונטער, אַז ס׳איז נויטיק צו רעפאָרמירן דאָסווירטשאַפטלעכע יידישע לעבן: אַנשטאָט מעקלעריי און האַנדל זאָל מען זיך בעסער נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט: מ׳זאָל אויסנוצן די מעגלעכקייטן, וואָס מ׳קען קריגן זיך צו באַזעצן אויף דער ערד, און מ׳זאָל זיך אויסלערנען צו זיין בעלי־מלאכות און אָפּשאַפן דעם מנהג פון חתונה מאַכן קינדער ווען ס׳איז ניטאָ קיין אויסזיכט, אַז דער מאַן זאָל האָבן פּרנסה; זאָלן יידישע יונגעלייט זיך פריער אויסלערנען עפּעס אַ ניצלעכע מלאכה, וואָס גיט פּרנסה און ערשט נאָכדעם זאָלן זיי חתונה האָבן און נעמען אויף זיך דעם עול פון אַ פאַמיליע.

דאָס זיינען געווען פּשוטע אמתן, וואָס יעדער איינער האָט געקענט לייכט פאַרשטיין. אָבער „אָט די פּשוטע אמתן, — ווי דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו דריקט זיך אויס, — זיינען פאַר יענעם דור געווען אַ נייעס; ביי די צוריקגעשטאַנענע יידן, וואָס האָבן דאַן געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אויפן פאָלק, איז דאָס געווען אַ חוצפּהדיקע אַפּיקורסות פון איינעם, וואָס איז אַ שרעקלעכער כופר בעיקר, און פאַר דעם הייפעלע אויפגעקלערטע, וואָס האָבן שטילערהייט געחלומט וועגן רעפאָרמען אינם יידישן שטייגער־לעבן, און מורא געהאַט צו רעדן הויך וועגן דעם, איז דאָס געווען אַ ניי וואָרט, אַ נייער אָנזאָג *).

מיט זיין „תעודה בישראל״, פּונקט ווי מיט די אַנדערע וויכטיקע ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן שפּעטער, איז ר׳ יצחק־בער לעווינזאָן ניט אויסן געווען מחדש צו זיין עפּעס אין דער פאָרשונג פון יידישער געשיכטע, ווי ס׳איז געווען דער פאַל מיט ר׳ נחמן קראָכמאַל אין זיין ווערק „מורה נבוכי הזמן״. לעווינזאָן האָט ניט געהאַט קיין פּרעטענזיעס אויף חידושים און פילאָזאָפיע. ער איז פריער פון אַלץ געווען אַ רעפאָרמער. און ווייל ער איז דערצו נאָך געווען ניט בלויז אַ געלערנטער, וואָס קען אַרויסווייזן בקיאות אומעטום, נאָר אויך אַ גוטער ייד מיט אַ וואַרעם האַרץ, אַן עכטער אוקראַאינער ייד, וואָס פילט און פאַרשטייט די נויטן פון דעם אָרעמען פאָלק, איז ביי אים דאָס וויכטיקסטע אין זיין שרייבן געווען דער ווילן, דער שטאַרקער ווילן, צו ענדערן דעם יידישן לעבנס־שטייגער

*) זע ש. דובנאָוו: Новейшая История Еврейского Народа, ב׳ 2, ז׳ 218.

צום בעסערן און העלפן די יידן קומען צו אַזאַ שטאַנד, סיי גייסטיק און סיי עקאָנאָמיש, אַז קיין שונא זאָל ניט קענען האָבן קיין פּתחון־פּה צו זאָגן, אַז פאַר דעם און פאַר דעם פאַרדינען זיי ניט, אַז מ׳זאָל זיי באַמראַכטן ווי גלייכע בירגער אין לאַנד.

קיינער פון די משכּילים האָט אין זיינע ווערק ניט אויפגעהויבן אַזוי הויך די פּשוטע בעלי־מלאכות און ערלעכע אַרבעטער ווי דער גרויסער קרעמענעצער משכּיל האָט דאָס געטאָן, און אין דעם, קען מען זאָגן, איז ער, דווקא דער אויס־געשפּראָכענער מתנגד, געגאַנגען אין די וועגן פון ד׳ ערשטע גרויסע גרינדער און בויער פונם חסידיזם, וואָס איז שפּעטער אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג אַוועק. אינם דריי און פופציקסטן קאַפּיטל פונם „תעודה בישראל״ שטעלט זיך לעווינזאָן אָפּ אויספירלעך דערויף, ווי נויטיק עס איז פאַר יידן זיך אויסצולערנען נוצלעכע מלאכות, פון וועלכע מען קען ערלעך פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט; ער ברענגט דאָרטן אַ סך מאמרים פון די גרעסטע תנאים און אמוראים, וועלכע האָבן אַוועק־געשטעלט זייער הויך די וואָס לעבן פון ערלעכער אַרבעט און פון נוצלעכע מלאכות, און נאָכדעם רעכנט ער אויס אַ גאַנצן צעטל פון גרויסע און באַרימטע יידן, וועלכע זיינען אַליין אויך געווען בעלי־מלאכות, און דערביי וויזט ער אָן, וואו מ׳קען דאָס געפינען אין דער גמרא:

דער גרויסער יידישער געלערנטער הלל הזקן איז געווען אַ האָלץ־העקער. שמאַי, דער צווייטער צו הלל הזקן, איז געווען אַ בוי־מייסטער. ר׳ יוחנן איז גע־ווען אַ שוסטער. ר׳ יוסי בן חלפתא איז געווען אַ גאַרבער. ר׳ יהושע בן חנניא איז געווען אַ קאָוואַל. ר׳ יצחק איז געווען אַ שלאָסער. רב פּפּא איז געווען אַ גערט־נער. רבי אבא בר זמינא איז געווען אַ שניידער, און דער כּהן גדול פּנחס, פאַרן חורבן פון צווייטן בית־המקדש, איז געווען אַ שטיין־האַקער.



כּדי צו זיין זיכער אין דעם, אַז זיין אַרבעט וועט ברענגען גוטע רעזול־טאַטן, האָט יצחק־בער לעווינזאָן זיך ניט באַנוגנט מיט שרייבן ספרים און וועקן דעם יונגן דור צו ענדערן צום בעסערן דעם יידישן לעבנס־שטייגער אין רוסלאַנד. ער האָט זיך וועגן דעם אויך געווענדט צו דער רעגירונג מיט אַ קלאָר צונויפ־געשטעלטן פּלאַן ווי צו גרינדן פאַר יידן שולן, וואו זיי זאָלן שטודירן די רוסישע שפּראַך, די רוסישע ליטעראַטור און די אַלע אַנדערע ענינים, וואָס גיין מיט וועלטלעכער בילדונג. אין דעם פּלאַן, וואָס ער האָט צוגעשטעלט דער רעגירונג, האָט ער אויך געבעטן, אַז מ׳זאָל געבן יידן ערד צו באַאַרבעטן, און דערביי האָט ער דערמאָנט, אַז אין די אַלטע צייטן זיינען יידן אַלע מאָל געווען אַ פאָלק פון

ערד־אַרבעטער; צו האַנדל און מעקלעריי האָבן זיי זיך געמוזט נעמען בלויז איבער דעם, וואָס מ׳האָט פאַר זיי פאַרשלאָסן טיר און טויער צו אַנדערע פּרנסות, און אויב מ׳וועט זיי נאָר געבן די מעגלעכקייט, וועלן זיי ווידער ווערן גוטע ערד־אַרבעטער און וועלן ברענגען אַ סך נוצן דעם לאַנד.

אין דעם זעלבן פּלאַן, וואָס איז געווען געשריבן אין דער פאָרמע פון אַ בריוו צו ניקאָלאַי דעם ערשטן, האָט יצחק־בער לעווינזאָן אויך אָנגערירט די פראַגע וועגן די קאַנטאָניסטן; ער האָט דערמאָנט דעם קיסר, אַז די רעקרוטשינע, וואָס ער האָט איינגעפירט, ווערט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך דורכגעפירט צו־שטרענג און אונטער אויסערגעוויינלעך שווערע באַדינגונגען; ער האָט גע־האָפט, אַז דער קיסר וועט דאָס נעמען אין אַכט און ער וועט אפשר מאַכן לייכטער די קאַנטאָניסטן־גזירה, וואָס האָט געבראַכט אַזוי פיל טראַגעדיעס אין די יאָרן ווען מ׳האָט געכאַפּט יידישע קינדער און זיי אָפּגעגעבן פאַר סאָלדאַטן. אָבער די האָפענונג איז געווען אומזיסט; ניקאָלאַי דער ערשטער האָט ניט געוואָלט לײדן וואָס דער קרעמענעצער יידישער אויפקלערער האָט זיך אַריינגעמישט אין דער קאַנטאָניסטן־פראַגע, און ער האָט דערויף געענטפערט מיט אַ קורצער און שאַרפער רעזאָלוציע:

„גיט איבער לעווינזאָנען, — האָט ער אין דער רעזאָלוציע געשריבן, — אַז דער צוועק פון דער רעקרוטשינע ביי יידן איז אויסצוראָטן די פּוסט און פּאַסניקעס, וואָס ליגן ווי אַ שווערע משא אויף זייערע אייגענע ברידער״*).

אין אַלגעמיין אָבער האָט מען זיך דאַן אין די רוסישע רעגירונגס־קרייזן באַצויגן ניט שלעכט צו דער אויפקלערונגס־אַרבעט, וואָס יצחק־בער לעווינזאָן האָט אָנגעפירט צווישן יידן אין זיינע ווערק. מ׳קען אַפילו זאָגן, אַז ביז אַ גע־וויסן גראַד האָט מען זיך צו דעם באַצויגן סימפּאַטיש, און ס׳איז אַ פאַקט, אַז אויף דער רעקאָמענדאַציע פונם מיניסטער דמיטרי ניקאָלאַיעוויטש בלודאָוו, וועלכער איז געווען זייער אַ פעאיקער און אַ געבילדעטער, אָבער אַ מענטש אָן פּרינציפּן, האָט מען אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס נאָמען צוגעשיקט לעווינזאָנען קיין קרע־מענעץ די סומע פון טויזנט רובל ווי אַ צייכן פון אָנערקענונג פאַר דער גוטער אויפקלערונגס־אַרבעט, וואָס ער טוט צווישן יידן. דאָס איז געווען אינם יאָר 1829, און יצחק־בער לעווינזאָן האָט דערויף געענטפערט מיט אַ בריוו צום קיסר, און אינם בריוו האָט ער אים שטאַרק געדאַנקט פאַר דער מתּנה, און דערביי האָט ער געשריבן, אַז דאָס וועט אים געבן די מעגלעכקייט אָפּצודרוקן זיין נייעם בוך „בית יהודה״, אין וועלכן ער האָט זיך ווידער געשטעלט די

*) זע וועגן דעם דר. ישראל צינבערגס רוסישע אַרבעט און אויך זיין ווערק „געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן״, 8־טער באַנד, 2־טער בוך, ז׳ 80.

אויפגאָבע צו דערהויבן די מידות און מנהגים פון זייערע ברידער, סיי פּאָליטיש און סיי מאָראַליש.

נאָך ביז היינטיקן טאָג שטױסט מען זיך אָלץ אָן ווי אין אַ שפּיציקן שטיין ווען מ׳קומט צו די באַציאונגען, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט צווישן די נייע יידישע אויפקלערער פון יענער צייט מיט דער רוסישער רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטן. דער אמת אָבער איז, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס מ׳האָט ניט געקענט אויסמיידן, און מ׳קען זאָגן אַז ביידע צדדים האָבן זיך גראָד געטראָפן אויף איין וועג, כאָטש געגאַנגען זיינען זיי גאָר אין צוויי באַזונדערע ריכטונגען.

נאָך אין די צייטן פון פּאַוועל דעם ערשטן,ביים סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט, האָט מען אין די רוסישע רעגירונגס־קרייזן אויפגענומען די יידן־פּראַגע, און פון אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן אַרום דעם, האָט מען געקענט האָבן דעם איינדרוק, אַז מ׳איז ווירקלעך אויסן צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד. פּאַוועל אַליין האָט ביי אַ סך געלעגנהייטן אַרויסגעוויזן, אַז ער באַציט זיך צו יידן זייער גוט; ער האָט זיך אַפילו אינטערעסירט מיט די רייסעררייען, וואָס קומען פאָר צווישן די חסידים און די מתנגדים, און אויף זיין באַפעל איז אינם יאָר 1798 באַפרייט געוואָרן פון געפענגעניש דער באַרימטער חסידישער רבי ר׳ שניאור זלמן. אַלע מאָל, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, האָט פּאַוועל דער ערשטער זיך געשטעלט אויף זייער זייט, און ווען מ׳האָט אים געפּרואווט איינריידן, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח, האָט ער דערויף געענטפערט, אַז ער גלויבט ניט אין דעם; ס׳איז אַ בלבול!

אויך אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן האָט מען אין אָנפאַנג אַרויסגעוויזן אַ גוטע באַציאונג צו יידן. אין די „כללים", וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינם יאָר 1804, איז אָנגערירט געוואָרן דער פּונקט וועגן בילדונג פאַר יידן, און דאָרט ווערט געזאָגט, אַז „אַלע יידישע קינדער קענען אַריינגענומען ווערן און דערצויגן ווערן אָן שום אונטערשיד פון אַנדערע קינדער אין אַלע רוסישע פאָלקס־שולן, גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן". און אינם יאָר 1817 האָט אַלעקסאַנדער דער ערשטער אַפילו אַרויסגעגעבן אַ באַפעל קעגן בלוט־בלבולים אויף יידן.

ספּעציעלע קאָמיסיעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער יידישער פראַגע אין רוסלאַנד, האָבן געהאַלטן אין איין קלייבן מאַטעריאַלן וועגן דעם; עס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען, עס זיינען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס; אָבער אַלע מאָל, ווען ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ס׳גייט שוין אויף אַ גאַנג און אַז מ׳קען זיך ריכטן דערויף, אַז ס׳וועט אַרויס אַ באַפעל, וואָס וועט פאַרלייכטערן די

לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד, האָט זיך ערגעץ עפּעס פאַרטשעפּעט און מ׳איז געבליבן שטיין אויף איין אָרט. און אַמאָל איז אַרויסגעקומען פונקט דאָס פאַר־קערטע פון דעם, אויף וואָס מ׳האָט געהאָפט. און ס׳איז אַ פאַקט, אַז דער זעל־בער אַלעקסאַנדער דער ערשטער, וואָס האָט אינם יאָר 1817 אַרויסגעגעבן אַ באַ־פעל קעגן בלוט־בלבולים אויף יידן, האָט אין 1825, אין דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן, צעבלאָזן דעם באַרימטן וועליזשער בלוט־בלבול, וואָס האָט זיך גע־צויגן עטלעכע יאָר *).

אויך ניקאָלאַי דער ערשטער, וואָס איז אַרויף אויפן טראָן נאָך אַלעקסאַנדערן, האָט אין אַ סך פאַלן געגעבן אַ גרונט צו גלויבן, אַז ער איז שטאַרק פאַראינ־טערעסירט אין דעם, אַז די יידן אין רוסלאַנד זאָלן ווערן וועלטלעך־אויפגע־קלערטע מענטשן. עס האָט געהייסן, אַז אַפילו מיט דער קאַנטאָניסטן־גזירה איז ער ניט אויסן געוועזן קיין שלעכטס; אַז זיין כוונה דערביי איז געווען אַרויפצו־לייגן אויף יידן מער פליכטן, כדי זיי צו געבן מער רעכט. עס האָט אויך געזאָלט הייסן, אַז ער איז, חלילה, ניט קיין שונא פון יידן, נאָר — פון „יידישן פאַנאַטיזם״...

דער אמת אָבער איז געווען, אַז אונטערן איינפלוס פון אַזאַ אָדער פון אַן אַנדער שונא־ישראל האָבן זיך די אַלע ספּעציעלע קאָמיסיעס אין די צאַרישע רעגירונגען פון יענע צייטן דערטראַכט דערצו אַז דאָס בעסטע וואָס זיי קענען טאָן אָפּצושאַפן דעם „יידישן פאַנאַטיזם״, איז — דערפירן יידן צו שמד!

דאָס זיינען זיי אויסן געווען. און דאָס איז איצט אַ פעסטגעשטעלטער גע־שיכטלעכער פאַקט. די גאַנצע פאַרקאַכטקייט פון יענע פאַרשיידענערליי קאָמי־סיעס אין „בילדונג״ פאַר יידן, איז געווען אַ מיטל צו דערפירן דערצו, אַז מ׳זאָל לייכטער קענען פאַרשפּרייטן דעם קריסטנטום צווישן יידן. אָבער אָפן האָט מען דאָס ניט געזאָגט. אין דער הויך האָט מען וועגן דעם ניט גערעדט. לפנים האָט דאָס גענדאַרפט הייסן, אַז מ׳איז בלויז אויסן צו פאַרשפּרייטן אויפ־קלערונג צווישן יידן און דערמיט באַקעמפן דעם פאַנאַטיזם פון די פרומע חסידים. און ווייל יצחק־בער לעווינזאָן און די אַנדערע אויפקלערער פון זיין דור זיינען געווען ערלעכע טרוימער און ניט קיין פּאָליטיקער, האָבן זיי דער רוסישער רע־גירונג געגלויבט און אַ סך האָפענונגען אויף איר געלעגט.

און וואָס שייך די פּאָליטיקער פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונג, זיינען זיי געווען זיכער, אַז די אויפקלערונגס־אַרבעט פון יצחק־בער לעווינזאָן וועט העלפן זייער צוועק. און דערפאַר איז דער דורכגעטריבענער מיניסטער דמיטרי ניקאָלאַיעוויטש בלודאָוו געווען אַזוי „ברייטהאַרציק״, אַז ער האָט רעקאָמענדירט אַ באַלוינונג פאַר אים, און ניקאָלאַי דער ערשטער איז געווען „גנעדיק״ און האָט אים די באַלוינונג פון טויזנט רובל געגעבן.

---

*) זע ווייטער, אינעם קאַפּיטל וועגן וועליזש.

ביידע צדדים האָבן זיך אין דעו׳ אמתן געגאַרט. יצחק־בער לעווינזאָן האָט זיך געגאַרט אין דער רעגירונג, ווייל ער האָט געוואָלט גלויבן, אַז זי האָט טאַקע ערלעכע כוונות, און די רעגירונג האָט זיך געגאַרט אין אים, ווייל וואָס־וואָס — צו שמד האָט זיין אויפקלערונגס־אַרבעט ניט געפירט. פאַרקערט, ער האָט געהאָלפן יידן נאָך מער אָפּצושעצן זייערע קולטורעלע אוצרות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אינם משך פון די אַלע דורות זינט מיר זיינען אַ פאָלק. אונ־טערן איינפלוס פון זיינע ווערק איז אויסגעוואַקסן אַ נייער דור פון שטאָלצע יידן, וואָס זיינען אין דער זעלבער צייט אויך געווען וועלטלעך־געבילדעטע מענטשן — אַ דור, וואָס איז געווען אַ כבוד פאַר דעם גרויסן לערער, וואָס האָט אָנגעוויזן דעם נייעם וועג.

עס איז אויך זייער מעגלעך, אַז ווען די צוריקגעשטאַנענע פאַנאַטיקער פון כל המינים וואָלטן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך ניט פאַרפאָלגט אַזוי שטאַרק די נייע אויפקלערער, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן דאָ און דאָרט; ווען מ׳וואָלט זיי אַזוי שטאַרק ניט גערודפט אין דער יידישער סביבה, וואָס האָט זיך דאַן מיט אַזאַ עקשנות געהאַלטן אָן איר פאַרגליווערטקייט און זיך אַזוי גע־שראָקן פאַר אַ ניי וואָרט; ווען די וואָס האָבן דעמאָלט אין יידישן לעבן געהאַט די מאַכט, די דעה און דעם איינפלוס, וואָלטן אַרויסגעוויזן מער טאָלעראַנץ צו די נייע אויפקלערער, וואָס זיינען אין גרונט געווען ניט נאָר גוטע און וואוילע, נאָר טאַקע אויך ערלעכע יידן, וואָלטן די משכילים אפשר גאָר קיינמאָל ניט אַרויסגעקוקט דערויף, אַז די רעגירונג זאָל זיי העלפן אין דעם קאַמף פאַר אויפקלערונג צווישן יידן.

עס פאַלט דאָך ממש אָן אַ שרעק, ווען מען לייענט איצט וועגן דעם וואָס די משכילים זיינען זיך אויסגעשטאַנען אין די שטעט און שטעטלעך, וואו אייגענע ברידער האָבן זיי גערודפט און פאַרפאָלגט אָן רחמנות!

אָט־וואָס אברהם־בער גאָטלאָבער, אַ געטרייער תלמיד פון יצחק־בער לע־ווינזאָן, דערציילט וועגן דעם:

„זייער פיל צרות, — שרייבט ער, — האָבן געהאַט אויסצושטיין די קעמ־פער פאַר ליכט פון דעם צאָרן פון די פינצטערע לייט, וואָס האָט געברענט ווי אַ העליש פייער.

„אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט טאָן, צו פייניקן זיי, צו מאַכן צונישט זייערע האָפענונגען און זייער גאַנצע מי, האָבן זיי געטאָן.

„זיי האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון די שטעט, צוגענומען ביי זיי די חיונה, געלעגט אין חרם אַריין, געמאַכט זיי צו שאַנד און צו שפּאָט, אָנגעצונדן דאָס פייער פון מחלוקת צווישן איידעמס און זייערע שווערן, וואָס זיינען געווען פינצ־טערע מענטשן, איינגאַנצן אָן וויסן; האָבן דערציילט פאַר זיי, אַז זייערע איידעמס

האָבן זיך אויסגעטאָן פון יידישקייט און זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צו הפקירות; האָבן דערציילט ליגנס זייערע יונגע פרויען, אַז זייערע מאַנען האָבן שוין אויפגע־הערט גלויבן אין גאָט און אַז אין גיכן וועלן זיי זיך אַוודאי שמדן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי פשוט אויסגעגראָבן אַ תהום צווישן די יונגע אויפקלערער און זייערע פרויען און זיי פשוט געצוואונגען אַרויסצוקריגן אַ גט. און געטאָן האָט מען דאָס, כדי מען זאָל זיי אַרויסטרייבן פון דעם שווערס שטיב און זיי זאָלן ניט האָבן וואָס צו עסן — און במילא וועלן זיי זיך דאַן אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די בילדונג מיט דער השכלה.

„אַ סך מענטשן האָבן די דאָזיקע לייט דערשלאָגן און אומגליקלעך געמאַכט אויף אייביק, ווייל זיי האָבן ניט געקענטביישטיין אַנטקעגן זיי.

„עס איז ניט געווען קיין איין מיטל, קיין איין תחבולה, וואָס די פאַנאַטיקער זאָלן ניט אויסגעפינען, אַבי אָפּצומעקן דאָס געדעכעניש פון השכלה פונם פנים פון דער ערד" *).

אַזוי שרייבט איינער, וועלכער איז אַליין געווען אַ קרבן פון די אַלע רדיפות און פאַרפאָלגונגען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס יצחק־בער לעווינזאָן און די אַנדערע משכילים פון זיין דור האָבן געמוזט איינזען, אַז אין די אייגענע, יידישע, קרייזן וועט מען זייער קאַמף פאַר אויפקלערונג ניט שטיצן. די גאַנצע אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אַרום זיי, האָט זיי געקענט אַריינטרייבן אין פאַרצווייפלונג. און ווייל די לאַגע איז געווען אַזאַ שרעקלעכע און ס'האָט זיך אין ערגעץ ניט געוויזן אַפילו קיין סימן דערויף, אַז ס'וועט ווערן בעסער, אַז די איי־גענע ברידער וועלן זיי אַנהויבן פאַרשטיין, האָבן זיי געמוזט אַרויסקוקן אויף הילף פון דער רעגירונג, וואָס האָט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז זי איז אויך דערפאַר, אַז מ'זאָל פאַרשפרייטן וועלטלעכע בילדונג צווישן יידן.

עס איז קיין אַנדער ברירה ניט געווען, און ס'איז אויך קיין אַנדער האָפנונג ניט געווען.

## ה.

צו די גרויסע מעלות וואָס יצחקבער לעווינזאָן האָט געהאַט ווי אַ טאַ־לאַנטפולער שריפטשטעלער און ווי אַ גרויסער בקי אין יידישע און אין וועלט־לעכע וויסנשאַפטן, איז ער אויך געווען געבענטשט מיט אַ גוטן חוש פאַר הומאָר און מיט אויסערגעוויינלעכן שאַרפזין, און דאָס איז אים זייער שטאַרק צונוץ געקומען און די פּאָלעמיקעס, וואָס ער האָט געפירט מיט זיינע קריטיקער און אויך מיט די וואָס האָבן געשריבן קעגן יידן און קעגן יידישקייט.

אין זיין ווערק „אפס דמים", וואָס איז אַן ענטפער צו די וואָס מאַכן בלוט־

*) אברהם-בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע, ז' 85.

בלבולים אויף יידן, דערמאָנט ער דעם היסטאָרישן פאַקט, אַז אין די גאָר אַלטע צייטן, נאָך איידער קריסטנטום איז געוואָרן אַ הערשנדע רעליגיע, האָבן געצנ־דינער געמאַכט פונקט אַזעלכע בלוט־בלבולים אויף קריסטן; ער רעדט מיט ביטערקייט וועגן דעם וואָס נאָכדעם ווי קריסטנטום האָט זיך פאַרשפּרייט און עס זיינען אין די קריסטלעכע לענדער שוין מער ניט געווען קיין געצנדינער, אין ווענמען מען זאָל קענען נעמען נקמה פאַר די בלוט־בלבולים, האָבן די קריסטן אָנגעהויבן מאַכן אַזעלכע בלבולים אויף יידן דערפאַר וואָס זיי גלויבן ניט, אַז יעזוס איז טאַקע געווען דער אמתער משיח; צו אַזאַ „מאָראַל" האָבן זיך דער־טראַכט די קריסטן ווען זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו דער מאַכט, און דאָס, זאָגט ער, דערמאָנט אים אין אַ פאַל, וואָס איז אַמאָל געשען אי׳ן דעם שטעטל קיליקיעוו, וואָס איז אין וואָלינער גובערניע. דאָרטן, אין יענעם שטעטל, האָט מען אַמאָל פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש אַ שוסטער דערפאַר וואָס ער האָט דערהרגעט אַ מענטשן; דער ריכטער האָט דעם מערדער פאַרמשפּט צום טויט און מ׳האָט אים געדאַרפט אויפהענגען, נאָר אַזוי ווי מ׳האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז דער איינצי־קער שוסטער אין שטעטל, איז געבליבן, אַז אויף זיין אָרט זאָל מען בעסער אויפהענגען אַ קאָוואַל, ווייל קאָוואַלעס זיינען אין שטעטל פאַראַן צוויי און מ׳וועט זיך קענען באַגיין מיט איינעם...

אין דעם זעלבן בוך „אפס דמים", וואָס איז געשריבן אין דער פאָרמע פון אַ דיאַלאָג צווישן אַ יידישן און אַ קריסטלעכן געלערנטן, רעדט יצחק־בער לע־ווינזאָן אויך וועגן יענע משומדים, וואָס האָבן אַמאָל עדות געזאָגט, אַז ס׳איז אמת, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח; ער שטעלט זיי אַרויס ווי פּראָסטאַקעס, גראָבע יונגען און ביליקע קאַריעריסטן, און דערביי דערציילט ער אַזאַ פאַל:

דער עסטרייכישער קייזער, יאָזעף דער צווייטער, איז אַמאָל געקומען קיין זלאָטשעוו און ער איז דאָרט געגאַנגען אין קלויסטער אַריין. גראָד דאַן איז אַ יידיש מיידל, אַ דינסט, געקומען צום גלח, ער זאָל זי אָפּשמדן. און ווען דער גלח האָט איר געשטעלט די פראַגע: וואָס עס האָט זי געבראַכט דערצו, אַז זי זאָל אויפגעבן דעם יידישן גלויבן און אָננעמען דעם קריסטלעכן, און דאָס דינסט־מיידל האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן דערויף, האָט דער קייזער זיך אַריינ־געמישט אין דעם און האָט געזאָגט:

— איך, פאָטערל, קען אייך ענטפערן דערויף: זי וויל זיך שמדן פּשוט דער־פאַר וואָס ס׳געפעלן איר שטאַרק די אונגאַרישע הוסאַרן, וואָס געפינען זיך איצט דאָ אין זלאָטשעוו...

פון אַזעלכע משומדתטעס און משומדים, — זאָגט דאָרט יצחק־בער לעווינ־זאָן אין זיין בוך „אפס דמים", — האָט מען דאָס אַמאָל גענומען אינפאָרמאַציע צו באַשטעטיקן דעם בלבול, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח. צו די

רייד פון אַזעלכע אומוויסנדע משומדתטעס און משומדים האָבן קריסטלעכע גלחים זיך דאָס צוגעהערט ביים קלייבן פאַקטן, וואָס זאָלן כלומרשט פעסט־שטעלן דעם אומגעלומפּערטן בלבול אויף אַ פאָלק, וואָס קען זיך ניט באַשיצן. מיט יידישע געלערנטע האָבן זיי וועגן דעם ניט גערעדט, און טאַקע ניט געקענט רעדן אויך, ווייל די מערסטע לומדים און רבנים אין פוילן און אין אוקראַינע האָבן גאָר קיין פּויליש ניט געקענט רעדן. בכלל האָבן זיי חוץ יידיש און העב־רעאיש גאָר קיין אַנדערע שפּראַכן ניט געקענט. אַ פרעמדע שפּראַך איז ביי זיי גאָר געווען טריף.

אין דער גרויסער צאָל אַרגומענטן, וואָס יצחק־בער לעווינזאָן ברענגט פון יידישער און וועלטלעכער געשיכטע צו באַווייזן די אומגעלומפּערטקייט פון דעם בלבול, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח; אין דעם ים פון אויסצוגן, וואָס ער ברענגט פון יידישע און ניט־יידישע ספרים, טראָגט ער אָפּט אַריין אַזאַ טאָן, וואָס מאַכט דעם שווערן ענין לייכטער און פאַרשטענדלעכער, און ער טוט דאָס מיט אַ שאַרפזיניקן משל און מיט אַ טרעפלעך גלייך־ווערטל, וואָס קריצט זיך שטאַרק אַריין אין זכרון, און דאָס איז אַ ברכה, מיט וועלכער בלויז געציילטע לומדישע שרייבער זיינען געבענטשט.

אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן — ניט נאָר אין זיין ווערק „אפס דמים", אין וועלכן ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן יידן קעגן די וואָס מאַכן בלוט־בלבולים אויף זיי — האָט ער זיך באַנוצט מיט זיין שאַרפזין, מיט זיין הומאָר, און דאָס האָט ניט ווייניק געהאָלפן אין דעם דערפאָלג, וואָס זיינע ווערק האָבן געהאַט.

אין זיין „תער הסופר", וואו ער טרעט אַרויס קעגן די קאַראַאימער און באַווייזט קלאָר, אַז אין דער זעלבער צייט וואָס זיי האַלטן אין טענהן, אַז זיי זיינען קעגן תלמוד און קעגן די זמרות, וואָס די יידישע געלערנטע האָבן אַרויפגעלייגט אויפן פאָלק, האָבן זיי אין דער אמתן גאָר אַרויסגענומען אַ היפּש ביסל פון דעם תלמוד און אַרויפגעלייגט נאָך האַרבערע חומרות, דערציילט ער אין איין קאַ־פּיטל אַ געשיכטע וואָס ער גיט אָן ווי אַ „מעשה שהיה":

„אַ יידיש יינגעלע, — דערציילט ער, — האָט זיך אַמאָל שבת ביינאַכט אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ געוויין—ער איז הונגעריק. ער וויל עסן! פרעגט אים די מאַמע: סטייטש? האָסטו דען ניט געגעסן קיין שלוש־סעודות גלייך מיט אונדז? דערהערט אַזאַ זאַך, האָט זיך דאָס יינגעלע נאָך שטאַרקער צעוויינט: אַהאַ, איר אַלע האָט געגעסן שלוש־סעודות און מיר האָט מען דאָס ניט געגעבן! — אָבער, קינד מיינס, — טענהט צו אים די מאַמע — האָסט שוין פאַרגעסן ווי דו ביסט אינאיינעם מיט אונדז געזעסן ביים טיש ווען דער טאַטע איז פאַרנאַכט געקומען פון דער שול? — ניין, דאָס האָב איך ניט פאַרגעסן — ענטפערט דאָס

יינגעלע. — האָט מען דיר ניט געגעבן קיין שטיקל פיש, קיין לעבערל מיט אַ פּאָלקעלע? — יאָ, מען האָט מיר געגעבן. — האָסטו ניט געגעסן קיין צימעס־פּאַסאָליעס? — יאָ, צימעס־פּאַסאָליעס האָב איך יאָ געגעסן. — איז פּאַרוואָס, מיין קינד, — פרעגט ביי אים די מאַמע — זאָלסטו זאָגן, אַז דו האָסט ניט געגעסן קיין שלוש־סעודות? דו גיסט דאָך אַליין צו, אַז דו האָסט יאָ געגעסן גלייך מיט אונדז! און ווען דאָס יינגעלע האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך נאָך מער צע־וויינט אויפן קול. — מען נאַרט מיך אָפּ — האָט ער געשריען — אַלע עסן שלוש־סעודות און מיר גיט מען דאָס ניט. איך וויל ניט קיין לעבערל מיט אַ פּאָלקעלע, איך וויל ניט קיין צימעס־פּאַסאָליעס, און איך וויל ניט קיין פיש — איך וויל שלוש־סעודות! — און ווען מען האָט דאָס דערהערט, האָט מען זיך שטאַרק צעלאַכט, ווייל ערשט דעמאָלט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז דאָס יינגעלע מיינט, אַז שלוש־סעודות איז אַוודאי גאָר אַ באַזונדער מאכל פאַר זיך...

„דאָס זעלבע — שרייבט לעווינזאָן — איז מיט די קאַראַאימער. ווען די פעלקער פרעגן ביי זיי, צי זיי האָבן אויך אָנגענומען דעם תלמוד, ענטפערן זיי דערויף, אַז ניין. אין דער אמתן אָבער, האָבן זיי איבערגענומען אַלע דינים פונם תלמוד, ממש טאַקע אות ביי אות. נאָך מער, זיי האָבן צו די דינים פונם תלמוד צוגעגעבן נאָך און נאָך און געשאַפן נאָך האַרבערע חומרות. עס איז ניט מער, זיי האָבן דאָס אָנגערופן מיט אַנדערע נעמען: „סבל הירושה", „ספר המצוות", וכדומה"*).

און אין זיין ווערק „זרובבל", וואו ער גיט אַ היסטאָרישע אָפּשאַצונג פונם תלמוד צוריקצושליידערן די אַלע בלבולים, וואָס שונאי־ישראל פון כלערליי מינים טראַכטן אויס אויף דער יידישער רעליגיע און אויף דער יידישער מאָראַל, באַווייזט ער קלאָר, אַז בכלל וואָלט מען אָן דער תורה שבעל פה בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין דעם תנ"ך; ער שטרייכט אונטער, אַז אין דער תורה זיינען געגעבן געוואָרן בלויז די יסודות, אויף וועלכע די געלערנטע פונם דור זאָלן אָוועקשטעלן בנינים. און קריטיקירנדיק שאַרף די, וואָס קענען זיך ניט פאַר־נאַנדערקלייבן אין דעם, דערציילט ער אַ שפּאַסיקע מעשה, וואָס טרעפט שטאַרק די, וועמען ער וויל טרעפן:

„צוויי יידן, — דערציילט ער, — וואָס האָבן קליינערהייט געלערנט אין איין חדר, האָבן זיך אַמאָל אין אַ יום־טובדיקן טאָג ערגעץ געטראָפן און זיי זיינען ביידע אַוועק שפּאַצירן. שפּאַצירנדיק, האָט דער ערשטער געפרעגט דעם צווייטן וואָס ער טוט. און יענער האָט אים געענטפערט, אַז ער איז איצט אַ משרת ביי דעם און דעם וויין־הענדלער, וואָס פאַרקויפט אַ געוויסן פראַנצויזישן וויין,

---

*) תער׳ הסופר, ז׳ 182.

וואָס איז עפּעס גאָר מובחר מן המובחר. דאַן האָט דער צווייטער געפרעגט ביים ערשטן וואָס ער טוט, און יענער האָט אים געענטפערט, אַז ער איז אַ משרת ביי אַ רב אין אַ גרויסער שטאָט.ביידע משרתים האָבן זיך צערעדט וועגן זייערע בעלי־בתים, ווי דער שטייגער איז שוין פון לאַנג. דער משרת, וואָס האָט געדינט ביים וויין־הענדלער, האָט דערציילט, אַז זיין בעל־הבית איז אַ מוראדיקער שווינדלער, ער נעמט וויין פון פּשוטן סאָרט און מישט דאָס צונויף מיט וויין פון אַ בעסערן סאָרט און נאָכדעם פאַרקויפט ער דאָס פאַר מובחר מן המובחר און קיינער כאַפּט זיך גאָרניט, אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט.

— אַזוי איז דאָס שוין, אַפּנים, היינטיקע צייטן, — האָט זיך אָנגערופן דער, וואָס איז געווען אַ משרת ביים רב פון שטאָט. — אַלע זיינען גנבים און שווינדלער. ניטאָ קיין איינער, וואָס זאָל גיין מיטן אמת. וואָס דאַרפסטו מער? נעם, אַ שטייגער, מיין בעל־הבית: אַ רב, אַ צדיק אין פּעלץ — איז ער אויך אַ שווינדלער און אַ גנב און ער נאַרט אָפּ די וועלט!

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — האָט געפרעגט דער משרת, וואָס האָט געדינט ביים וויין־הענדלער.

— פון וואַנען איך ווייס דאָס? — האָט געענטפערט דער אַנדערער משרת, וואָס האָט געדינט ביים רב. — אָט וועל איך דיר דערציילן, וועסטו דאָס אויך וויסן: ביי אונדז אין שטאָט, פאַרשטייסטו מיך, זיינען פאַראַן אַ סך סוחרים און מעקלערס, וואָס פירן גרויסע געשעפטן; עס זיינען אויך פאַראַן אַ סך קרעמער און בעל־מלאכות און אכסניות און בעלי־עגלות, נו, פאַרשטייסטו דאָך אַליין, אַז אַלע מאָל האָט אַן אַנדערער מיט אימיצן אַ דין־תורה, און צו וועמען קומט מען מיט אַ דין־תורה? צום רב. און וואָס, מיינסטו, טוט דער רב? ער זיצט און פּיפּקעט אַ ליולקע־ציבעק, און נאָכדעם ווי ער הערט איס אָן אַ שיעור עדות און לייענט איבער גאַנצע פּעק מיט פּאַפּירן און מיט וועקסלען און ער קוקט זיך גוט צו צו דעם וואָס ס'איז פאַרשריבן אין אַלע פּאַפּירן און וועקסלען, הייסט ער ביידע צדדים אַרויסגיין אויף אַ ווײַלע, און ווען זיי גייען אַרויס נעמט ער און מישט אויף אַ בלעטל אין עפּעס אַ קליין ספרל און ווייזט אָן דערויף די צוויי קלענערע דיינים, וואָס זיצן לעבן אים; ער רעדט צו זיי דערביי עפּעס אַזוינס, וואָס ניט איך און ניט דו וואָלטן דאָס געקענט פאַרשטיין, און נאָכדעם הייסט ער אַריינרופן די צוויי צדדים און זאָגט זיי, אַז אַזוי און אַזוי איז דער דין און דאָס און דאָס איז דער פּסק, און זיי גלויבן אים און גייען זיך אַוועק.

— שוין יאָרן, אַז ס'איז אַזוי. — האָט דערציילט דער, וואָס איז געווען אַ משרת ביים רב. — פון אינדערפרי ביז אויף דער נאַכט גייט עס אַזוי. מיט וואָס פאַר אַ קריגערייַ מען זאָל ניט קומען צו אים, קוקט ער אַלץ אַריין אין יענעם קליינעם ספרל, און דאָס איז דאָך זיכער אַ שווינדל, וואָרעם ס'טרעפט

דאָך אַמאָל, אַז ביידע צדדים טענהן צווײ טעג נאָכאַנאַנד און קענען אַלץ צו קיין טאָלק ניט קומען. ס׳טרעפט אויך, אַז אין איין טאָג קומט מען צו אים מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס קערן זיך גאָר ניט אָן איינע מיט די אַנדערע. נו, פרעג איך דיך, געשיקט זיך, אַז וועגן אַלץ און אַלעמען, וואָס מ׳האָט אָנגערעדט גאַנצע טעג, געפינט זיך אין דעם קליינעם ביכל, וואָס איז ניט גרעסער פון דעם סידורל, פון וואַנען איך דאַוון? און פאַרגעס ניט, אַז אַמאָל קומט מען צו אים מיט אַ געשיכטע, וואָס ציט זיך שוין אַ גאַנץ יאָר צייט און אַמאָל נאָך מער. פאַרגעס אויך ניט, אַז ער נעמט אַלצדינג אַרויס פון דעם קליינעם ביכעלע, וואָס איז ניט גרעסער פון מיין סידורל. נו, לעגט זיך מיר בשום אופן ניט אויפן שכל, אַז אין אַזאַ קליי־נעם ביכעלע זאָלן זיין פאַרשריבן אָט די אַלע זאַכן. ווען מען וואָלט דאָרט טאַקע אַלצדינג פאַרשריבן, וואָלט דאָס געווען ניט קיין קליין ביכל, נאָר אַ גרויסער, שווערער בוך, וואָס מ׳וואָלט געדאַרפט פירן אויף אַ וואָגן. נו, זעסטו שוין, אַז דער רב איז אַ שווינדלער, אַז ער נאַרט אָפּ אַלעמען?! אָבער אַזוי איז דאָס שוין היינטיקע צייטן: מענטשן זיינען פאַרגרעבט, זיי טאַפּן אין דער פינצטער ווי די בלינדע און זיי ווייסן ניט, אַז דער רב נאַרט זיי די גאַנצע צייט.

ווייטער דערציילט דער משרת פונם רב, אַז זיין בעל־הבית האָט אים אַמאָל געשיקט מיט אַ שליחות צו נאָך אַ גרעסערן רב און דאָרט האָט ער אויך געזען דעם זעלבן „שווינדל״; פונקט ווי זיין בעל־הבית, פּסקנט יענער גרויסער רב אויך אַלץ פון דעם „קליינעם ביכל, וואָס איז ניט גרעכער ווי אַ סידורל״, כאָטש ביי יעדן פּסק־דין פאַרשרייבט מען אַ וועלט מיט פּאַפּירן און מ׳הערט אויס אַ סך עדות.

— נו, דאַרף מען האָבן נאָך אַ גרעסערן באַווייז, אַז אַלץ איז דאָ אַ שווינדל?

— מאַכט אַזוי דער ייד, וואָס איז געווען אַ משרת ביים רב. — באַרעכן אַליין: וועגן יעדן פּסק, וואָס מ׳גיט אַרויס, שרייבט מען אָן בערג מיט פּאַפּירן און נאָכדעם קלעפּט מען זיי אַריין אין אַ בוך. אַזוי יעדן טאָג. און אין איין יאָר צייט וואַקסט דער בוך אויס אַזוי גרויס, אַז ער האָלט אַוודאי ניט וויניקער ווי אָן אַרשין די לענג, אַ האַלבן אַרשין די ברייט און אַ פערטל אַרשין די גרעב. אַלע יאָר אַזוי. עס איז אַ שווינדל, זאָג איך דיר. אַ שווינדל פון אָנהויב ביזן סוף...

און דעם זעלבן באַגריף פון דעם אומוויסנדן משרת, וואָס האָט געדינט ביי אַ רב, — זאָגט יצחק־בער לעווינזאָן, — האָבן אויך יענע לייט, וואָס טרעטן אַרויס קעגן תלמוד, ווייל זיי פאַרשטייען ניט, אַז אין דער תורה געפינען זיך בלויז די יסודות פון די דינים און געזעצן, און אַז צו זיי האָט מען געמוזט שאַפן דעם תלמוד, וואו די אַלע דינים און געזעצן ווערן אויסגעטייטשט און דער־קלערט. צו דער תורה שבכתב האָט מען געמוזט האָבן די תורה שבעל פה. אַזוי

פירט זיך בכלל אין דער וועלט פון געזעץ. און דער אמת איז, אַז ניט נאָר ביי ייִדן, נאָר אויך ביי אַנדערע פעלקער איז אין דעם פּרט פאַראַן אי אַ תורה שבכתב, אי אַ תורה שבעל פּה. אַנדערש וואָלט מען ניט געקענט פאַרשטיין די געזעצן און מ׳וואָלט ניט געוואוסט ווי אַזוי זיי אויסצוטייטשן, ווייל אין טעקסט־בוך ווערן דאָך אָנגעגעבן בלויז די יסודות זייערע.

***

יצחק־בער לעווינזאָן האָט זייער ניט ליב געהאַט יענע קריטיקער, וואָס שרייבן וועגן זאַכן, אין וועלכע זיי זיינען ניט זייער שטאַרק באַהאַוונט. ער איז געווען קעגן די, וואָס האָבן ניט דעם מוט אונטערצושרייבן זייער פולן נאָמען ווען זיי קריטיקירן עפּעס אָדער אימיצן. אויף אַזעלכע קריטיקער פלעגט ער זאָגן, אַז די ראשי־תיבות, וואָס זיי באַנוצן, ווען זיי ווילן דעם אמתן נאָמען ניט אָנגעבן, דערמאָנען אים אין דער פאַרקירצונג פון די צען מכות אין דער הגדה. ער האָט בכלל קיין קריטיקער ניט ליב געהאַט, און ווען זיינער אַ פריינד האָט אים אין אַ בריוו געמעלדעט, אַז זיינער אַ חבר, זייער אַ טאַלאַנטפולער יונגערמאַן, קלייבט זיך צו ווערן אַ קריטיקער, האָט ער אים דערויף געענטפערט:

„זאָג דיין חבר, אַז אַנשטאָט קריטיק זאָל ער פאַר זיך בעסער אויסקלייבן אַן אַנדערע און אַ בעסערע מלאכה, ווייל קריטיק איז ניט קיין קונסט און ניט קיין מלאכה. אויב דער יונגערמאַן איז אַ בית־מדרשניק, איז זאָל ער זיך בע־סער אויסלערנען בלאָזן שופר איידער שרייבן קריטיקן. אמת טאַקע בלאָזן שופר איז אויך ניט קיין מלאכה, דערפאַר אָבער איז דאָס אַ קונסט. און אויב ער איז אַ היינט־וועלטיקער יונגערמאַן, וואָס שפּאַצירט שוין אַרום אין פּאַרק, איז זאָל ער זיך אפשר גאָר צושאַרן צו אַ טרופּע אַקטיאָרן, וואָס וועלן זיך שאַפן מיט אים און ער וועט זיי פּאָלגן אַ גאַנג. און אויב ער איז גלאַט איינער פון יענע צעבאַ־לעוועטע יונגעלייטלעך, וואָס שפּאַרן זיך צום אויבנאָן, איז זאָל ער זיך צוגע־וויינען צו זיין אַן עזות־פּנים, אַ חוצפּהניק, און דאַן וועט אים אָפּגליקן אין אַלץ, צו וואָס ער וועט זיך נאָר נעמען, און ער וועט ווערן אַן עושר און מ׳וועט אויף אים זאָגן, אַז ער איז אַ גרויסער קענער און אַ גרויסער שרייבער, און ער וועט האָבן די גאַנצע דעה און אַלע וועלן אים פּאָלגן, ווייל אַפילו פונם הימל וועט מען אים העלפן, ווי אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט אין דער גמרא סנהדרין: „חוצפּה העלפט אַפילו אַנטקעגן גאָט אַליין״.

אויף אַן אַנדער פּלאַץ — אויך אין אַ בריוו צו אַ פאַרערער — זאָגט יצחק־בער לעווינזאָן, אַז פון די צען מאָס חוצפּה, וואָס מ׳האָט איינגעטיילט פאַר דער

וועלט, האָבן די קריטיקער צוגענומען גאַנצע ניין. און דערביי דערציילט ער אַזאַ געשיכטע:

„איינער איז אַמאָל געגאַנגען צו אַ גרויסן פּריץ, עפּעס צו בעטן ביי אים. ווען ער איז צוגעקומען צום הויף, האָט ער דערזען ווי דאָרטן דרייען זיך אַרום אין דרויסן גרויסע און שרעקלעכע חיות, טיגערס און לעמפּערטן, לייבן און בערן. האָט דער מענטש זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט אַנטלויפן, און דאַן האָט דער וועכטער, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער, געזאָגט צו אים: „קומט אַהער, איר דאַרפט זיך ניט שרעקן; אָט די אַלע חיות דאָ זיינען געצוימטע, מ'האָט זיי אויסגעלערנט, אַז זיי זאָלן קיינעם ניט טשעפּען". האָט זיך דער מענטש געלאָזט אַריינגיין אינעווייניק, און ווען ער איז צוגעקומען צו דער שוועל פונם פּאַלאַץ, איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַ קליין הינטל, גרויס ווי אַ קעצל, און האָט אָנגעהויבן האַווקען אויף אים. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן די לייבן, די לעמפּערטן, די טיגערס און די בערן און זיי האָבן צום הינטל געזאָגט: „מיאוסער כלב וואָס דו ביסט, ווי וואַגסטו צו עפענען דיין פּיסקל ווען מיר שווייגן?!" און דערויף האָט דאָס הינטל געענטפערט אַזוי: „אויף אייך איז גענוג צו געבן איין קוק און מען דערקענט גלייך וואָס איר זענט און וועד איר זענט, אָבער איך בין דאָך אַזוי קליין ווי אַ קעצל און ווען איך וואָלט ניט געהאַווקעט, וואָלט מען דאָך אַפילו ניט געוואוסט, אַז איך בין אַ הינטל" *).

און דאָ ענדיקט לעווינזאָן דעם בריוו מיט אַ פערז, וואָס לייענט זיך אין העברעאיש אַזוי:

אז שר העני זה האורח:
חי אָנכי! אם אכזב ואשקר,
— כה אמר בפנותו לכלב הנוכח —
אם לא׳לך נאה השם „מבקר".

דער גרויסער געלערנטער, וואָס איז אויך געווען אַ קעמפער, האָט געקענט זיין זייער שאַרף און זייער בייז, כאָטש ער איז אין דער נאַטור געווען דווקא אַ גאַנץ גוטמוטיקער מענטש. ער האָט אָבער געוואוסט ווען און ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט זיין שאַרפזין, וואָס האָט געקענט שניידן ווי מיט אַ חלף. און דאָס איז אים צונוץ געקומען ניט בלויז דאַן ווען ער האָט געדאַרפט אימיצן גוט טרעפן, נאָר דער עיקר דאַן ווען ער האָט געדאַרפט עפּעס גוט דערקלערן און דאָס מאַכן נענטער צום פּשוטן שכל.

*) דוד בער נאַטאַנזאָהן : ספר הזכרונות, ז׳ 62.

ז.

צוועלף יאָר צייט האָט יצחק־בער לעווינזאָן געאַרבעט איף זיין ווערק „זרבבל“, אין וועלכן ער האָט אָפּגעשאַצט דעם תלמוד פון אַ היסטאָריש־קריטישן שטאַנדפּונקט. און פּונקט ווי מיט די אַנדערע ווערק זיינע, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ גרויסן איינפלוס אויף זיין דור און אויך אויף די דורות, וואָס זיינען געקומען שפּעטער, האָט ער אין „זרובבל“ זיך אויך געשטעלט אַ מיסיע, און דאָס איז געווען — פאַרטיידיקן די עטיק פון דער יידישער רעליגיע און באַווייזן ווי פאַלש עס זיינען די בלבולים, וואָס שונאים טראַכטן אויס, אַז דער תלמוד איז אָנגעפילט מיט נאַרישקייטן, וואָס האָבן ניט קיין זין, און ווי געמיין עס זיינען יענע לייט, וואָס טראַכטן בכלל אויס בלבולים אויפן יידישן פאָלק.

באַשלאָסן צו שרייבן דאָס ווערק „זרובבל“, וואָס איז אַרויס פון דרוק ערשט נאָך זיין טויט, האָט ער אין יאָר 1839, ווען אַ משומד האָט איבערגעזעצט אויף העברעאיש דעם בוך „די וועגן פון דער וועלט“, וואָס אַן ענגלישער מיסיאָנער מיטן נאָמען מאַקאָלאַ האָט אָנגעשריבן צו באַווייזן, אַז דער תלמוד און אַלע אַנדערע יידישע רעליגיעזע ספרים זיינען פול און פיל מיט נאַרישע אָבערגלויבנס, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין זין, און אַז צו דעם ווערט דאָרטן אויך גע־פּרעדיקט האַס צו אַנדערע פעלקער.

ווי נאָר לעווינזאָן האָט איבערגעלייענט דעם בוך, וואָס האָט אויף העברעאיש געהייסן „נתיבות עולם“, האָט ער גלייך באַשלאָסן, אַז אַזוינס טאָר ניט פאַר־שוויגן ווערן, און ער האָט זיך גענומען שרייבן דאָס גרינטלעכע ווערק „זרובבל“, וואָס האָט געזאָלט זיין אַן ענטפער אויף די בלבולים פון דעם ענגלישן מיסיאָנער. אָבער ווען ער האָט געזען, אַז די אַרבעט וועט זיך לאַנג פאַרציען, האָט ער דער־ווייל אָנגעשריבן אַ קלענער ווערק, אין וועלכן ער האָט געענטפערט אויף די בלבולים, וואָס קריסטן מאַכן אויף דער יידישער רעליגיע און אויפן יידישן פאָלק. אָבער אויך דאָס קלענערע ווערק, וואָס ער האָט געהאַט פאַרטיק נאָך אין יאָר 1839 און וואָס האָט געהייסן „אחיה השילוני החוזה“, האָט איבער דער צענזור ניט געקענט דערשיינען אין רוסלאַנד און מ'האָט עס אָפּגעדרוקט אין אויסלאַנד ערשט אין 1863, נאָכדעם ווי יצחק־בער לעווינזאָן איז שוין געווען טויט.

אין „אַחיה השילוני החוזה“, וואָס איז, פּונקט ווי זיין „אפס דמים“, גע־שריבן אין דער פאָרמע פון אַ דעבאַטע צווישן אַ יידישן און אַ קריסטלעכן גע־לערנטן, קומט יצחק־בער לעווינזאָן אַרויס מיט שטאַרקע און גערעכטע טענות צו דער קריסטלעכער וועלט. ער דערמאָנט דעם פאַקט, אַז אין דער זעלבער צייט וואָס די קריסטן ריידן מיט אַזאַ פאַרנעם וועגן טאָלעראַנץ, שטעלן זיי אַן מיסיאָנערן

צוצורייִדן ייִדן צו שמד. זיי, די מיסיאָנערן, זאָגט דער ייִדישער געלערנטער, רייִדן מיט שפּאָט און שאַנד וועגן אונדזער גלויבן, און מיר מוזן דאָס אויסהערן און שווייגן; אַפילו ווען מען רופט יאָ אַרויס ייִדישע געלערנטע אויף אַ וויכּוח, טאָרן זיי ניט זאָגן וואָס זיי ווילן; איר צווינגט אונדז מיט געוואַלד אויסצוהערן אייערע טענות, — זאָגט דער ייִדישער געלערנטער אין לעווינזאָנס ווערק „אחיה השילוני" — ניט מיטן כּוח פון וואָרט ווילט איר אונדז איבערצייגן, נאָר מיטן כּוח פונם קולאַק. און אייך איז ניט שווער דאָס צו טאָן, ווייל איר זענט די הערשער אין לאַנד, און מיר ווערן באַהאַנדלט ווי פרעמדע. ווי קען אַ קנעכט זיך אויס־טענהן מיט זיין האַר? איר לעסטערט אונדזער גלויבן. איר טראַכט אויף אונדז אויס די ערגסטע בלבולים, און דערביי פאַרשליסט איר אונדז דאָס מויל און איר לאָזט אונדז קיין וואָרט ניט אַרויסרייִדן!

אַזוי רעכנט לעווינזאָן אויס אַ גאַנץ צעטל מיט גערעכטע טענות, וואָס ייִדן האָבן צו דער קריסטלעכער וועלט שוין אַזוי פיל הונדערטער יאָרן. און ווען ער קומט צו צו דעם, וואָס קריסטן שטאָלצירן אַזוי דערמיט, וואָס דער פונדאַמענט פון זייער גלויבן איז מענטשן־ליבע, קומט ער אַרויס מיט זייער שאַרפע רייד:

מיר, ייִדן, זאָגט ער, ווייסן זייער גוט די באַדייטונג פון אייער מענטשן־ליבע! וועגן דעם שרייט דאָס אומשולדיק־פאַרגאָסענע בלוט פון דורות, דערויף זיינען עדות די טויזנטער אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער אונדזערע, וואָס מען האָט פאַרפייניקט צום טויט; וועגן דעם דערציילט יעדער בלאַט פון אונדזער געשיכטע, יעדער שטיין ביי אייך אין לאַנד! אַפילו אין די הייַנטיקע צייטן, ווען די בלוטיקע שווערד געוועלטיקט שוין ניט אַזוי, ווי אין די אַלטע צייטן פון אַמאָל, פילן מיר ייִדן נאָך אַלץ דעם טעם פון אייער ליבע: דאָ נעמט מען ביי אונדז צו די רעכט פון בירגער און מען באַהאַנדלט אונדז ווי פרעמדע; דאָרטן טרייבט מען אונדז אינגאַנצן אַרויס פון לאַנד, און ערגעץ אַנדערש איז מען אונדז מבֿזה און מען טוט אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך, אונדז צו פאַרביטערן דאָס לעבן, אונדז צו פאַראומערן די יאָרן און די טעג.

מיט האַרבע רייד און מיט פעסטגעשטעלטע פאַקטן, וואָס זיינען מיט בלוט פאַרשריבן אין דער געשיכטע, זאָגט דער ייִדישער געלערנטער מוסר די קריסטן און ער באַווייזט זיי, אַז אין גרונט היטן זיי גאָרניט אָפּ דעם קריסטנטום, וואָס פּרעדיקט, אַז מען דאַרף ליב האָבן ניט נאָר דעם פריינד, נאָר אויך דעם שונא. איר גלויבט דאָך, זאָגט ער, אַז אייער אויסלייזער (יעזוס), וועמען איר האָט אָנער־קענט פאַרן אמתן משיח, וועט קומען נאָכאַמאָל, ווי עס ווערט געזאָגט אין עוואַנגעליום, און ער וועט פירן דעם גרויסן וועלט־משפּט, און דאָס, זאָגט דער ייִדישער געלערנטער, וועט פאַר אייך, קריסטן, זיין זייער אַ שווערער יום־הדין! אייער אויסלייזער וועט דאַן צו אייך דאָך האָבן אַ טענה, און ער וועט ביי אייך

פרעגן: אויב איר גלויבט אין מיר און מיין געבאָט, איז פאַרוואָס האָט איר ניט געהאַלטן און פאַרוואָס האָט איר ניט דורכגעפירט אין לעבן דעם וויכטיקסטן געבאָט מיינעם, אַז מען דאַרף ליב האָבן אַלע מענטשן, אַפילו דעם שונא?! דער־מיט אַליין, וואָס איר האָט ניט געהאַלטן דעם וויכטיקסטן געבאָט מיינעם, האָט איר דאָך שוין במילא צעשטערט אַלץ וואָס איך האָב געפּרעדיקט. איז אויב איר אַליין היט ניט אָפּ מיינע געבאָטן, פאַרוואָס רודפט איר יענע, וואָס גלויבן ניט אין מיר?

אַזוי טענהט דער יידישער געלערנטער צו דער קריסטלעכער וועלט און ער רופט אויס מיט צאָרן:

„איר פאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, אָבער דער אמת איז דאָך, אַז איר אַליין זענט גאָר קיין קריסטן ניט!“

ער שליידערט צוריק מיט פאַראַכטונג אַלע בלבולים וואָס שונאי־ישראל טראַכטן אויס אויף יידן; ער באַווייזט ווי פאַלש די אַלע בלבולים זיינען, און צוקומענדיק צו דער באַשולדיקונג, אַז יידן זיינען געלט־גייציק מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, שטעלט ער די קריסטן די פראַגע, צי זיי אַליין היטן־אָפּ דאָס, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער עוואַנגעליע, אַז „ווער עס האָט שטאַרק ליב געלט, דער האָט פיינט גאָט“, און דערביי זאָגט ער: אַפילו אייערע גלחים וועלן דאָך ניט באַערדיקן קיין טויטן, ביז מען באַצאָלט זיי ניט אין פאָראויס, מעגן די אייגענע פון דעם געשטאָרבענעם זיין ווי אָרעם און נויטבאַדערפטיק.

און ווייטער זאָגט ער:

איר, קריסטן, נעמט זיך בכלל שטאַרק איבער און איר רעדט מיט פאַראַכ־טונג וועגן דעם יידישן „אָבערגלויבן“ און יידישע „ווילדע מנהגים“. אָבער איך פאַסט בכלל ניט אָפּצולאַכן פון פרעמדע „אָבערגלויבנס“, בעת די יסודות פון אייער גלויבן זיינען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט פאַנטאַסטישע ניסים און לעגענדעס, וואָס איר האָט איבערגענומען ביי די גאָר אַלטע געצנדינערישע פעלקער. ביי אייער גלויבן, וואָס איז געבויט אויף לויטער נסים און לעגענדעס, וואָס זיינען אין אַבסאָלוטן ווידערשפּרוך מיט לאָגישע השערות, איז אַ סך בעסער זיך ניט אַריינצולאָזן אין חקירות וועגן רעליגיעזע פראַגן. און וואָס שייך דעם, וואָס די מיסיאָנערן אייערע קלאָגן אַזוי פיל דערויף וואָס אונדזערע רבנים האָבן אַרויס־געוויזן ממש טאָקע אַכזריות דערמיט וואָס זיי האָבן געמאַכט אַזויפיל חומרות, אַז דאָס פאָלק זיפצט, נעבעך, אונטערן שווערן יאָך, קען איך דערויף ענטפערן, אַז די דאָזיקע אַכזריות פון אונדזערע רבנים קען זיך געוויס ניט פאַרגלייכן מיט די בלוטיקע מעשים פון די קאַטוילישע גייסטלעכע...

שאַרפע און אָפענע רייד האָט יצחק־בער לעווינזאָן אַרויסגעזאָגט אין דעם דאָזיקן ווערק „אחיה השילוני“, וואָס איז געווען אַן ענטפער אויף די טענות פון

אַ קריסטלעכן מיסיאָנער, און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די צענזור אין רוסלאַנד האָט דאָס ניט געלאָזט דרוקן. מען האָט געדאַרפט האָבן מוט אַרויסצוזאָגן אַזעלכע שאַרפע און אָפענע רייד. און דער גרויסער יידישער אויפקלערער פון דעם קליינעם שטעטל קרעמענעץ איז ווירקלעך געווען אַ מענטש מיט אַ סך מוט. דער אמת, דער היסטאָרישער אמת, איז ביי אים געווען אַזוי טייער און הייליק, אַז ער איז געווען גרייט אַלעס איינצושטעלן פאַר אים. ער האָט דאָס באַוויזן ניט איינמאָל אין זיינע ווערק און אויך מיט זיינע מעשים. און עס איז דעריבער פאַלש די מיינונג פון יענע כלומרשט־מאָדערנע און כלומרשט־ראַדיקאַלע פאָרשער, וואָס האָבן געפּרואווט אַרויסשטעלן לעווינזאָנען ווי אַ מענטשן אָן מוט בלויז אויפן גרונט פון דעם וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן גוטע באַציאונגען מיט דער רוסישער רעגירונג. זיי פאַרגעסן, יענע כלומרשט מאָדערנע פאָרשער, אַז לעווינזאָן איז געווען געטריבן דערצו, און זיי פאַרזעען אויך דעם פאַקט, וואָס אין דער זעלבער צייט וואָס ער האָט אַמאָל דאָ און דאָרטן געשריבן אין אַ געהויבענעם מליצהדיקן טאָן, ווען ער האָט דערמאָנט דעם „קיסר ירים הודו“, האָט ער דאָך געזאָגט וואָס ער האָט געוואָלט אין געדאַרפט זאָגן, ווען ער האָט פאַרטיידיקט יידן און יידישקייט און צוריקגעוואָרפן און אָפּגעלייקנט די אַלע בלבולים און פאַלשע באַשולדיקונגען פון דער קריסטלעכער וועלט, וואָס די רוסישע צאַרן האָבן זיך געהאַלטן פאַר אירע היטער און באַשיצער.

און זאָל מען קיינעם ניט שרעקן מיט דעם וואָרט „אַפּאָלאָגעטיק“, וואָס מען האָט צוגעקלעפּט צו דער ליטעראַטור פון דעם מין, און וואָס אויף יידיש מיינט דאָס פשוט „זיך פאַרענטפערן“. דאָס איז ניט געווען קיין אַפּאָלאָגעטיק, נאָר אַ קאָנטר־אַטאַקע, ווי מען קען דאָס אָנרופן אויפן מיליטערישן לשון. ניט אין איין דור און ניט אין איין לאַנד האָבן יידן געדאַרפט געבן אַ שטאַרקע קאָנטר־אַטאַקע, ווייל מען האָט זיי שטאַרק אַטאַקירט און זיי האָבן די אַטאַקעס געדאַרפט אָפּשלאָגן. און צווישן די, וואָס האָבן אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט געפירט די יידן פון רוסלאַנד אין אַ קאָנטר־אַטאַקע קעגן די שונאים, איז אין דער ערשטער ריי געשטאַנען יצחק בער לעווינזאָן. אין דער זעלבער צייט, וואָס ער האָט אין די רייען פון זיין אייגן פאָלק אָנגעפירט אַ קאַמף פאַר אויפקלערונג, פאַר וועלטלעכער בילדונג, האָט ער אויך באַהיט און באַשיצט די יסודות פון היסטאָרישן יידנטום און זיך געשטעלט קעגן די פרעמדע שונאים, וואָס זיינען קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו טאָן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט צו פאַר־מיאוסן יידישקייט און דערשטיקן דאָס יידישע פאָלק.

ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך, דער גרויסער ייד פון דעם קליינעם שטעטל קרעמענעץ; ער איז שטענדיק געווען שטאַרק פאַרטאָן אין די אידעען, וואָס ער האָט געפּרעדיקט. און כאָטש ער האָט אין זיין לעבן אַזוי פיל

אויפגעטאָן, אַזויפיל געשאַפן און אַזויפיל געלערנט, איז ער דאָך כמעט אַלע זיינע יאָרן געווען אַ קראַנקער מענטש, און עס איז דעריבער פשוט צו באַוואונדערן ווי אַזוי ער האָט געקענט אויפטאָן אַזוי פיל.

אין דעם אַריינפיר צו זיין ווערק „בית יהודה", וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס פון דרוק אין יאָר 1839, פאַרענטפערט ער זיך פאַרוואָס ער רופט זיך ניט אָפּ אויף די בריוו, וואָס זייער אַנגעזעענע מענטשן שרייבן צו אים; ער דערציילט דאָרטן, אַז דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל ניט שרייבן; ער טוט דאָס, זאָגט ער, בלויז דאַן ווען ער מוז, און בעטנדיק די פריינד, אַז זיי זאָלן אויף אים קיין פאַראיבל ניט האָבן דערפאַר וואָס ער ענטפערט ניט פּינקטלעך אויף זייערע בריוו, מאַכט ער אַ באַמערקונג, אַז אַ גענעראַל אויפן שלאַכטפעלד באַליידיקט זיך געווײנלעך ניט פון דעם, וואָס אַ סאָלדאַט, וועלכער ליגט אויף דער ערד אַ פאַרוואונדעטער, הויבט זיך ניט אויף פאַר אים צו סאַלוטירן...

אין זיין באַשיידנקייט האָט ער זיך געמאַכט פאַרן פשוטן סאָלדאַט, און די אַנדערע — פאַר גענעראַלן, כאָטש אין דער אמתן איז ער צווישן אַלע אויפקלערער פון זיין דור געווען דער ערשטער גענעראַל אין דער ריי.

עס פאַרקלעמט פשוט ביים האַרצן ווען מען באַקענט זיך מיט די אַלע איינצלהייטן, וואָס גיבן אַ באַגריף וועגן דעם אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכער לאַגע יצחק־בער לעווינזאָן האָט זיך געפונען אין די יאָרן פון זיין שאַפן און ווירקן.

אין אַ בריוו צו אַ פריינד וועגן זיין לעבן אין קרעמענעץ שרייבט ער:

„און וועגן דעם וואָס דו פרעגסט מיך ווי אַזוי איך קום אויס מיט די היגע מענטשן, קען איך דיר זאָגן, אַז ווי דו ווייסט, האָב איך זיך בעסער באַזעצט וויט אויסער דער שטאָט. דאָס האָב איך געטאָן נאָך דעמאָלט, ווען איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אַהער פון דער שטאָט בראָד, וואָס איז מיר נאָך איצט אויך זייער טייער. איך וואוין מיר איינער אַליין, אינגאַנצן מחוץ למחנה און איך קער זיך מיט קיינעם ניט אָן, און ווייל איך בין קראַנק און עס איז מיר פשוט שווער צו גיין, איז שוין פינף און דרייסיק יאָר זינט איך בין אין שטאָט ניט געווען. איך דאַנק נאָר גאָט וואָס עטלעכע זייער פיינע און וואוילע מענטשן, וואָס קענען די וועלט און וואָס האַלטן פון מיר, באַזוכן מיר פון צייט צו צייט. איך בין זיך מיט זיי פשוט מחיה, ווי איינער וואָס געפינט וויינטרויבן אין אַ מדבר".

אין דעם זעלבן בריוו דערציילט לעווינזאָן אויך, אַז עס טרעפט ווען געבילדעטע לייט פון אַנדערע שטעט, יידן און אויך קריסטן, קומען אַמאָל צו אים צו גאַסט; פאַרנדיק ערגעץ מיטן באַן, לייגן זיי אָן וועג און כאַפּן זיך אַראָפּ צו אים קיין קרעמענעץ, און דאָס פאַרשאַפט אים גאָר גרויס פאַרגעניגן; ער האָט ליב צו פאַרברענגען מיט אַזעלכע געסט, אָבער זיי קומען אַזוי זעלטן, און ער בלייבט

אין קרעמענעץ אַן עלנטער, אַן איינזאַמער. עס טוט אים ווי דאָס האַרץ, באַקלאָגט ער זיך אין דעם בריוו, ווען ער דערמאָנט זיך, אַז אַמאָל האָבן אין דעם זעלבן שטעטל קרעמענעץ געוואוינט געלערנטע לייט, גרויסע לומדים; איצט אָבער איז דאָרטן קיינער ניט געבליבן.

נאָך קלאָרער רעדט ער וועגן זיין טרויעריקער לאַגע אין אַ בריוו, וואָס ער האָט אין יאָר 1853 צוגעשיקט צו זיין פריינד דר. יוסף זעיבערלינג, וועלכער איז געווען איינער פון די געלערנטע יידן אין יענער צייט.

„אויף דער עלטער״, — שרייבט יצחק בער לעווינזאָן אין יענעם בריוו, — „קומט מיר אויס צו לעבן אין גרויס אָרעמקייט אין אין שרעקלעכער נויט. איך קען ניט אַרויסגיין פון דער שטוב און איך קען ניט אַראָפּגיין פון בעט, און אַזוי לעב איך איינער אַליין ווייט פון דער שטאָט, אַן עלנטער מענטש.

„נו, זעסט שוין ווי דו ביסט ניט גערעכט מיט די אַלע טענות, וואָס דו האָסט צו מיר אין דיין בריוו. ווי עס ווייזט אויס, ווייסטו ניט אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך געפין זיך. און עס קען זיין, ווען איך וואָלט געגומען אַ ספר־תורה אין די הענט און וואָלט אויפן באַלעמער אין שול געשוואָרן פאַר דיר, וואָלסטו, מיין טייערער פריינד, מיר אויך ניט געגלויבט, אַז איך בין טאַקע אַזוי אויף צרות. עס איז אָבער דאָך אמת, אַז עס איז שוין דרייסיק יאָר אין דעם, זינט איך בין אַ וויסטער אָרעמאַן. איך בין ניט נאָר אָרעם, נאָר אויך קראַנק — אַזוי קראַנק, אַז איך קען זיך פּשוט ניט רירן; איך ליג אין בעט און איך פיל ווי די כוחות גייען מיר אויס.

„איך שווער דיר ביי מיין לעבן״, — שרייבט ער ווייטער אין דעם זעלבן בריוו — „אַז דו האָסט אומזיסט טענות צו מיר פאַרוואָס איך ענטפער דיר ניט פּינקטלעך אויף דיינע בריוו. ווען דו וואָלסט געקומען אַהער פאַרברענגען מיט מיר עטלעכע טעג, וואָלט איך אַוודאי געטאָן אַלץ דיר צו שענקען די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. אָבער שרייבן אָפטע בריוו קען איך פאָרט ניט. ווען די שווערע קראַנקהייט לאָזט מיך אַמאָל אָפּ אויף אַ טאָג, אָדער אויף אַ שעה, דאַרף איך שרייבן בריוו צו געוויסע נגידים און בעטן, אַז זיי זאָלן מיר מיט עפּעס אַרויס־העלפן, אָדער איך דאַרף איבערקוקן און אויסבעסערן די מאַנוסקריפּטן פון מיינע ווערק, וואָס האָבן מיך געמאַכט קראַנק און אויף וועלכע איך האָב געאַרבעט מער ווי דרייסיק יאָר, און וואָס נאָך אַלעמען זיינען זיי דאָך דאָס גאַנצע לעבן מיינס. וואָרעם וואָס דען האָב איך אויף אָט דער וועלט? ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד, ניט קיין ברודער, ניט קיין פריינד, ניט קיין זילבער, ניט קיין גאָלד. און פון געזונט איז שוין אָפּגערעדט. אַלע אברים פון קערפּער טוען מיר ווי. איך קען אַפילו אין קיין בריטשקע ניט פאָרן צו באַזוכן אַ באַקאַנטן דאָ אין שטעטל. איינער אַ געוויסער פּריץ, אַ געבילדעטער מענטש, וואָס איז שוין פיר חדשים אין

קרעמענעץ, האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז ער דאַרף מיך זען וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין און ער בעט מיך, איך זאָל קומען צו אים; עטלעכע מאָל האָט ער געשיקט זיין קאַרעטע נאָך מיר, אָבער איך האָב דעם קוטשער געמוזט הייסן פאָרן צוריק אָן מיר, ווייל עס איז מיר שרעקלעך שווער צו פאָרן. איך בין קראַנק. בלויז אַמאָל־אַמאָל, ווען עס ווערט מיר גרינגער און די ווייטיקן זיינען ניט אַזוי גרויס, גיי איך זיך דורך צו די פּאָר פריינד, וואָס וואוינען דאָ ניט ווייט. עטלעכע שפּאַן פון מיין שטוב. ווייטער בין איך אין ערגעץ ניט געווען פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר."

און אין אַ בריוו קיין פּראָסקוראָוו צו ר' יהושע הערנשטיין, וועלכער האָט אים אַ ביסל אַרויסגעהאָלפן, האָט דער גרויסער אויפקלערער און קעמפער, אויף וועמעס ווערק עס האָבן זיך דערצויגן עטלעכע דורות ביי יידן, געשריבן, אַז איבער דעם וואָס ער איז אַזוי קראַנק און אָרעם באַווייזט ער דעם טאָג וואָס ער איז געבאָרן געוואָרן, און ער זאָגט, אַז ווען ניט עטלעכע גוטע מענטשן אין קרעמענעץ, וואָלט ער אינגאַנצן געווען אַ פאַרלאָרענער. „ס'טרעפן צייטן, שרייבט ער אין דעם בריוו, ווען איך האָב פּשוט ניט קיין שטיקל ברויט אין שטוב; עס טרעפט אויך, אַז ס'גייען אַוועק אַ צוויי־דריי חדשים און איך קוק אַלץ אַרויס דערויף, אַז אימיצער זאָל מיר עפּעס צושיקן, אָבער קיינער שיקט גאָרנישט צו. גלייבט מיר, אַז איידער אַזאַ לעבן, איז שוין בעסער דער טויט *).

אויף ווי ווייט די אָרעמקייט האָט יצחק־בער לעווינזאָנען געדריקט און ווי גרויס עס איז געווען די פאַרצווייפלונג, אין וועלכער זי האָט אים אָפּט אַריינגע־טריבן, קען מען זען פון דעם, וואָס אין זעלבן בריוו האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז עס איז גוט וואָס ער איז אַן אַלטער מאַן און עס איז אים שוין ניט געבליבן קיין סך צו לעבן. אַזוי האָט ער געטרייסט זיך אַליין און אויך די, וואָס האָבן אים דאָך אַרויסגעהאָלפן אַמאָל. און אינגאַנצן איז ער דעמאָלט אַלט געווען אַכט און פופציק יאָר!

אין אַזאַ אָרעמקייט האָט געלעבט דער מענטש, וועגן וועמען געוויסע כלומרשט־מאָדערנע „פאָרשער" פון יידישער געשיכטע און ליטעראַטור האָבן געשריבן ווי וועגן דעם „אידעאָלאָג פון דער יידישער בורזשואַזיע"!...

און אין אַזאַ אָרעמקייט און אונטער אַזעלכע שווערע באַדינגונגען, וואָס האָבן זיין לאַגע געמאַכט נאָך טויזנט מאָל ערגער איבער דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי קראַנק און שוואַך, האָט יצחק־בער לעווינזאָן געאַרבעט יאָרן־לאַנג אויף זיין ווערק „זרובבל", אין וועלכן ער האָט געשריבן מיט אַזוי פיל וויסן און מיט אַזוי פיל האַרץ וועגן יידן און יידישקייט. און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם,

*) זע: רשומות, ב' 1, אין דער אָפּטיילונג „איגרות", ז' 463.

איז ער שוין געווען אַן אַלטער מאַן פון פינף און זעכציק יאָר, און קיין געלט אַרויסצוגעבן דאָס ווערק האָט ער ניט געהאַט און עס איז דעריבער אַרויס פון דרוק נאָך זיין טויט, אינאיינעם מיט די אַנדערע כתבים, וואָס זיינען פון אים געבליבן. אויך זיין „הפקר־וועלט״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויף יידיש, און אין וועלכן ער האָט זייער שאַרף און בייסנד קריטיקירט די נגידים, די גבאים, די בעלי־טאַקסעס און די אַנדערע רייכע לייט, וואָס אונטערדריקן דאָס אָרעמע פאָלק, איז אַרויס ערשט נאָך זיין טויט. אָבער אין מאַנוסקריפּט איז דאָס גע־גאַנגען פון האַנט צו האַנט און מען האָט דאָס אַ סך געלייענט.

ז.

וואָס עלטער יצחק־בער לעווינזאָן איז געוואָרן, אַלץ שווערער האָט זיך אויף אים געלעגט דאָס אָרעמע און עלנטע לעבן אין דעם קליינעם שטעטל קרעמענעץ. אַרבעטנדיק איבער די כוחות אויף זיינע ווערק, וואָס ער האָט גע־שריבן „מיט דעם איינציקן צוועק צו ברענגען נוצן יידן און יידישקייט״, ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, האָט ער אויסער אַלע אַנדערע צרות, אויך געהאַט גענוג צרות פון דעם וואָס אין קרעמענעץ האָט ער ניט געקענט קריגן די ביכער, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבן זייער נייטיק צו דער אַרבעט. אַפילו אין דער אַלטער ביבליאָטעק, וואָס ביים קרעמענעצער ליצעאום, האָט ער ניט אַלע מאָל די נויטיקע ביכער געקענט קריגן, און דאַן פלעגט ער געוויינלעך שרייבן צו פריינד און באַקאַנטע אין גרעסערע שטעט, און בעטן מ׳זאָל אים צושיקן אויף אַ קורצער צייט אַזאַ און אַזאַ בוך, אָדער אַזאַ און אַזאַ ספר. אָבער זייער אָפט האָט געטראָפן, אַז עס זיינען אַוועק חדשים און מען האָט אים גאָרניט צוגעשיקט, ווייל די מענטשן, צו וועלכע ער האָט זיך געווענדט, זיינען געווען פאַרנומען מיט זייערע אייגענע געשעפטן, און ווען זיי האָבן שוין יאָ צוגעשיקט, איז עס אָפט געווען גאָר ניט דער בוך, וואָס ער האָט געדאַרפט.

דאָס גליק איז נאָך געווען וואָס יצחק־בער לעווינזאָן האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון. דאָס האָט אים אַ סך אַרויסגעהאָלפן אין זיין אַרבעט. אָבער ניט אַלע מאָל האָט ער זיך געוואָלט פאַרלאָזן אויף זיין זכרון, און אין די מערסטע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער זיך אַלץ געקלאָגט דערויף וואָס אין דעם קליינעם שטעטל קרעמענעץ קען ער ניט קריגן די ביכער, וואָס ער דאַרף האָבן אַזוי נויטיק. „אַן געצייג, — זאָגט ער אויף איין אָרט — קען אַ מייסטער גאָרניט אויפטאָן.״

זיין לעבן האָט זיך אָפט צונויפגעלייגט אַזוי, אַז ס׳איז אויסגעקומען ווי דער שטן אַליין וואָלט זיך פאַרלייגט אים צו פאַרפאַלגן וואָס מער.

ער האָט איינמאָל אַריינגענומען צו זיך אין שטיבל זיינע אַ ווייטע קרובה, אַן אָרעמע פרוי מיט עטלעכע קינדע׳ר, און זי האָט אויפגעפּאַסט אויפן שטיבל און אַכטונג געגעבן אויף אים, אויף דעם עלנטן און קראַנקן יצחק־בער לעווינזאָן. וואָס איז שטענדיק געווען פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. איינער פון דער פרויס זין, אַ יינגעלע מיט אַ גוט האַרץ, האָט זיך שטאַרק צוגעקלעפּט צו אים; ער פלעגט אים גערן פאָלגן אַ גאַנג און געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט אים נאָר געהייסן, און דערפאַר האָט יצחק־בער לעווינזאָן מיט אים געלערנט און געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט, אַז דאָס יינגל זאָל אויסוואַקסן אַ לייט און די אָרעמע מאַמע זאָל קענען האָבן נחת פון אים.

צען יאָר זיינען אַזוי אַוועק. דאָס יינגל איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסער בחור, און יצחק־בער לעווינזאָן האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו אים, אַז ס׳איז אים שוין שווער געווען אָן אים אויסצוקומען. און דאַן איז גאָר פּלוצלונג געשען אַן אומגליק: דער בחור איז גערירט געוואָרן פון זינען און ער האָט אַזוינס צעאַרבעט, אַז עס איז געווען ניט אויסצושטיין פון אים.

די אַלע מיטלען, וואָס מ׳האָט אָנגענומען אים אויסצוהיילן פון משוגעת, האָבן ניט געהאָלפן. האָט די מוטער באַשלאָסן צו פאָרן מיט אים צו אַ חסידישן רבין, ער זאָל אים געבן עפּעס אַ קמיע. אפשר וועט דאָס העלפן?...

שטערן איר אין דעם האָט יצחק־בער לעווינזאָן ניט געוואָלט, כאָטש ער אַליין איז געווען קעגן חסידישע רביים. ער האָט די פּשוטע אומוויסנדע פרוי ניט געוואָלט אָפּשלאָגן פון דעם, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט דאָס טאָן, וועט איר פאַרצווייפלונג ווערן נאָך גרעסער. ער האָט בלויז מיטגעשיקט מיט איר נאָך צוויי יידן, זיי זאָלן איר אויפן וועג העלפן אַכטונג געבן אויף דעם זון, וואָס איז גערירט געוואָרן פון זינען.

אויפן וועג האָט דער משוגענער זון געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פונם וואָגן אין מיטן וואַלד, און ווען די מוטער האָט מיט אַלע כוחות געפּרוּווט אים איינהאַלטן, האָט ער איר דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין האַרצן און זי איז אַראָפּגעפאַלן פונם וואָגן און איז געשטאָרבן אויפן אָרט.

די צוויי יידן אויפן וואָגן האָבן דעם משוגענעם געבונדן און אים געבראַכט צוריק קיין קרעמענעץ, און דאַן האָט לעווינזאָן אים אַוועקגעשיקט קיין קיעוו און אים דאָרט אַריינגעגעבן אין אַ משוגעים־הויז, און די אַנדערע קינדער, וואָס זיינען געבליבן יתומים אָן אַ מאַמען און אָן אַ טאַטן, זיינען זיך צעפאָרן וואוהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן, און יצחק־בער לעווינזאָן איז אין דעם אָרעמען שטיבל ווידער געבליבן אַליין — אַ קראַנקער, אַן אַלטער, אַן עלנדער מענטש, אָן קיינעם, וואָס זאָל אויף אים אַכטונג געבן.

„פרעמדע מענטשן קומען אַמאָל אַכטונג געבן אויף מיר, — דערציילט ער

אין אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין יענער צייט צו זיין נאָענטן פריינד דוד לוריע, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די אויפקלערער פון יענעם דור. — די פרעמדע מענטשן אָבער האָבן אין זינען עפּעס צונעמען, עפּעס צו באַהאַלטן, און איך ליג אין בעט און קען זיך ניט רירן".

און אין אַן אַנדער בריוו צו דעם זעלבן מענטשן, פאַר וועמען ער האָט ערשט ניט לאַנג צוריק דערציילט וואָס פאַר אַ צרות ער טראָגט אַריבער און ווי עלנט און אומגליקלעך ער איז, רעדט ער מיט גרויס פרייד וועגן זיין ווערק „זרובבל", וואָס ער האָט שוין פאַרענדיקט; ער דריקט אויס די האָפענונג, אַז דאָס ווערק „וועט געוויס מאַכן אַ גרויסן רושם אויף דער וועלט". און דערביי זאָגט ער אויך, אַז שרייבנדיק דאָס ווערק, אין וועלכן ער פאַרטיידיקט דעם תלמוד, האָט ער געהאַט פאַר די אויגן די אַלע ביכער, אין וועלכע שונאי־ישראל האָבן אין אַלע צייטן געמאַכט באַשולדיקונגען קעגן דעם תלמוד. קיין איין בוך פון דעם מין האָט ער ניט פאַרזען. און מ'קען זיך פאָרשטעלן וויפל מי דאָס האָט אים געקאָסט און וויפל ענערגיע ער האָט אַריינגעלייגט אין דעם ביז ער האָט אין קרעמענעץ די אַלע ביכער געקראָגן. נאָר אַ מענטש מיט אַזוי פיל ענערגיע און מיט אַזוי פיל געדולד ווי ער האָט געהאַט, האָט דאָס געקענט באַווייזן. דווקא אין דעם קראַנקן קערפּער האָט געלעבט אַ געזונטער גייסט, וואָס האָט געקענט מויערן ברעכן און אַלע שטערונגען בייקומען.

קיין קראַנקהייט, קיין אָרעמקייט האָט אים ניט געקענט ברעכן, ווייל ער האָט טיף געגלויבט אין דעם וואָס ער האָט געפּרעדיקט און איז געווען איבער־צייגט, אַז ער גייט אויפן ריכטיקן וועג. און מ'קען זאָגן, אַז כאָטש די פרומע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס, איז ער אין דער אמתן געווען אַ צדיק, אַ גרויסער צדיק. ווי אַן אמתער צדיק האָט ער אַלע זיינע יאָרן זיך איינגעשטעלט פאַר גערעכטיקייט און געווידמעט אַלע זיינע יאָרן דער גרויסער „תעודה", דער הייליקער מיסיע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען צו ברענגען נוצן דעם יידישן פאָלק.

ח.

איבער דער קראַנקהייט, וואָס האָט אים יאָרנלאַנג געפּייניקט און איבער דער אָרעמקייט, וואָס האָט אים אָפט דאָס לעבן פאַראומערט, איז יצחק־בער לעווינזאָן אַלט געוואָרן פאַר דער צייט. אין דער עלטער פון עטלעכע און פערציק יאָר האָט ער שוין אויסגעזען ווי אַ זקן. און נאָך עלטער ווי אַלע מאָל האָט ער אויסגעזען ווען ער איז געזעסן אין בעט, און דאָס פלעגט אים אויסקומען צו טאָן זייער אָפט; זיצנדיק אַ קראַנקער אין בעט, האָט ער אויפגענומען די געסט, וואָס זיינען געקומען צו אים, און פילנדיק די ווייטיקן, וואָס האָבן אים

זעלטן אָפּגעלאָזט, האָט ער מיט זיינע געסט גערעדט וועגן דעם גורל פון דעם ייִדישן פאָלק צווישן אַנדערע פעלקער, וועגן פלענער אויסצובעסערן דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער און אויך וועגן ווערק, וואָס ער האָט געהאַלטן אין שרייבן און אין וועלכע ער האָט אָנגעפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר די אידעען, וואָס זיינען אים געווען טייער.

דאָס וואוינען אין אַ שטיבל ווייט פון דער שטאָט האָט נאָך גרעסער געמאַכט זיין עלנטקייט. און פון אַ פּאָר באַמערקונגען, וואָס מען געפינט אין זיינע בריוו, און אויך פון דעם, וואָס אַנדערע האָבן דערציילט, קען מען זען, אַז נאָך מער ווי אַלע מאָל האָט זיך די עלנטקייט געפילט אין דעם שטיבל ביינאַכט, ווען אַרום און אַרום איז געוואָרן אַזוי פינצטער, אַז עס איז געווען אַ מורא אַרויסצוגיין אין דרויסן.

איינמאָל האָבן זיך רויבער אַריינגעריסן ביינאַכט צו אים אין שטיבל. די בעל־הביתטע פון דעם שטיבל איז שוין געשלאָפן. אויך די קינדער אירע זיינען שוין געשלאָפן. דער איינציקער, וואָס איז נאָך ניט געשלאָפן, איז געווען יצחק־בער לעווינזאָן; אַ קראַנקער איז ער געלעגן אין בעט און האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר ביים שיין פון אַ ליכטל, וואָס האָט געברענט אויפן טיש. ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן ווען ער האָט דערזען די פרעמדע מענטשן מיט די בייזע פּנימער אין אַזאַ שפּעטער נאַכט־שטונדע; אָבער שרייען האָט ער מורא געהאַט; די רויבער האָבן אים געסטראַשעט, אַז אויב ער וועט אַרויסלאָזן אַ פּיפּס פון מויל, וועלן זיי אים דערהרגענען גלייך אויפן אָרט, איז ער, אַ דערשראָקענער, געלעגן אין בעט און האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, און ליגנדיק אַזוי אַ דערשראָקענער, האָט ער געמוזט צוזען ווי די גנבים קערן אַלץ איבער אין שטוב אָרען־קאָרען און נעמען צו אַלץ, וואָס עס האָט נאָר עפּעס אַ שטיקל ווערט, און עס האָט לאַנג געדויערט ביז זיי זיינען אַוועק ברוגזע דערפאַר וואָס זיי האָבן ביים בעל־הבית אין ערגעץ קיין געלט ניט געפונען.

דאָס איז געשען אין יאָר 1859. יצחק־בער לעווינזאָן איז שוין דאַן געווען אַ זקן פון איין און זיבעציק יאָר; און מען קען זיך פאָרשטעלן ווי גרויס עס איז געווען זיין שרעק נאָכדעם, ווען ער האָט אין זיין קליינעם שטיבל, וואָס איז געשטאַנען ווייט פון דער שטאָט, דערהערט טריט פון ווייטנס אין אַ שפּעטער נאַכט־שטונדע, ווען ער איז איינער אַליין געלעגן אין זיין חדר און אַריינגעקוקט אין אַ ספר ביים שיין פון אַ ליכט, וואָס האָט געצאַנקט אויפן טיש.

עס איז בכלל קיין נייעס ניט געווען, אַז אַ פרעמדער מענטש, אַ ניט־געבעטענער גאַסט, זאָל ביינאַכט אַריינקומען, אָדער זיך גאָר אַריינרייסן, אין דעם שטיבל, וואו יצחק־בער לעווינזאָן האָט אין קרעמענעץ געוואוינט ווייט פון דער שטאָט.

איינמאָל, אין אַן אָסיענדיקער נאַכט, ווען עס איז אין דרויסן געווען שטאָק־פינצטער און עס האָט געגאָסן אַ טיטשע רעגן, איז אברהם בער גאָטלאָבער גראָד געווען ביי לעווינזאָנען צו־גאַסט, און ביידע, דער רבי און אויך דער תלמיד, וואָס איז געווען מיט אַ דריי און צוואַנציק יאָר ייִנגער, זיינען געזעסן אין שטיבל און האָבן גערעדט וועגן די נויטיקע רעפאָרמען, וואָס מען דאַרף מאַכן אין דעם ייִדישן גייסטיקן און אויך ווירטשאַפטלעכן לעבן. דערביי האָבן, ס׳פאַרשטייט זיך, אויך ניט אויסגעפעלט קיין דברי־תורה, ווי דער שטייגער איז געווען. און די בעל־הביתטע פון דעם שטיבל איז געזעסן ביי דער הרובע, וואָס מען האָט איינ־געהייצט מיט אַן אָקולאָט־שטרוי, און כאָטש זי האָט ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט פון דעם, וואָס מען האָט גערעדט, האָט זי זיך דאָך צוגעהערט, אָבער עס איז איר אין איין אויער אַריין און דורכן אַנדערן אַרויס.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר געגעבן אַן עפן־אויף און אַ הויכער מאַן מיט ברייטע פלייצעס האָט געגעבן אַ שטעק אַריין דעם קאָפּ און אויסגעשריען אויפן קול:

— בראָנפן האָט איר?

„פון דעם היטל, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן קאָפּ און אויך פון די עפּאָלעטן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט פון אונטער דער בורקע אויף די אַקסלען, האָט מען געקענט זען, אַז ער איז עפּעס גאָר אַ וואַזשנער מיליטערישער מענטש״. — אַזוי האָט גאָטלאָבער אַליין שפּעטער דערציילט. און ווי ס׳האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן, איז דאָס טאַקע געווען אַ גרויסער רוסישער אָפיצער פון גאָר אַ געהויבענעם יחוס.

די ייִדענע, וואָס איז געזעסן ביי דער הרובע, האָט זיך שטאַרק דער־שראָקן פאַר דעם וואַזשנעם רוסישן אָפיצער, וואָס האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ און געמאַכט אַזעלכע קולות. אַ צעטומלטע האָט זי זיך געגעבן אַ הויב־אויף פונם בענקל, און ניט ווייסנדיק וואָס זי זאָל דאָ טאָן, האָט זי גענומען רופן אויפן קול:

— ר׳ יצחק־בער! ר׳ יצחק־בער!

אײדער מ׳האָט זיך גערירט איז שוין דער וואַזשנער רוסישער אָפיצער, וואָס איז אַוודאי געווען ניט אינגאַנצן ניכטער, שוין געשטאַנען אינעווייניק אין שטיבל, מיט ביידע פיס, און אויסשטרעקנדיק איין האַנט צו דער צעשראָקענער ייִדענע, האָט ער נאָך העכער אָנגעהויבן שרייען:

—העי דו, זשידאָווקאַ, בראָנפן אַהער!

יצחק־בער לעווינזאָן האָט זיך געפילט שטאַרק געקרענקט פון דעם, וואָס דער וואַזשנער רוסישער אָפיצער, וואָס איז אפשר גאָר אַ גענעראַל און אַ מענטש מיט בילדונג, האָלט זיך אַזוי חוצפּהדיק אין אַ ייִדיש הויז. עס האָט אים שטאַרק

פאַרדראָסן, אָבער ער האָט זיך דאָך קאָנטראָלירט, און ניט אויפהויבנדיק זיך פון אָרט, האָט ער רואיק און געלאָסן זיך געווענדט צו דעם ניט־געבעטענעם גאַסט, אין אַ גוטן רוסיש:

— זאָגט מיר נאָר, מיין הער, וואָס פאַרלאַנגט איר און וואָס שרייט איר אַזוי? דאָ איז ניט קיין שענק, און מיר זיינען ניט קיין שענקערס. קיין בראָנפן פאַרקויפן מיר דאָ ניט.

דאָס האָט ביי דעם רוסישן אָפיצער פון געהויבענעם יחוס אַרויסגערופן נאָך אַ גרעסערן כעס; עס האָט אים פאַרדראָסן וואָס אַ ייד רעדט צו אים אַזוי, און ער האָט זיך נאָך העכער צעשריען, און שרייענדיק, האָט ער באַנוצט אַ מיאוסע שפּראַך; ער האָט געשאָלטן און געקללהט; ער האָט מיטן קולאַק געקלאַפּט אין טיש און געפאָדערט, מען זאָל אים שוין געבן בראָנפן; לעווינזאָנען האָט ער גע־רופן „אַלטער רוח״, און פאַרמעסטנדיק זיך אויף אים מיט געבײַלטע פויסטן, האָט ער געשריען, אַז אויב מען וועט אים ניט געבן קיין בראָנפן, וועט ער געבן פּעטש. ער וועט שלאָגן.

— זעסטו דען ניט ווער ס׳שטייט דאָ פאַר דיר, דו אַלטער רוח! — האָט ער געמאַכט געוואַלדן אויף לעווינזאָנען, טופּענדיק מיט די פיס, — און וואָס הייסט עפּעס, דו זיצסט און שטעלסט זיך ניט אויף פאַר מיר, דו אַלטער רוח?! דאָס היטל אַראָפּ!

עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז דער וואַזשנער רוסישער אָפיצער פון גע־הויבענעם יחוס זאָל לעווינזאָנען אָנהויבן שלאָגן. אָבער דער גרויסער געלערנטער האָט זיך דאָך ניט פאַרלאָרן און אויך ניט געשראָקן. בלייבנדיק זיצן אויפן אָרט, האָט ער, מיט איינגעהאַלטענעם כעס, געזאָגט:

— דאָס, זעט איר, קען איך שוין גאָרניט פאַרשטיין! אַ מענטש קומט אַריין צו מיר אין שטוב און טוט ניט אויס דאָס היטל, כאָטש אַזאַ זאַך איז זייער און זייער ניט העפלעך, איז דאָס פאַר אים נאָך ניט גענוג, און ער פאָדערט גאָר מיט אַזאַ שטרענגקייט, אַז איך זאָל פאַר אים אויסטאָן דאָס היטל. עס איז ווירקלעך ניט צו באַגרייפן! איך קען דאָס ניט פאַרשטיין!

ווען יצחק־בער לעווינזאָן האָט געזען, אַז דער וואַזשנער רוסישער אָפיצער איז פאַר כעס אַזוי צעטומלט, אַז ער ווייסט שוין גאָרניט וואָס צו טאָן און ער קריצט מיט די ציין פון גרויס רציחה, האָט ער דער צעשראָקענער בעל־הביתטע פון שטיבל געהייסן, זי זאָל אים ברענגען דאָס קליינע קעסטעלע, וואָס ער האָלט אין שופלאָד, און ווען די פּרוי האָט דאָס קליינע קעסטעלע געבראַכט, האָט יצחק־בער לעווינזאָן זיך אויפגעהויבן, און אַרויסנעמענדיק פון דאָרט אַ בריוו, וואָס איז געלעגן צווישן אַנדערע בריוו, האָט ער דעם בייזן אָפיצער געוויזן

דעם קאָנוווערט, און יענער האָט דעם אַדרעס איבערגעלייענט פאַר זיך: „אוטשאַ־נאַמו, גאָספּאָדינו י. ב. לעווינזאָנו" (דעם געלערנטן, הער י. ב. לעווענזאָן).

— צו מיר איז דאָס דער בריוו געשריבן! — האָט יצחק־בער לעווינזאָן געזאָגט צום אָפּיצער.

און ווען דער אָפּיצער האָט דאָס דערהערט, האָט זיך דער אויסדרוק פון זיין פּנים גלייך אינגאַנצן געביטן. עס איז אים באַלד אָפּגעגאַנגען דער כּעס. ער איז געוואָרן בלאַס, און קוקנדיק אַ צעטומלטער אויף דעם קאָנוווערט, וואָס ער האָט גלייך דערקענט, אַז עס קומט פון קייזערלעכן הויף, האָט ער זיך געגעבן אַזאַ טרייסל אויף צוריק, אַז די בורקע איז אים אַרונטערגעפאַלן פון די אַקסלען און ער איז געבליבן שטיין אין זיין פּאַראַדנער יוניפאָרמע, מיט די גרויסע גיל־דערנע עפּאָלעטן און מיט די באַהאַנגענע מעדאַלן.

נאָך מער צעטומלט איז ער געוואָרן, ווען יצחק־בער לעווינזאָן האָט דעם בריוו אַרויסגענומען פונם קאָנוווערט און אים געוויזן, אַז אונטערגעשריבן איז דאָ דער קיסר אַליין — ניקאָלאַי דער ערשטער. ווען דער אָפּיצער האָט דאָס דערזען, האָט ער געגעבן אַ פאַל אויף די קני, און אָנכאַפּנדיק לעווינזאָנס האַנט, האָט ער זי געקושט.

— זייט מיר מוחל, הער לעווינזאָן! — האָט ער זיך געבעטן, — פאַרגיט מיר ווי אַן אייגענער טאַטע... גלויבט מיר, אַז איך שעם זיך איצטער פאַר זיך אַליין...

ער איז געווען אַזוי צעמישט, אַז ער האָט שוין אַליין ניט געוואוסט וואָס ער זאָל זאָגן און וואָס ער זאָל ריידן און מיט וואָס ער זאָל פאַרגלעטן די גראָבקייט, וואָס ער האָט פריער אַרויסגעוויזן. דאַן האָט יצחק־בער לעווינזאָן אים געבעטן זיצן, און ער האָט אויך געוואָלט, אַז ער זאָל אים זאָגן ווער ער איז און וואָס אַזוינס איז געשען מיט אים אין דער רעגנדיקער נאַכט, אַז עס איז ביי אים רעכט געווען זיך אַריינצורייסן מיט אַזאַ טומל אין אַ פרעמדער שטוב און זידלען און באַליידיקן שטילע מענטשן, וואָס טשעפּען ניט קיינעם.

„אָבער דער אָפּיצער" — דערציילט גאָטלאָבער, וואָס איז געווען דערביי — „האָט אַלץ געבעטן, מען זאָל אים פאַרגעבן זיין גרויסע זינד, און דערביי האָט ער געזאָגט: איך שעם זיך פאַר אייך, עס איז מיר אַ גרויסער בזיון, און איך קען אייך ניט זאָגן ווער איך בין... נו, האָט קיין פאַראיבל ניט. איך האָב זיך באַ־נאַרישט און געהאַנדלט אַזוי, אַז קיין כּבוד איז דאָס פאַר מיר ניט. זייט מיר מוחל, איך בעט אייך. ענטשולדיקט מיר, הער לעווינזאָן. און גיט מיר די רעכט אָוועקצוגיין, ווייל איך שעם זיך אייך אין די אויגן צו קוקן. איך בין איצט בייז אויף זיך אַליין און איך שילט איצט זיך אַליין".

נויגנדיק זיך און בויגנדיק זיך איז דער רוסישער אָפּיצער אַוועק.ביים

געזעגענען זיך האָט ער ווידער געבעטן מען זאָל אים פאַרגעבן. און גאָטלאָבער דערציילט, אַז אויף מאָרגן האָט מען אויסגעפונען ווער דער אָפּיצער איז געווען, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז טאַקע געווען גאָר אַ וואַזשנער פּריץ, פון זייער אַ געהויבענעם יחוס. און געטראָפן האָט זיך דאָס אין יאָר 1834, ווען יצחק־בער לעווינזאָן איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש פון זעקס און פערציק יאָר, און שוין דאַן האָט ער אויסגעזען אַזוי אַלט, אַז אַ בייזער פּריץ האָט געקענט מיינען, אַז ער איז שוין אַ זקן. און אין זיין כעס האָט ער אים גערופן „אַלטער רוח״ און נאָכדעם איז ער געפאַלן פאַר אים אויף די קני און געבעטן, ער זאָל אים פאַרגעבן „ווי אַן אייגענער טאַטע״. און אגב, קען מען זאָגן, אַז דאָס איז אפשר געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס יצחק־בער לעווינזאָן האָט געהאַט אַ פּער־זענלעכן נוץ פון דעם, וואָס ניקאָלאַי דער ערשטער האָט אים אַמאָל געשריבן אַ בריוו...

דעם רוסישן קיסרס בריוו האָט דעם גרויסן יידן פון קרעמענעץ געראַטעוועט פון די הענט פון אַ שיכורן רוסישן אָפּיצער, וואָס האָט אין אַ רעגנדיקער אָסיענ־דיקער נאַכט געוואָלט טרינקען נאָך בראָנפן...

קיין אַנדערע פּערזענלעכע נוצן האָט לעווינזאָן פון דעם קיסרס בריוו ניט געהאַט...

***

אַפילו דאַן, ווען מען האָט שוין אין רוסלאַנד געגרינדעט די נייע שולן פאַר יידישע קינדער און לעווינזאָן האָט אין דעם געזען די פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל צו מאַכן יידן פאַר וועלטלעך־געבילדעטע מענטשן, האָט די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטן ניט געוואָלט רעקאָמענדירן, אַז מען זאָל זיך אין די ניי־געגרינדעטע שולן מיט זיינע ווערק באַנוצן. די לייט אין די „הויכע פענצטער״ האָבן געקוקט קרום אויף דעם גרויסן יידישן אויפקלערער, וואָס שרייבט מיט אַזאַ באַגייסטערונג וועגן דעם תלמוד אין דער זעלבער צייט, וואָס ער פּרעדיקט, אַז מען דאַרף פאַרשפּרייטן וועלטלעכע בילדונג צווישן יידן און דערביי אויך זען, אַז זיי זאָלן זיך מער נעמען צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. ביי זיי, ביי יענע לייט אין די „הויכע פענצטער״, איז דער תלמוד געווען אַ „שעדלעכער בוך״. זיי איז מער געווען צום האַרצן דאָס שרייבעריי פון דעם משומד אשר טיאַמקין, וואָס האָט אין זיינעם אַ בוך געשאָטן פעך און שוועבל אויף יידן און אויף יידיש־קייט; זיין בוך, וואָס איז פול מיט בלבולים און עם־הארצות, האָט די רוסישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע אַרויסגעגעבן אויף איר חשבון און דער הייליקער סינאָד האָט אים צעשיקט אין אַלע קלויסטערס און אַנגעזאָגט די גלחים, אַז זיי זאָלן אים פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק. אָבער יצחק־בער לעווינזאָנס ביכער

האָט די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטן ניט געוואָלט פאַרשפּרייטן; זי האָט בכלל ניט געקענט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ מענטש דער קרעמענעצער אויפקלערער איז און ווי ער קען פרעדיקן וועלטלעכע בילדונג און דאָך פאַרטיידיקן די יידישע תורה און די אַלטע יידישע מאָראַל; לויט זייער שכל איז אויסגעקומען, אַז די וואָס זיינען פאַר בילדונג, דאַרפן אויך זיין פאַר שמד, און ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז יצחק־בער לעווינזאָנס וועג איז אַזוי ווייט פון זייערן און איז אין אַבסאָלוטן ווידערשפּרוך צו די כוונות, וואָס זיי האָבן, און צו דער אויפגאַבע, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט, האָבן זיי זיך אינגאַנצן אָפּגעטרייסלט פון אים און האָבן אים מיט גאָרנישט געשטיצט.

די אַלע בקשות, וואָס ער האָט אין יענער צייט געשיקט צו דער רעגירונג, בעטנדיק, אַז מען זאָל אים העלפן מאַטעריעל, זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן. ערשט שפּעטער, ווען ניקאָלאַי דער ערשטער איז שוין געווען טויט און אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז שוין געזעסן אויפן טראָן, און אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די אַזוי־גערופענע עפּאָכע פון „גרויסע רעפאָרמען" און מען האָט שוין גערעדט וועגן די „נייע ווינטן", וואָס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן — ערשט דאַן האָט מען אין די פּעטערבורגער הויכע ספערן געביטן די באַציאונג צו לעווינזאָנען און דעמאָלט האָט דאָס די רעגירונג ביי אים געקויפט אַ צאָל עקזעמפּליאָרן פון זיינע ווערק „תעודה בישראל" און „בית יהודה" און אים באַצאָלט דערפאַר דריי טויזנט קערבלעך. די צוויי וויכטיקע ווערק זיינען ענדלעך אָנערקענט געוואָרן פאַר נוצלעכע ביכער, וואָס יידישע שילער דאַרפן שטודירן אין די ניי־געגרינדעטע שולן, אויף וועלכע די משכילים האָבן אַזוי אַרויסגעקוקט און אַזוי פיל האָפענונגען אַרויפגעלייגט.

אָבער די ישועה פאַר יצחק־בער לעווינזאָנען, וועלכער האָט דעם גרעסטן טייל פון זיינע יאָרן אָפּגעלעבט אין גרויס נויט און אין שרעקלעכער אָרעמקייט, איז געקומען אַ ביסל צו שפּעט — קאָרגע צוויי יאָר פאַר זיין טויט.

דרוקן די צוויי ביכער, וואָס די רעגירונג האָט אָנגענומען פאַר די ניי־געגרינדעטע יידישע שולן, האָט ער געדאַרפט אויף זיין אייגענעם חשבון. דאָס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, און נאָך איידער מען האָט אים פון פּעטערבורג צוגעשיקט די גאַנצע סומע, איז ער געשטאָרבן.

דאָס איז געווען אין יאָר 1860, אין פיר און צוואַנציקסטן טאָג פון חודש שבט, און איידער ער איז געשטאָרבן, האָט ער אַליין אָנגעשריבן די העברעאישע פערזן, וואָס מען זאָל אויסקריצן אויף זיין מצבה, און אין די פערזן האָט ער שוין וועגן זיך געשריבן ווי־וועגן אַ טויטן, וואָס ליגט שוין אין קבר; ער זאָגט דאָרטן:

„מיין וועלט איז אַוועק ווי זי וואָלט גאָר ניט געווען.
און איצט שלאָף איך ווידער אונטער אַ מצבה פון אַ שטיין."

און ווייטער זאָגט ער, אַז ער האָט שטענדיק געפירט קריג מיט די שונאים פון גאָט, ניט מיט געווער פון אייזן, נאָר מיטן כוח פון וואָרט, און אַז ער האָט באַוויזן די פעלקער די אומשולד פון יידן און די עדות דערויף זיינען זיינע ווערק „זרובבל" און „אפס דמים".

ער האָט פאַרן טויט אויך אין זינען געהאַט אָנצוזאָגן אין זיין צוואה אַז אין די טעג ווען מען וועט זיצן שבעה נאָך אים, זאָל מען טיילן צדקה צו אָרעמעלייט פון דעם ביסל געלט, וואָס ער לאָזט איבער. אָבער עס איז קיין סך געלט פון אים ניט געבליבן. אַפילו נאָכדעם ווי די רעגירונג האָט שוין צוגעשיקט די גאַנצע דריי טויזנט קערבלעך, האָט מען פון דעם געדאַרפט באַצאָלן דעם ווילנער דרוקער, וואָס האָט אָנגענומען די באַשטעלונג אַרויסצוגעבן אין צייט די צוויי ביכער „תעודה בישראל" און „בית יהודה", וואָס די רעגירונג האָט אָפּגעקויפט. מען האָט פון דעם אויך געדאַרפט באַצאָלן חובות, וואָס ער האָט געהאַט, און אין דעם האָט מען געדאַרפט זיין פּינקטלעך, ווייל יצחק־בער לעווינזאָן האָט אין זיין צוואה אָנגעזאָגט, אַז מ'זאָל אַלע חובות באַצאָלן און קיינעם גאָרניט בלייבן שולדיק. דאָס איבעריקע ביסל געלט, וואָס איז נאָך געבליבן, האָט ער איבערגעלאָזט זיין עלטערער שוועסטערס זון, יעקב לעווינזאָן וועלכער האָט געוואוינט אין אָדעס. אים האָט ער געמאַכט פאַר זיין יורש, ווייל קיין אייגענע קינדער האָט ער דאָך ניט געהאַט.

אויך די מאַנוסקריפּטן פון די ניט־געדרוקטע ווערק, וואָס זיינען געבליבן נאָך אים, האָט ער איבערגעלאָזט צו זיין שוועסטערס זון, יעקב לעווינזאָן, און אין זיין צוואה האָט ער אים געבעטן, אַז נאָך זיין טויט זאָל ער זען אַרויסגעבן די ווערק און זיי פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק.

ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ער אין זינען געהאַט דאָס פאָלק, וואָס איז אים שטענדיק געווען ליב און טייער און וועמען ער האָט אָוועקגעגעבן דאָס בעסטע וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין זיך.

צו דער צוואה האָט ער נאָך צוגעגעבן עטלעכע כללים, וואָס זיינען, לויט זיין מיינונג, אַזוי וויכטיק, אַז יעדער מענטש דאַרף זיי געדענקען. די כללים זיינען אַן אָפּשפּיגלונג פון יצחק־בער לעווינזאָנס ערלעכקייט און פון זיין שיינער און ריינער נשמה, און זיי דאַרפן דעריבער דאָ דערמאָנט ווערן. דאָס זיינען מאָראַלישע פּרינציפּן און אין דער זעלבער צייט אויך גוטע עצות פון אַ קלוגן און ערלעכן מענטשן:

פאַרלירט קיינמאָל ניט דעם בטחון, וואָרעם אַלץ וואָס דער אויבערשטער טוט איז צום גוטן!

מיידט־אויס כעס און צאָרן, וואָרעם כעס קומט פון גאווה, פון דעם וואָס מען האַלט זיך גרויס ביי זיך, און — ווי קען זיך דאָס אַ מענטש האַלטן גרויס ביי זיך?!

דעם אמת זאָלט איר זאָגן ניט בלויז מיטן מויל, נאָר אויך מיטן האַרצן. געדענקט, אַז דער אמת איז אַ געטלעכער שטעמפּל, און דער ליגן האָט ניט אויף וואָס זיך צו האַלטן, און ווי איר זאָלט זיך ניט מיען אים אונטערצושפּאַרן, וועט די גאַנצע מי אייערע זיין אַרויסגעוואָרפן!

רעדט ניט קיין שלעכטס אויף קיינעם, ווייל דאָס וואָס איר האָט אַליין פיינט, דאַרפט איר יענעם אויך ניט טאָן. און חוץ דעם קען אַמאָל געמאָלט זיין, אַז איר האָט געהאַט אַ טעות, און גערעכט איז גאָר יענער, ניט איר!

רעדט איידל צו יעדן מענטשן!

זייט ניט קיין כעסניקעס און זייט אויך ניט קיין עקשנים און פּרואווט ניט איבערשפּאַרן אַלעמען, מחמת עס קען געמאָלט זיין, אַז איר זענט דווקא ניט גערעכט, און דער, וועמען איר ווילט איבערשפּאַרן, איז גראָד יאָ גערעכט!

זייט זיך מודה אויפן אמת פאַר וועמען דאָס זאָל ניט זיין!

אין אַלץ און אין אַלעמען זאָלט איר פריער זען דאָס גוטע. איר זאָלט איטלעכן דן זיין לכף זכות, ווייל נאָך אַלעמען קען אַ מענטש אורטיילן בלויז דאָס, וואָס איז פון אויבנאויף, און עס טרעפט, אַז אין גרונט איז גאָר אַנדערש!

ווען אימיצער האָט טענות צו אייך און רעדט צו אייך האַרבע רייד, זאָלט איר דאָך אַרויסווייזן איידלקייט, ווייל אַמאָל קען מען אין אַזאַ פאַל זאָגן, אַז ווי מ׳פאַרדינט זיך, אַזוי באַלוינט זיך!

נאָך כבוד זאָלט איר זיך וואָס ווייניקער יאָגן, ווייל דער גאַנצער כבוד פון אַ מענטשן איז גאָרנישט מיט גאָרנישט. כבוד פּאַסט זיך בלויז פאַר גאָט, אָבער ניט פאַר קיין מענטשן!

שווערט זיך קיינמאָל ניט, אַפילו ניט אויף אַן אמת, וואָרעם דער וואָס גלויבט אייך, וועט אייך גלויבן אָן אַ שבועה אויך!

בעט ביי גאָט, ער זאָל אייך קיינמאָל ניט ברענגען צו קיין נסיון, וואָרעם ווער ווייסט צי איר וועט דעם נסיון קענעןביישטיין!

דאָס זיינען די כללים, וואָס יצחק־בער לעווינזאָן האָט פאַרן טויט איבערגעלאָזן פאַר זיינע תלמידים, וואָס זיינען געגאַנגען אין די וועגן, וואָס ער האָט פאַר זיי אָנגעצייכנט. אַזוי, האָט ער געוואָלט, זאָלן זיך פירן די מענטשן, וואָס פּרעדיקן וועלטלעכע אויפקלערונג פאַר יידן. ער האָט געגלויבט, אַז די, וואָס פּרעדיקן אַ אידעאַל צווישן פאָלק, זאָלן זיך אין לעבן אויפפירן אַזוי, אַז זיי זאָלן דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע. ער אַליין האָט אַזוי געלעבט אין די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט זיינע גרויסע און וויכטיקע ווערק געשאַפן. אים האָט מען געקענט נעמען ווי אַ מוסטער פון אַן עכטן אידעאַליסט און אַ מוטיקן קעמפער, וואָס האָט מיט זיין שאַפן און אויך מיט זיינע מעשים אָוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון אַ נייער עפּאָכע אין דעם לעבן פון די יידן אין רוסלאַנד.

זאָל זיין אָנדענק זיין געבענטשט!

# יעקאטערינאָסלאוו

ווען מ׳רעדט אין אַמעריקע וועגן רוסישע שטעט, וואָס האָבן אַזעלכע לאַנגע נעמען, אַז ס׳איז פשוט שווער זיי אַרויסצורעדן, דערמאָנט מען געווײנלעך די שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו, און דערביי דערציילט מען אַמאָל די באַקאַנטע מעשה מיט דעם אוקראַינער יידן, וואָס האָט רעדנדיק מיט אַ ליטוואַק, געזאָגט:

— ביי אייך אין דער ליטע האָבן דאָך די שטעט אַזעלכע צעצויגענע נע־מען, אַז מ׳קען זיי גאָר אין איין אָטעם ניט אַרויסרעדן. ווער קען דאָס אַזוי לאַנג ציען אַזאַ נאָמען ווי — מ־מ־י־נ־ס־ס־ק?! ביי אונדז אין אוקראַינע, פאַקראַניעמער, גליטשט זיך דער נאָמען פון אַ שטאָט אַזוי גלאַט אַראָפּ פון דער צונג, אַז ס׳איז פשוט אַ מחיה. אָט אַ שטייגער — יעקאַטערינאָסלאַוו!... קורץ און שאַרף!...

איצט הייסט די שטאָט מער ניט יעקאַטערינאָסלאַוו, נאָר דניעפּראָפּעטראָווסק. אַזאַ נאָמען האָט איר די סאָוועטן־רעגירונג געגעבן אינם יאָר 1926. און אַזוי ווי אַמאָל דאַרף מען, צוליב פּינקטלעכקייט, אַרויסרעדן ביידע נעמען צוזאַמען, גליטשט זיך דאָס נאָך מער אַראָפּ פון דער צונג ביי די יידן, וואָס קומען פון רוסלאַנד, און עס קלינגט זייער „קורץ און שאַרף“ — יעקאַטערינאָסלאַוו־דניעפּראָפּעטראָווסק.

אויסגעבויט די שטאָט האָט דער רוסישער פירשט גריגאָרי אַלעקסאַנדראָ־וויטש פּאָטיאָמקין, דער געליבטער פון יעקאַטערינע דער גרויסער. דאָס איז געווען נאָך אינם יאָר 1786, און נאָך ביז היינטיקן טאָג איז ניט קלאָר וואָס פאַר אַ מענטש ער איז געווען, דער צעבאַלעוועטער רוסישער פירשט, אויף וועמען מ׳פלעגט זאָגן, אַז בלויז גאָט און די צאַריצאַ פון רוסלאַנד קענען ליב האָבן אַזאַ מענטשן... מ׳ווייסט ניט צי ער איז געווען געניאַל, אָדער גאָר משוגע. און מ׳קען אפשר גאָר זאָגן, אַז ער איז געווען ביידע — אי אַ געניאַלער מענטש, אי אַ משוגענער. און ס׳איז אַ סברא, אַז ביים באַשליסן צו בויען די נייע שטאָט ביים רעכטן ברעג פונם דניעפּר, האָט ער אין זינען געהאַט צו מאַכן פון איר מיט דער צייט די קרוינשטאָט פון דער רוסישער אימפּעריע, און אין דעם האָט ער זיך פאַרמאָסטן מיט פעטער דעם גרויסן. ער האָט שוין באַצייטנס געטרוימט

וועגן דעם, אַז די רוסישע צאַרן, וואָס וועלן קומען שפּעטער, זאָלן וואוינען ניט אין דער שטאָט פּעטערבורג, וואָס פּעטער דער גרויסער האָט אויסגעבויט, „דורכ־צוזעצן אַ פענצטער קיין איראָפּע", נאָר אין דער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו, וואָס גריגאָרי פּאָטיאָמקין האָט אויסגעבויט צו געפינען נאָך מער חן אין די אויגן פון זיין געליבטער. און דערפאַר האָט ער פאַר דער נייער שטאָט אויסגע־קליבן דעם נאָמען יעקאַטערינאָסלאַוו, וואָס ס׳מיינט: דיגלאָריע פון יעקאַטערינען, און ווען ער וואָלט נאָך מער געוואָגט, וואָלט ער איר אפשר גאָר אַ נאָמען גע־געבן פּאָטיאָמקינסלאַוו...

אָבער ווי פון אַ סך אַנדערע פּלענער, וואָס פּאָטיאָמקין האָט פאַרטראַכט אין די יאָרן ווען ער איז געווען דער מעכטיקער הערשער איבערן לאַנד מיטן גנאָד פון דער קייסערינע, איז פון דעם פּלאַן צו מאַכן יעקאַטערינאָסלאַוו פאַר דער הויפּטשטאָט פון רוסלאַנד אויך גאָר ניט געוואָרן. יעקאַטערינאָסלאַוו איז אַ לאַנגע צייט געבליבן אַ קליין שטעטל, וואָס איז ניט געוואַקסן, און ס׳זיינען אַוועק דורות און דורות ביז ס׳איז דאָרט געוואָרן אַ וויכטיקער אינדוסטריעלער צענטער, און שפּעטער האָט מען דאָרט אויפגעבויט אַזוי פיל פאַבריקן, וואָס האָבן גע־שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער שווערער אינדוסטריע אין לאַנד, אַז מ׳האָט די שטאָט שוין אָנגעהויבן פאַרגלייכן מיט פּיטסבורג. אַזאַ איינדרוק האָט זי געמאַכט אויף די אַמעריקאַנער רייזנדער, וואָס האָבן באַזוכט סאָוועט־רוסלאַנד און אַזאַ איינדרוק האָט זי אויך געמאַכט אויף מיר ווען איך האָב זיך דאָרט אָפּגעשטעלט אינם יאָר 1932. די באַפעלקערונג דאָרט איז שוין דע־מאָלט באַשטאַנען פון דריי הונדערט און ניין און זיבעציק טויזנט נפשות און אַן ערך הונדערט טויזנט פון זיי זיינען געווען יידן.

אָבער אַפילו אין די יאָרן, ווען יעקאַטערינאָסלאַוו איז נאָך געווען אַ קליין שטעטל, איז זי אָפט דערמאָנט געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט די גרעסטע סענסאַ־ציעס און אינטריגעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסישן קייזערלעכן הויף, און דאָס איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מאָראַל, וואָס האָט דע־מאָלט געהערשט אין די משפחות פון די רוסישע צאַרן.

ווען יעקאַטערינע די גרויסע איז אינם יאָר 1796 געשטאָרבן און אויפן טראָן איז אַרויף דער פאַרשטויסענער זון אירער, פּאַוועל דער ערשטער, וועלכער האָט שרעקלעך פיינט געהאַט די מאַמע. האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די שטאָט, וואָס מ׳האָט אויסגעבויט אויף איר נאָמען, זאָל מער ניט הייסן יעקאַטע־רינאָסלאַוו, נאָר נאָוואָראָסיסק. ער וויל ניט, אַז ס׳זאָל אין לאַנד זיין אַ שטאָט אויפן נאָמען פון זיין מאַמען!

דאַן האָט מען די שטאָט אָנגעהויבן רופן נאָוואָראָסיסק. דעם נאָמען יעקאַ־טערינאָסלאַוו האָט מען אויף די ליפּן ניט געטאָרט ברענגען.

אָבער אינם יאָר 1801 איז פּאַוועל געפאַלן אַ קרבן פון אַ פאַרשווערונג אין הויף. מ׳האָט אים ביינאַכט דערשטיקט אויף טויט און אויפן טראָן איז אַרויף זיין זון, אַלעקסאַנדער דער ערשטער, וועלכער האָט שרעקלעך פיינט געהאַט דעם טאַטן און זיך אַליין באַטייליקט אין דער פאַרשווערונג אים צו דערהרגענען. און דער נייער צאַר האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל די שטאָט נאָוואָ־ראָסיסק צוריק אָנהויבן רופן יעקאַטערינאָסלאַוו.

ווער ווייסט וויפל מאָל מ׳וואָלט דעם נאָמען פון דער שטאָט געוועץ געביטן ביי אַנדערע אינטריגעס און פאַרשווערונגען אין הויף. אָבער אַלעקסאַנ־דער דער ערשטער איז לאַנג געזעסן אויפן טראָן און ביי די, וואָס זיינען געקומען נאָך אים, איז שוין די גאַנצע עפּאָכע פון יעקאַטערינע דער גרויסער און אירע געליבטע געווען געשיכטע, און ס׳איז שוין מער קיינעם ניט איינגעפאַלן דעם נאָמען פון דער שטאָט צו בייטן. און אַזוי איז יעקאַטערינאָסלאַוו געבליבן ביי דעם נאָמען, וואָס פּאָטיאָמקין האָט איר געגעבן נאָך אינם יאָר 1786.

***

יעקאַטערינאָסלאַוו איז צווישן די שענסטע שטעט אין אוקראַינע, כאָטש ס׳זיינען דאָרט ניטאָ אַזוי פיל גערטנער און פּאַרקן ווי אין אָדעס, למשל. די גאַסן זיינען ברייטע און זיי לויפן גלייך, ווי מ׳וואָלט זיי פּינקטלעך אויסגעווירעט. דער פּאָטיאָמקין־פּאַרק, וואָס טראָגט איצטער דעם נאָמען פון דעם אוקראַינישן פּאָעט טאַראַס שעווטשענקאָ, שטייט אויף אַ הויכן פּלאַץ ביים ברעג פונם דניעפּער, און אין אַ שיינעם טאָג, ווען די זון שיינט און ס׳איז ליכטיק אַרום און אַרום, קען מען פון דאָרט זען די גאַנצע ווייטקייט פונם דניעפּער, וואָס קומט זיך צונויף מיטן ברייטן האָריזאָנט פון אַלע פיר זייטן. אויך די סטעפּעס, וואָס ציען זיך אַוועק אויף מיילן און די שטאָט באַוואָמאָסקאָווסק, וואָס איז זעכצן מייל פון יעקאַטערי־נאָסלאַוו, קען מען פון דאָרטן זען.

ס׳איז איינע פון די שענסטע פּאַנאָראַמעס, וואָס מ׳קען זיך נאָר פאָרשטעלן, און אַלע גייען אַהין אין די יום־טובדיקע טעג, ווען מ׳איז פריי פון דער אַרבעט און מ׳וויל זען די שיינקייט פון דער נאַטור אַרום און אַרום.

עס איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן פּינקטלעך ווען יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין יעקאַטערינאָסלאַוו. ס׳שיינט אָבער, אַז דאָס האָט זיך אָנגעהויבן ניט פריער ווי אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. וועגן פריערדיקע צייטן געפינט מען אין ערגעץ ניט קיין אָנדייטונג דערויף...

צווישן די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דער שטאָט, וואָס פּאָטיאָמקין האָט אויסגעבויט צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון זיין געליבטער,

איז געווען איינער אַ משה סטאַניסלאַווסקי, און עס איז פאַראַן אַ גרונט צו גלויבן, אַז ער איז אפשר גאָר ניט געווען קיין רוסישער ייד, נאָר אַן עסטרייכישער און אַז געקומען איז ער פון דער שטאָט סטאַניסלאַוו, וואָס אין גאַליציע. אין יענע צייטן איז דאָס קיין נייס ניט געווען, אַז יידישע סוחרים פון גאַליציע זאָלן זיך באַזעצן אין נייע רוסישע שטעט. און דערביי דאַרף דערמאָנט ווערן דער פאַקט וואָס פון דער זעלבער משפחה איז שפּעטער אַרויסגעקומען דער רוסיש־יידישער שריפטשטעלער סעמיאָן סטאַניסלאַווסקי, וועלכער איז אין אונדזער ליטעראַטור געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד.

אינם יאָר 1805 איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין יעקאַטערינאָסלאַוו באַשטאַנען פון בלויז דריי הונדערט און זעקס און זיבעציק נפשות, און מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער איז זי שוין באַשטאַנען פון קנאַפּע ניין הונדערט, און בלויז אַ קליינע צאָל פון זיי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט האַנדל. די איבעריקע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט כלערליי מלאכות. און שפּעטער זיינען צוגעקומען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אינם יעקאַטערינאָסלאַווער געגנט באַזעצט אויף ערד און אין פאַרלויף פון יאָרן האָט זיך דאָרט אַנטוויקלט אַ ברייטע יידישע קאָלאָניזאַציע, וואָס האָט געהאַט אַ שם מיט דער מוסטערהאַפטער אָרדענונג, וואָס האָט דאָרט געהערשט.

דאָס שנעלע וואַקסן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ ברכה פאַר דער שטאָט; יידן האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם וואָס יעקאַטערינאָסלאַוו איז געוואָרן אַ וויכטיקער אינדוסטריעלער צענטער. אָבער צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אַזעלכע, וואָס האָבן געקוקט קרום דערויף, און דאַן האָט מען אָנגעהויבן אָנפירן אַן אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף גאָר אַ ברייטן שטייגער.

קיין תירוצים דערויף האָט מען ניט געדאַרפט אָנגעבן. אָבער כדי צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מ'טשעפּעט זיך ניט אומזיסט, האָט מען אָנגעוויזן אויף עטלעכע יידן, וואָס זיינען אין יעקאַטערינאָסלאַוו געוואָרן רייך פון געבן געלט אויף פּראָצענט, און ווי ס'פירט זיך שוין געוויינלעך, האָט מען אין דעם באַשולדיקט אַלע יידן. אָרעמע פּריצים האָבן זיך געקלאָגט דערויף וואָס יידישע פּראָצענטניקעס באַרייסן זיי, און קלאַנגען האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן, אַז מ'וועט זיך דערפאַר אָפּרעכענען מיט אַלע יידן פון שטאָט. ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען געסטראַשעט מיט אַ פּאָגראָם. און דאַן האָבן זיך די עלטסטע פון דער יידישער קהילה אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַריינגעלייגט אין דעם און מ'האָט אין דער תלמוד־תורה צונויפגערופן אַן אַסיפה, און איינער פון די אָנגעזעענסטע יידן אין שטאָט, דער אַלטער ר' מיכל מאַידאַנסקי, האָט די עטלעכע פּראָצענטניקעס גוט

אויסגעמוסרט פאַרוואָס זיי גיבן די גויים אַ תירוץ צו העצן קעגן יידן. ער האָט צו זיי זייער שאַרף גערעדט, און דאָס האָט געווירקט. און נאָכדעם זיינען עט־לעכע פון די פּראָצעסניקעס אַוועק פון יעקאַטערינאָסלאַוו און די וואָס זיינען געבליבן, האָבן אָנגעהויבן ווערן לייטישער און שוין מער ניט באַריסן די אָרעמע פּריצים, וואָס זיינען געקומען צו זיי לייען געלט.

קהל האָט זיך אַריינגעמישט און גצעוואונגען די רייך־געוואָרענע גראָבע יונגען צו פילן אויף זיך אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן כלל און ניט פאַרפלעקן דעם יידישן נאָמען. אָבער געהאָלפן האָט עס דאָך ניט. די שונאים פון די יידן אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָבן זייער אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע ניט אָפּגע־שטעלט; זיי האָבן ווייטער געהעצט, ווייטער געשאָטן פעך און שוועבל און אַלער־ליי בלבולים אויסגעטראַכט; ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי דערמאָנט די אומוויסנדע פּויערים, אַז די יידן זיינען „די מערדער פון כריסטוסן״, און זיי האָבן ניט גערוט ביז זיי האָבן, סוף־כל־סוף, דערפירט צו אַ פּאָגראָם.

אינם טאָג פון 20טן יולי, פונם יאָר 1883, איז דער פּאָגראָם אויסגעבראָכן. דאָס איז געווען דער ערשטער פּאָגראָם אויף יידן אין יעקאַטערינאָסלאַוו. און עפּעס ווי דורך אַ בייזער איראָניע פון שיקזאַל איז דאָס אויסגעפאַלן פונקט אין דעם יום־טוב, וואָס פרומע קריסטן פייערן צום אָנדענק פון אליהו הנביא...

דווקא דעם טאָג האָבן די היטער און באַשיצער פון כריסטוסן אויסגעקליבן צו שלאָגן און ראַבעווען יידן...

און ס'איז זיי גאָרניט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, אַז דערמיט זיינען זיי פאַלש צו דעם גלויבן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען און אַז זיי פאַרשוועכן די הייליקייט פון די ימים־טובים, וואָס זיי פייערן...

צוויי טעג האָט דער פּאָגראָם דעמאָלט געדויערט און פינף הונדערט יידישע פאַמיליעס זיינען נאָכדעם געבליבן בדיל־הדל. די פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעשיכורט לכבוד דעם יום־טוב פון אליהו הנביא, האָבן אונטערגע־צונדן הייזער, צעראַבעוועט קליישן, געריסן בעט־געוואַנט אין די גאַסן, גע־שלאָגן יידן מכות־רצח. און בעת די שיכורע און צעווילדעוועטע כוליגאַנעס האָבן געראַבעוועט און געשלאָגן, האָבן זייערע פרויען און קינדער געשלעפּט אַהיים אַלץ וואָס מ'האָט נאָר געקענט אַוועקטראָגן און באַהאַלטן, און דער גו־בערנאַטאָר, וואָס האָט דאַן געוואוינט אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אַ דייטשער באַראָן מיטן נאָמען ראָזענבערג, האָט ניט געהאַלטן פאַר נויטיק דעם פּאָגראָם אָפּצו־שטעלן. אַרומפאָרנדיק אין זיין קאַרעטע איבער די גאַסן פון דער שטאָט, האָט ער זיך געהאַלטן פונקט ווי אַלץ וואָלט געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. און ווי ס'האָט שפּעטער דערציילט איינער, וואָס איז געווען דערביי, האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס זיך געפילט זיכער אונטערן שוץ פון דעם גובערנאַטאָר און

אויף דער פעטערבורגער גאַס האָבן זיי אַרומגערינגלט זיין קאַרעטע און האָבן געטאַנצט און געזונגען און ער האָט דערפון גרויס הנאה געהאַט און גערעדט צו זיי ווי צו אייגענע מענטשן...

ערשט אויפן צווייטן טאָג האָט מען פאַרנאַכט געבראַכט סאָלדאַטן צו צע־טרייבן די פּאַגראָמשטשיקעס. אָבער די צעיושעטע שיכורע באַנדעס האָבן זיך געפילט אַזוי זיכער אונטערן שוץ פונם גובערנאַטאָר, אַז ווען דער אָפיצער האָט זיי אַנגעהויבן טרייבן, האָבן זיי אויף אים גענומען וואַרפן שטיינער, און דאַן האָט ער די סאָלדאַטן געהייסן שיסן, און ערשט נאָכדעם ווי אַ סך פון די פּאָ־גראָמשטשיקעס זיינען געפאַלן טויט, איז אין שטאָט געוואָרן שטיל. אָבער די באַציאונגען צווישן די יידן און קריסטן זיינען געוואָרן נאָך מער אַנגעצויגן ווי פריער און די, וואָס האָבן די גאַנצע צייט אָנגעפירט אַן אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַ־גאַנדע, האָבן באַשולדיקט די יידן אין דעם, אַז איבער זיי איז אין יעקאַטערי־נאָסלאַוו פאַרגאָסן געוואָרן קריסטלעך בלוט...

זיי האָבן אַלץ געפונען אַ וועג ווי אַרויפצוואַרפן די שולד אויף די יידן און קיין איינעם פון זיי איז נאָרניט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם, אַז ווען מ׳וואָלט אויף די יידן ניט אָנגעפאַלן, ווען מ׳וואָלט ניט געצונדן זייערע הייזער און ניט צעראָבעוועט זייערע קלייטן, וואָלט מען דאָך ניט געדאַרפט ברענגען קיין סאָלדאַטן איינצופירן אָרדענונג און עס וואָלט ניט געקומען צו קיין בלוט־פאַרגיסונג. לויט זייער „מאָראַל" איז אויסגעקומען, אַז יידיש פאַר־מעגן, אויף וועלכן מ׳האָט יאָרן לאַנג שווער געהאָרעוועט, און אויך יידישע לעבנס, זיינען הפקר און מ׳מעג זיי שלאָגן און באַראַבעווען אין מיטן העלן טאָג און ניט באַשטראָפט ווערן דערפאַר, און אויב מ׳ווערט יאָ באַשטראָפט, זיינען יידן שולדיק אין דעם...

נאָכן ערשטן פּאָגראָם אין יעקאַטערינאָסלאַוו זיינען אַוועק יאָרן און יאָרן און די גאַנצע צייט איז די מורא שטענדיק געהאַנגען איבערן קאָפּ. ביי יעדער געלעגנהייט, ווען ס׳איז נאָר פאָרגעקומען עפּעס אַ קריסטלעכער יום־טוב אין שטאָט און די גלעקער פון די קלויסטערס האָבן אַנגעהויבן קלינגען, איז אויף די יידן געפאַלן אַ פּחד, ווייל אינאיינעם מיט דעם קלינגען פון די גלעקער אין די קלויסטערס האָבן זיך אויך אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז מ׳קלייבט זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם. אַזוי איז געווען ווען מ׳האָט אין יעקאַטערינאָסלאַוו געפייערט אַ גרויסן יום־טוב לכבוד דעם, וואָס ס׳איז געוואָרן הונדערט יאָר זינט די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן; מ׳האָט דאַן גערעדט, אַז די אַרבעטער פון דעם גרויסן בריאַנסקער זאַוואָד וועלן קומען מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן, און דאַן איז דער אַלטער מיכל מאַידאַנסקי, וואָס איז שוין דערמאָנט געוואָרן פריער, געלאָפן פון איין נאַטשאַלניק צום אַנדערן ביז ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן צו פועלן, אַז מ׳זאָל

ביי אַלע וועגן, וואָס פירן אין שטאָט אַריין, אַוועקשטעלן סאָלדאַטן און ניט אַריינלאָזן די באַנדעס, וואָס קלייבן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם.

אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן האָט מען זיך געשראָקן און ס׳זיינען געווען פאַלן ווען מ׳האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן שלאָגן און ראַבעווען יידן, אָבער מ׳האָט דאָס גלייך אָפּגעשטעלט. און ווען די יידן אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָבן געזען, אַז ס׳נעמט גאָר קיין סוף ניט, האָבן זיי געגרינדעט אַ זעלבסטשוץ, וואָס זאָל זיין גרייט זיך צו שטעלן אַנטקעגן.

דאָס איז שוין געווען אין יענע צייטן ווען ס׳האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט שפּעטער געבראַכט דעם מאַניפעסט פונם 17טן אָקטאָבער, 1905. אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער זעלבסטשוץ זיינען אַריין אַ סך יידישע יונגעליייט, וואָס זיינען געווען טעטיקע סאָציאַלדעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, בונדיסטן און אויך פּועלי־ציון. אַלע פּאַרטייען האָבן זיך אין דער זעלבסטשוץ באַטייליקט, און דאַן האָבן אַנטיסעמיטן שוין מער ניט באַשולדיקט די יידן אין דעם, אַז זיי זיינען די „מערדער פון כריסטוסן״, נאָר אין דעם, אַז זיי צינדן אָן דאָס פייער פון רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

אַלע מאָל איז געווען אַן אַנדער אויסרייד פאַרוואָס מ׳דאַרף רודפן און פאַר־פאָלגן יידן און מאַכן פּאָגראָמען אויף זיי, און די אַנטיסעמיטן אין יעקאַטערי־נאָסלאַוו זיינען אין דעם ניט אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע. זיי האָבן זיך אויך אָן דעם נייעם אויסרייד אָנגעכאַפּט.

אין יענער צייט האָט דער וויצע־גובערנאַטאָר פון יעקאַטערינאָסלאַוו איינ־געלאַדן צו זיך עטלעכע אָנגעזעענע יידישע בעלי־בתים, און ווען זיי זיינען גע־קומען צו אים, האָט ער זיי געזאָגט מוסר פאַרוואָס זיי דערלאָזן דערצו, אַז יידישע יונגעלייט און מיידלעך זאָלן אין יעקאַטערינאָסלאַוו זיין אַזוי אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; ער האָט זיי אויך געזאָגט, אַז דאָס רופט אַרויס דעם צאָרן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און אַז אויב ס׳וועט ווייטער אַזוי אָנגיין, איז ער ניט פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר וואָס ס׳קען שפּעטער געשען.

די יידישע דעלעגאַציע האָט זיך דאַן געהאַלטן זייער מוטיק און אויך ווירדיק. אויף די אַלע טענות, וואָס דער וויצע־גובערנאַטאָר האָט אַרויסגעשטעלט, האָט מען אים געענטפערט, אַז ווען יידן וואָלטן אין רוסלאַנד געהאַט גלייכע רעכט, ווען מ׳וואָלט זיי אַזוי ניט פאַרפאָלגט און גערודפט, וואָלטן זייערע קינדער אפשר גאָרניט געווען אַזוי פאַרקאָכט אין רעוואָלוציעס. און ווען דער וויצע־גובערנאַטאָר האָט דאָס אַוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט און געזאָגט, אַז ער קען זיך ניט אַריינלאָזן אין קיין חקירות און אַז זיין עצה איז, אַז יידישע עלטערן אין יעקאַטערינאָסלאַוו זאָלן טאָן אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך, צו ווירקן אויף זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך ניט באַטייליקן אין דער רעוואָלוציאָנערער

באַוועגונג, האָט איינער פון דער דעלעגאַציע, אַן אָנגעזעענער יידישער כלל־טוער, צו אים געזאָגט:

— פון אייער עצה, עקסעלענץ, קען מען דרינגען, אַז איר גלויבט זייער שטאַרק אינם כוח פון פּראָפּאַגאַנדע. איז אויב ס'איז יאָ אַזוי, איז פאַרוואָס זאָלט איר ניט זען, אַז מ'זאָל אָנפירן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאָנאַרכיסטן, אַז זיי זאָלן אונדז ניט טאָן קיין שלעכטס? גלויבט מיר, אַז אויב נאַטשאַלסטוואָ וועט נאָר ניט וועלן, אַז ס'זאָלן זיין פּאָגראָמען, וועלן זיי ניט זיין...

דעם וויצע־גובערנאַטאָר איז דער ענטפער ניט געפעלן און ער האָט זיך שטאַרק אָנגעברוגזט דערפאַר, און די יידישע דעלעגאַציע איז אַוועק פון אים מיט אַ שווער געמיט.

***

די זעלבסטשוץ אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז געווען אויף דער וואַך, און ווען ס'האָט אינם יאָר 1905 ווידער אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם, און — ווידער אין דעם טאָג, ווען פרומע קריסטן האָבן געפייערט דעם יום־טוב צום אָנדענק פון אליהו הנביא, האָבן יידישע יונגעלייט אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד, און איינער פון זיי, אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען גאָלדבערג, איז געפאַלן טויט אינם קאַמף קעגן די כוליגאַנעס.

ס'איז ניט אויסצורעכענען די אַלע קלענערע און גרעסערע פּאָגראָמען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו אין די אַלע יאָרן זינט דעם ערשטן פּאָגראָם פון 1883. אָבער דער שרעקלעכסטער פון אַלע פּאָגראָמען איז דאָרט פאָרגעקומען אין די אָקטאָבער־טעג פון 1905, נאָכן באַרימטן מאַניפעסט, וואָס ניקאָלאַי דער צווייטער האָט אַרויסגעגעבן „באַגליקנדיק" דאָס לאַנד מיט אַ פּאַפּירענער קאָנסטיטוציע.

דעם 20טן אָקטאָבער האָט זיך דאָן אין יעקאַטערינאָסלאַוו דער פּאָגראָם אָנגעהויבן און ער האָט געדויערט גאַנצע דריי טעג, און מער ווי הונדערט מענטשן זיינען געפאַלן טויט. אָבער דאָס מאָל האָבן דעם פּאָגראָם געמאַכט פרעמדע כוליגאַנעס, וואָס מ'האָט געבראַכט פון אַנדערע שטעט. די קריסטלעכע באַפעלקירונג פון שטאָט האָט זיך אין די שחיטות און רויבערייען ניט באַטייליקט, און די אַרבעטער פון דעם גרויסן בריאַנסקער זאַוואָד זיינען שוין געווען אויפגעקלערט און אַ סך פון זיי זיינען שוין געווען טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; זיי האָבן שטילערהייט אין זאַוואָד געמאַכט שפּיזן און קינזשאַלן פאַר דער יידישער זעלבסטשוץ און ס'זיינען צווישן זיי אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אין דער זעלבסטשוץ אָנגעשלאָסן און צוויי פון זיי האָבן זיך פשוט מוסר נפש געווען פאַר יידן און זיינען געפאַלן טויט, באַשיצנדיק זיי. דער בריאַנסקער זאַוואָד איז געווען אַ פעסטונג, וואוהין די צעווילדעוועטע פרעמדע כוליגאַ־

נעס און אויך די קאַזאַקן און סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אינם פּאָגראָם באַטיי־ליקט, האָבן מורא געהאַט צוצוקומען נאָענט, און די דערשראָקענע יידן, וואָס זיינען אַהין אַנטלאָפן, האָבן זיך דאָרט געפילט זיכער, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז די אַרבעטער וועלן זיי באַשיצן, אויב אַפילו ס׳וועט זיין נויטיק דאָס לעבן איינצושטעלן דערביי.

דאָס זיינען געווען שוין גאָר אַנדערע צייטן, און די יידן אין יעקאַטערינאָ־סלאַוו האָבן, אין זייער גרויסן אומגליק, געקענט געפינען אַ טרייסט אין דעם, וואָס צווישן קריסטן געפינען זיך שוין אַ סך אַזעלכע, וואָס שטעלן זיך איין פאַר זיי. אָבער קיין גאַנצע טרייסט האָט דאָס אויך ניט געקענט זיין, ווייל דער בראָך איז געווען זייער גרויס, אומעטום האָט מען באַווײנט טויטע; אין אַלע יידישע הייזער האָט מען גערעדט וועגן אומגליקן, וואָס זיינען געווען איינער גרעסער פונם אַנדערן. און אַפילו נאָכדעם ווי דער פּאָגראָם איז שוין געווען איינגעשטילט, האָט מען זיך אַלץ ניט געפילט זיכער מיטן לעבן, און ווי מ׳האָט נאָר דערהערט עפּעס אַ געשריי אין גאַס, אָדער דאָס קלינגען פון די גלעקער אין די קלויסטערס, איז אויף אַלע יידן אין שטאָט אָ מורא אַרויפגעפאַלן און צעשראָקענע און פאַר־צווייפלטע איז מען געווען גרייט צו לויפן אין דער וועלט אַריין צו ראַטעווען דאָס לעבן. אַ סך יידן זיינען דעמאָלט טאַקע אַנטלאָפן אין אַנדערע שטעט און ס׳זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער, ווייל זיי האָבן מער ניט געגלויבט, אַז אין רוסלאַנד וועלן אַמאָל נאָך קומען צייטן, ווען יידן וועלן מער ניט דאַרפן מורא האָבן פאַר פּאָגראָמען. קיינער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז מיט צוועלף יאָר שפּעטער וועט פאַלן די צאַרישע רעגירונג, וועלכע איז געווען די הויפּט־שולדיקע אין די אַלע פּאָגראָמען, וואָס מ׳האָט גע־מאַכט, ניט נאָר אין יעקאַטערינאָסלאַוו, נאָר איבערן גאַנצן לאַנד.

יעקאַטערינאָסלאַוו האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער רוסישער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג, און צווישן די, וואָס זיינען דאָרט געווען זייער טע־טיק אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אויך געווען לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש.

דאָס איז געווען אינם יאָר 1916. קאַגאַנאָוויטש איז דעמאָלט געווען אַ קאַ־מאַשן־שטעפּער ביים פאַך און ער האָט אין יעקאַטערינאָסלאַוו געאַרבעט אין אַ שיך־פאַבריק, אָבער גערופן האָט ער זיך דאַן ניט קאַגאַנאָוויטש, נאָר סטאָמאַכין, ווייל אין קיעוו, וואו ער האָט פריער געאַרבעט ביים זעלבן פאַך און אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע קעגן דער מלחמה, האָט די פּאָליציי אים געזוכט. אויך אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער שיך־פאַבריק האָט ער אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע און אַרויס־גערופן אַ סטרייק; ער איז געווען אַ פאַרטרעטער פון דעם אומלעגאַלן פּראָפע־סיאָנעלן פאַראיין פון די שוסטערס און ווען מ׳האָט אים פון דער פאַבריק אַרויס־

געוואָרפן, האָבן די אַרבעטער געסטרייקט זעקס וואָכן צייט ביז מ׳האָט נאָכגעגעבן זייער פאָדערונג, אַז מ׳זאָל אים צוריק אָריינגעמען, אָבער שפּעטער, ווען די פּאָליציי איז געפאַלן אויף אַ שפּור און זיך דערוואוסט ווער ער איז, האָט ער געמוזט אַוועק פון דער פאַבריק; ער האָט געקראָגן אַרבעט ביי זיין פאַך אין מעליטאָפּאָל און דאָרטן האָט ער געוואוינט אונטערן נאָמען גאָלדבערג. און ווען ס׳איז פאַר אים אין מעליטאָפּאָל אויך געוואָרן געפערלעך צו בלייבן, איז ער אַוועק קיין יוזאָווקאַ און דאָרטן האָט ער ווייטער געאַרבעט ביי זיין פאַך אונטערן נאָמען קאָשעראָוויטש, און אין דער זעלבער צייט האָט ער צווישן די אַרבעטער אָנגעפירט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע.

ניט מער ווי דריי און צוואַנציק יאָר איז לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש דעמאָלט אַלט געווען, און ס׳האָט זיך אים אַוודאי אַפילו אין חלום ניט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳וועלן אַוועק ניט מער ווי אַ פּאָר יאָר און ער וועט ווערן איינער פון די גרעסטע פירער אין אַ נייער רוסלאַנד, וואו די הערשאַפט פון די צאַרן איז אינגאַנצן אָפּגעשאַפט, און אַז זיין נאָמען וועט זיין באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט און וועט דערמאָנט ווערן אינאיינעם מיט די נעמען פון די מעכטיקסטע אין אַ לאַנד, וואָס פאַרנעמט אַ זעקסטל פון דער ערד...

דער שיקזאַל האָט זיך זיינע וועגן, וואָס דערפירן אַמאָל אַ מענטשן צו אַזעלכע הויכקייטן, אַז ער האָט זיך פריער גאָר קיינמאָל ניט געקענט פאָרשטעלן ווי אַזוי ער וואָלט געקענט דערגרייכן אַהין...

***

מיט דער געשיכטע פון די יידן אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז אויך פאַרבונדן אַ נאָמען פון איינעם, וואָס פאַרנעמט זייער אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד בכלל. און דאָס איז דער באַרימטער רוסישער יוריסט און שריפטשטעלער איליאַ גריגאָריעוויטש אָרשאַנסקי.

אברהם אליהו האָט מען אים אין יעקאַטערינאָסלאַוו גערופן. אַזוי איז געווען זיין יידישער נאָמען, און זיין פאָטער, אַ פרומער ייד און אַ גרויסער סוחר, האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ רב. אָבער ער איז אַוועק אויף אַן אַנדער וועג, און כאָטש ער איז אַלע זיינע יאָרן געשטאַנען זייער נאָענט צו יידן און צו יידישקייט, האָט ער זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד געמאַכט אַ נאָמען ווי איינער פון די גרעסטע און געבילדעטסטע יוריסטן פון לאַנד, און ניט קיין אַנדערער ווי פּראָפעסאָר סערגעי מוראָמצעוו, דער באַרימטער רוסישער ליבעראַל און געלערנטער, וואָס איז געווען דער פּרעזידענט פון דער ערשטע דומאַ, האָט וועגן אים געשריבן, אַז זיינע ווערק וועגן גזעצגעבונג דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן אין דער ערשטער רייע פון די בעסטע ווערק אין דער רוסישער יורידישער ליטעראַטור.

איך אַנדערע געלערנטע יוריסטן אין רוסלאַנד האָבן אָרשאַנסקיס ווערק וועגן יוריספּרודענץ שטאַרק געלויבט. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אָריגינעלן דענקער, וואָס איז דערצו נאָך אַ טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער אויך. די גרעס־טע אויטאָריטעטן האָבן אויף זיינע שריפטן אָנגעוויזן ווי אויף אַ קוואַל, פון וואַנען מ׳קען אַ סך שעפּן און וואו מ׳קען אַ סך לערנען. און ווער ווייסט וויפל נאָך וויכטיקע ווערק ער וואָלט אָנגעשריבן, ווען ער וואָלט ניט געשטאָרבן אַזוי יונג.

איליאַ אָרשאַנסקי איז געווען איינער פון יענע אויסערגעוויינלעך טאַלאַנט־פולע און פעאיקע מענטשן, וואָס קענען אין אַ קורץ לעבן אויפטאָן אַזוי פיל אין דעם וואָס זיי שאַפן, אַז קיין אַנדערער, וואָס אַרבעט אויף דעם זעלבן געביט, וואָלט דאָס ניט געקענט אויפטאָן ווען ער וואָלט אַפילו הונדערט יאָר געלעבט.

ער איז געבאָרן געוואָרן אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אינם יאָר 1846 און ער איז געווען דער ערשטער יידישער שילער אין דער שטאָטישער גימנאַזיע. אָבער איידער ער איז אין גימנאַזיע אַריין, האָט ער פלייסיק געלערנט ביי די בעסטע מלמדים פון שטאָט, און ווען ער איז אַלט געווען צען יאָר האָט מען וועגן אים שוין געזאָגט, אַז ער קען גאַנץ תנ״ך כמעט אויף אויסנווייניק און ס׳איז פאַר אים ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ שווערער פירוש. און ווען ער איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר, דאָס זעכצנטע, האָט מען אים שוין געהאַלטן פאַר אַ בקי אין ש״ס און פוסקים און מ׳האָט דערציילט וואונדער וועגן דעם וואָס פאַר אַ „גוט קעפּל״ ער האָט.

אין דער זעלבער צייט וואָס ער האָט געלערנט אין גימנאַזיע, האָט ער פלייסיק געשטודירט די אַלטע העברעאישע ליטעראַטור און ניט דורכגעלאָזט קיין איין וויכטיק ווערק פון די אַלטע יידישע פילאָזאָפן און דענקער. און צו דעם האָט ער אויך געשטודירט אויסלענדישע שפּראַכן זייער פלייסיק, און ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, איז ער שוין געווען אַ סטודענט אינם כאַרקאָווער אוניווערזיטעט, און דאָרט האָבן אַלע פּראָפעסאָרן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און פון זיין ברייטן וויסן.

נאָך איידער ער איז אַריין אין אוניווערזיטעט, האָט ער אויף רוסיש אָנ־געשריבן אַ ווערק, וואָס האָט געהייסן „די לעגענדעס וועגן אַלעקסאַנדער מוקדן אין דער גמרא״. ער איז דעמאָלט אַלט געווען ניט מער ווי זיבעצן יאָר, און שוין דאַן האָט מען געקענט זען ווי אייגנאַרטיק ער איז אין זיין דענקען און אין זיין צוגאַנג צו פאַרשן געשיכטע. נאָכדעם האָט ער געשריבן נאָך ווערק אויף יידיש־היסטאָרישע טעמעס, און ווען ער האָט געענדיקט דעם אוניווערזיטעט מיט די בעסטע אויסצייכענונגען, האָט מען אים אָנגעבאָטן, ער זאָל דאָרט אָננעמען די שטעלע פון אַ פּראָפעסאָר, אָבער מיטן תנאי, אַז ער זאָל זיך פריער שמדן,

און דערויף האָט אָרשאַנסקי געענטפערט, אַז ווי אַנגענעם ס׳זאָל אים ניט זיין צו זיין אַ פּראָפעסאָר, וועט ער זיך פון יידישקייט דאָך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן.

און אַלט געווען איז ער דאַן אינגאַנצן צוויי און צוואַנציק יאָר!

אין יענער צייט האָט אין אָדעס אָנגעהויבן אַרויסגיין אַ טעגלעכע רוסיש־יידישע צייטונג מיטן נאָמען „דיען״, איז איליאַ אָרשאַנסקי אַוועקגעפאָרן אַהין און איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער צייטונג. און אין די קנאַפּע צוויי יאָר, וואָס ער האָט דאָרט געאַרבעט, האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט גרינטלעך באַהאַנדלט זייער וויכטיקע יידישע פראַגן, און שפּעטער האָט מען דאָס אַרויסגעגעבן אין צוויי ביכער, וואָס זיינען נאָך ביז היינטיקן טאָג אַ קוואַל פאַר די וואָס פאָרשן די געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד. איין בוך הייסט: „די יידן אין רוסלאַנד״.

איליאַ אָרשאַנסקי האָט געקענט שרייבן ניט נאָר ווי אַ טרוקענער וויסנ־שאַפטסמאַן, אַ געלערנטער יוריסט, וואָס באַטראַכט די פאַקטן קאַלט און גע־לאַסן און קומט צו געוויסע שלוסן. ער האָט אויך געקענט שרייבן ווי אַ קינסטלער, מיט האַרץ, מיט נשמה און מיט אַ סך טעמפּעראַמענט. אים האָבן יידישע פראַגן ניט בלויז אינטערעסירט, נאָר זיי האָבן אים אויך ווי געטאָן, און ווען ס׳האָט אין אָדעס — אין יאָר 1871 — אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אויף יידן, איז ער אין „דיען״ אַרויס מיט אַ שאַרפן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט צאָרן און פּראָטעסט, און דערביי האָט ער שאַרף אונטערגעשטראָכן, אַז די אָדעסער יידן האָבן אַ געזעצלעכע רעכט אָנצוקלאָגן אין געריכט די, וואָס זיינען שולדיק אינם פּאָגראָם, און אַז ניט נאָר דאַרפן זיי דאָס טאָן, נאָר זיי מוזן דאָס טאָן!...

פאַר דעם אַרטיקל האָט מען דעמאָלט די צייטונג „דיען״ אינגאַנצן צו־געמאַכט, און דאַן האָט אָרשאַנסקי אָנגעהויבן שרייבן אין זייער סאָלידע רוסישע יורידישע זשורנאַלן און זיינע אַרטיקלען האָבן געצייגן גרויס אויפמערקזאַמ־קייט. שפּעטער איז ער אַוועק קיין פּעטערבורג און איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער „נאָוואָיע וורעמיאַ״, וואָס איז נאָך דאַן געווען אַ ליבע־ראַלע צייטונג. ער האָט דאָרט געשריבן די וויכטיקסטע לייט־אַרטיקלען, און איין אַרטיקל זיינער, וואו ער איז פון אַ יורידישן שטאַנדפּונקט אַרויסגעטראָטן קעגן די פאַרפאָלגונגען אויף די רעליגיעזע סעקטעס, וואָס היטן ניט אָפּ די אַלע געבאָטן פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע, האָט אויסגענומען אַזוי שטאַרק, אַז אַ דעלעגאַציע פון די סעקטעס איז געקומען אין דער רעדאַקציע בעטן מ׳זאָל זיי ווייזן דעם מענטשן, וואָס האָט אַזוי שיין און מיט אַזאַ וואַרעמקייט וועגן זיי געשריבן און זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר זיי. זיי ווילן אים זען, און זיי ווילן אים דריקן די האַנט דערפאַר און אים דאַנקען פון טיפן האַרצן.

שרייבנדיק פאַר צייטונגען וועגן טאָג־פראַגן, האָט אָרשאַנסקי דאָך ניט

פאַרנאַכלעסיקט זיין אַרבעט צו שרייבן וויכטיקע ווערק וועגן רוסישער גע־זעצגעבונג בכלל, און יעדער ניי ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די גרעסטע געלערנטע רוסישע יוריסטן. און ניט איינער פון זיי איז געווען איבערראַשט ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דער שרייבער פון די ווערק איז אינגאַנצן עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַלט...

ס׳איז אין אָרשאַנסקין געווען צו באַוואונדערן ניט נאָר זיין ברייטן וויסן און זיין קלאָרן קאָפּ, נאָר אויך דאָס, וואָס ער קען אַרבעטן אַזוי פיל אין דער צייט ווען ער איז גאָר זייער אַ שוואַכער און אַ קראַנקער מענטש. דאָס האָט מען געקענט דערקענען אויף זיין אויסגעבלייכטן און שטענדיק פאַרטרויערטן פּנים. און ס׳האָבן זיך טאָקע געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אים געזאָגט, אַז צוליב זיין שוואַכן געזונט טאָר ער ניט אַרבעטן אַזוי פיל. אָבער ער האָט זיך צו דעם ניט צוגעהערט און ער האָט אַלע מאָל געאַרבעט, אַלע מאָל געשטודירט, גע־פאָרשט, געלערנט און געשריבן.

ערשט ווען ער האָט דערפילט, אַז דער פּעטערבורגער קלימאַט שאַדט אים שוין צופיל צום געזונט און דאָקטוירים האָבן אים געזאָגט, אַז ער מוז פאָרן קיין אויסלאַנד זיך קורירן, האָט ער זיי געפאָלגט און איז קיין אויסלאַנד אַוועקגעפאָרן, און דאָרט האָט ער אויך אַ סך געשטודירט און געשריבן. און אַזוי זיינען אַוועק דריי און אַ האַלב יאָר, און ווען ער האָט זיך צוריק קיין רוס־לאַנד אומגעקערט, האָט ער זיך באַזעצט אין זיין געבורטסשטאָט יעקאַטערי־נאָסלאַוו, וואָס איז אים שטענדיק געווען זייער ליב, און מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, אינם יאָר 1875, איז ער דאָרט געשטאָרבן.

ער איז דאַן אַלט געווען ניט מער ווי ניין און צוואַנציק יאָר!

און יאָרן זיינען אַוועק און אויף זיין קבר איז אַ קליינע מצבה געשטאַנען. ערשט אין 1890 האָט מען דאָרט אויפן אָרט פון דער קליינער מצבה אַוועקגע־שטעלט אַ גרויסן מאָנומענט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון שטיין לויט אַ מאָדעל, וואָס דער באַרימטער יידישער סקולפּטאָר מ. אַנטאָקאָלסקי האָט אויסגעקלעפּט פון ליים. און אויפן מאָנומענט איז אויסגעקריצט בלויז דער נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם — איליאַ גריגאָריעוויטש אָרשאַנסקי.

ער זעט זיך דאָרט שטאַרק אָן, דער מאָנומענט, אויפן יידישן בית־עולם אין יעקאַטערינאָסלאַוו. ער איז העכער פון די אַלע אַנדערע מצבות, וואָס שטייען אַרום און אַרום. און ער מעג זיין העכער, ער דאַרף זיין העכער, ווייל דאָרט ליגט אין אייביקער רו דאָס געביין פון איינעם פון די ליכטיקסטע און סימפּאַטישסטע פּערזענלעכקייטן וואָס די שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו האָט אַרויסגעגעבן — אַ ייד, וואָס איז מיט זיין לעבן און שאַפן געווען אַ כבוד פאַר זיין פאָלק און אויך אַ גע־ווינס פאַר דעם לאַנד, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן. אַ גרויסער אוקראַאינער ייד.

# טראָסטינעץ

(מיין געבורטס־שטעטל)

קיינער ווייסט ניט ווי אַלט דאָס שטעטל טראָסטינעץ איז, און ס׳איז קיינעם ניט איינגעפאַלן ערגעץ צו פאַרשרייבן ווען דאָס שטעטל איז אויס־געבויט געוואָרן.

ניט קיין פרעמדן און ניט קיין אייגענעם האָט דאָס אַמאָל געקענט איינפאַלן, ווייל די פרעמדע, וואָס האָבן זיך דאָרט אַמאָל אָפּגעשטעלט צוליב זייערע געשעפטן מיטן זאַוואָד, האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז ניט אַנדערש, נאָר אימיצער האָט דאָס שטעטל אין מיטן וועג פאַרלאָרן און נאָכדעם אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם, און די אייגענע האָבן זיך שטענדיק געריסן אַוועקצופאָרן פון דאָרט ערגעץ אַנדערש, כאָטש אַלע מאָל, ווען מען איז אַוועקגעפאָרן אין דעם „ערגעץ אַנדערש" וואָס האָט אַזוי גערייצט, האָט מען שטאַרק געבענקט צוריק. אָבער ווען מ׳איז געקומען צוריק, האָט מען זיך ווידער געריסן אַוועקצופאָרן פון דאָרט...

יעדער איינער, וואָס האָט זיך נאָר געוואָלט צושלאָגן צו עפּעס אַ ציל אין לעבן, האָט זיך פון דאָרט געריסן אַוועקצופאָרן ערגעץ. און פונקט אַזוי ווי ס׳איז ניט געווען קיין וואונדער אַז אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן אַמביציעס און שטרע־בונגען, זאָלן זיך רייסן פון דאָרט אַוועקצופאָרן, אַזוי איז אויך ניט געווען קיין וואונדער אַז זיי זאָלן בענקען צוריק אַהין.

מ׳האָט געמוזט בענקען צוריק, ניט נאָר דערפאַר, וואָס געוויינלעך בענקט מען אַהיים, נאָר אויך דערפאַר וואָס טראָסטינעץ איז זייער אַ ליב שטעטל. ס׳איז אַ דאַטשע, וואו אַ מענטש, וואָס האָט נאָר ניט קיין דאגות וועגן פרנסה, קען לעבן אַזוי, אַז אין אַ גרויסער שטאָט איז אַזאַ לעבן אַ טרוים....

ווי נאָר דער פרילינג איז אָנגעקומען, האָט זיך דער בעז צעבליט אין די אַלע גערטנער וואָס געפינען זיך אין שטעטל און אַרום שטעטל, און דער געשמאַ־קער ריח האָט מיט זיין פרישקייט ממש דעם אָטעם פאַרכאַפּט. אויך פון די פעלדער האָט זיך געטראָגן דער געשמאַקער און געזונטער ריח פון פריש צעאַ־קערטער ערד, און ווען מען האָט זיך געלאָזט גיין מיט די וועגן, וואָס ציען זיך צווישן פעלדער און גערטנער, איז מען פאַרגאַנגען אין די וועלדער וואָס האָבן

פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שווערע משא פונם ווינטער און וואו ס׳האָט געאָטעמט מיט קילקייט פון פייכטער ערד און גרינע בלעטער.

אומעטום, וואוהין מ׳איז נאָר פאַרגאַנגען, ווען מ׳האָט זיך געלאָזט ערגעץ שפּאַצירן, האָט מען געזען ווי ס׳וואַקסט און בליט. אַפילו אין די גאָר הייסע זומערדיקע טעג האָט מען געקענט געפינען קילע און שיינע ווינקעלעך, וואו געדיכטע צווייגן פון גרינע בוימער באַשיצן פון דער זון, און אין די שיינע זומערדיקע לבנה־נעכט, ווען מ׳האָט געשפּאַצירט איבער דעם ברייטן שליאַך, וואָס ציט זיך פונם ריטשקעלע ביזן ויאָקזאַל און אויך ביזן זאַוואָד מיט די צוויי הויכע געמויערטע קוימענס, האָט מען פון די גערטנער געהערט אַ געזאַנג, און מ׳האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס זינגט מען אין יענע הייזער, וואו די דערוואַקסענע זין און טעכטער, וואָס לערנען זיך אין די גרויסע שטעט, זיינען געקומען אַהיים אויפן זומער.

אין יענע יידישע הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען ניט ווייט פון דעם ברייטן שליאַך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים ריטשקעלע, איז זומער זעלטן אַוועק אַן אָוונט, אַז מ׳זאָל דאָרט ניט זינגען; און צווישן די געסט וואָס זיינען אָפּט אַריינ־געקומען אַהין, זיינען געווען קריסטן אויך, און אַלע האָבן זיך פאַרהאַלטן גוט איינע צו די אַנדערע, און אַלע האָבן אינאיינעם געזונגען די לידער פון או־קראַינע...

וועלכע אוקראַינישע לידער האָט מען דאָרט, אין יענע יידישע הייזער, דען ניט געזונגען?!

לידער וועגן דניעפּר, וואָס האָט זיך פון אַ בייזן ווינט אַזוי צעשטורעמט, אַז די כוואַליעס האָבן זיך ווי בערג אין דער הויך געהויבן. לידער וועגן סטעפּעס און לידער וועגן אוקראַינישע קאָזאַקן, וואָס לאָזן זיך אין וועג אַריין רייטנדיק אויף די פערד.

מ׳האָט קיינעם ניט געדאַרפט בעטן אַז ער זאָל זינגען אַ ליד. זיצנדיק אין גאָרטן און לאַכנדיק פון אַלץ וואָס קען נאָר אַרויסרופן געלעכטער ביי יונגע מענטשן, וואָס זיינען פול מיט לעבן, האָט איינער, גאָר פּלוצלונג און גלאָט אַזוי זיך געקענט פאַרציען:

„העי, נאַ האָריע
טאָם זשינצי זשנוט״

אַ לידל וואָס הויבט זיך אָן מיט דעם וואָס „דאָרט אויפן באַרג שניידן די שניטערס די תבואה פון די פעלדער״.

און באַלד האָבן שוין אַלע אונטערגעכאַפּט:

„אַ פּאָפּיד האָראָיו
פּאָפּיד זעלענאָיו,
קאָזאַקי אידוט״.

## שטעט און שטעטלעך

דאָס איז ווי אין איין אָטעם געגאַנגען. עפּעס ווי מ׳וואָלט גלאַט אין איילע־ניש געלאָזט וויסן, אַז „הינטערן באַרג, דעם באַרג דעם גרינעם, גייען קאָזאַקן״. אָבער נאָכדעם האָט זיך איין קול אויפגעהויבן העכער פון אַנדערע קולות, און שוין ברייטער און וואָזשנער אַרויסגעבראַכט די זעלבע ווערטער, מיט דעם זעלבן ניגון:

„העי —
קאָזאַקי
אידוט״....

און וואָס ווייטער מ׳איז געגאַנגען איבער דעם שליאַך וואו ס׳שטייען די הייזער, וועלכע זיינען מיט גערטנער אַרומגערינגלט, אַלץ מער איז מען אַריינ־געצויגן געוואָרן אין דעם געמיט פון די שיינע זומערדיקע אויפדערנאַכטן אין אוקראַינע; דאָ האָט מען געשפּילט אויף אַ גיטאַרע, און דאָרט האָט מען געשפּילט אויף אַ באַלאַלאַיקע, און פון דער ווייטן, פון די קליינע גויישע שטיבלעך, האָבן זיך געטראָגן די טענער פון אַ האַרמאָניקע און מ׳האָט געהערט דאָס באַקאַנטע אוקראַינישע לידל:

„או סאָסידאַ כאַטאַ בילאַ,
או סאָסידאַ זשינקאַ מילאַ.
אַ או מענע ני כאַטינקי.
נימאַ שטשאַסטיאַ, נימאַ זשינקי.״

די מענטשן, וואָס האָבן געזונגען דאָס לידל וועגן דעם וואָס „דער שכן האָט אַ שטוב, וואָס איז ווייס־געשמירט און דערצו נאָך אויך אַ ווייב אַ שיינע״. האָט מען ניט געקענט זען. אָבער פון דעם אופן ווי זיי האָבן געזונגען, האָט מען זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז זיי זיינען פריילעך און לעבעדיק און אַז זינגענדיק ציען זיי די אַקסלען אַרויף, דרייען די קעפּ אין אַ זייט און טאַנצן אונטער פון גרויס שמחה...

ס׳איז געווען אַ לעבן ווי אויף אַ דאַטשע. און דאָס גאַנצע שטעטל מיט די צוויי קליינע דערפלעך קאַטשעריווקא און וויטיאַגאַילאָווקאַ ביי דער זייט, האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ דאַטשע וואו אַלץ באָדט זיך אין גרינס און וואו אַלץ וואַקסט און בליט פאַרן פאַרגעניגן פון די מענטשן, וואָס לעבן דאָרט...

אַזוי האָט זיך געקענט דוכטן.

אָבער פאַר די יידן וואָס האָבן דאָרט געוואוינט אַ גאַנץ יאָר, זומער און ווינטער, איז דאָס לעבן אין דעם קליינעם שטעטל טראָסטינעץ ניט געווען קיין

דאַטשע, און דאָס האָט מען געקענט זען אויף די פּנימער פון די קרעמער און קרעמערקעס, וואָס זיינען גאַנצע טעג געשטאַנען ביי די טירן פון זייערע קלייטן, וואָס זיינען געווען איןביידע זייטן פון דעם גרויסן „ראַטהויז", וואָס איז גע־שטאַנען אין מיטן מאַרק.

דעם גאַנצן טרויער פון דעם שווערן און געמוטשעטן לעבן, וואָס האָט גע־מאַכט אַלט פאַר דער צייט, האָט מען אין די פּנימער פון יענע קרעמער און קרעמערקעס געקענט זען. און וואָס האָבן זיי דען אין זייערע קלייטן און קלייט־לעך ניט פאַרקויפט! אייזנוואַרג פון כל־המינים, און סמאָלע צו שמירן די רעדער, און קעראָסין פאַר לאָמפּן, און שוואָואַקס צו פּוצן די שטיוול, און קאַנדל־צוקער צום הוסט, און פּאַפּיר צום שרייבן, און נאָדלען, שפּיזלעך און העקעלעך, און קלעצעלעך מאַקעראָ, און וואַליטשקע פון פאַרשיידענערליי קאָלירן און פאַרבן, און לעדערוואַרג פון כל־המינים, און מאַנופאַקטור פון כל־הסאָרטן, און ליכט אויף שבת, און שלייקעס צו די הויזן און מאַנישקעס מיט געפּרעסטע קאָלנערס, און קאָכערלעך, און בעקעלעך, און טשאַיניקלעך און קניפּעקלעך, און שערעלעך און מעסערלעך, און מעל צו באַקן ברויט און חלה, און פּראָסע צו האָדעווען די גענדז, און קלייען פאַר די ציגן, און גלאַט אַזוי זאַכן, וואָס אַ מויל קען נאָר אַרויסריידן און וואָס אַ מענטש קען נאָר דאַרפן. און קיינער פון די קרעמער און קרעמערקעס איז שוין ניט איבערראַשט געוואָרן ווען אַ קונה איז אַריינגעקומען און האָט גלייך אָנגעהויבן:

— גיט מיר פאַר אַ גראָשן אַ בויגעלע פּאַפּיר...

אָדער:

— גיט מיר פאַר אַ קאָפּיקע אַ שטיקל הערינג...

מ'האָט געדאַרפט וואַרטן לאַנג ביז ס'איז געקומען אַ קונה וואָס האָט ניט אָנגעהויבן פון גראָשנס און קאָפּיקעס, נאָר טאַקע געקויפט עפּעס אַזוינס, וואָס באַטרעפט געלט. אַזאַ קונה איז געווייִנלעך געגאַנגען אין די בעסערע קלייטן, צו די רייכערע קרעמער, און אַזעלכע זיינען אויך געווען אין טראָסטינעץ, און זיי האָבן געהאַט גרויסע געשעפטן פון מאַנופאַקטור, פון באַקאַלעינע סחורות, פון אייזנוואַרג. און די פּריצים פון זאַוואָד און אויך די יידן, וואָס האָבן אין זאַוואָד גוטע שטעלעס געהאַט, האָבן ביי זיי געקויפט — פאַר מזומן און אויך אויף באָרג. און יענע רייכע געשעפטסלייט, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט די פּריצים פון דעם זאַוואָד, האָבן אין שטעטל די שענסטע הייזער געהאַט, געהאַלטן משרתים און דינסטן, געפאָרן אין פאַעטאָנען, געפירט שטאָט, געגעבן זייערע טעכטער אַ סך נדן, און איינער פון זיי, זיידל הירש לייב דאָברעשעס, אַ ייד אַ חסיד, וואָס איז רייך געוואָרן פון צושטעלן אייזנוואַרג צום זאַוואָד, האָט זיך געפירט גאָר

ברייט, און מ׳האָט געזאָגט אַז דאָס פֿאָרן אַלע יאָר צום טשאָרטקאָווער רבין קאָסט אים אָפּ אַזאַ אַפּותיקא, אַז אַ ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר וואָלט מיט דעם געקענט חתונה מאַכן אַ טאָכטער און נאָך מאַכן אַ בלעכענעם דאַך אויף דער שטוב אויך...

בכלל איז אַ בלעכענער דאַך געווען דער טרוים פֿון אַ סך אָרעמע יידן אין טראָסטינעץ. שריפֿות זיינען דאָרט געווען זייער אָפּטע; ס׳איז זעלטן אַוועק אַ זו־מער, אַז עס זאָלן דאָרט ניט זיין עטלעכע שרפֿות; און די ערשטע שטיבלעך וואָס זיינען אַוועק מיטן פֿייער ווען אַ גוי האָט ערגעץ־וואו „געסמאַליעט אַ חזיר" און דער ווינט האָט די פֿונקען צעבלאָזן, זיינען אין שטעטל געווען יענע, וואָס האָבן געהאַט שטרויענע סטריכעס. עס איז שטענדיק אויסגעקומען אַזוי, אַז אין אַלע געסלעך האָט מען דאָ און דאָרט געזען הייזער, וואָס מען האָט ניט דערבויט, און דעכער וואָס מ׳האָט ניט אינגאַנצן צוגעדעקט. אַזוי איז דאָס געגאַנגען פֿון איין שרפֿה צו דער אַנדערער. און ווען ס׳איז געגאַנגען אַ רעגן אין דרויסן, האָט דורך די דעכער אַריינגערונען און ס׳האָט געהאַלטן אין איין קאַפּען פֿון דער סטעליע, און מ׳האָט געמוזט אונטערשטעלן טעפּ און צעבערס און מידניצעס און שיסלען. און ניט אין איין שטוב אַזאַ איז, אין אַ רעגנדיקן טאָג, אַן אָרעמע יידישע מאַמע געזעסן אין אַ ווינקל און די אויגן זיינען ביי איר געווען פֿול מיט טרערן, צוקוקנדיק זיך צו דער חשכות אין שטוב און צו דעם דלות וואָס שטעקט אַרויס פֿון אַלע ווינקעלעך; און זי האָט געבעטן ביי גאָט, די אָרעמע יידישע מאַמע, אַז ער זאָל צושיקן אַ גוטן יאַריד אַז מ׳זאָל קענען קויפֿן בלעך צוצודעקן דעם דאַך דאָרט וואו עס רינט אַריין...

ביי אונדז אין שטוב האָב איך דאָס, אין רעגנדיקע טעג, ניט איין מאָל געזען...

צווישן די מאַמעס, וואָס האָבן אין טראָסטינעץ געוויינט אין די רעגנדיקע טעג, ווען ס׳האָט אַריינגערונען אין שטוב דורכן צעלעכערטן דאַך, איז אויך געווען מיין מאַמע...

אַלע האָבן אַרויסגעקוקט אויף אַ גוטן יאַריד. אַפֿילו די מלמדים פֿון שטעטל, ווייל מ׳איז זיי שטענדיק געווען שולדיק שכר־לימוד, און ווען זייערע ווייבער וואָלטן זיי ניט אַרויסגעהאָלפֿן אין דער פּרנסה — ווער מיט פֿליקן פֿעדערן פֿאַר די רייכע בעלי־בתים און ווער מיט האָדעווען גענדז צו פֿאַרקויפֿן די שמאַלץ און די „אָבדירקעס" — וואָלט זיי געווען אויסגעקומען אַרומצוגיין איבער די הייזער.

און ווען ס׳איז שוין יאָ מאָל געקומען אַ יאַריד, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ גו־טער, ווייל ער איז גראָד אויסגעפֿאַלן פֿאַר אַ יום־טוב, ווען די פּויערים פֿון די דער־פֿער קויפֿן אָן אַ סך זאַכן פֿאַר זיך, האָבן די קרעמער און קרעמערקעס פֿון

שטעטל קיין סך נחת ניט געקענט האָבן, אַפּילו ווען דער פּדיון איז געווען אַ גוטער; מיט יעדן קונה האָט מען זיך געדאַרפט „אויסעסן דאָס האַרץ", ווייל זיי האָבן זיך געדונגען אַפּילו דאַן ווען זיי האָבן געקויפט אַזעלכע זאַכן, אויף וואָס די פּרייז איז געווען אַן „אויסגעשריגענע" און אַלע האָבן געוואוסט, אַז מ'קען דערפאַר ווייניקער ניט נעמען. מ'האָט זיך געדונגען ביים קויפן אַ פּאַסמע באַנוועלעך אַ נאָדל, אַ בייטש, אַ פּלעקל, אַ פּעקל מאַכאָרקע — אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ באַשטימטע פּרייז, אַן „אויסגעשריגענע", און מ'האָט זיי אין ערגעץ ניט געקענט ביליקער קויפן. און ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט געווען וואָס ניט איין יידישער קרעמער אין שטעטל האָט זיך געקלאָגט דערויף וואָס אַלע מאָל, ווען ס'קומט אַ יאַריד, שפּייט ער אויס די גאַל און ער פילט ווי ס'עקן זיך אים די כוחות.

מער ווי אַלע קרעמער האָט פון דעם געליטן דער אָרעמער משהקע ראָסיע וועלוועלעס, וועלכער האָט געהאַט אַ קלייטל פון אייזנוואַרג אין „ראָטהויז". ער איז געווען אַ קראַנקער, אַ יאַדישלעווער, און דער דלות האָט אין אים דערשטיקט די גוטמוטיקייט וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט. דאָס שלעפּן זיך אויף די יאַרידן, פון שטעטל צו שטעטל, זומער אין די גרעסטע היצן און ווינטער אין די גרעסטע פרעסט, האָט אים פאַרביטערט; ס'איז פאַר אים געווען שווער צו טראָגן דעם עול פון דער וויסטער פּרנסה, ווייל אין דער אָרעמקייט איז ער געווען אַ מטופל מיט קינדער און ער האָט געוואָלט אַז זיינע קינדער זאָלן זיך צו עפּעס צושלאָגן אין לעבן און זאָלן ווערן „לייט" און ער זאָל קענען האָבן נחת פון זיי; צוליב דעם האָט ער זיינע ייִנגלעך געהאַלטן ביי די בעסטע מלמדים פון שטעטל. און ווייל ער האָט שוין אויף די יאַרידן געקענט אַלע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, און האָט שוין געוואוסט ווער פון זיי עס דינגט זיך אַ סך און ווער פון זיי ס'האָט די שוואַכקייט עפּעס צוצונעמען „אונטער דער האַנט" אַזוי שנעל ווי מ'פאַרקוקט זיך נאָר, האָט ער זיך אַליין „אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט" אַזוי שנעל ווי אַזאַ קונה איז נאָר צוגעקומען צו זיין קלייטל; נאָר איידער יענער האָט זיך אָנגעהויבן דינגען איבער גראָשנס, איז שוין דער אָרעמער, קראַנקער אייזנקרעמער געווען בייז, און אין זיין כעס, וואָס האָט ביי אים צוגענומען אַ שטיק געזונט, האָבן די ליפּן ביי אים זיך שטייף געשלאָסן, און פון האַרצן האָט זיך ביי אים אַלע מאָל אַ שווערער און טיפער זיפץ אַרויסגעריסן. און ווען ער האָט שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן דאָס דינגען זיך איבער גראָשנס ביים קויפן אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן שוין אַ באַשטימטע פּרייז; ווען ער האָט געפילט ווי די קונים, וואָס קומען עפּעס קויפן און אויך די וואָס קומען צונעמען עפּעס, ווען ער וועט זיך פאַרקוקן אין אַ זייט, דערגייען אים די יאָרן, האָט ער מיט ציטער־דיקע הענט זיך געצופּט די האָר פון דער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט שוין אָנגע־

הויבן ווערן גרוי; ער איז געווען גרייט צו שרייען געוואַלד פאַרוואָס מען האָט קיין רחמנות ניט אויף אים, פאַרוואָס מ׳פּייניקט אים אַזוי; אָבער ווי ער האָט נאָר געוואָלט אָנהויבן שרייען, האָט דער הוסט אים געגומען שטיקן, און הוסטנדיק האָט ער צווישן די ציין אַרויסגעבראַכט עטלעכע ווערטער אַזוי, אַז בלויז די, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט לעבן אים, האָבן דאָס געקענט הערן:

— „אוי, פּאָטשעמו, כאַראַבי נימאַ נאַ וואָס?״

ער איז אין דער נאַטור דווקא ניט געווען קיין שלעכטער; ער האָט קיינעם ניט געקענט שילטן; ער האָט קיינעם אַזאַ קללה ווי אַ „כאַראַבאַ״ ניט געקענט ווינטשן. פאַרקערט, ער איז בטבע געווען אַ גוטער און קיינער האָט אַזוי גוט ניט געקענט אויסקומען מיט מענטשן אַזוי ווי ער; קליינינקייטן, וואָס אַנדערע האָבן גאָר ניט באַמערקט, האָבן אים געקענט רירן אַזוי, אַז ס׳זאָלן זיך אים שטעלן טרערן אין די אויגן. ער איז געווען אַ שטילער, אַ צוריקגעהאַלטענער. אָבער ער האָט אויף אַ יאַריד דאָך ניט געקענט בלייבן רואיק, ווען ער האָט געפילט ווי די אַלע קונים ציען אים אַרויס דאָס חיות פון די ביינער, און ער האָט געמוזט אויסדריקן זיין פאַרדרוס און זיין כעס מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט, הוסטנדיק, אַרויסגעבראַכט פון צווישן די ציין:

— „אוי, פּאָטשעמו כאַראַבי נימאַ נאַ וואָס?״

ס׳איז געווען אַ רחמנות אויף אים, אויף דעם יידישן קרעמער משהקע ראָסי וועלזוועלעס. ס׳האָט געריסן דאָס האַרץ קוקנדיק אויף אים, ווי ער שטייט אויף אַ יאַריד אין זיין קלייטל אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג, אַנגעטאָן אין אַן אַלטן שמויסענעם טולופּ, און פאַרהוסט זיך אַלע מאָל ביים דינגען זיך מיט די קונים, וואָס ציען ביי אים אַרויס דאָס לעצטע ביסל חיות, וואָס ער האָט נאָך אין זיך. און מער ווי אַלע אַנדערע האָט אויף אים רחמנות געהאַט זיין ווייב שיינדל, ווייל זי האָט געוואוסט ווי ער שלאָפט ניט גאַנצע נעכט איבער דעם וואָס ער האָלט אין איין הוסטן און אויך איבער דעם וואָס ער טראַכט אַלץ וואָס ס׳וועט אין אַזאַ אָרעמקייט זיין דער תכלית פון זיינע קינדער, וואָס ער האָט אַזוי ליב. דערפאַר האָט זי זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל אויף אַ יאַריד פּרואוון זיין רואיק און זיך ניט אָפּעסן דאָס האַרץ אַזוי פיל. אָבער ס׳האָט אַלץ ניט געהאָלפן...

אויך איך האָב שטאַרק רחמנות געהאַט אויף דעם אָרעמען מענטשן, וואָס האָט, אויף די יאַרידים אין מיין געבורטס־שטעטל טראָסטינעץ און אויף נאָך יאַרידים אין אַנדערע שטעטלעך, פאַרלאָרן זיין געזונט. ער איז מיר געווען נאָענט, און איך האָב אים פאַרשטאַנען.

ער איז געווען מיין טאַטע...

ער איז אין שטעטל ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט פון אַ יאַריד ניט געקענט האָבן קיין נחת אַפילו דאַן, ווען דער פּדיון איז געווען גרויס. אויך

די אַנדערע יידישע קרעמער און סוחרים האָבן קיין גרויס נחת אין אַזאַ טאָג ניט געקענט האָבן, ווייל ביי די פּויערים, וואָס זיינען זיך דאַן פון די אַרומיקע דערפער צונויפגעפאָרן, איז דער יאַריד געווען ניט בלויז אַ טאָג פון האַנדל, פון קויפן און פאַרקויפן, נאָר אויך אַ טאָג פון פאַרווײַלונג. זיי האָבן אויפן יאַריד געקוקט ווי אויף עפּעס אַ מין פייערטאָג, און זיי זיינען געקומען ווי אויף אַ שמחה...

און יידן האָבן טאַקע געזאָגט, אַז ביי זיי, ביי די פּויערים, איז דער יאַריד גאָר אַ חגא...

אַ פּויער האָט געקענט דאַרפן אַזאַ קלייניקייט ווי אַ פלעקל צו דער אַקס פון זיין וואָגן, אַ בייטש אָנצוטרייבן די פערד, אָדער גאָר אַ „פּידזשעלע" צו דער בייטש, איז ער צוליב דעם געקומען אויפן יאַריד, אינאיינעם מיט דער ווייב, און אַמאָל אויך מיט די קינדער, און אַזוי ווי צייט האָט ער געהאַט גענוג, איז ער זיך גלאַט אַרומגעגאַנגען איבער די קלייטן און האָט געדונגען זאַכן, וואָס ער האָט גאָר ניט געדאַרפט און וואָס ער האָט אַפילו ניט אין זינען געהאַט צו קויפן. דאָס איז ביי אים געווען אַ צייט־פאַרטרייב אַזאַ. און ער האָט זיך ניט געאיילט; איבערלאָזנדיק ביים וואָגן די אויסגעשפּאַנטע אָקסן, זיי זאָלן דאָרט מעלהגירהן שטרוי און היי וויפל זיי ווילן נאָר אַליין, איז ער זיך, מיט דער בייטש אין דער האַנט, אַרומגעגאַנגען פון איין קלייט צו דער אַנדערער, און וואָס ער האָט נאָר געזען מיט די אויגן, האָט ער אָנגערירט מיט די הענט און זיך געדונגען וועגן דער פּרייז, און ווען דאָס איז אים נמאס געוואָרן, איז ער גאָר אַוועק אין שענקל אַריין און דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט גוטע ברידער און אינאיינעם מיט זיי געטרונקען בראָנפן און נאָכדעם איז מען אַוועק עסן „אישקעס" און געזאַלצענע פיש, און מ׳האָט ווידער געטרונקען בראָנפן, און עסנדיק און טרינקענדיק האָט מען גערעדט וועגן אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר געקומען אויף דער צונג. מ׳האָט זיך ניט געאיילט אַפילו ווען מ׳האָט יאָ געדאַרפט עפּעס קויפן. אַלץ האָבן די פּויערים אויפן יאַריד גענומען מיט אַ רואיקן געמיט, ווי אויף אַ שמחה, וואו מ׳טרעפט זיך מיט אַ סך מחותנים וואָס האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע דאגות און זיינען געקומען פאַרברענגען פריילעך. אַפילו אַ קאַלטן טרונק וואַסער האָט מען זיי אויפן יאַריד אין טראָסטינעץ געטראָגן אַנטקעגן, ווען ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג, און געטאָן האָט עס דער אַלטער אַפאַנאַסי, אַ פרומער פּויער מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד; ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער מצווה, און ער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען איבערן מאַרק און איבער דער „טאָרהאָוויצאַ" מיט אַ קאָראָמיסלע און צוויי עמערס מיט וואַסער אויף די אַקסלען, און ווער ס׳איז נאָר געווען דורשטיק, האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און געטרונקען פון אַן עמער, און דערפאַר האָט מען אים געדאַנקט, איבערצלמענדיק זיך

דערבײַ, און נאָכדעם איז מען װײַטער געגאַנגען איבער די ײדישע קלײטן, צו זען װאָס אַנדערע דינגען און קױפן, און אױב מ׳האָט עפּעס געדאַרפט, האָט מען אַלײן אױך געקױפט. אָבער אָן אײלעניש, אָן יאָגעניש. מ׳האָט געהאַט גע־נוג צײַט...

און טאַקע דערפֿאַר, װאָס בײַ די מערסטע פּױערים, װאָס זײַנען זיך פֿון די אָרומיקע דערפֿער צונױפֿגעפֿאָרן, איז דער יאַריד געװען עפּעס אַ מין חתונה, װאו מ׳קען גוט פֿאַרברענגען, און בײַ די ײדן פֿון שטעטל איז דאָס געװען אַ טאָג פֿון האַנדל און זײ האָבן דערױף אַרױסגעקוקט װי אױף משיחן, װײַל זײ האָבן דאָס געדאַרפט און געמוזט האָבן צו פּרנסה, איז אױסגעקומען אַזױ, אַז בכלל האָבן די ײדן פֿונם יאַריד קײן נחת ניט געקענט האָבן. װאָרעם דער גראָשן, װאָס מ׳האָט געלײזט, איז אָנגעקומען שװער, און נאָכן יאַריד איז מען געװען שרעקלעך אױסגעמאַטערט ניט נאָר קערפּערלעך, נאָר אױך גײַסטיק, און װען מ׳האָט איבערגעצײלט דעם פּדיון און געמאַכט דעם חשבון װיפֿל ס׳דאַרף קאָסטן צו מאַכן שיכלעך פֿאַר די קינדער און װיפֿל מ׳דאַרף באַצאָלן שכר־לימוד און װיפֿל מ׳דאַרף אַרײַנטראָגן דעם װאָכערניק, בײַ װעמען מען האָט געליען אַ ביסל געלט אױף פּראָצענטן, און װיפֿל מ׳דאַרף האָבן אױף ברױט, איז אױסגעקומען, אַז קײן בלעך אױף אַ דאַך קען מען אַלץ ניט קױפֿן, און ס׳װעט װידער אַרײַנרינען אין שטוב װען אין דרױסן װעט גײן אַ רעגן...

אַ סך אַזעלכע אָרעמע ײדן זײַנען געװען אין מײַן שטעטל טראָסטינעץ, װאָס איז װײַט פֿאַרװאָרפֿן אין אוקראַינע...

אָבער, כאָטש די מערסטע פֿון דער באַפֿעלקערונג, װאָס איז באַשטאַנען פֿון אַן ערך פֿיר טױזנט נפֿשות, זײַנען געװען אָרעמע מענטשן, האָט מען דאָך גע־פֿירט אַ בעל־הבתיש ײדיש לעבן. און מ׳האָט געפּראַװעט שבתים און ימים־טובים, װאָס האָבן אַרײַנגעטראָגן פֿרײד, און מ׳האָט אױסגעהאַלטן אַ בית־מדרש, װאו יונגע לײַט און אױך עלטערע ײדן האָבן אַלע טאָג געלערנט אַ בלאַט גמרא און אַ פּרק משניות. אױך אַ שול און אַ קלױז האָט מען אױסגעהאַלטן. און אױפֿן „טױטן געסל“, װאָס מ׳האָט אַזױ גערופֿן דערפֿאַר װאָס ס׳איז געשטאַנען ניט װײַט פֿונם בית־עולם, האָט מען אױסגעבױט אַ קלײן קלײזל, װאו ס׳האָבן גע־װײנלעך געדאַװנט די שכנים. אַפֿילו די אָרעמסטע האָבן אױסגעהאַלטן זײערע קינדער אין חדר, און ס׳זײַנען אין שטעטל אױך געװען אַזעלכע, װאָס האָבן זײערע קינדער געשיקט שטודירן קײן אָדעס און אין אַנדערע שטעט, װאו ס׳זײַנען געװען גימנאַזיעס און אוניװערזיטעטן; און די, װאָס האָבן זיך אַזױנס ניט געקענט פֿאַרגינען, זײַנען געװען צופֿרידן װאָס זײערע קינדער לערנען זיך אין דער הײם און װאָס זײ האַלטן זיך בײַ די ײדישע לימודים אין דער זעלבער צײַט װאָס זײ העלפֿן אַרױס די אָרעמע טאַטע־מאַמע אין דער פּרנסה; װאָס זײ לערנען

זיך אויך רוסיש און זיי לייענען גוטע ביכער און זיי האָבן אַ פּנים ביי לייטן, ווען זיי קומען זיך צונויף מיט די „זאַוואָדסקע" יונגע לייט און מיידלעך, וועלכע שטודירן אין די גרויסע שטעט און גייען אָנגעטאָן אין די יוניפאָרמעס, וואָס מ׳טראָגט אין די גימנאַזיעס און אין די אוניווערזיטעטן...

***

ווי גרויס די אָרעמקייט איז ניט געווען, האָט זי דאָך ניט געקענט דער־שטיקן דעם באַגער זיך אויפצוהויבן העכער פון דעם „אין דער וואָכן", וואָס ציט אַרונטער צו דער ערד.

און ריכטיק האָט דאָס אויסגעדריקט דער גרויסער דיכטער ח. נ. ביאַליק, וועלכער איז אויך געקומען פון אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע:

„נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן,
נישט דערוואָרט און נישט דערלעבט —
וואָס־זשע זאָרגט איר? — ווי די אָדלערס
הויבט זיך פּלוצעם אויף און שוועבט!"

אַזוי איז געווען אין אַ סך יידישע שטעטלעך אין אוקראַינע, און אַזוי איז אויך געווען אין מיין שטעטל טראָסטינעץ. אַפילו די אָרעמסטע, וואָס האָבן ניט איינמאָל „נישט דערעסן און נישט דערשלאָפן, און נישט דערוואָרט און נישט דערלעבט", האָבן זיך פּלוצעם אויפגעהויבן ווי די אָדלערס און זיי האָבן הויך געשוועבט.

קיינער האָט זיך ניט פאַרלאָרן. די יידן אין שטעטל זיינען געבליבן אָפּ־טימיסטן. און ווען ס׳איז געקומען דער שבת נאָך שבועות און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די חתונות, איז יעדער חתונה געווען אַ שמחה ניט נאָר פאַר די מחותנים, נאָר פאַרן גאַנצן שטעטל. דאָס שפּילן פון די קלעזמער האָט זיך איבער אַלע גאַסן און געסלעך געטראָגן, און ווען מ׳האָט געפירט חתן־כלה צו דער חופּה, איז קינד און קייט נאָכגעגאַנגען צום בית־המדרש און פונם בית־המדרש צוריק, און מ׳האָט געטאַנצט אין די גאַסן, און די פרייד איז געווען גרויס, און אַרום דעם שאַלאַש, וואו די חתונה איז געווען, איז מען געשטאַנען ביז שפּעט נאָך האַל־בער נאַכט און מ׳האָט אַריינגעקוקט דורך די שפּאַרינעס פון די ברעטער, און נאָכדעם האָט מען אומעטום נאָכגעזונגען די ניגונים, וואָס די קלעזמער האָבן געשפּילט. און אויך די פּריצים פונם זאַוואָד האָבן ליב געהאַט צו קומען קוקן אויף די יידישע חתונות און הערן דאָס שפּילן פון די יידישע קלעזמער.

און אין שטעטל זיינען געווען עטלעכע חזנים, וואָס האָבן געקענט גוט זינגען, און איינער פון זיי, מאָטל גנעסיעס, האָט געהאַט אַזאַ פיין קול צום זינגען. אַז ער איז שפּעטער געוואָרן אַ חזן אין אָדעס, אין דער זעלבער שול, וואו דער

גרויסער ראַזומני איז אַמאָל געווען דער חזן. און ווען מ׳האָט זיך איין מאָל גאָר שטאַרק פאַרבענקט נאָך אַ חזן, האָט מען אויף שבת אַראָפּגעבראַכט דעם באַ־רימטן באַרדיטשעווער חזן ר׳ ניסי בעלזער, און דער דאַנק דערפאַר איז גע־קומען ניט קיין אַנדערן, ווי דעם פּשוטן יידן שמעון שניידער, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט נגינה, אַז וואו נאָר ערגעץ אַ שטוב, וואו מ׳האָט אַמאָל גע־שפּילט אויף אַ פּיאַנע, אויף אַ פידל, אָדער אַפילו אויף אַ גיטאַרע, איז ער דאָרט ביינאַכט געשטאַנען הינטער די פענצטער און האָט זיך צוגעהערט, און ווען אימיצער האָט גענומען אַ פאַלשן טאָן, אין שפּילן אָדער אין זינגען, האָט שמעון דאָס גלייך געכאַפּט און, פאַרקרימענדיק זיך זויער, האָט ער געמאַכט מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זיך פון עפּעס געוואָלט אָפּטרייסלען:

— געוואַלד, ס׳רייסט מיר דעם אויער!...

אַלע מאָל האָט מען געפונען עפּעס, וואָס קען, אַפילו אין דער גרעסטער אָרעמקייט, דערהויבן דעם מענטשן העכער. און ווען ס׳זיינען ניט געווען קיין חתונות, האָט מען געמאַכט אַ שמחה ביי אַ סיום התורה. ס׳איז אין שטעטל שוין קיין נייעס ניט געווען, אַז אימיצער זאָל לאָזן שרייבן אַ ספר פאַרן בית־המדרש, פאַר דער שול, אָדער פאַר דער קלויז, און דאַן האָט מען דאָס נייע ספר־תורה געטראָגן איבער די גאַסן מיט פּאַראַד, און אַלע זיינען נאָכגעגאַנגען, אַנגעטאָן ווי צו אַ חתונה, און אַ חזן האָט געזונגען מיט די משוררים „ישמח משה במתנת חלקו״, אָבער ניט אַזוי ווי מ׳זינגט דאָס געוויינלעך, נאָר אויף אַ גאַנץ אַנדער שטייגער, אַזוי אַז די ווייבער, וואָס זיינען געווען אָנגעזעענע מחותנתטעס אויף דער שמחה, ווייל זיי האָבן בשותפות אויסגעניִיט און אויסגעפּוצט דאָס סאַמע־טענע מענטעלע פאַר דער תורה, זאָלן דאָס גוט פאַרשטיין. און דער נוסח איז געגאַנגען אַזוי:

„ווי־זשע האָט מען אים גערופן?
אוי, ווי־זשע האָט מען אים גערופן?״

דאָס האָט געפרעגט דער חזן, זינגענדיק דעם באַקאַנטן ניגון, און דערויף האָבן די משוררים געענטפערט:

„כי עבד נאמן,
אַי־אַי־אַי, קראת לו״.

און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט:

„ישמח משה, ישמח משה
ישמח משה במתנת חלקו״.

נאָכדעם האָט דער חזן ווידער געשטעלט אַ פראַגע זינגענדיק:

„וואו־זשע איז ער געשטאַנען?
אוי, וואו־זשע איז ער געשטאַנען?״

און די משוררים האָבן גלייך געגעבן דעם ענטפער:

„בעמדו לפניך,
אַי־אַי־אַי, על הר סיני".

אַזוי האָט דער חזן אַלע מאָל אַן אַנדער פראַגע געשטעלט, זינגענדיק דער־בײַ דעם באַקאַנטן ניגון, און נאָך יעדן ענטפער, וואָס די משוררים האָבן אים געגעבן, האָט דער גאַנצער עולם אונטערגעכאַפּט:

„י־י־ישמח משה
י־י־ישמח משה,
ישמח משה
במתנת חלקו".

דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געפרייט דערמיט, וואָס אַ ייד האָט געלאָזט שרייבן אַ נייע ספר־תורה פאַר דער שול. אויך די חדר־ייִנגלעך האָבן זיך דערמיט געפרייט, און אינאיינעם מיט די משוררים און מיט גאַנץ קהל האָבן זיי אויך געזונגען „ישמח משה". און אין אָוונט, ווען מ'איז געזעסן מיט ווייב און קינדער ביים טיש און גערעדט וועגן דעם, וואָס ס'האָט זיך היינט אָפּגעטאָן אויף דער גרויסער שמחה, האָבן אַלע צוגעגעבן, אַז ווען גאָט העלפט איינעם, און ער קען לאָזן שרייבן אַ ספר־תורה פאַר אַ מקום־קדוש, איז אַוודאי זייער שיין און ס'איז דאָ מיט וואָס אים מקנא צו זיין...

אָט אַזוי האָבן יידן געלעבט אין דעם קליינעם אוקראַינישן שטעטל טראַס־טינעץ, וואָס איז אין פּאָדאָליע. אין דער אָרעמקייט, וואָס האָט אַזוי שווער גע־שטיקט, אַז מ'איז אַלט געוואָרן פאַר דער צייט, האָט מען זיך דאָך זייער אָפט גייסטיק הויך דערהויבן; מ'האָט געהאָט שטרעבונגען, האָפענונגען, און יונגע מענטשן האָבן פלייסיק געלערנט און געשטודירט, פאַרבינדנדיק דאָס אַלטע מיט דעם נייעם; און ווער ס'האָט נאָר געהאַט חלומות, האָט זיך אויסגעקליבן זיין וועג אין לעבן און איז געווען גרייט בייצוקומען אַלע שטערונגען ביז ער וועט זיך, סוף־כל־סוף, צושלאָגן צו דעם, וואָס ער וויל...

דאָס לעבן אין שטעטל איז זיך געגאַנגען מיט דער זעלבער זיכערקייט ווי דאָס ריטשקעלע, וואָס שטראָמט ערגעץ אַרויס פון אַן אייביקן קוואַל און וואָס מ'האָט אין אַ לעגענדע איינגעהילט...

ביז...

ביז ס'איז אָנגעקומען די מלחמה פון 1914, דערנאָך — דער גרויסער פּאָגראָם פון 1919. און פון יענעם פּאָגראָם איז געבליבן אַ גרויסע מצבה אויף אַ קבר, וואו ס'ליגן באַגראָבן פינף הונדערט יידן.

יענעם ברודער־קבר האָב איך מיט מיינע אייגענע אויגן געזען ווען איך

האָב אינעם יאָר 1932, אויף מיין רייזע איבער סאָוועט־רוסלאַנד, באַזוכט מיין געבורטס־שטעטל. און איך קען זיך ניט אָפּהאַלטן פון איבערגעבן דאָ אייניקע אויסצוגן פון דעם וואָס איך האָב דעמאָלט געשריבן. עס איז אַ קאַפּיטל פון אַ שחיטה־שטאָט אין אוקראַ״נע:

„דרייצן יאָר זיינען שוין אַוועק זינט ס׳איז אין טראָסטינעץ פאָרגעקומען דער גרויסער פּאָגראָם, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע ווי איינער פון די שוידערלעכסטע און בלוטיקסטע פּאָגראָמען אין אוקראַינע. און דאָך איז דער פּאָגראָם נאָך פריש אינעם זכרון פון אַלע איינוואוינער אין שטעטל און ער דינט ווי אַ מין ליניע, וואָס האָט אָנגעצייכנט דעם סוף פון אַ קאַפּיטל ניט נאָר אין דער געשיכטע פונם שטעטל, נאָר אויך אין דער געשיכטע פונם בירגער־קריג אין לאַנד אין אַלגעמיין.

„— דאָס איז נאָך געווען פאַרן אומגליק...

„— דאָס איז געשען נאָכן אומגליק...

„— דאָס איז פאָרגעקומען בשעתן אומגליק...

„אַזוי רעדן דאָרט יידן צווישן זיך ווען זיי פּרואוון פעסטשטעלן פּינקטלעך די צייט פון אַ פּאַסירונג אין זייער פּערזענלעכן לעבן אָדער פון אַ פּאַסירונג אין לעבן פונם גאַנצן לאַנד. און אַלע ווייסן שוין, אַז מיטן וואָרט „אומגליק״ מיינט מען דעם גרויסן פּאָגראָם...

„עס איז שווער צו געפינען אין טראָסטינעץ אַ יידישע פאַמיליע, וואָס האָט ניט געליטן פון יענעם גרויסן פּאָגראָם, וואָס פּעטליורעס באַנדעס האָבן געמאַכט אין שטעטל בעתן „אויפשטאַנד״ קעגן די באָלשעוויקעס. אַרום און אַרום האָט מען דעמאָלט אויסגעהרגעט אַ פינף הונדערט יידן. מ׳האָט די אומגליקלעכע צונויפגעטריבן אין איין גרויסער געביידע לעבן זאַוואָד (אין גאָלדענבערגס הויז) און דאָרטן האָט מען זיי אויסגעשאָכטן ווי די שאָף; אַלטע און יונגע — מ׳האָט קיינעם ניט געשאָנעוועט; און בעת די פאַרצווייפלטע געשרייען פון די קרבנות האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט, האָבן אייניקע „אינטעליגענטע באַרישניעס״ פונם זאַוואָד געשפּילט אויף דער פּיאַנע, כדי מיט מוזיק צו פאַרטויבן דעם יאָמער און דאָס געוויין פון די קרבנות, וואָס זיינען אָפּגעגאַנגען מיטן בלוט.

„דערנאָך האָט מען די אַלע פינף הונדערט הרוגים אין איין גרויסן קבר באַגראָבן. דער דאָקטאָר פון שטעטל — און זאָל דאָ דער נאָמען פון יענעם פּאָגראָמשטשיק פאַרצייכנט ווערן: שטשערבינסקי האָט ער געהייסן — האָט נאָך פריער דעם גרויסן קבר געלאָזט אויסגראָבן. ער האָט דעם גרויסן קבר אויך געלאָזט באַשיטן מיט קאַלך אַלס אַ מיטל קעגן אַ מעגלעכער מגפה. אַ סך קרבנות האָט מען אין יענעם גרויסן קבר באַגראָבן לעבעדיקערהייט. שפּעטער, ווען די סאָוועטן־מאַכט האָט פאַרטריבן פּעטליורעס באַנדעס און אַלע אַנדערע ווייסע

באַנדעס פון אוקראַינע, האָט מען אויף דעם ברידער־קבר פון די טראָסטינעצער פּאָגראָם־קרבנות אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע שטיינערנע מצבה, וואָס פאַרנעמט אַוודאי אַ גאַנצן קוואַרטאַל די לענג. און לעבן דער גרויסער מצבה, וואָס וואַרפט אָן אַ מורא ווען מען דערזעט זי פון דער ווייטנס, שטייט אויך אַ קליין מצבהלע אויף אַ קבר. אין יענעם קבר האָט מען באַגראָבן אַ פּאָטער, ביי וועמען מ׳האָט דערהרגעט אַ זון אין דער צייט פון דעם גרויסן פּאָגראָם; דער פּאָטער איז שפּעטער געשטאָרבן פון האַרצווייטיק און פאַרן טויט האָט ער געבעטן, אַז מ׳זאָל אים לייגן לעבן דעם גרויסן קבר, וואו זיין זון ליגט באַגראָבן צוזאַמען מיט די אַנדערע קרבנות.

„שטייען דאָרטן אַזוי צוויי קברים. איין קבר אַ גרויסער, וואו ס׳ליגן באַגראָבן פינף הונדערט יידן, און איין קבר אַ קליינער, וואו ס׳ליגט באַגראָבן איין ייד — אַ פּאָטער וואָס איז געשטאָרבן פון האַרצווייטיק נאָכדעם ווי מ׳האָט זיין זון פאַרפּייניקט צום טויט.

„פון דער ווייטנס אָבער זעט מען בלויז דעם גרויסן קבר מיט דער הויכער און ברייטער מצבה פון רויטע און גרויע שטיינער. און ווי מ׳גייט נאָר אַרויס פון דעם טראָסטינעצער טויער און מ׳לאָזט זיך גיין אויף דעם וועג, וואָס פירט קיין לאַדיזשען און אין די אַנדערע נאָענטע שטעטלעך אַרום, דערזעט מען באַלד אין דער לינקער זייט, אַ ביסל אָפּגערוקט פונם וועג, די גרויסע שטיינערנע מצבה, וואו ס׳ליגן באַגראָבן פינף הונדערט יידן — אַ מצבה, וואָס קיין זאַך אין דער וועלט קען ניט פאַרשטעלן און קען ניט באַהאַלטן...

„זומער, ווען די בוימער אַרום און אַרום צעבליען זיך און דער גאַנצער געגנט ווערט באַדעקט מיט גרינס, און ווינטער, ווען אַלץ אַרום און אַרום ווערט באַדעקט מיט שניי — די הויכע שטיינערנע מצבה פון דעם גרויסן ברידער־קבר זעט מען אַלץ אָן. מיט איר גרויקייט און פאַרגליווערטער אַנגעכמורעטקייט שפּאַרט זי זיך אַרויס דורך דער גרינקייט פון די בוימער זומער, קריכט זי אַרויס אויף דער ווייסקייט פונם שניי ווינטער — זי לאָזט זיך ניט באַהאַלטן; זי דערמאָנט אַלעמען און זי דערציילט אָן ווערטער אַלעמען, סיי אייגענע און סיי פרעמדע, וועגן דעם אומגליק, וואָס איז געשען אין שטעטל מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק.

„גיין אָפּט צו „דער באַסעינע", ווי מ׳רופט אין טראָסטינעץ דעם פּלאַץ, וואו דער ברידער־קבר געפינט זיך — דאָס איז אַ געוויינלעכע און פאַרשטענדלעכע זאַך. עס גייען אַהין אַלמנות און יתומים, טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער — יעדער איינער האָט דאָרטן וועמען צו באַוויינען און אויף וואָס צו קלאָגן.

„אויך איך האָב דאָרטן געהאַט וועמען צו באַוויינען; עס ליגן אין יענעם

גרויסן קבר אַ סך פון מיינע אייגענע, אַ סך פון מיינע פריינד און חברים. בין איך אַוועק צו „דער באַסעינע“ און צוזאַמען מיט מיר זיינען מיטגעגאַנגען עט־לעכע יידן פון שטעטל.

„עס איז געווען שווער זיך צו דערשלאָגן אַהין, ווייל דער גאַנצער וועג איז געווען פאַרוואַלעט מיט שניי. אפילו מיט אַ שליטן האָט מען אַהין ניט געקענט צופאָרן. מיר האָבן זיך אַלע געמוזט אַנטאָן אין שווערע פוישטן און קריכן אין טיפן שניי, וואָס האָט דערגרייכט ביז די קני. פון די פעלדער אַרום און אַרום האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. דער פראָסט האָט געברענט און ס׳איז שווער געווען דעם אָטעם צו כאַפּן. און אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט אין דער קעלט און אין טיפן שניי ביז מיר זיינען צו דער גרויסער שטיינערנער וואַנט צוגע־קומען.

„דער בייזער ווינט האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוואָיעט ווען מיר האָבן זיך ביי דער גרויסער מצבה אָוועקגעשטעלט. עס איז געווען אַזוי סומנע, און אַ פּחד, געמישט מיט אַ טיפן טרויער, האָט זיך טיף אין דער נשמה אַריינגעגראָבן.

„איך האָב לאַנג געקוקט אויף דער גרויסער מצבה, וואָס איז בלויז ערטער־ווייז געווען באַדעקט מיט שניי. און קוקנדיק אַזוי, האָב איך געזען מיין פעטער הערל, וואָס ליגט דאָרטן, מיין שוואָגער ישראל, מיין חבר שלמה ראַבינאָוויטש, וועמען מען האָט באַגראָבן לעבעדיקערהייט צוזאַמען מיט זיין טאַטן; איך האָב געזען די פנימער פון די אַלע פינף הונדערט יידן, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט. און מיטאַמאָל האָב איך געגעבן אַ פאַל צו מיטן פּנים צו די קאַלטע שטיינער פון דער מצבה און איך האָב זיך אַזוי צעוויינט, זיך אַזוי צעכליפּעט אויפן קול, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען מיך איינצוגעמען...

„ווי פון אַ קוואַל האָבן זיך ביי מיר די טרערן געגאָסן פון די אויגן. און אויב ס׳איז מיר אַמאָל געווען ניחאר דער טויט ווי דאָס לעבן, איז דאָס געווען אין יענעם מאָמענט, ווען איך בין מיטן פּנים צוגעפאַלן צו די קאַלטע שטיינער פון דער גרויסער מצבה אויף דעם ברידער־קבר אין מיין געבורטס־שטעטל, וואו ס׳ליגן באַגראָבן פינף הונדערט יידן, וואָס מ׳האָט אין איין טאָג אויסגעשאָכטן ווי די שאָף...

„קיינער פון די יידן, וואָס זיינען צוזאַמען מיט מיר צום גרויסן קבר גע־קומען, האָט ניט געפּרוּווט מיך באַרואיקן.

„— זאָל ער זיך אויסוויינען! — האָט מען געזאָגט.

„— ער מעג וויינען; ער האָט דאָ אויך אַ היפּשן חלק!

„אַזוי האָבן יידן גערעדט צווישן זיך, און איך האָב אַלץ געוויינט אויפן קול. און שפּעטער, ווען איך האָב זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַרואיקט, בין איך אַלץ

געשטאַנען אויף דעם זעלבן אָרט און איך האָב קיין איין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדן...

„כאָטש ס׳האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט און ס׳איז געווען מוראדיק קאַלט, האָב איך זיך דאָך ניט געאײַלט אַוועקצוגיין פֿון דעם ברידער־קבר. דער געדאַנק, אַז מער וועל איך מײַן געבורטסשטעטל שוין קיינמאָל אין מײַן לעבן אַוודאי ניט זען, האָט מיך עפּעס ווי צוגעשמידט צום אָרט, און איך האָב איך מײַן זכרון געוואָלט אָפּשטעמפּלען דעם גאַנצן אויסזען פֿון דער גרויסער מצבה... מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט ווי דאָ און דאָרט זײַנען שטיינער אַרויסגעריסן... מ׳האָט געקענט דערקענען, אַז מ׳האָט זיי מיט גוואַלד געשלעפּט...

„האָב איך געפֿרעגט וואָס דאָס איז און מ׳האָט מיר געענטפֿערט:

„— ס׳איז אַ גאַנצע מעשה דערבײַ...

„שפּעטער האָב איך װעגן דעם גערעדט מיט נאָך מענטשן. מיט ייִדן און אויך מיט גויים. און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם וואָס אין דער אויס־געמויערטער מצבה זײַנען דאָ און דאָרט שטיינער אַרויסגעריסן, איז פֿאַרבונדן אַ מערקווירדיקער פֿאַקט, וואָס איך גיב דאָ איבער אַזוי ווי מ׳האָט דאָס מיר דערציילט:

„...די פּויערים פֿונם שטעטל און אויך פֿון די אַרומיקע דערפֿלעך, די ייִנגערע פֿון זיי ספּעציעל, שעמען זיך דערמיט וואָס ס׳איז אין טראָסטינעץ פֿאַר־געקומען אַזאַ שרעקלעכער פּאָגראָם... זיי וואָלטן געוואָלט פֿאַרגעסן אָן דעם... אָבער ווי קענען זיי דאָס פֿאַרגעסן ווען ס׳שטייט פֿאַר די אויגן אַזאַ פֿעסטע אויסגעמויערטע מצבה פֿון שטיינער?!... די מצבה שווײַגט טאַקע, אָבער מיט איר שווײַגן שרײַט זי דאָך אַרױס פֿאַר דער גאַנצער וועלט די גרויסע, די שרעקלעכע עוולה, דעם בלוטיקן פֿאַרברעכן, וואָס אַ פֿאָלק איז באַגאַנגען קעגן אַ פֿאָלק, שכנים קעגן שכנים, מענטשן קעגן מענטשן... ווער ס׳קומט נאָר צופֿאָרן אין שטעטל אַרײַן, און צווישן די וואָס קומען, איז אַמאָל פֿאַראַן אַ מענטש פֿון אַן אַנדער לאַנד, גייט ער באַלד אויף „דער באַסעינע״ אָנקוקן דעם ברידער־קבר... שעמען זיך די פּויערים דערמיט, ספּעציעל די ייִנגערע, די וואָס זײַנען שוין אונ־טערן אײַנפֿלוס פֿון דער נײַער צײַט... און ס׳טרעפֿט זייער אָפֿט, אַז זיי קומען שפּעט בײַנאַכט מיט העק, מיט שטיקער אײַזן, און מיט אַלע כוחות רײַסן זיי אַרויס שטיינער פֿון דער אויסגעמויערטער מצבה... זיי וואָלטן זייער געוואָלט זי אינגאַנצן צעוואָרפֿן!... זיי ווילן ניט, אַז זי זאָל מיט איר שווײַגן אייביק אַרויס־שרײַען פֿאַר דער וועלט דעם בלוטיקן פֿאַרברעכן וואָס איז באַגאַנגען גע־וואָרן!...״

„אָבער זיי קענען די אויסגעמויערטע מצבה ניט צעברעכן. זי שטייט פֿעסט און זי שטעכט די אויגן. מיט איר גרויסקייט און פֿאַרגליווערטער אָנגעכמורעט־

קיט שפּאַרט זי זיך אַרויס דורך דער גרינקייט פון דיביימער זומער, און זי קריכט אַרויס אויף דער ווייסקייט פונם שניי ווינטער — זי לאָזט זיך ניט באַהאַלטן, זי לאָזט זיך ניט צעשטערן...״

דאָס האָב איך געשריבן נאָך אין 1932, ווען איך האָב, אויף מיין רייזע איבער סאָוועט־רוסלאַנד, באַזוכט מיין געבורטס־שטעטל טראָסטינעץ.

און זי איז ווייטער געבליבן דאָרט, די מצבה אויף דעם גרויסן ברודער־קבר. געבליבן, אַז די יידן אין טראָסטינעץ זאָלן ביים דערמאָנען עפּעס אַ פּאַסירונג קענען זאָגט:

— דאָס איז געשען פאַרן אומגליק...

— דאָס איז געשען נאָכן אומגליק...

אַזוי ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען היטלערס רוצחים זיינען אַהין אַריין, און ס׳איז געשען נאָך אַ גרעסערער אומגליק...

אַ קללה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף מיין שטעטל טראָסטינעץ, וואָס איז וויט פאַרוואָרפן אין דער אוקראַינע!

שוין יאָרן זינט יידן פירן דאָרט אַ חשבון פון אַ לעבן, וואָס איז — אָדער פאַר אַן אומגליק, אָדער — נאָך אַן אומגליק...

# וועליזש

עס איז געווען אַ צייט ווען ס'האָט געהייסן, אַז וועליזש איז „אַ שטאָט אין דער ליטווישער אוקראַינע". אַזוי איז זי געווען פאַרשריבן אינם זעכצנטן יאָרהונדערט, ווען זי האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויף דער ערד. עס איז אויך געווען אַ צייט ווען מ'האָט זי פאַרשריבן ווי „אַ אויעזדנע שטאָט אין וויטעבסקער גובערניע", און שפּעטער, עטלעכע יאָר נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס זיינען שוין געווען ביי דער מאַכט, איז די שטאָט פאַרשריבן געוואָרן ווי אַ „ראַיאָנער צענטער אין לענינגראַדער אָבלאַסט", און לויט די אָנגעגעבענע ציפערן איז די באַפעלקערונג דאָרט באַשטאַנען פון ניט מער ווי אַ צען טויזנט מענטשן.

נאָך אינם זעכצנטן און אויך אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט איז וועליזש עטלעכע מאָל איבערגעגאַנגען פון פּוילן צו רוסלאַנד און פון רוסלאַנד צוריק צו פּוילן. נאָך יעדער מלחמה האָט זיך דאָרטן געביטן די הערשאַפט.

אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד איז וועליזש אין די צייטן פון יעקאַטערינע דער צווייטער. וויפל יידן עס האָבן דאַן געוואוינט אין שטאָט ווייסט מען ניט. עס איז אָנגענומען, אַז אינם יאָר 1797 זיינען אינם גאַנצן אויעזד געווען ניט מער ווי אַ דריי הונדערט יידן.

ערשט נאָכדעם ווי ס'זיינען אַוועק הונדערט יאָר, אין 1897, ווען ניקאָלאַי דער צווייטער איז שוין געזעסן אויפן טראָן פון רוסלאַנד, איז די יידישע באַפעלקערונג פונם גאַנצן אויעזד באַשטאַנען פון קנאַפּע צען טויזנט נפשות. און פון זיי האָבן אין וועליזש אַליין געוואוינט אַ זעקס טויזנט יידן, און דאָס האָט אויסגעמאַכט אַן ערך פופציק פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

בכלל איז וועליזש קיינמאָל שנעל ניט געוואַקסן. אַ נאָמען אָבער האָט די שטאָט געקראָגן אַ גרויסן און מ'האָט וועגן איר אַ סך געשריבן.

די יידן פון וועליזש האָבן שטענדיק געהאַט אַ נאָמען פון מוטיקע און שטאָלצע מענטשן, וואָס בויגן זיך ניט פאַר קיינעם. און זיי האָבן דעם נאָמען כשר פאַרדינט, ווייל נאָך אין יאָר 1823, ווען אויפן טראָן פון רוסלאַנד איז נאָך געזעסן אַלעקסאַנדער דער ערשטער, האָבן זיי, די יידן פון וועליזש, באַוויזן ווי זיי בויגן זיך ניט פאַר קיינעם, אַפילו ניט פאַר די מעכטיקסטע אין דער וועלט.

דאָס איז געווען אין די צייטן, ווען מ׳האָט אויף די יידן פון וועליזש גע־מאַכט דעם געמיינעם בלוט־בלבול, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד און אַרויפגעוואָרפן אַ מורא אויף אַלע רוסישע יידן. און מ׳קען זאָגן, אַז אין דער גאַנצער געשיכטע פון בלוט־בלבולים, פון וועלכע אונדזער פאָלק האָט אַזוי פיל געליטן, האָבן יידן אין ערגעץ זיך ניט געהאַלטן אַזוי שטאָלץ און אַזוי מוטיק ווי אין וועליזש.

גאַנצע צוועלף יאָר האָט די געשיכטע מיט דעם בלוט־בלבול אין וועליזש זיך געצויגן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אינם מאָנאַט אַפּריל פונם יאָר 1823 און ס׳האָט זיך געענדיקט אינם מאָנאַט יאַנואַר פון דעם יאָר 1835. און פאַר דער צייט זיינען אייניקע פון די אָנגעקלאָגטע געשטאָרבן אין געפענגעניש, און די, וואָס האָבן שוין יאָ דערלעבט דעם טאָג פון דער באַפרייאונג, זיינען אַזוי צע־בראָכן געוואָרן פון די פיזישע ליידן און פון די גייסטיקע יסורים, וואָס זיי האָבן אַזוי לאַנג אַריבערגעטראָגן, אַז זיי האָבן שוין נאָכדעם קיינמאָל ניט געקענט קומען צוריק צו זיך און זיי זיינען שוין אויפן גאַנצן לעבן געבליבן צעבראָכענע מענטשן. עס זיינען צווישן די אָנגעקלאָגטע אין וועליזש געווען יידן פון פאַר־שיידענערליי שטאַנדן — רייכע און אָרעמע, סוחרים און בעלי־מלאכות, אַלטע און יונגע, אויך פרויען, פרומע און גאָטספאַרכטיקע יידישע טעכטער זיינען צווישן די אָנגעקלאָגטע אין וועליזש געווען. און אַלע האָבן זיך אויף די קרייץ־פאַרהערן געהאַלטן אַזוי מוטיק און אַזוי שטאָלץ, אַז ס׳איז ממש געווען צו באַ־וואונדערן. עס איז אָפּט געשאַפן געוואָרן דער איינדרוק, אַז די אָנגעקלאָגטע זיי־נען גאָר די אָנקלעגער, און ס׳איז קיין וואונדער ניט געווען וואָס דער וויטעבסקער גענעראַל־גובערנאַטאָר פירשט כאָוואַנסקי, וועלכער איז געווען אַ פאַרביסענער רעאַקציאָנער און אַן אַנטיסעמיט, און אויך סטראַכאָוו, דער הויפּט־אונטער־זוכער זיינער, זיינען געווען אַזוי אויפגעבראַכט דערדיף וואָס די יידן אין וועליזש ווייזן אַרויס אַזאַ „חוצפה״, אַז זיי האָבן זיך אויף דעם באַקלאָגט פאַרן קיסר אַליין...

נישט דאָ איז דער פּלאַץ איבערצוגעבן איינצלהייטן וועגן דעם וועליזשער בלוט־בלבול, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויפגערודערט די יידן פון גאַנץ רוסלאַנד נאָך מיט איבער הונדערט יאָר צוריק. מ׳האָט ביי אונדז וועגן דעם שוין זייער אַ סך געשריבן, און צווישן די בעסטע ווערק, וואָס זיינען וועגן דעם אָנגעשריבן געוואָרן, איז שאול גינזבורגס „דער וועליזשער בלוט־בלבול״, וואָס איז אַריין אין דריטן באַנד פון זיינע „היסטאָרישע שריפטן״. גינזבורג האָט זיך אין זיין ווערק באַנוצט מיט אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וואָס זיינען דובנאָוו, געסענען און אַנדערע היסטאָריקער ניט געווען באַקאַנט; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סך איינצל־הייטן, וואָס האָבן דעם גאַנצן ענין גוט באַלויכטן, און מ׳קען שוין צו דעם קיין

נייעס ניט צוגעבן. דעריבער וועלן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן בלויז אויף אייניקע גרונט־שטריכן, אָן וועלכע מ׳קען זיך ניט באַגיין ווען מ׳רעדט וועגן דעם וועליזשער בלוט־בלבול, וואָס האָט די יידן פון וועליזש געמאַכט אַ נאָמען ניט נאָר פון מאַרטירער, נאָר אויך פון שטאָלצע, מוטיקע און בראַווע קעמפער, וואָס שרעקן זיך ניט פאַר קיין זאַך, ווען זיי ווייסן, אַז דער אמת און די גערעכטיקייט זיינען אויף זייער זייט.

בכלל איז אַ לאַנגע צייט געווען אָנגענומען, אַז אין יידישער געשיכטע זאָל מען זיך אויף מאַרטירעלאָגיע אָפּשטעלן מער ווי אויף דער העלדישקייט, וואָס יידן האָבן אַרויסגעוויזן אין קאַמף קעגן זייערע שונאים. דאָס האָט אָפט געשאַפן אַ פאַלשן באַגריף. ס׳האָט זיך באַקומען אַן איינדרוק, אַז יידן זיינען גרויסע מאַרטירער, אָבער ניט קיין העלדן, און דאָס איז ניט ריכטיק. אין די ערגסטע און שווערסטע צייטן, אַפילו דאַן ווען ס׳איז געווען קלאָר, אַז זיך שטעלן דעם שונא אַנטקעגן מיינט פשוט פאַרלירן דאָס לעבן, האָבן זיך געפונען אַזעלכע יידן, וואָס האָבן זיך העלדיש און מוטיק געשטעלט אַנטקעגן און האָבן ווירדיק באַשיצט זייער כבוד און אויך דעם כבוד פונם גאַנצן יידישן פאָלק.

אויך אין די צייטן פון וועליזשער בלוט־בלבול איז אַזוי געווען. און ווייל די שונאים האָבן דערויף ניט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס איז העלדישקייט, ווייל ס׳איז זיי ניט אָנגעשטאַנען, אַז יידן זאָלן זיך שטעלן קעגן זיי, האָבן זיי דאָס אָנגערופן מיטן נאָמען „יידישע חוצפה״.

⁂

אָנגעהויבן האָט זיך דער וועליזשער בלוט־בלבול פון דעם וואָס ביי איינעם אַ קריסט מיטן נאָמען יעמיליאַן איוואַנאָוו איז אין וועליזש פאַרפאַלן געוואָרן אַ דריי־יאָריק יינגעלע מיטן נאָמען פעדיאַ. ער איז אַוועק פון דער היים און איז מער צוריק ניט געקומען, און מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען אים געפונען אין וואַלד אַ דערהרגעטן, און דאָס גאַנצע לייב איז ביי אים געווען צעשטאָכן.

נאָך איידער מ׳האָט דעם טויטן קערפּער פון דעם יינגל געפונען אין וואַלד, האָט אַ קריסטלעכע פרוי, איינע אַ מאַריאַ טערענטיעוואַ, פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז יידן האָבן דאָס קריסטלעכע יינגעלע פעדיאַ פאַרנאַרט צו מירל אַהראָנסאָן אין שטוב און דאָרט האַלט מען אים אין אַ קעלער און אין קעלער וועט מען אים דערהרגענען, ווייל „ווי ס׳איז שוין באַוואוסט״ דערהרגענען יידן קריסטלעכע קינדער, כדי צו באַנוצן זייער בלוט אין די מצות, וואָס מ׳באַקט אויף פסח.

דער שכל איז מתחייב, אַז דאָס ערשטע וואָס דעם יינגעלעס מוטער האָט געדאַרפט טאָן, איז געווען — לאָזן וויסן דער פּאָליציי, אַז מ׳זאָל גלייך גיין צו מירל אַהראָנסאָן אין שטוב און דאָרט זוכן אין קעלער איר פאַרשוואונדן קינד. אָבער זי האָט דאָס ניט געטאָן. אָנשטאָט דעם איז זי גאָר אײנאײנעם מיט דער מאַריאַ טערענטיעוואַ אַוועק צו עפּעס אַ כישוף־מאַכערין, אַנאַ יערעמעיעוואַ, וועל־כע איז געווען אַ האַלבע משוגענע, וואָס האָט אַלעמען געוואָלט אײנריידן, אַז זי איז אַ „נביאה״, און יענע האָט איר גערדרייט אַ קאָפּ מיט כישוף און מיט טרע־פעריי; זי האָט געפּרעפּלט און געשעפּטשעט, געפּראַוועט שטיק און געוויזן קונצן. אָבער געזוכט דאָס פאַרפאַלענע קינד האָט קײנער ניט. און אַזוי איז אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג, ביז מ׳האָט דאָס יינגעלע פעדיאַ געפונען טויט אין וואַלד.

גלייך נאָכדעם האָט די זעלבע מאַריאַ טערענטיעוואַ, וועלכע האָט אין וועליזש געהאַט אַ נאָמען פון זייער אַן אויסגעלאַסענער פרוי, אַ פּשוטע פּראָסטי־טוטקע און אַ שיכורטע, דערציילט אַ געשיכטע, אַז זי האָט אַליין געזען ווי חנה צייטלין האָט דעם ערשטן טאָג פּסח געפירט אַ קריסטלעך יינגעלע ביי דער האַנט. די יידענע, האָט זי געזאָגט, האָט דאָס קריסטלעכע יינגעלע געפירט צו זיך אין שטוב, וואו עס האָבן שוין געוואַרט עטלעכע יידן, און געקומען אַהין זיינען די יידן פון מירל אַראָנסאָנס הויז.

עס איז געווען ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי עס האָט גאָר אימיצן געקאָנט איינפאַלן צו מאַכן אַ בלוט־בלבול אויף יידן אין 1823, אין דער צייט ווען נאָך מיט זעקס יאָר צוריק, אין 1817, האָט דער קיסר אַליין, אַלעקסאַנדער דער ערשטער, בפירוש אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל מער אַזעלכע בלבולים אויף יידן ניט מאַכן, ווייל זיי האָבן ניט קיין גרונט *).

פון דעם אַליין וואָס מ׳האָט יאָ געוואָגט צו מאַכן אַזאַ בלבול, קען מען דרינגען, אַז ס׳זיינען הינטער דעם געשטאַנען כוחות, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס און וואָס זיינען אפשר געווען פאַרבונדן מיט די פּאָליטישע פאַמיליען־אינטריגעס אין קייזערלעכן הויף אין די לעצטע יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. די צוויי פּשוטע קריסטלעכע פרויען, וואָס איינע פון זיי האָט זיך גע־האַלטן פאַר אַ „נביאה״ און די אַנדערע איז גלאַט געווען אַ הולטאַיקע, אַ פּראָסטי־טוטקע און אַ שיכורטע, זיינען געווען דאָס געצייג פון אַ געהיימער מעכטיקער האַנט, וואָס האָט אויך באַשיצט די, וואָס האָבן געלאָזט אַרעסטירן די יידישע פרוי חנה צייטלין און דעם יידן יאָשע גליקמאַן און פאַרפירט קעגן זיי אַ פּראָצעס אויף דער קלאַגע פון ריטואַלן מאָרד.

---

*) דער פּולער טעקסט (אין רוסישן אָריגינאַל) פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס באַפעל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דעם 6־טן מערץ, 1817, געפינט זיך אין יצחק־בער לעווינזאָנס „אפס דמים״, און אויך אין דוב־בער נאַטאַנזאָנס „ספר הזכרונות״.

ערגעץ אין די גאָר הויכע פּענצטער האָט אימיצער אַוודאי געגעבן אינ־סטרוקציעס; דאָס איז אפשר גאָר געווען פאַרבונדן מיט דער שאַרף־אויסגע־שפּראָכענער אַנטי־יידישער פּאָליטיק, וואָס האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבן שפּעטער, אין די יאָרן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן. און עס איז אַוודאי ניט געווען קיין צופאַל, וואָס מ׳האָט גלייך פון אָנהויב אָן אַריינגעצויגן אין דעם די צווויי פרויען, מאַריאַ טערענטיעוואַ און אַנאַ יערעמעיעוואַ, און שפּעטער אויך אַ דריטע און אַ פערטע, די מאַקסימאָווא און די קאָזלאָווסקאַיאַ, וועלכע זיינען אויך אַרויס־געטראָטן אַלס עדות קעגן די אָנגעקלאָגטע. ווי אין יעדן בלוט־בלבול, האָט מען אויך אין וועליזש געדאַרפט אַריינטראָגן אין דעם אַ „מאַמע־סענטימענט״, כדי נאָך מער צו צערייצן די געפילן און אַרויסרופן נאָך מער האַס קעגן די יידן, אָנווייזנדיק אויף זיי ווי אויף די „מערדער פון קריסטלעכע קינדער״.

דער „מאַמע־סענטימענט״ האָט געדאַרפט אַריינטראָגן דאָס מעלאָדראַמאַ־טישע אין דעם גאַנצן ענין, און בלבול־מאַכער אין פּאָליטיק, פּונקט ווי שונד־שרייבער אין דער ליטעראַטור, האָבן אַלע מאָל אַרויסגעוויזן אַ חוש פאַר מעלאָדראַמע...

אין אָנפאַנג האָט זיך געדוכט, אַז דער פּלאַן פון די געהיימע כוחות, וואָס האָבן גרויס איינפלוס, וועט זיך אפשר דאָך ניט איינגעבן. דעם 16טן יולי, פונם יאָר 1824, האָט דאָס וועליזשער געריכט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל, אַז די באַשולדיקונג קעגן די צוויי אָנגעקלאָגטע, חנה צייטלין און יאָשע גליקמאַן, זיינען ניט פעסטגעשטעלט. און שפּעטער האָט דאָס וויטעבסקער הויפּט־געריכט אַרויס־געגעבן דעם אורטייל, אַז מ׳זאָל די אָנגעקלאָגטע אינגאַנצן באַפרייען, ווייל ס׳איז ניטאָ דער מינדסטער גרונט זיי חושד צו זיין אין עפּעס.

די יידן אין וועליזש האָבן זיך שטאַרק געפרייט דערמיט וואָס מען האָט פון זיי דעם געמיינעם בלבול אַראָפּגענומען. דאָס איז געווען אַ נצחון ניט נאָר פאַר זיי, נאָר פאַר אַלע יידן אין רוסלאַנד. און מ׳האָט זיך דערמיט ווירקלעך געמעגט פרייען. אָבער די, וואָס האָבן ערגעץ אין דער שטיל געאַרבעט צו צע־בלאָזן אַ פייער, וואָס זאָל זיך פון וועליזש צעשפּרייטן איבער גאַנץ רוסלאַנד און אַרויסרופן נאָך מער האַס צו יידן, האָבן ניט גערוט, און דאַן איז געשען אַזוינס, אויף וואָס קיינער האָט זיך פריער ניט געקענט ריכטן.

אין הערבסט פון יאָר 1825 האָט אַלעקסאַנדער דער ערשטער, אויפן וועג פון פּעטערבורג קיין טאַגאַנראָג זיך אָפּגעשטעלט אין וועליזש אויף איין טאָג, און דאָרטן האָט מען, ווי געוויינלעך, געמאַכט פאַר אים אַ גרויסן פּאַראַד. און פּונקט דאַן ווען דער פּאַראַד איז פאָרגעקומען, האָט אַ פרוי זיך געגעבן אַ וואָרף פאַר אים אויף די קני און אים דערלאַנגט אַ פּאַפּיר, אין וועלכן ס׳איז געשטאַנען, אַז זי איז די מאַמע פון דעם קריסטלעכן קינד פעדיאַ איוואַנאָוו, וועמען די יידן האָבן דערהרגעט.

אינם פּאַפּיר איז אויך געשטאַנען, אַז דאָ אין וועליזש קריגט זי ניט קיין גערעכטיקייט; שוין צוויי יאָר ווי מ׳האָט איר קינד דערהרגעט, און מ׳טוט אַלץ גאָרניט צו באַשטראָפן די שולדיקע; בעט זי דעריבער, אַז ער, דער קיסר אַליין, זאָל זיך אַריינמישן אין דעם און זען, אַז מ׳זאָל באַשטראָפן די יידן, וואָס זיינען שולדיק אין טויט פון איר קינד.

דער קיסר איז שוין דאַן, קענטיק, געווען אין איינער פון זיינע מיסטיש־רעליגיעזע שטימונגען, וואָס האָבן מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געגעבן אַ גרונט צו גלויבן, אַז ער איז אין טאַגאַנראָג אפשר גאָרנישט געשטאָרבן אין 1825, נאָר ער איז אַוועק אַפריכטן גלות און אַז ער האָט נאָכדעם אין סיביר געלעבט אַ סך יאָרן ווי אַ בעטלער אונטערן נאָמען פיאָדאָר קוזמיטש. פאַרגעסנדיק אינגאַנצן אָן דעם באַפעל, וואָס ער האָט אינם יאָר 1817 אַרויסגעגעבן קעגן בלוט־בלבולים אויף יידן, האָט אַלעקסאַנדער דער ערשטער דאַן אָנגעזאָגט דעם פירשט כאָ־וואַנסקי, דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פונם מאָהילעווער, סמאָלענסקער און ווי־טעבסקער געגנט, אַז ער זאָל וועגן דעם מאַכן אַ „גרינטלעכע אונטערזוכונג״ און אים צושטעלן אַלע איינצלהייטן.

די פרוי, וואָס האָט זיך דאַן אין וועליזש געוואָרפן דעם קיסר צו די פיס און זיך אָנגעגעבן ווי די מאַמע פון דעם דערהרגעטן קריסטלעכן יינגעלע, איז אין דער אמתן גאָר ניט געווען די מאַמע, נאָר די זעלבע מאַריאַ טערענטיעוואַ, די הולטאַיקע, די פּראָסטיטוטקע און שיכורטע, וועלכע מ׳האָט אין וועליזש שוין גוט געקענט. זי האָט דעם קיסר פשוט אָפּגענאַרט. און פון דעם אַליין, וואָס די פּאָליציי האָט זי אויפן פּאַראַד צוגעלאָזט צום קיסר און זי האָט ביי זיך געהאַט פאַרטיק אַ שריפטלעכע בקשה, וואָס אימיצער האָט פאַר איר אָנגעשריבן, איז קלאָר, אַז הינטער איר זיינען געשטאַנען די געהיימע שוואַרצע כוחות, וואָס האָבן געהאַט גרויס איינפלוס און אַרום און אַרום איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק, וואָס אַלעקסאַנדערס ברודער, ניקאָלאַי דער ערשטער, האָט זיך באַצייטנס שוין געקליבן צו פירן אַזוי שנעל ווי ער וועט נאָר אַרויף אויפן טראָן...

עס וואָלט אונדז צו ווייט פאַרפירט ווען מיר וואָלטן זיך דאָ אַריינגעלאָזט אין די איינצלהייטן וועגן אַלעקסאַנדערס טויט אין טאַגאַנראָג, אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויפן וועג אָפּגעשטעלט אין וועליזש אויף איין טאָג. אייניקע פאָרשער, און צווישן זיי אויך דער פראַנצויזישער היסטאָריקער מאָוריץ פּאַלעאָלאָג, זיינען גענויגט צו גלויבן, אַז די לעגענדע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, אַז ער איז פון טאַגאַנראָג שטילערהייט אַוועק אַפריכטן גלות אויסצוקויפן זיינע זינד דערמיט, און אַז ער האָט נאָכדעם געלעבט נאָך אַ סך יאָרן אין סיביר ווי אַ בעטלער אונטערן נאָמען פיאָדאָר קוזמיטש, איז ניט קיין אויסגעטראַכטע לע־

גענדע, נאָר אַן אמת. מ׳גלויבט אויך, אַז ניקאָלאַי דער ערשטער, וואָס האָט גע־ירשנט דעם טראָן, האָט געוואוסט וועגן דעם וואָס זיין ברודער אַלעקסאַנדער קלייבט זיך צו טאָן, און ער האָט שוין דעריבער באַצייטנס אין אַלץ צוגעגרייט דעם באָדן צו פירן די מלוכה אַזוי ווי אים געפעלט... *)

ביי ניקאָלאַי דעם ערשטן, וועלכער איז געווען אַ פאַרביסענער שונא־ישראל, איז די „יידישע פראַגע״ געווען זייער אַ וויכטיקער ענין; ער האָט גע־האַט פלענער פטור צו ווערן אין רוסלאַנד אי פון יידן אי פון יידישקייט. און ס׳קען דעריבער זיין, אַז ער האָט נאָך פון אָנהויב אָן געהאַט אַ האַנט אין דעם וועליזשער בלוט־בלבול, וואָס האָט געזאָלט „באַווייזן״ דער גאַנצער וועלט, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פסח און אַז צוליב דעם כאַפּן זיי קריסטלעכע קינדער און דערהרגענען זיי.

אַזאַ השערה איז זיכער ניט אויסגעשלאָסן, ווען מ׳נעמט אין אַכט די פאַר־ביסענע שנאה, וואָס ניקאָלאַי דער ערשטער האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן צו יידן און ווי ער האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט אונטערצוגראָבן דעם קיום פון יידישקייט.

דער פאַקט איז דער, אַז גלייך נאָכדעם ווי ניקאָלאַי דער ערשטער איז אַרויף אויפן טראָן, איז דער וועליזשער בלוט־בלבול אַוועק אין אַזאַ ריכטונג, אַז ער איז ווירקלעך געוואָרן אַ סכנה פאַר אַלע יידן אין רוסלאַנד; אין ווילנע און אין גראָדנע האָבן אַנטיסעמיטן אויפגעהויבן די קעפּ און דאָרט אויך געמאַכט אַזעלכע בלוט־בלבולים אויף יידן, און ס׳האָט געהאַלטן דערביי, אַז אויך אין אַנדערע שטעט זאָל דאָס זעלביקע געשען.

ווען דער פירשט כאָוואַנסקי האָט באַשטימט זיין פאַרטרויטן באַאַמטן אויסצופאָרשן דעם ענין, און יענער האָט זיך גענומען „פאָרשן״, האָט מען גלייך געקענט זען, אַז די כוונה איז דאָ ניט צו געפינען דעם אמתן מערדער, נאָר צו וואַרפן די שולד אויף די יידן, אַז זיי באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פסח. מ׳האָט אָנגעהויבן צו אַרעסטירן גאַנצע יידישע משפחות, מענער, פרויען און אויך קליינע

---

*) וועגן דער געהיימניש אַרום אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס טויט, זע פאָלגנדע ווערק:
Maurice Paléologue. The Enigmatic Czar.
Г. Василич. Император Александр Первый и старец Феодор Кузмич.
С. Мельгунов. Дела и люди Александровского времени.

עס איז אויך ניט איבעריק צו דערמאָנען, אַז ווען מ׳האָט אין 1921 געעפנט די טרונעס פון די רוסישע צאַרן, האָבן זיך נאָכדעם אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז די טרונע פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן איז געווען ליידיק.

קינדער. עטלעכע און פערציק מענטשן האָט מען אין די טורמעס פאַרשפּאַרט, און כאָטש זיי זיינען געווען בלויז אָנגעקלאָגטע און זייער שולד איז ניט באַוויזן געוואָרן, האָט מען זיי אין געפּענגעניש געהאַלטן געשמידט אין קייטן און מ׳האָט זיי געהאַלטן אין איין פּייניקן און מוטשען, אַז זיי זאָלן זיך „מודה זיין״, און אייניקע פון די אַרעסטירטע האָבן די שרעקלעכע פּייניקונגען שוין ניט געקענט אַרי־בערטראָגן און זיי זיינען געשטאָרבן אין טורמע. און ווען זיי זיינען געשטאָרבן, האָט מען זייערע טויטע קערפּערס פּשוט אַרויסגעוואָרפן אין גאַס און זיי זיינען געלעגן אויפן מיסט ביז חברה־קדישא האָט זיי פון דאָרט צוגענומען און זיי געבראַכט צו קבר־ישראל.

אָבער דעם מוט פון די וועליזשער יידן, וואָס מ׳האָט אין יענער פינצטערער צייט אַזוי געפּייניקט און געמוטשעט, האָט מען אַלץ ניט געקענט ברעכן. קיין איינער פון זיי האָט קיין שוואַכקייט ניט אַרויסגעוויזן. געדולדיק און מוטיק האָבן זי די אַלע ענוים־קשים אַריבערגעטראָגן, און אויף די קרייץ־פאַרהערן, וואָס מ׳האָט אָפט געמאַכט ניט נאָר בייטאָג, נאָר אויך ביינאַכט, האָבן זיי זיך געהאַלטן אַזוי שטאָלץ און אַזוי ווירדיק, אַז ס׳איז געווען צו באַוואונדערן.

טאַקע נאָר אַזעלכע, וואָס ווייסן און פילן אין אַזאַ פאַל, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן זיי, נאָר וועגן גאַנצן כלל־ישראל, האָבן זיך געקענט האַלטן אַזוי שטאָלץ, אַזוי ווירדיק און אַזוי מוטיק ווי די וועליזשער יידן האָבן זיך געהאַלטן.

„איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט!״ — האָט איינער פון די אָנגעקלאָגטע, דער מלמד חיים כריפּין, געשריען אויף די מיטגלידער פון דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע, וואָס האָבן אים גענומען אויף אַ קרייץ־פאַרהער. — „וואָס האָב איך מורא פאַר אייך? איר זענט גזלנים און שווינדלער! יאָ, איר זענט גזלנים! איר האָט אומגעבראַכט פון דער וועלט אַזעלכע שטאַרקע און געזונטע מענטשן ווי שמריהו בערלין און יעקב אַראָנסאָן; ווען זיי זיינען געשטאָרבן אין אָסטראָג (תפיסה) האָט איר זיי אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן ווי מען וואַרפט אַרויס נבלות. איר פּייניקט אונדז, איר מוטשעט אונדז, איר הרגעט אונדז!״

אַזוי האָט דער אָרעמער וועליזשער מלמד, ר׳ חיים, געשריען אויף די וואָזשנע טשינאָווניקעס פון דער קאָמיסיע, ווען זיי האָבן אים צום הונדערט און איינטן מאָל געשטעלט די זעלבע פראַגע מיט דער כוונה צו שטעמפּלען יידן ווי „מערדער פון קריסטלעכע קינדער״. און ווענדנדיק זיך צום פליגל־אַדיוטאַנט שקורין, וואָס איז געווען צוגעשיקט פון פּעטערבורג זיך צו באַטייליקן אין דער אונטערזוכונג, האָט דער אָרעמער מלמד פון וועליזש געזאָגט:

„ווען די אַלע מעשיות און אויסטראַכטענישן דיינע וועלן זיך שוין וואַלגערן אויפן מיסט, וועט מיין אמת דאָך בלייבן אַן אמת. מיר באַנוצן קריסטלעך בלוט?!

ניין, דאָס איז אַ ליגן! איר טרינקט יידיש בלוט! איר צאַפּט בלוט פון יידישע קינדער!"

אַן אַנדערער פון די אָנגעקלאָגטע, אַ ייד מיטן נאָמען יוסף מירלאַס, האָט זיך אַפילו דערלויבט חוזק צו מאַכן פון די וואָזשנע רוסישע טשינאָווניקעס אין דער קאָמיסיע, און איינמאָל, ווען ער האָט אויף אַ קרייץ־פאַרהער זיך צו־געהערט צו די ליגנס, וואָס די מאַריאַ טערענטיעוואַ דערציילט און ווי זי זאָגט נאָך אַלץ, וואָס סטראַכאָוו אַליין האָט איר געהייסן זאָגן, האָט ער, דער שטאָל־צער וועליזשער ייד, מיט אַ שפּאָטישן שמייכל אויפן פּנים, געמאַכט אַזאַ באַ־מערקונג:

„אַי, ראַסעי־ראַסעיעלע, לעבן זאָל זי! ראַסעיעלע קען אויסלערנען! ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז אין רוסלאַנד איז יעדער זאַך מעגלעך. ראַסעיעלע קען אַפּטאָן אַן עסק, — כ'לעבן, מייסטערס! פון אונדזערע זיידעס האָבן מיר גע־הערט, אַז אויך אין פּוילן פלעגט טרעפן, מ'זאָל מאַכן אַזעלכע בלבולים אויף יידן. נאָר דאָרטן האָט מען מיט דעם געוואָלט געלט, פלעגט פון דעם גאָרניט ווערן... אַי, ראַסעיעלע, ראַסעיעלע!"

עס איז קיין וואונדער ניט געווען וואָס אַ וועליזשער ייד האָט מיט אַזאַ געפיל דערמאָנט די צייטן ווען די שטאָט איז נאָך געווען אַ טייל פון פּוילן. צו רוסלאַנד איז די שטאָט איבערגעגאַנגען ערשט אין 1772, איין און פופציק יאָר איידער דער גרויסער בלוט־בלבול האָט זיך אָנגעהויבן. עס זיינען נאָך געווען וועליזשער יידן, וואָס האָבן דאָס געדענקט און וואָס האָבן אין די יונגע יאָרן אַוודאי געהאַפּט, אַז אונטערן שוץ פון די רוסישע צאַרן וועט זיי זיין בע־סער ווי אונטערן שוץ פון די פּוילישע קעניגן און פּאַנעס...

צווישן די, וואָס האָבן זיך אויף די קרייץ־פאַרהערן געהאַלטן שטאָלץ, מוטיק און ווירדיק, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די בכבודיקע יידישע בעל־הביתטע סלאַווע בערלין.

זי איז אַלט געווען פיר און פופציק יאָר, ווען זי איז אַריין אין טורמע און מ'האָט זי דאָרט געהאַלטן קנאַפּע ניין יאָר. און „אויף איר גאַנצער משפחה, — דערציילט אונדזער היסטאָריקער שאול גינזבורג, עליו־השלום, — האָט זיך ווי אויסגעגאָסן די תוכחה. איר מאַן (שמריהו בערלין), איר טאָכטער (שפרה בערלין), איר איידעם (יעקב הירש אַראָנסאָן) האָבן ניט אויסגעהאַלטן די פּיין און זיינען געשטאָרבן אין דער תפיסה. איר איינציקער זון, ווי אויך אירע ברידער און דער שוואָגער אירער, זיינען געזעסן אין טורמע, שטרענג אָפּגעזונדערט איינער פון דעם אַנדערן. אָבער די אַלע אומגליקן האָבן ניט געבראָכן סלאַוועס מוט. זי האָט זיך אַפילו ניט געפּרוווט פאַרטיידיקן. דאָס האָט זי געהאַלטן פאַר אַ באַליידיקונג פאַר זיך אַליין. זי האָט זיך באַנומען ניט ווי אַן אָנגעקלאָגטע, נאָר ווי אַ באַ־

שולדיקערין. שטאָלץ, מיט פאַראַכטונג, האָט סלאַווע בערלין געשליידערט דער קאָמיסיע אין פּנים אַריין דעם ביטערן אמת, ניט שאַנעווענדיק קיינעם״ *).

— די קריסטלעכע פרויען, וואָס טרעטן אַרויס ווי עדות קעגן אונדז, זיינען ליגנערטעס! — האָט זי אויף איינעם פון די קרייץ־פאַרהערן געזאָגט, דערמאָנענדיק די נעמען פון מאַריאַ טערענטיעוואַ, אַוודאָטיאַ מאַקסימאָוואַ און פּראָסקאָוויאַ קאָזלאָווסקאַיאַ. — זיי זאָגן אַלץ וואָס סטראַכאָוו הייסט זיי זאָגן. אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, אַפילו שקורין אַליין, לערנען זיי אויס צו דערציילן אויסגעטראַכטע זאַכן, אין וועלכע ס׳איז ניטאָ קיין איין אמת וואָרט. און די פּאַפּירן, וואָס מ׳שטעלט צונויף, זיינען פאַלשע!

אָן מורא האָט זי אַלעמען פון דער קאָמיסיע געזאָגט, אַז בלויז דאַן ווען מ׳וועט זיי אַלעמען אַרונטערזעצן, וועט דער אמת אַרויסקומען ווי בוימל אויפן וואַסער.

— נישקשה — האָט זי געזאָגט, קוקנדיק שטאָלץ אַלעמען גלייך אין די אויגן, — נישקשה, איר וועט זען, עס וועט קומען די ריכטיקע צייט, וועט סלאַווע ווידער זיין די אייגענע סלאַווע!

אויך דער ייד נאָטע פּרוטקאָוו, וועלכער איז געווען איינער פון די אָנגעקלאָגטע, האָט זיך געהאַלטן זייער שטאָלץ און מוטיק. אויף איינעם פון די קרייץ־פאַרהערן האָט ער צו אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע געזאָגט:

„איר לערנט אויס די גויעס וואָס צו זאָגן, ווייל אייער כוונה איז אויסצוראָטן אַלע יידן! איר אַליין זענט מערדער! יאָ, איר אַלע אין דער קאָמיסיע זענט מערדער און גזלנים! זאָל נאָר די זאַך אַרויס פון אייערע הענט, וועט דערפון גאָרניט ווערן. מיר האָבן פאַר אייך קיין מורא ניט!״

עס איז ניט געווען קיין וואונדער וואָס ניקאָלאַי דער ערשטער אַליין האָט ניט געוואָלט ליידן וואָס די יידן אין וועליזש האַלטן זיך אַזוי שטאָלץ און מוטיק אין אַ צייט ווען אַזאַ האַלטונג איז פּשוט סכנת־נפשות. ער האָט זייערע שטאַרקע ווערטער געקענט נעמען אויף זיין חשבון אויך. און ווען מ׳האָט אים געלאָזט וויסן וואָס און ווי אַזוי די אָנגעקלאָגטע יידן אין וועליזש רעדן אויף די קרייץ־פאַרהערן פון דער קאָמיסיע, האָט ער שטילערהייט צוגעשיקט אַ באַפעל, אַז פאַר „חוצפּהדיקער אויפפירונג״ זאָל מען די אָנגעקלאָגטע יידן אין וועליזש געבן שמיץ.

דער אמת איז, אַז נאָך איידער ס׳איז פונם קיסר אַליין אָנגעקומען אַזאַ באַפעל, האָט מען די אָנגעקלאָגטע יידן אין וועליזש געגעבן גענוג שמיץ. אָבער דאָס האָט זייער מוט ניט געבראָכן. ווי אמתע העלדן, וואָס זיינען גרייט צו גיין אויף קידוש־השם, ווייל זיי ווייסן און פילן, אַז זיי זיינען גערעכט, האָבן אַלע אָנ־

*) היסטאָרישע ווערק, באַנד 3, ז׳ 216.

געקלאָגטע יידן אין וועליזש ווירדיק און שטאָלץ באַשיצט דעם כבוד פונם גאַנצן כלל-ישראל. זיי האָבן פון סאַמע אָנהויב אָן געוואוסט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט בלויז זייערער אַ פּערזענלעכער ענין, נאָר אַז אָן דעם הענגט אָפּ דער ווייטערדיקער שיקזאַל פון אַלע יידן אין רוסלאַנד. און זייער קלאָר איז דאָס אויסגעדריקט געוואָרן אין די בריוולעך, וואָס דער מלמד חיים כריפּין האָט געשריבן פון טורמע.

„זייט וויסן, — האָט ר' חיים כריפּין געשריבן אין די בריוולעך, וואָס די קאָמיסיע האָט פאַרכאַפּט, — זייט וויסן, אַז זיי פאַרמעסטן זיך זייער ווייט. זיי ווילן, חס-ושלום, אויסראָטן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק... לויפט איבער אַלע מקומות, וואו יידן זיינען צעשפּרייט, און שרייט אויפן קול: אָן אומגליק, אַ צרה! זאָל מען איינשטעלן דאָס לעבן, זאָל מען זיך סטאַרען, זאָל מען מתפּלל זיין... ברידער יידן, רחמנים בני רחמנים. קלייבט זיך צונויף, טוט עפּעס!"

***

אין די אַלע יאָרן, וואָס דער גרויסער בלוט-בלבול האָט זיך געצויגן איבער דעם, וואָס מ'האָט אַלץ ניט געקענט קריגן קיין באַווייזן קעגן די אָנגעקלאָגטע, איז וועליזש געווען ווי אַ באַלאַגערטע שטאָט. ניט נאָר די אָנגעקלאָגטע, נאָר אַלע יידן האָבן דאָרט געלעבט ווי געפּאַנגענע, וואָס מ'האַלט שטענדיק אויפן אויג. און אַלע שולן און בתי־מדרשים זיינען, אויפן באַפעל פונם קיסר, געווען געשלאָסן און פאַרחתמעט און יידן האָבן אַפילו אין קיין שטוב ניט געטאָרט דאַוונען בציבור, און אַלע ספרי־תורות און אויך אַנדערע ספרים האָט מען ביי זיי צוגענומען און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

„די אומגליקלעכע יידן, — שרייבט דער היסטאָריקער דובנאָוו, — האָבן דאַן אַפילו ניט געהאַט וואו צו דאַוונען און זיך גוט אויסוויינען דאָס האַרץ" *).

זייער אַ מיאוסע ראָלע האָט אין דעם וועליזשער בלוט-בלבול געשפּילט איינער אַ געוויסער אַנטאָן גרודינסקי, אַ געשמדטער ייד פונם שטעטל באַבאָווניע, מינסקער גובערניע. ער האָט סטראַכאָוון דערציילט מעשיות, אַז ווען ער איז נאָך געווען אַ ייד, האָט ער אַליין אויך פאַר פּסח דערהרגעט קריסטלעכע קינדער צו באַנוצן זייער בלוט אין די מצות, וואָס מ'באַקט אויף פּסח. ער האָט אויך דער־ציילט אַ געשיכטע וועגן אַ „געהיימען ספר", וואו כ'איז פאַרשריבן אַלץ וואָס מ'דאַרף וויסן וועגן „דערהרגענען קריסטלעכע קינדער." עס איז דעם משומד געגאַנגען אין לעבן צו באַווייזן, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח און אַז איצט, זינט ער האָט אָנגעהויבן גלויבן אין יעזוסן ווי אין אַן אמתן משיח, האַלט ער עס פאַר זיין הייליקן חוב אַרויסצוגעבן דעם סוד.

*) דברי ימי ישראל בדורות האחרונים, באַנד 2, ז' 137.

סטראָכאָוו האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט ווי אַן אַן אבן טוב. ער האָט זיך מיט דעם משומד אַרומגעפירט אומעטום און זיך גוט צוגעהערט צו די אַלע מעשיות, וואָס ער האָט אים דערציילט. אָבער ווען ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן, אַז דער משומד איז גלאַט אַ שווינדלער און אַן איסוואורף, און אַז ער האָט דאָס געטאָן בלויז צוליב געלט, האָט סטראָכאָוו זיך גענומען דאָס לעבן. ער האָט אויסגעטרונקען אַ פלעשל סם און מ׳האָט אים געפונען אין בעט אַ טויטן, און דאָס איז געווען די ערשטע נקמה, וואָס די יידן פון וועליזש האָבן זיך דערלעבט אין אַ שונא, וואָס האָט זיך פאַרלעגט זיי אומצוברענגען פון דער וועלט.

געווען איז דאָס אינם פרילינג פונם יאָר 1830, אָבער מיט סטראָכאָווס טויט האָט דער וועליזשער בלוט־בלבול זיך ניט געענדיקט. ווען מ׳האָט די קאָ־מיסיע אויפגעלייזט, האָט מען דעם גאַנצן ענין איבערגעגעבן אין די הענט פונם סענאַט אין פעטערבורג, און דאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּראָצעדור, וואָס האָט זיך פאַרשלעפּט אויף יאָרן. און די אָנגעקלאָגטע אין וועליזש האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש.

אויף די אַלע זיצונגען, וואָס די סענאַטאָרן האָבן אָפּגעהאַלטן, האָבן זיי צו קיין איינשטימיקן באַשלוס ניט געקענט קומען. ערשט ווען מ׳האָט דעם גאַנצן ענין איבערגעגעבן אין די הענט פונם גאָסודאַרסטוועני־סאָוועט, פונם מלוכה־ראַט, האָט מען געוואוסט, אַז איצט וועט שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל נעמען אַ סוף און מ׳וועט קומען צו אַ טאָלק, וואָס וועט מאַכן קלאָר די לאַגע.

איבערקוקן אַלע פּאַפּירן וועגן דעם וועליזשער בלוט־בלבול האָט געדאַרפט דער גראַף ניקאָלאַי סעמיאָנאָוויטש מאָרדווינאָוו, וועלכער איז שוין דאַן געווען אַ זקן פון אַכציק יאָר. און מ׳קען זאָגן, אַז ס׳איז געווען אַ נס, וואָס דער ענין וועגן דעם וועליזשער בלוט־בלבול איז גראָד אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט. ווען ניט ער, וואָלט זיך דאָס אַוודאי נאָך לענגער פאַרצויגן, אָדער ס׳וואָלט זיך אינגאַנצן אַנדערש געענדיקט.

גראַף מאָרדווינאָוו איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש און אויך אַן אייראָפּע־איש־געבילדעטער מענטש. אין די יונגע יאָרן האָט ער אַ לענגערע צייט געלעבט אין ענגלאַנד און דאָרט האָט ער אין זיך איינגעזאַפּט דעם גייסט פון דעמאָ־קראַטיע. נאָך אין יאָר 1802 איז ער אין רוסלאַנד געווען דער ערשטער צו פאַר־נעמען דעם נייעם אַמט פון „פלאָטן־מיניסטער״. ער איז געווען אַ גוטער פריינד פון דעם באַרימטן רוסישן שטאַטסמאַן און געלערנטן מיכאַאיל ספּעראַנסקי, אויף וועמען נאַפּאָלעאָן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ער איז „דער איינציקער קלאָרער קאָפּ אין רוסלאַנד״; ער האָט פאַרנומען זייער וויכטיקע אַמטן אין דער מלוכה, און ווען ער איז אַריין אינם גאָסודאַרסטווענו־סאָוועט, האָט מען אים דאָרט גע־האַלטן פאַרן פּעאיקסטן און קליגסטן מענטשן. דערצו איז ער נאָך געווען זייער

אַן ענערגישער און זייער אַן ערלעכער מענטש. און ווען ער האָט איבערגענומען די אַרבעט צו שטודירן די אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין פאַרבינדונג מיט דעם וועליזשער בלוט־בלבול, האָט ער דאָס געטאָן זייער גע־וויסנהאַפט, און מ׳קען זאָגן, אַז מיט די שלוסן, צו וועלכע ער איז געקומען און מיט דעם באַריכט, וואָס ער האָט וועגן דעם אָפּגעגעבן, אין דער פאָרמע פון אַ גרינדלעכער אָפּהאַנדלונג, האָט ער געראַטעוועט דעם כבוד פון דער רוסישער אינטעליגענץ און אויך פונם רוסישן פאָלק.

גראַף מאָרדווינאָוו האָט צוגעשטעלט אַ ברייטן געשיכטלעכן איבערבליק וועגן בלוט־בלבולים אויף יידן בכלל, און אָפּשטעלנדיק זיך אויף די קוואַלן, פון וואַנען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר כאָוואַנסקי האָט געשעפּט צו באַווייזן, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פסח, האָט ער זיי כאַראַקטעריזירט ווי „ווערק וואָס זיינען געשאַפן פון מוחות, וועלכע זיינען פאַרפינצטערט געוואָרן פון טונ־קעלע פאַראורטיילן".

דעם גאַנצן וועליזשער בלוט־בלבול האָט ער געשטעמפּלט ווי אַ „מיטל צו באַנייען דעם פאַראורטייל קעגן יידן" און ווייטער זאָגט ער, אַז „אין אַזאַ צייט פון אויפקלערונג וואָלט דאָס געריכט זיך גאָרניט געדאַרפט פאַרנעמען מיט אַזאַ ענין, נאָר ווייל עס האַנדלט זיך וועגן עטלעכע און פערציק יידן, וואָס מ׳האָט אַריינגעזעצט אין טורמע, און דער ענין האָט ניט זיין גלייכן אַפילו אין דער כראָניק פון די אַמאָליקע פּראָצעסן, האַלט דעריבער דער געריכטלעכער דע־פּאַרטאַמענט (פונם גאָסודאַרסטוועני־סאָוועט) פאַר זיין פליכט צו באַטראַכטן די זאַך אויספירלעך און מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, כדי צו מאַכן אַ סוף צו דעם פאַראורטייל, וואָס איז אַ בזיון פאַר דער געבילדעטער וועלט."

אין די מאָנאַטן פון דעצעמבער 1834 און יאַנואַר 1835 האָט דער גאָסו־דאַרסטוועני־סאָוועט אָפּגעהאַלטן פיר זיצונגען וועגן דעם ביז מ׳האָט זיך גע־אייניגט. און דאַן איז אָנגענומען געוואָרן די רעקאָמענדאַציע פון דעם ליבעראַלן גראַף מאָרדווינאָוו, אַז מ׳זאָל גלייך באַפרייען די אַלע יידן, וואָס מ׳האָט אין וועליזש די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש; מ׳זאָל גלייך אויך עפענען אַלע שולן און בתי־מדרשים, וואָס מען האָט אין וועליזש פאַרחתמעט, און צו־ריקגעבן די יידן די רעכט צו דאַוונען דאָרט. און וואָס שייך די פיר קריסטלעכע פרויען, מאַריאַ טערענטיעווא, אַוודאָטיאַ מאַקסימאָווא, פּראַסקאָוויאַ קאָזלאָוו־סקאַיאַ און אַנאַ יערעמעיעווא, וואָלט מען די ערשטע דריי געדאַרפט פאַרמשפּטן צו קאַטאָרגע פאַר די פאַלשע מסירות, וואָס זיי האָבן געבראַכט, נאָר ווייל ס׳איז קלאָר, אַז זיי האָבן אַלץ געטאָן ניט אויף זייער אייגענער אַחריות, נאָר אונטער אימיצנס שטאַרקער ווירקונג, זאָל מען זיי געבן אַ לייכטערע שטראָף און זיי פאַר־שיקן אויף דריי יאָר קיין סיביר. און די פערטע, די אַנאַ יערעמעיעווא, וועלכע

איז גלאַט אַ צעדרייטע, אַ האַלב־משוגענע, וואָס האַלט זיך פאַר אַ „נביאה", זאָל מען פאַרשיקן אין אַ קלויסטער, וואו זי זאָל שטיין אונטערן אויפזיכט פון גייסטיקע אויפפאַסער.

אין גראַף מאַרדווינאָווס שריפטלעכער רעקאָמענדאַציע איז אויך געווען אַ פונקט, אַז ווען מ׳וועט די אומשולדיקע וועליזשער יידן באַפרייען פון טורמע, זאָל מען זיי אויך באַפרייען פון צאָלן מלוכה־שטייערן אין פאַרלויף פון די קו־מענדיקע אַכט יאָר. אָבער דאָס האָט דער גאָסודאַרסטווענניי סאָוועט ניט געוואָלט אָננעמען. באַפרייען יידן פון מלוכה־שטייערן אויפן גרונט פון דעם וואָס מ׳האָט זיי קנאַפע ניין יאָר צייט געהאַלטן אין געפענגעניש אומזיסט און אומנישט — דאָס האָט די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטן ניט געוואָלט. פאַרלירן געלט אין דעם עסק פונם וועליזשער בלוט־בלבול האָט די רעגירונג קיין חשק ניט געהאַט...

דער קיסר אַליין, ניקאָלאַי דער ערשטער, איז שוין, ווי עס שיינט, געווען מיד פון דעם גאַנצן ענין. עס האָט זיך געענדיקט ניט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט און ניט אַזוי ווי ער האָט זיך אין אָנפאַנג פאָרגעשטעלט; זיינע משרתים אין דער וועליזשער קאָמיסיע האָבן אַריבערגעכאַפּט די מאָס און געשאָפן אַזאַ קנויל פון ליגנס, אַז זיי אַליין האָבן זיך שוין פון דעם ניט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן. און ווען ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געזען, אַז ער האָט שוין קיין אַנדער ברירה ניט, האָט ער באַשטעטיקט דעם אורטייל פון גאָסודאַרסטווענניי־סאָוועט, וואָס האָט זיך געאייניקט אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דעם ליבעראַלן גראַף מאַרד־ווינאָוו, און דאַן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער באַפעל, אַז מ׳זאָל אין וועליזש צוריק עפענען די צוגעשלאָסענע שולן און בתי־מדרשים און אויך אַרויסלאָזן פריי די אַלע יידן, וואָס מ׳האָט אין וועליזש אַזוי לאַנג געהאַלטן פאַרשפאַרט אין טורמע אויף דער קלאַגע, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ מאָרד צו באַנוצן קריסט־לעכן בלוט אויף פסח.

דער פלעק פונם בלבול, וואָס איז געווען געצילט קעגן גאַנצן יידישן פאָלק, איז אָפּגעווישט געוואָרן. דעם נצחון האָבן געהאַט די שטאָלצע און מוטיקע יידן פון וועליזש. מיט זייער שטאָלץ און מוט האָבן זיי אָפּגעווישט דעם פלעק, וואָס די רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט געוואָלט אַרויפלעגן ניט נאָר אויף די יידן פון רוסלאַנד, נאָר אויך אויף די יידן פון דער גאַנצער וועלט.

# האָמעל

אויף דער שטאָט האָמעל, וואָס איז אין דער צווייטער וועלט־מלחמה,גלייך נאָכדעם ווי היטלערס חיילות זיינען אָנגעפאַלן אויף סאָוועט־רוסלאַנד, אַריינגעפאַלן אינם פייער פון די שלאַכטן, האָט מען געוויינלעך געזאָגט, אַז דאָס איז „אַ שטאָט מיט יידן״. און געזאָגט האָט מען דאָס אין אַזאַ טאָן, ווי מ׳וואָלט זי דערמיט אַליין שוין אָוועקגעשטעלט אין גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע.

ניט אויף אַלע שטעט, וואו יידן האָבן געוואוינט, האָט מען דאָס געקענט זאָגן; אַ שטאָט האָט זיך ביי יידן געדאַרפט פאַרדינען, אַז מ׳זאָל וועגן איר אַזוי רעדן און מ׳זאָל איר אַזאַ נאָמען געבן; זי האָט זיך געדאַרפט מאַכן אָנגעזען אינם אַלגעמיינעם יידישן לעבן פון לאַנד; זי האָט געדאַרפט אַרויסגעבן שיינע מענטשן, וואָס זאָלן איר אומעטום פאַרשאַפן כבוד; זי האָט זיך געדאַרפט אויסצייכענען מיט פיינע מעשים, אויף וועלכע מ׳זאָל קאָנען אָנווייזן מיט שטאָלץ. און האָמעל האָט די אַלע גרויסע מעלות שטענדיק געהאַט. און אַזוי ווי דערצו איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָרט אַלע מאָל געוועזן מער ווי אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס זי איז אין רוסלאַנד אַרויף אויפן צעטל פון יענע שטעט, אויף וועלכע מ׳פלעגט אַלע מאָל זאָגן, אַז „דאָס איז אַ שטאָט מיט יידן!״

פון וואַנען ס׳האָט זיך צו דער שטאָט גענומען דער נאָמען האָמעל — דאָס ווייסט מען ניט. אין האָמעל אַליין פלעגט מען זיך אַמאָל וויצלען וועגן דעם און זאָגן, אַז מ׳וואָלט די שטאָט געדאַרפט רופן „האָמעל־האָמעל״; דאָס, האָט מען געגלויבט, וואָלט געקלונגען אפשר פונקט אַזוי שיין און וואָזשנע ווי דער נאָמען פון דער דייטשער שטאָט, וואָס מ׳רופט „באַדען־באַדען״. און ס׳האָבן זיך אַפילו געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דערביי פאַררופן אויף אַ רוסישער לעגענדע, וואָס דערציילט זיך אַזוי:

. . . נאָך מיט יאָרן און יאָרן צוריק, ווען די שטאָט האָמעל, וואָס שטייט איצט ביים ברעג פונם טייך סאָזש, וואָס פאַלט אַריין אין דניעפּר, איז נאָך גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, זיינען איבערן טייך אַמאָל געשוואומען שיפן, וואָס האָבן געפירט געהילץ פון די וועלדער. אויף איין אָרט, וואו די וואַסערן

זיינען געווען ניט טיף, האָט אַ שיף מיט געהילץ זיך אָנגעשטויסן אָן די זאַמדן, וואָס מ׳האָט פריער ניט געזען, און כדי אויסצוהיטן די אַנדערע שיפן, וואָס זיינען שוין געווען ניט ווייט, האָט מ׳ען אָנגעהויבן שרייען אין דער הויך אויפן קול:

— „הא, מעל! אהא, מעל!...״

דאָס האָט מען אַזוי אויף רוסיש געוואָרנט די אַנדערע שיפן, אַז זיי זאָלן אַהער ניט צוקומען, ווייל דאָ איז אַ „מעל״, דאָס הייסט, די וואַסער איז דאָ ניט טיף גענוג און ס׳שטעקן דאָ אַרויס בערג מיט זאַמד, וואו שיפן און פליטן שטויסן זיך אָן און קענען שוין ווייטער ניט גיין.

. . . און אויף יענעם אָרט, וואו די שיף האָט זיך אָנגעשטויסן אָן די זאַמדן און געגעבן אַ וואָרנונג די אַנדערע שיפן, האָט מען שפּעטער אויסגעבויט אַ שטאָט און איר געגעבן אַ נאָמען „הא, מעל הא, מעל״, צו פאַראייביקן דעם אויסגעשריי, וואָס איז געווען אַ וואָרנונג אויסצוהיטן אַנדערע שיפן פון אַן אומגליק...

אַזוי גייט די לעגענדע, מיט וועלכער מ׳האָט אַמאָל געוואָלט געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס די שטאָט הייסט האָמעל און פאַרוואָס מ׳דאַרף זי גאָר רופן „האָמעל־האָמעל״, פּונקט ווי „באָדען־באָדען״...

האָמעל איז איינע פון די גאָר אַלטע שטעט אין רוסלאַנד. אין דער געשיכטע ווערט זי דערמאָנט נאָך אין דער ערשטער העלפט פונם צוועלפטן יאָרהונדערט, און דאָס מיינט, אַז זי איז שוין מער ווי אַכט הונדערט יאָר אַלט.

דעמאָלט אָבער האָט זי נאָך ניט געהייסן האָמעל, נאָר האָמי, אָדער האָמיע, און אין אַלטע העברעאישע ספרים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט, האָט מען זי גערופן הומיה.

פון דעם וואָס מ׳ווייסט וועגן דער געשיכטע פון דער שטאָט, וואָס איז איצטער איינע פון די וויכטיקסטע שטעט אין ווייס־רוסלאַנד, קומט אויס, אַז נאָכדעם ווי מ׳האָט זי, נאָך ביים אָנהויב פונם צוועלפטן יאָרהונדערט, אויסגעבויט, איז זי אויף אַ פּאָר הונדערט יאָר עפּעס ווי פאַרלאָרן געוואָרן און האָט קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. עס איז אין ערגעץ ניט דערמאָנט קיין איין וויכטיקע געשעעניש, מיט וועלכער די שטאָט האָמעל זאָל אין יענע אַלטע צייטן האָבן געווען פאַרבונדן; מ׳ווייסט ניט וואָס ס׳איז דאָרט פאַרגעקומען און וואָס פאַר אַ לעבן מענטשן האָבן דאָרט געפירט; מ׳ווייסט נאָר, אַז שפּעטער איז האָמעל אַ לאַנגע צייט געווען אונטער דער הערשאַפט פון ליטע, נאָכדעם איז זי איבערגעגאַנגען צו פּוילן און איז געווען אַ טייל פון דער מינסקער „וואָיעוואָדסטווע״, און אין די מלחמות, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן רוסלאַנד און פּוילן, איז די שטאָט אַ סך מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און

ערשט אינם יאָר 1772, ווען יעקאַטערינע די צווייטע איז געזעסן אויפן רו־סישן טראָן, איז די שטאָט האָמעל געוואָרן אַ טייל פון רוסלאַנד און איז שוין אויף שטענדיק געבליבן אַ רוסישע שטאָט.

ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט אין דער געגנט, וואָס הייסט איצטער ביעלאָ־ראַסיאַ (ווייס־רוסלאַנד), און וואו מינסק איז די הויפּט־שטאָט, האָבן זיך אין האָמעל אויך אָנגעהויבן באַזעצן יידן ערשט נאָכדעם ווי דער גאַנצער געגנט איז אַרי־בער צו דער מלוכה פון ליטע, און דאָס מיינט, אַז געקומען אַהין זיינען זיי אינם זעכצנטן יאָרהונדערט. זיי האָבן זיך דאָרט ביסלעכווייז איינגעאָרדנט, געפירט אַ יידיש לעבן אויפן אַלטן שטייגער, און אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט איז שוין די יידישע באַפעלקערונג דאָרט געווען גרעסער, אָבער די שטאָט ביעליצאַ, וואָס איז איצטער בלויז אַ טייל פון האָמעל, האָט דעמאָלט געשפילט אַ וויכטיקערע ראָלע און איז געווען מער אָנגעזען ווי האָמעל, און אַזוי איז דאָס געגאַנגען אַ לאַנ־גע צייט. האָמעל האָט געהייסן אַ שטעטל, און ביעליצאַ האָט געהייסן אַ אויעזדנע שטאָט אין מאָהילעווער גובערניע. ערשט אינם יאָר 1852, אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, איז האָמעל געוואָרן די אויעזדנע שטאָט און זי האָט זיך צעוואַקסן און איז געוואָרן אַזוי וויכטיק און אָנגעזען, אַז זי האָט אינגאַנצן איינגעשלונגען די שטאָט ביעליצאַ און זי געמאַכט פאַר בלויז אַ טייל פון זיך.

***

דער ערשטער גרויסער צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די יידן אין האָמעל, איז געווען די שחיטה, וואָס באַגדאַן כמעלניצקיס אוקראַאינער קאָזאַקן האָבן דאָרט געמאַכט אין די צייטן פון די גזירות ת״ח ות״ט, וואָס זיינען מיט בלוט און טרערן פאַרשריבן אין אונזער געשיכטע.

דאָס איז געווען אינם חודש יולי פונם יאָר 1648. נאָכדעם ווי כמעלניצקי און זיינע באַנדעס האָבן חרוב געמאַכט אַזוי פיל יידישע שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע און דאָרט אויסגעהרגעט און אויסגעשאָכטן טויזנטער און טויזנ־טער יידן, האָבן זיי זיך אויך אַריינגעריסן אין די שטעט פון ליטע און ווייס־רוסלאַנד, און ווען זיי זיינען קיין האָמעל אָנגעקומען, האָבן זיי דאָרט אַ שרעק־לעכע שחיטה געמאַכט און אויסגעקוילעט צוויי טויזנט יידן. בלויז איין פרוי איז, עפּעס ווי דורך אַ נס, געראַטעוועט געוואָרן פון טויט; ס׳האָט זיך איר איינ־געגעבן צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אויף אַזאַ אָרט, וואו מ׳זאָל זי ניט גע־פינען, און פון איר איז שפּעטער אַרויסגעקומען די משפחה באַבושקין, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען זייער אָנגעזען אין האָמעל און מיט וועלכער מ׳האָט זיך אַמאָל שטאַרק געיחוסט.

די יידן אין האָמעל זיינען דאַן געגאַנגען אויף קידוש־השם און העכער פון אַלעמען האָט זיך דעמאָלט דערהויבן דער ראש־ישיבה ר׳ אליעזר; ווען ער האָט דערהערט ווי כמעלניצקיס קאָזאַקן לאַכן און שפּאָטן פון דעם וואָס די יידן פאַרלאָזן זיך אויף גאָט און גלויבן, אַז ער וועט זיי קומען צו הילף און ראַטעווען זייער לעבן; ווען ער האָט דערהערט ווי כמעלניצקיס לייט גיבן די יידן די ברירה זיך אויסצושמדן און קושן דעם צלם מיט יעזוסעס געשטאַלט, האָט ער דער ערשטער זיך געשטעלט אַנטקעגן און, אויפהויבנדיק זיין קול, האָט ער צו אַלע יידן אַזוי געזאָגט:

„יידן, ברידער מיינע, געדענקט אָן די, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם! פּונקט ווי זיי, וועלן מיר אויך אויסשטרעקן אונזערע העלזער. איך וועל דער ערשטער דאָס טאָן, און אַזוי זאָלט איר אויך טאָן, און זאָלט זיך שעמען די, וואָס ברענגען אונז אום פון דער וועלט!“

ער איז געוועז זייער פרום, דער האָמעלער ראש־ישיבה ר׳ אליעזר; אויג אויף אויג מיטן טויט, האָט ער צו דער גאַנצער עדה יידן גערעדט וועגן אייביקן לעבן און וועגן דער גרויסער באַדייטונג פון קידוש־השם. און זיינע רייד, וואָס זיינען געקומען פון אַ ריין האַרץ, האָבן אויף די יידן פון האָמעל אַזוי געווירקט, אַז די אַלע, וואָס האָבן זיך צו אים צוגעהערט, האָבן אָנגעהויבן שרייען אויפן קול:

„רבי, מירן זיך לאָזן אויסשעכטן!“

און די אַלע, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען און זיינען געגאַנגען אויף קידוש־השם, זיינען געשטאָרבן מיט „שמע־ישראל“ אויף די ליפּן און זיינען געבליבן קדושים ביים גאַנצן יידישן פאָלק, אויף אַלע דורות און פאַר אַלע צייטן. אַזאַ העלדישקייט האָבן געקענט אַרויסווייזן בלויז אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ טיפן גלויבן אין האַרצן און וואָס זיינען מיט דער גאַנצער נשמה געווען צוגעבונדן צום יידישן פאָלק און צו דער הויכער מאָראַל פון יידיש־קייט. און אַזעלכע יידן זיינען אין האָמעל געווען אַ סך

עס זיינען אָבער דאַן אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געהאַט אַזויפיל מוט און ניט געקענט אַרויסווייזן אַזאַ העלדישקייט, און ווען זיי האָבן דער־הערט, אַז מיט שמד קען מען ראַטעווען דאָס לעבן, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון יידישקייט און אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אָבער מיט זיבעצן יאָר שפּעטער, ווען האָמעל איז, אין 1665, צוריק איבערגעגאַנגען צו פּוילן, האָבן די מערסטע פון יענע משומדים צוריק אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. בלויז געציילטע פון זיי זיינען געבליבן גויים.

נאָך ביז היינטיקן טאָג געפינט זיך אין האָמעל אַן אַלטער בית־עולם, און מ׳זאָגט, אַז דאָרטן ליגן אין זייער אייביקער רו די קדושים, וואָס זיינען

אומגעקומען אויף קידוש־השם אין יענער גרויסער שחיטה, אין די צייטן פון באגדאן כמעלניצקי.

אויף באַשטימט ווייסט מען אָבער ניט צי די ביינער פון יענע קדושים ליגן טאַקע אויף דעם אַלטן בית־עלמין. קיין מצבה איז אויף דעם ברודער־קבר ניטאָ. אויב ס׳איז אַמאָל דאָרט יאָ געשטאַנען אַ מצבה, איז פון איר מער גאָר ניט געבליבן. אָבער ערגעץ אין האָמעל געפינט זיך דאָך יענער גרויסער ברודער־קבר פון כמעלניצקיס צייטן. און דאָס איז ניט דער איינציקער יידישער ברודער־קבר אין דער שטאָט האָמעל, וואו עס איז אויפן גורל פון אונדזערע ברידער אויסגעפאַלן אַזוי פיל צו ליידן און אַזוי פיל אַריבערצוטראָגן אין פאַר־שיידענערליי צייטן און אונטער פאַרשיידענערליי בייזע הערשער.

*
**

אויך אין יאָר 1903, ווען ניקאָלאַי דער צווייטער איז נאָך געזעסן אויפן טראָן, איז אין האָמעל צוגעקומען אַ ברודער־קבר מיט יידישע קדושים, וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש־השם ווען רוצחים זיינען אָנגעפאַלן אויף זיי. אָבער דאָס מאָל האָט מען שוין מער ניט אויסגעשטרעקט די העלדזער זיך צו לאָזן שעכטן פון דעם קוילער, נאָר מ׳האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן. מיט געווער אין די הענט, און אָן מורא פאַרן טויט האָט מען געוויזן דעם שונא און אים געגעבן צו פילן, אַז דאָס לעבן פון יידן איז ניט הפקר.

דאָס איז געווען אַ קורצע צייט נאָך דעם גרויסן קישענעווער פּאָגראָם, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע וועלט. אין אַ סך שטעט און אויך אין קליינע שטעטלעך האָבן יידן אָנגעהויבן זוכן וועגן און מיטלען ווי זיך צו באַשיצן, און ווייל ס׳איז דאַן שוין פאַר אַלעמען געווען קלאָר, אַז ביי דער פּאָליציי וועט מען קיין שוץ ניט געפינען, ווייל שולדיק אין די אַלע פּאָגראָם־העצעס אויף יידן איז די רעגירונג אַליין און די גאַנצע רעאַקציאָנערע פּאָליטיק, וואָס דעם צאַרס מיניסטער פּלעווע האָט דעמאָלט אָנגעפירט, איז ביי די יידן גע־בליבן, אַז זיי זאָלן אַליין אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד.

„זעלבסטשוץ!״ — דאָס איז אומעטום געוואָרן דער לאָזונג, דאָס שלאָג־וואָרט, וואָס איז ביי דער יידישער יונגוואַרג אין רוסלאַנד געגאַנגען פון מויל צו מויל. אַלע האָבן זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז די צייט פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד אין די לענדער, וואו אַ ייד איז ניט זיכער מיטן לעבן, איז שוין לאַנג אַוועק און אַז איצט איז געקומען די צייט פון אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן די שונאים.

צווישן די שטעט, וואו מ׳האָט אין יענער צייט אָרגאַניזירט גוטע יידישע

זעלבסטשוץ־מחנות, וואָס האָבן זיך שטילערהייט געגרייט אַרויסצואווייזן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַ פּאָגראָם, איז אויך געווען די שטאָט האָמעל.

די שטאָט, ווי אַלע ווייסן, איז אַמאָל געווען אַ צענטער פון חסידות לויטן נוסח חב״ד, וואָס באַשטייט פון די ראשי־תיבות — חכמה, בינה, דעה, דאָס איז דאָרט געבליבן נאָך פון די צייטן ווען ס׳האָט זיך דאָרט שטאַרק געפילט דער איינפלוס פון דעם גרויסן רבי שניאור־זלמן, וועלכער האָט אין האָמעל געהאָט אַ סך תלמידים און ווען איינער פון זיי איז געווען דער באַוואוסטער יצחק־אייזיק האָמלער. די אַלע שולן און קלויזן, וואָס מ׳האָט אין שטאָט געקענט אָנציילן ביז עטלעכע און צוואַנציק, זיינען געווען חסידישע. דער מתנגדישער צד האָט זיך אינם יידישן לעבן ניט אָנגעזען אין שטאָט אַזוי שטאַרק ווי דער חסידישער. אָבער ווי ס׳פירט זיך שוין געוויינלעך, זיינען אין אַ סך חסידישע הייזער און אין גלאַט פרומע יידישע פאַמיליעס, אויסגעוואַקסן קינדער, וואָס זיינען אויף גאַנץ אַנדערע וועגן אַוועק. און דאַן זיינען אין האָמעל אויסגעוואַקסן די אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן אינם יידישן לעבן אַריינגעטראָגן דעם גייסט פון דער נייער צייט. עס האָט זיך געגרינדעט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט צו זיך צוגעצויגן די, וואָס זיינען געווען נאַציאָנאַליסטיש געשטימט און עס זיינען אויך געווען סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון אַלערליי גרופּירונגען — סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און אויך בונדיסטן.

קיין שלום האָבן די אַלע פּאַרטייען צווישן זיך ניט געהאַלטן ווי ס׳פירט זיך געוויינלעך; די סאָציאַליסטן און ציוניסטן האָבן זיך שטענדיק אַרומגעקריגט צווישן זיך און אין די דעבאַטעס און דיסקוסיעס, וואָס מ׳האָט געפירט גאַנץ אָפט, האָט מען אַריינגעטראָגן אַזאַ חסידישן ברען און פלאַקער, אַז די מחיצה צווישן איינע און די אַנדערע האָט וואָס אַמאָל געמוזט ווערן גרעסער, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז קיין זאַך אין דער וועלט קען זיי גאָר קיינמאָל ניט פאַראייניקן און אַז זיי וועלן אין קיין שום פראַגע קיינמאָל ניט איינשטימען. אָבער ווען מ׳האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם ווי נויטיק עס איז צו אָרגאַניזירן אַ יידישע זעלבסטשוץ אין האָמעל אַרויסצואווייזן אַ ווידערשטאַנד אין פאַל פון אַ פּאָגראָם, האָבן אַלע איינגעשטימט דערויף. אי די סאָציאַליסטן, אי די ציוניסטן האָבן זיך פלייסיק גענומען צו דער אַרבעט, און אין אַ משך פון אַ קורצער צייט האָט זיך זיי איינגעגעבן שטילערהייט צו אָרגאַניזירן אַ יידישע זעלבסטשוץ, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע הונדערט יונגעלייט, וואָס זיינען געווען גרייט דאָס לעבן אַוועקצוגעבן צו באַשיצן די יידן אין האָמעל פון אַ פּאָגראָם.

פון דעם אַליין וואָס ס׳איז שוין דאָ אַ זעלבסטשוץ, וואָס באַשטייט פון אַזעלכע העלדישע יונגעלייט, וואָס זיינען גרייט דאָס לעבן איינצושטעלן און

אַרויסוואַיזן אַ ווידערשטאַנד, האָבן די יידן אין האָמעל זיך שוין געפילט זיכערער ביי זיך. אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן פריער געטענהט: אַז „מ׳דאַרף דאָס ניט״, זיינען אין גרונט אויך געווען צופרידן פון דעם, וואָס זיי האָבן שוין ווער ס׳זאָל זיי באַשיצן. דאָס האָט אַלעמען אונטערגעגעבן מוט, און ווען נאָר אַ ווילדער בזיאַן האָט פאַרטשעפּעט אַ יידן, האָט מען אים געוויזן, אַז מ׳האָט פאַר אים קיין מורא ניט.

אינם טאָג פון 29טן אויגוסט, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ טומל אין מאַרק, און אָנגעהויבן האָט זיך דער טומל פון דעם, וואָס אַ גוי האָט ביי אַ יידישן קרעמער געוואָלט צונעמען אַ פּעסעלע הערינג. גלאַט אַזוי צונעמען און ניט באַצאָלן. דער ייד האָט ניט געלאָזט און האָט דעם גוי אַרויסגעטריבן. האָט דער גוי געמאַכט אַ געוואַלד, אַז אַ ייד האָט אים געשלאָגן „אומזיסט און אומ־נישט״, און באַלד האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך פאַר אים איינגע־שטעלט, און איידער מ׳האָט זיך געריררט, האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן יידן און גויים, און אינם געשלעג האָבן ביידע צדדים געכאַפּט גוטע קלעפּ, אָבער די יידן האָבן אַרויסגעוויזן מער גבורה און אויך מער מוט, און ווען די גויים זיינען זיך צעלאָפן, האָט מען דערזען ווי איינער פון זיי ליגט אויף דער ערד אַ טויטער.

דאַן האָט מען עטלעכע יידן אַרעסטירט און זיי אַריינגעזעצט אין גע־פענגעניש. מ׳האָט אָבער גלייך געקענט זען, אַז דערמיט וועט זיך דאָס ניט ענדיקן. עס איז געווען קלאָר, אַז ערגעץ בורעט מען דאָ, אַז ערגעץ גרייט מען זיך. אין דער לופט האָט זיך געקענט פילן, אַז דאָס ערגסטע קומט ערשט. און אַזוי איז טאַקע געווען: מיט צוויי טעג נאָכן געשלעג איבערן פּעסעלע הערינג, אינם טאָג פונם ערשטן סעפּטעמבער, 1903, האָט אין האָמעל אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם, וואָס האָט אין יענער צייט אויפגערודערט די גאַנצע וועלט, ניט נאָר מיט דעם וואָס ער איז געווען בלוטיק, נאָר אויך מיט דעם פּראָצעס, וואָס איז געקומען שפּעטער — אַ פּראָצעס, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין די צייטן פון די צאַרן, ווייל עס האָט געזאָלט הייסן, אַז דאָ משפּט מען ניט קיין גויים פאַר מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן, נאָר פאַרקערט, מען משפּט יידן פאַר מאַכן אַ פּאָגראָם אויף גויים.

*
**

אָנגעהויבן דעם פּאָגראָם אויף יידן אין האָמעל האָבן דעמאָלט אַרבעטער, רוסישע באַן־אַרבעטער. זיי זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך ווי אַן אָרגאַניזירטע באַנדע אַ לאָז געטאָן אין שטאָט אַריין מיט ווילדע געשרייען און

קולדת: „בעי זשידאָוו"! זיי זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן גענומען ראַ־
בעווען יידישע הייזער און קראָמען און מאַכן אַ חורבן אין יידישע שולן און
בתי־מדרשים. און נאָכדעם זיינען צו זיי שוין צוגעשטאַנען סתם לאַידאַקעס
און ווילדע בויאַנעס, וואָס זיינען שטענדיק גרייט צו שלאָגן יידן און ראַבעווען
פרעמדע פאַרמעגנס, וואָס ווערן מיטאַמאָל הפקר. צווישן די, וואָס זיינען צו־
געשטאַנען צו די פאָגראָמשטשיקעס, זיינען אויך געווען פאַרשוינען פון דער
אַזוי גערופענער „פיינער געזעלשאַפט" — רוסישע סוחרים, לערער, סטודענטן,
און גלאַט אַזעלכע, וואָס מ'האָט געוויינלעך געהאַלטן פאַר סאָלידע און אינ־
טעליגענטע לייט. און דאָס איז פאַרשריבן געוואָרן ביי אונדז אין דער גע־
שיכטע *).

ווי נאָר די יונגעלייט פון דער יידישער זעלבסטשוץ האָבן דערהערט,
אַז עס האָט אויסגעבראָכן אַ פאָגראָם, איז גלייך געוואָרן אַ טרעוואָגע, און באַלד
זיינען שוין עטלעכע הונדערט פון זיי געווען אויף דעם פלאַץ, וואָס מ'רופט אין
האָמעל „קאָנאַיאַ פלאָשטשאַד". דאָרט האָבן זיי פאַר די פאָגראָמשטשיקעס
פאַרצאַמט דעם וועג און זיי ניט געלאָזט גיין ווייטער. און ווייל די כוליגאַנעס
האָבן זיך אינגאַנצן ניט גערעכנט דערויף, אַז אַזויפיל יידן זאָלן זיך אַזוי מוטיק
און העלדיש שטעלן אַנטקעגן, האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן און זיי זיינען
שוין געווען גרייט זיך צוריקצוציען, ווייל, ווי די מערסטע הפקר־יונגען, זיינען
זיי אין דער אמתן גאָר געווען שרעקעדיקע, אָבער באַלד זיינען אָנגעקומען
סאָלדאַטן און האָבן אָנגעהויבן שיסן אויף די יידן, און דאַן זיינען דריי פון דער
יידישער זעלבסטשוץ געפאַלן טויט און עטלעכע זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן.

אומעטום, וואו נאָר די יונגעלייט פון דער יידישער זעלבסטשוץ האָבן גע־
פרואווט צו צעטרייבן די באַנדעס, וואָס האָבן געראַבעוועט יידיש האָב און
גוטס, האָבן סאָלדאַטן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיי מיט די ביקסן און זיי גע־
שלאָגן, און ווייל די כוליגאַנעס האָבן זיך געפילט אַזוי זיכער אונטערן שוץ
פונם מיליטער, האָבן זיי ווייטער געראַבעוועט און געגזלט, ווייטער געהרגעט
און געשלאָגן, אָבער אויף אַ סך ערטער האָט זיך דער זעלבסטשוץ דאָך איינגע־
געבן אַרויסצואווייזן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד און נעמען אַ לעבן פאַר אַ לעבן,
און נאָכדעם ווי דער פאָגראָם איז פאַרנאַכט אָפּגעשטעלט געוואָרן, זיינען צוויי
הונדערט און פופציק יידישע הייזער און קראָמען געווען צעראַבעוועט און צע־
שטערט. דער שאָדן איז געווען זייער גרויס, און ווען מ'האָט איבערגעציילט
די טויטע און שווער־פאַרוואונדעטע, האָט מען געזען, אַז ניט קוקנדיק דערויף

*) זע ווענן דעם ש. דובנאָוו: Новейшая История Еврейского Народа,
באַנד 3, ז' 377.

וואָס באַוואָפנטע סאָלדאַטן האָבן אַזוי באַשיצט די פּאָגראָמשטשיקעס, האָבן די יידן דאָך אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע גבורה ביים פאַרטיידיקן זיך. די צאָל פון טויטע און שווער־פאַרוואונדעטע צווישן די יידן איז געווען צוועלף, און פון די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען געפאַלן אַכט.

נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן. און אַרעסטירט האָט מען ניט דווקא די, וואָס זיינען געווען שולדיק אינם פּראָגראָם, נאָר אויך די, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, און די צאָל פון די אַרעסטירטע יידן איז געווען גרעסער ווי די צאָל פון די אַרעסטירטע גויים, און דאָס האָט מען געטאָן מיט אַ געוויסער כוונה. די צאַרישע רעגירונג איז ניט אויסן געווען צו באַשטראָפן די פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר געבן אַ וואָרנונג די יידן אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אַז מ׳זאָל זיך אין ערגעץ ניט דערוועגן צו אָרגאַניזירן קיין זעלבסטשוץ, ווייל מ׳וועט דערפאַר ווערן באַשטראָפט זייער שטרענג.

***

די ביטערע איראָניע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן נאָכן פּאָגראָם. אין אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען נאָכדעם, האָט מען געקענט זען דעם בייזן חוזק און דעם גאַליקן ציניזם, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פון דער צאַרישער רעגירונג צו די יידן אין רוסלאַנד.

עטלעכע טעג נאָכן פּאָגראָם איז קיין האָמעל אָנגעקומען דער גובערנאַטאָר פון מאָהילעווער גובערניע און געהייסן, אַז מ׳זאָל צונויפרופן די עלטסטע פון דער יידישער קהילה, און ווען זיי זיינען צו אים געקומען, האָט ער זיי אָנגעהויבן זאָגן מוסר און גערעדט צו זיי האַרבע רייד. ער האָט זיי געזאָגט, אַז זיי זיינען שולדיק אין דעם, וואָס יידישע קינדער זיינען טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; יידן אַליין, האָט ער געטענהט, זיינען שולדיק אין דעם, וואָס מען פאַרפאָלגט זיי; ווען זיי וואָלטן ניט דערלאָזט דערצו, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין רעוואָלוציאָנערן, וואָלט קיינער צו זיי גאָרניט געהאַט און קיינער וואָלט זיי ניט געטשעפּעט, ווייל ווער ווייסט דען ניט, אַז אין רוסלאַנד באַציט זיך די רעגירונג טאָלעראַנט און איידל צו אַלע רעליגיעס? מ׳פאַרפאָלגט דאָרט ניט קיינעם דערפאַר, וואָס ער האָט אַן אַנדער גלויבן. קינד און קייט ווייסן דאָס...

אַזוי האָט דער גובערנאַטאָר גערעדט און זיך אַפילו ניט פאַרקרימט דערביי, און געענדיקט האָט ער גאָר „פיין און איידל״. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וואָס יידן קענען טאָן און וואָס זיי וואָלטן געדאַרפט טאָן, איז — אַרויסגעבן דער פּאָליציי יענע זין און טעכטער זייערע, וועלכע זיינען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

מיט אַנדערע ווערטער האָט דאָס געמיינט, אַז יידן זאָלן ווערן שפּיאָנען, „פּריוויליקע אַגענטן" פון דער געהיים־פּאָליציי און זיי זאָלן אַרויסגעבן זייערע אייגענע קינדער.

ניט מער און ניט ווייניקער!

„אין דער אָפיציעלער מעלדונג, וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן נאָכן פּאָגראָם, — שרייבט דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו, — זיינען די געשעענישן אין האָמעל פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ רעזולטאַט פון אַן אָנפאַל, וואָס יידן האָבן געמאַכט אויף דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון דער שטאָט און אויך אויף די סאָלדאַטן". ס'האָט געהייסן, אַז די באַפאַלענע האָבן, נעבעך, קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און האָבן געמוזט שיסן, כדי „זיך צו פאַרטיידיקן". אין דער זעלבער אָפיציעלער מעלדונג איז אויך געשטאַנען, אַז „די געשעענישן, וואָס האָבן צעשטערט די אָרדענונג, זיינען אַ רעזולטאַט פון דער פיינטלעכער און חוצפּהדיקער באַציאונג פון די האָמלער יידן צו די קריסטן".

אַרום און אַרום האָט מען דעמאָלט אין האָמעל אַרעסטירט 60 מענטשן, וואָס מ'האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש. זיי האָט מען געדאַרפט משפּטן ווי די שולדיקע אינם פּאָגראָם, און צווישן די 60 אַרעסטירטע זיינען 36 געווען יידן, און די קלאָגע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַזוי, אַז ס'זאָל הייסן, אַז דאָ משפּט מען ניט קיין גויים פאַר מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן, נאָר פאַרקערט, מ'משפּט דאָ יידן פאַר מאַכן אַ פּאָגראָם אויף גויים, און אַז געמאַכט דעם פּאָגראָם אויף די גויים האָבן די יידן אין האָמעל צו נעמען נקמה פאַר דעם פּאָגראָם אין קישענעוו.

אַלץ איז געווען אויסגערעכנט אַזוי, אַז מ'זאָל פאַר די אומוויסנדיקע רוסישע מאַסן אַרויסשטעלן די יידן ווי געפערלעכע מענטשן. פאַר וועלכע מ'דאַרף זיך איצט אומעטום שטאַרק היטן.

עס האָט געדויערט מער ווי אַ יאָר ביז מ'האָט די אָנקלאָגע צוגעגרייט. אָנגעהויבן צונויפשטעלן האָט מען זי נאָך איידער פּלעווע איז דערהרגעט געוואָרן, און מ'דענקט אַז די אַרבעט איז געשטאַנען אונטער זיין אויפזיכט און ער האָט געגעבן די אָנווייזונגען. אויך נאָכדעם ווי דער צורר פּלעווע איז שוין געווען טויט, איז די אַרבעט פון צוגרייטן די אָנקלאָגע איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון אַזעלכע, וואָס זיינען געגאַנגען אין זיינע וועגן. און ערשט אינם מאָנאַט אָקטאָבער פונם יאָר 1904, איז אַ באַזונדער קאָמיסיע פון קיעווער געריכט געקומען קיין האָמעל און דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן.

דער וואונטש פון דער רעגירונג איז געווען, אַז פאַרקומען זאָל דער האָמעלער פּראָצעס הינטער פאַרמאַכטע טירן. אָבער דער דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג אין לאַנד איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מ'האָט דעם פּראָצעס געמוזט

פירן אָפּן און מ'האָט צו אים צוגעלאָזט די קאָרעספּאָנדענטן פון די צייטונגען, און דאָס האָט געהאָלפן, אַז ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד זאָל דער האָמלער פּראָצעס ציען גרויס אויפמערקזאַמקייט און מ'זאָל זיך מיט אים שטאַרק אינטערעסירן.

דער פּראָצעס האָט געמוזט זיין אַ גרויסע סענסאַציע שוין דערפאַר אַליין וואָס ס'האָט פון אים ממש אַרויסגעשריען דער קוריאָז און די חוצפה, וואָס אין דער צאַרישער רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך געמאַכט באַרימט מיט אירע פּאָ־גראָמען אויף יידן, משפט מען איצט גאָר יידן פאַר מאַכן אַ פּאָגראָם אויף גויים. אַלע האָבן געוואוסט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פּאָליטישער מאַנעווער. און אַז אויף דעם פּראָצעס אין האָמעל וועט אַוודאי פאָרקומען אַזוינס, וואָס וועט זיין ניי און שפּאַנענד. דאָס איז געווען איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס מ'האָט זיך מיט יענעם פּראָצעס אומעטום אַזוי שטאַרק אינטערעסירט. און צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער פאַקט וואָס די גרעסטע און בעסטע אַדוואָקאַטן פון רוסלאַנד, יידן און אויך רוסן, האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אַרויסצו־טרעטן אויף דעם האָמלער פּראָצעס צו פאַרטיידיקן די יידישע אָנגעקלאָגטע און באַווייזן ווי לעכערלעך דאָס איז צו באַשולדיקן יידן אין דעם, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף גויים.

צווישן די אַדוואָקטן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען צו פאַרטיידיקן די יידישע אָנגעקלאָגטע, זיינען געווען אַזעלכע באַרימטע ווי שליאָזבערג, ווינאַווער, זאַרודני, סאָקאָלאָוו, קאַלמאַנאָוויטש, ראַטנער, און אויך דער גאָר באַרימטער אַדוואָקאַט לעוו קופּערניק, וועגן וועלכן די יידן אין רוסלאַנד פלעגן דערציילן אַ סך וואונדערלעכע, כמעט לעגענדאַרישע געשיכטעס פון די קלוגע איינפאַלן, וואָס ער האָט געהאַט ביים פאַרטיידיקן אַן אָנגעקלאָגטן אין אַ געריכט און ביים נעמען אַן עדות אויף אַ קרייץ־פאַרהער.

קופּערניק אַליין איז געווען אַ געשמדטער ייד. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך מיט יידישע כלל־זאַכן אינגאַנצן ניט אינטערעסירט. אָבער נאָך דעם פּאָגראָם אין קישענעוו האָט ער זיך מיטן שיקזאַל פון יידן אָנגעהויבן אינטערעסירן זייער שטאַרק, און ער האָט דעריבער גערן גענומען אויף זיך צו זיין איינער פון די אַדוואָקאַטן, וואָס וועלן אויפן האָמלער פּראָצעס פאַרטיידיקן די יידישע אָנגעקלאָגטע. און דאָס אַליין איז געווען אַ גרויסער געווינס, און יידן אין האָמעל האָבן וועגן דעם אַ סך גערעדט. מ'האָט געזאָגט, אַז אויף קופּערניקן קען מען זיך שוין גוט פאַרלאָזן, ווייל ער איז אַ מייסטער אויסצוגראָבן דעם אמת אַפילו פון אונטער אַ באַרג מיט ליגנס.

אויך די אַנדערע אַדוואָקאַטן זיינען געווען גרויסע מייסטערס דערויף און מ'האָט זיך געקענט ריכטן אויף אינטערעסאַנטע און שאַרפע ווערטער־

געפּעכטן, וואָס וועלן אַוודאַי פּאַרקומען אויפן פּראָצעס. און אַזוי איז טאַקע געווען.

דריי חדשים נאָכאַנאַנד האָט דער פּראָצעס געדויערט. מ׳האָט אַרויסגעג־רופן ניט ווייניקער ווי טויזנט עדות. דער פּאָרזיצער פון געריכט האָט די פּאַרטיידיקער פון די יידישע אָנגעקלאָגטע געשטערט אויף טריט און שריט; ער האָט ניט געלאָזט אַרויסרעדן קיין וואָרט, וואָס קען דעם האַמלער פּראָצעס געבן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער; ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געק־קאָנט, אַז מ׳זאָל דעם אמת ניט קענען אַרויסקריגן. און אויף איינער פון די זיצונגען, וואָס איז שוין געווען די איין־און־פופציקסטע אין צאָל, האָט ער דעם אַדוואָקאַט סאָקאָלאָוו געהייסן פאַרלאָזן דעם געריכט־זאַל, און דאַן איז פאַרגעקומען אַזוינס, וואָס איז פריער נאָך קיינמאָל אין ערגעץ ניט פּאַרגעקומען אין קיין געריכט: אַלע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו פּאַרטיידיקן די יידישע אָנגעקלאָגטע, האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און אויסדריקנדיק זייער פּראָטעסט קעגן דעם אופן ווי דער פּראָצעס ווערט געפירט, האָבן זיי פאַרלאָזט דעם געריכט־זאַל מיט דער צושטימונג פון די יידישע אָנגעקלאָגטע.

דאָס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע, וועגן וועלכער מ׳האָט דאַן אַ סך גע־רעדט און געשריבן ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד. און גע־מאַכט האָט די דעמאָנסטראַציע דעמאָלט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז זי האָט אינגאַנצן צעטרייסלט די זיילן פון דער אָנקלאַגע, וואָס מ׳האָט צונויפגעשטעלט לויט די אָנווייזונגען פון די גאַר הויכע פענצטער אין פּעטערבורג. פאַר דער צאַרישער ביוראָקראַטיע איז דאָס געווען זייער אַ שטאַרקער פּאַטש אין פּנים. מ׳האָט אין די הויכע פענצטער גענומען זוכן אַ וועג ווי זיך אַרויסצודרייען אויף אַזאַ שטייגער, אַז מ׳זאָל זיך ניט דאַרפן שעמען פאַר דער וועלט, און דאַן האָט מען זיך מיטאַמאָל גענומען איילן אין גרויס טומלעניש און אין דעם טאָג פון 26טן יאַנואַר, אינם יאָר 1905, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אורטייל, אויף וועלכן מ׳האָט אומעטום אַרויסגעקוקט אַזוי לאַנג:

13 פון די 36 אָנגעקלאָגטע יידן האָט מען אינגאַנצן באַפרייט; 13 זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו זיצן אין געפענגעניש 5 חדשים מיט 10 טעג, און די אַנדערע 10 זיינען אָפּגעקומען מיט נאָך אַ לייכטערער שטראָף.

אויך די גוישע אָנגעקלאָגטע, וואָס זיינען אויפן האָמעלער פּראָצעס די גאַנצע צייט געזעסן אויף איין באַנק מיט די יידישע, האָבן געקראָגן אַ לייכטע שטראָף. און ביים אַרויסגעבן דעם אורטייל איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַלע, אי די יידן, אי די קריסטן, וואָס האָבן געקראָגן אַ שטראָף צו זיצן אין געפענגעניש

קורצע טערמינען פון עטלעכע חדשים, האָבן די רעכט זיך צו ווענדן צום קיסר מיט בקשות, אַז ער זאָל זיי אינגאַנצן באַגנעדיקן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער באַרימטער האַמלער פּראָצעס, אויף וועלכן מ'האָט געזאָלט משפּטן יידן פאַר מאַכן אַ פּאָגראָם אויף גויים. און כאָטש מ'איז מיטן צונויפמישן די גויישע און יידישע אָנגעקלאָגטע אינאיינעם אויסן געוועזן צו פאַרשטעלן דעם אמת אַזוי, אַז מ'זאָל אים קיינמאָל ניט קענען דערביווען פון דעם באַרג ליגנס, וואָס מ'האָט אויף אים אַרויפגעשטעלט, האָט מען אין די ליבעראַלע רוסישע קרייזן דאָך געגעבן די ריכטיקע אויסטייטשונג דערויף, און די בעסטע אויסטייטשונג האָט דערויף געגעבן דער רוסישער זשורנאַל „פּראַווא" (רעכט), וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט יורידישע פראַגן. אין יענעם זשורנאַל, וואָס איז אין רוסלאַנד געלייענט געוואָרן פון אַלע, וואָס אינ־טערעסירן זיך נאָר מיט יורידישע פראַגן, האָט מען וועגן דעם אורטייל אויפן האַמלער פּראָצעס דאָן געשריבן אַזוי:

„פון דעם אורטייל אַליין קען מען דעם אמת זען גאַנץ קלאָר און דייטלעך. אויב די אָנגעקלאָגטע, סיי די יידן און סיי די קריסטן, וואָס מען האָט באַשולדיקט אין מאָרד, אין געוואַלט־מעשים און אין גזילה, זיינען אין דער אמתן גאָר אַזוי ווייניק שולדיק (און פון דעם אַליין, וואָס מ'האָט זיי געגעבן אַ לייכטע שטראָף, איז דאָך קלאָר, אַז זיי זיינען ווייניק שולדיק), דאַן מוז דאָך יעדער איינער שטעלן די פראַגע: אויב אַזוי, איז ווער־זשע איז פאַרט דער ריכטיקער שולדיקער אין דעם, וואָס אין האָמעל זיינען פאָרגעקומען אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן? און אויף אָט דער פראַגע איז פאַראַן בלויז איין ענטפער: חוץ די קריסטן און די יידן, וואָס מ'האָט אין האָמעל געשטעלט צום געריכט, איז פאַראַן נאָך אַ דריטער, וואָס איז שולדיק, און דאָס איז די ביוראָקראַטיע אונזערע, וואָס שפּילט פּאָ־ליטיק. דווקא אָט דער שולדיקער איז ניט אָנגעקלאָגט געוואָרן, אָבער פאַר־משפּט האָט מען אים סיי־ווי־סיי. און דווקא ער, דער אמתער שולדיקער, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק געשראָקן פאַרן אמת, האָט פאַרשטעלט זיין שולד מיט דעם, וואָס ער האָט אַלעמען באַגנאַדיקט און באַפרייט".

דאָס זיינען געווען שטאַרקע ווערטער, געשליידערט ווי שטיינער דער רוסישער צאַרישער רעגירונג גלייך אין פּנים אַריין!

די רוסישע אינטעליגענץ האָט דאַן, פּונקט ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן, געוויזן אַז זי האָט מוט זיך איינצושטעלן פאַר יושר און גערעכטיקייט, און זי האָט מיט דעם פאַר דער וועלט געראַטעוועט דעם כבוד פונם פאָלק און פונם לאַנד.

אין נאָך אַ סך אַנדערע שטעט פון רוסלאַנד זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן אין די יאָרן פון 1903 און 1905. אָבער קיין פּאָגראָם האָט דאַן ניט

אויפגערודערט אַזוי שטאַרק די עפנטלעכע מיינונג אויף דער גאַנצער וועלט ווי די פּאָגראָמען אין קישינעוו און אין האָמעל און ווי דער פּראָצעס, וואָס מ׳האָט דאַן געמאַכט, אַנקלאַגנדיק יידן פאַר „מאַכן אַ פּאָגראָם אויף גויים״.

דאָס איז געווען אַ טרויעריק קאַפּיטל — ניט נאָר אין דער געשיכטע פון די יידן אין האָמעל, נאָר אויך אין דער געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד בכלל. און אין יענער צייט האָבן פון רוסלאַנד אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע ניט ווייניקער ווי הונדערט און פינף און צוואַנציק טויזנט יידן.

מ׳איז געלאָפן ניט נאָר פון האָמעל, נאָר פון אומעטום, וואו די מורא פאַר פּאָגראָמען איז געווען גרויס.

***

און וואוהין זיינען די יידן פון האָמעל געלאָפן ווען היטלערס באַוואָפנטע באַנדעס האָבן זיך אַריינגעריסן אַהין? וואוהין האָבן זיי געקענט לויפן? עפּעס איז דאָך האָמעל שטענדיק געווען אַ שטאָט מיט יידן! אויף וועמעס באַראָט זיינען זיי דאָרט דעמאָלט געבליבן?

די וואָס האָבן זיך דאָרט דעמאָלט נאָך געקענט ראַטעווען אין דער שעה פון גרויסן צאָרן, זיינען אַוועק אין די וועלדער מיט דער מורא אין האַרצן, מיטן פּחד פון טויט פאַר די אויגן. און בעת זיי זיינען דאָרט געלאָפן און די לאַגע אויף דער גאַנצער וועלט איז געווען אַזאַ שרעקלעכע און מ׳איז אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג, ווייל ס׳האָט זיך געדוכט, אַז היטלער וועט שוין אַוודאי געווינען די מלחמה, האָבן יידן אין ערגעץ דאָך ניט אויפגעגעבן די האָפענונג, און זיי האָבן געגלויבט, אַז דער שונא וועט דאָך, סוף־כל־סוף, קריגן די שטראָף, וואָס ער פאַרדינט.

געגלויבט אין דעם, ווייל אין דער דערפאַרונג פון דורות, האָבן זיי שוין ניט איין מאָל געזען ווי די געשיכטע האָט זיך איר וועג צו באַשטראָפן די שולדיקע.

אָבער ביז די שטראָף איז געקומען, האָבן מיר טייער באַצאָלט דערפאַר. און אין דעם גרויסן חורבן פון די שרעקלעכע צייטן ווען מיר האָבן פאַרלאָרן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, איז האָמעל אויך אַריין אינם צעטל פון יענע שטעט, אויף וועלכע מ׳קען שוין מער ניט זאָגן, אַז דאָס איז „אַ שטאָט מיט יידן״...

# בריסק

## א.

בּרעסט־ליטאָווסק — אָדער בריסק־דליטא, ווי יידן רופן די שטאָט — איז שוין אַ סך מאָל געווען אין צענטער פון וויכטיקע געשעענישן. דאָס איז אַ שטאָט, וואָס „ליגט אַזוי", אַז ס'איז פאַר איר אוממעגלעך צו בלייבן שטיין אין אַ זייט; ווען נאָר ס'איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געהאַט אַ באַדייטונג אין דעם לעבן פון די לענדער און פעלקער, וואָס געפינען זיך דאָרט אין נאָענטער שכנות, איז זי געווען אין מיטן; עס האָט זעלטן געטראָפן, אַז אין אַ מהומה זאָל מען זי גראָד פאַרזען און זי לאָזן צורו.

עס איז שוין מער ווי ניין הונדערט יאָר זינט ברעסט־ליטאָווסק עקזיס־טירט. זי ווערט דערמאָנט אין דער געשיכטע נאָך ביים אָנהויב פון דעם עלפטן יאָרהונדערט. אין די אַלטע כראָניקעס האָט זי געהייסן „בערעסטיע" און אויך „בערעסטיעוו"; עס האָבן שוין איבער איר געוועלטיקט די הערשער פון פאַר־שיידענערליי פעלקער און נאַציאָנען; עס האָבן שוין אויף איר ערד געטראָטן די אַרמייען פון פאַרשיידענע לענדער, און נאָך אין יאָר 1241 האָבן די טאָטערן זי אינגאַנצן חרוב געמאַכט און עס איז פון איר גאָרניט געבליבן.

פיר און דרייסיק יאָר איז די שטאָט ברעסט־ליטאָווסק דעמאָלט געווען חרוב און מען האָט געמיינט, אַז זי וועט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן און איר נאָמען וועט גאָר קיינמאָל אין ערגעץ שוין ניט דערמאָנט ווערן. אָבער אין יאָר 1275 האָט מען זי ווידער אויפגעבויט, און דאַן איז ברעסט־ליטאָווסק צוריק געוואָרן אַ שטאָט.

אויך אין יאָר 1379 איז ברעסט־ליטאָווסק חרוב געוואָרן, און דאָס מאָל האָבן דעם חורבן דאָרט געמאַכט שוין ניט די טאָטערישע האָרדעס, נאָר די מחנות פון די טיוטאָנישע ריטער, פון וועלכע עס שטאַמען, לויטן יחוס, די נאַציישע באַנדעס פון היטלערס צייטן. זיי האָבן דעמאָלט פאַרברענט די שטאָט. אָבער מען האָט זי ווידער צוריק אויפגעבויט. און ביים סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט איז אויף איר ווידער אויסגעגאָסן געוואָרן אַ צאָרן: די מחנות

פון דעם טאַטערישן כאַן אין קרים האָבן זיך דעמאָלט אַהין אַריינגעריסן און זיי האָבן די שטאָט ווידער חרוב געמאַכט.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אין אַ משך פון עטלעכע הונדערט יאָר. פרעמדע אַרמייען האָבן די שטאָט ברעסט־ליטאָווסק חרוב געמאַכט אַלע מאָל ווען עס האָט נאָר אויסגעבראָכן אַ מלחמה, און נאָכדעם האָט מען די שטאָט ווידער צוריק אויפגעבויט. און אין יאָר 1657 און אויך אין יאָר 1706 איז ברעסט־ליטאָווסק אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די שוועדן, און זיי האָבן זי אויך ניט געשאַנעוועט. אָבער נאָכדעם איז די שטאָט צוריק איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער פוילישער מלוכה, וואָס האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן פאַרלירן איר מאַכט פון אַמאָל. און אין 1794 האָט דער רוסישער פעלד־מאַרשאַל סואוואָראָוו דאָרט געהאַט זיין גרויסן נצחון; ער האָט דאַן, ביי די טויערן פון ברעסט־ליטאָווסק, אינגאַנצן צעקלאַפּט די אַרמיי פון דעם פוילישן גענעראַל סיעראַקאָווסקי, און מיט איין יאָר שפּעטער, ביי דער צעטיילונג פון פּוילן, איז די שטאָט אַריין אין דער רוסישער אימפּעריע.

בריסק־דליטא איז געוואָרן אַ רוסישע שטאָט. און פּונקט אַזוי ווי זי האָט אין 1794 מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם סימבאָל פון אַ גרויסן רוסישן נצחון אויפן שלאַכטפעלד, אַזוי האָט זי מיט הונדערט און פיר און צוואַנציק יאָר שפּעטער פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם סימבאָל פון אַ גרויסער רוסישער מפּלה. דאָס איז געווען אין 1918, אין דעם טאָג פון 3טן מאַרטש, ווען עס איז אין ברעסט־ליטאָווסק אונטערגעשריבן געוואָרן דער פרידנס־אָפּמאַך צווישן סאָוועט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד. יענער אָפּמאַך, וואָס האָט פון דער גרויסער רוסלאַנד אָפּגעשניטן גאַנצע שטיקער און וואָס איז געווען אַ באַליידיקונג פאַר דעם גאַנצע רוסישן פאָלק און אויך אַ מוסטער פון טרעטן מיט די פיס יעדן חוש פון גערעכטיקייט, האָט באַוויזן דער גאַנצער וועלט ווי ברוטאַל עס קענען זיין די דייטשע יונקערס ווען זיי געווינען אַ מלחמה...

ברעסט־ליטאָווסק איז דעריבער נאָך ביז היינטיקן טאָג געבליבן אַ וואָרנונג פאַר אַלע פעלקער און לענדער, אַז ווען נאָר דייטשלאַנד הויבט אָן אַ מלחמה, צו פאַרשפּרייטן איר מאַכט, דאַרף מען טאָן אַלץ אין דער וועלט, אַז זי זאָל פון דער מלחמה אַרויס אַ צעשלאָגענע; וואָרעם ווען דער נצחון איז אויף איר זייט, דאַן איז גאָרניט צו זעטיקן אירע ווילדע אַפּעטיטן און עס איז גאָר ניטאָ קיין גרענעץ צו איר נקמה...

***

מ׳קען ניט פעסטשטעלן ווען יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין ברעסט־ליטאָווסק. מען ווייסט אָבער, אַז נאָך ביים אָנהויב פון 14טן יאָרהונדערט, ווען ליטע איז געווען ניט קיין קליינע מלוכה, איז שוין בריסק־דליטא געווען

אַ גאַנץ וויכטיקער יידישער צענטער און יידן האָבן זיך דאָרט גאַנץ שטאַרק אָנגעזעצן. און ווי עס איז געווייגלעך דער שטייגער אין די ערטער, וואו יידן זעען זיך שטאַרק אָן, איז דאָרט אויך אויסגעוואַקסן די שנאה צו זיי, און אין יאָר 1495 האָט מען זיי פון דאָרט אַרויסגעטריבן.

דעם באַפעל אַרויסצוטרייבן די יידן פון ברעסט־ליטאָווסק און אויך פון די אַנדערע שטעט אין ליטע האָט אַרויסגעגעבן דער ליטווישער גרויס־פירשט אַלעקסאַנדער יאַגעלאָ, וועלכער איז שפּעטער אויך געוואָרן דער קעניג פון פוילן. און דאָס איז אין יענער צייט געווען אַ גרויסע איבערראַשונג, ווייל פריער האָט דער זעלבער אַלעקסאַנדער יאַגעלאָ זיך באַצויגן צו יידן דווקא ניט שלעכט און ער האָט זיי באַהאַנדלט אַזוי, אַז מען האָט געקענט זאָגן, אַז ער איז אַ מענטש מיט חסד.

פאָרשער פון יידישער געשיכטע האָבן געפּרואווט דערגרונטעווען די סיבה דערפון וואָס אַלעקסאַנדער יאַגעלאָ האָט גאָר פּלוצלונג אַרויסגעגעבן אַזאַ גזירה אויף יידן, און לויט דער מיינונג פון איינינקע היסטאָריקער האָט אין דעם אַ וויכטיקע ראָלע געשפּילט דער פאַקט, וואָס ער, דער גרויספירשט פון ליטע, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אויך דער קעניג פון פוילן, האָט אין יענער צייט גענומען פאַר אַ ווייב די רוסישע פּרינצעסין העלענאַ, די טאָכטער פון דעם מאָסקווער גרויספירשט איוואַן דעם דריטן...

לויט אַ לעגענדע, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן יידן, האָט עס גע־דאַרפט הייסן, אַז אַלעקסאַנדער יאַגעלאָס כעס אויף יידן האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער האָט זיך איינגערעדט, אַז אַ יידישע פרוי האָט „אָפּגעטאָן כישוף" זיין ווייב העלענאַ און זי געמאַכט פאַר אַן עקרה, אַז זי זאָל קיינמאָל קיין קינדער ניט קענען האָבן. אָבער לויט דער מיינונג פון דעם רוסישן היס־טאָריקער סערגעי בערשאַדסקי האָט די דאָזיקע לעגענדע ניט קיין גרונט, ווייל חתונה געהאַט מיט דער מאָסקווער פּרינצעסין העלענאַ האָט אַלעקסאַנדער יאַגעלאָן אין מאָנאַט פעברואַר, פון יאָר 1495, און די גזירה אַרויסצוטרייבן די יידן פון זיין קעניגרייך האָט ער אַרויסגעגעבן אַ צוויי־דריי חדשים נאָך דער חתונה און ער האָט דאַן נאָך ניט געקענט וויסן צי זיין ווייב וועט טאַקע בלייבן אַן אייביקע עקרה, צי ניין, און צי מ'האָט איר אין דעם „אָפּגעטאָן אַ כישוף", צי ניין...

עס איז אָבער דאָך קלאָר, אַז די מאָסקווער פּרינצעסין העלענאַ האָט געהאַט אַ חלק אין דער גזירה אַרויסצוטרייבן די יידן פון דער ליטע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז גראָד אין יענער צייט האָט זיך אין מאָסקווע אַ סך גע־טומלט מיט דער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די פּראַוואָסלאַווונע גלחים אין נאָווגאָראָד זיך צו באַקערן צום יידנטום. דאָס איז דאָך אויסגעפאַלן

פונקט דאַן ווען דער אַרכי־עפּיסקאָפּ גענאַדי האָט אָנגעפירט אַזאַ ביטערן קאַמף קעגן יענע גייסטלעכע פון דער פּראַוואָסלאַוונער רוסישער קירכע, ווייל ער האָט געזען אָן „אַפּיקורסישן אָפּנייג", וואָס שטעלט אין אַ סכנה דעם קריסטנטום; מיט זיינע וואָרנונגען האָט ער דעמאָלט אויף מאָסקווע אָנגעוואָרפן אַזאַ מורא, אַז מ'האָט זיך פון די יידן דאָרט געהיט ווי פאַר פייער און עס איז געבליבן, אַז מען זאָל זיי קיינמאָל ניט אַריינלאָזן אין די גרענעצן פון דער מלוכה.

עס קען דעריבער זיין, אַז דער רוסישער שווער האָט דורך זיין טאָכטער געפּועלט ביים ליטווישן אײדעם, אַז ער זאָל אויך גיין אין די זעלביקע דרכים און אַרויסטרייבן די יידן פון זיין מלוכה און דערמיט ראַטעווען דעם קריסטנטום.

דערביי זיינען אויך געווען פּאָליטישע מאָטיוון. דער הערשער פון ליטע האָט געוואָלט, אַז דער הערשער פון מאָסקווע זאָל פועלן ביים כאַן פון קרים, אַז ער זאָל מיט אים ניט מלחמה האַלטן. כדי אויסצונעמען ביי אים, האָט ער געוויזן, אַז וואָס שייך באַציאונגען צו יידן, גייט ער אין זיינע וועגן, און דערפאַר דאַרף ער אים ניט אָפּזאָגן ווען ער בעט ביי אים אַ טובה. און צו דעם זיינען נאָך צוגעקומען די וויכטיקסטע אורזאַכן — די עקאָנאָמישע: דער הערשער פון ליטע איז געווען פאַרבאָדן אין חובות ביז איבערן קאָפּ; ער איז שולדיק געווען זייער אַ סך געלט די רייכע יידן, ביי וועמען ער האָט גאַנץ אָפט געמאַכט גרויסע הלוואות, און ווי עס פירט זיך שוין פון תמיד אָן, האָט דער קריסטלעך־פרומער הערשער זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז איידער אָפּגעבן די חובות, וואָס ער איז שולדיק די רייכע יידן, וועט ער בעסער אַלע יידן אַרויסטרייבן פון זיין קעניגרייך און וועט צונעמען ביי זיי אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן...

אויך דער גירוש שפּאַניע פון 1492 האָט דערביי געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. אַלעקסאַנדער יאַגעלאָן האָט זיך פאַרקוקט אויפן שפּאַנישן קעניג פערדינאַנד. פונקט ווי פערדינאַנד, האָט ער אויך געוואָלט ווערן דער ריטער און רעטער פון קריסטנטום, און דערביי טאַקע פאַר איינוועגס געווינען דערפון וואָס ער וועט צונעמען פאַר זיך דעם פאַרמעגן פון אַלע אַרויסגעטריבענע יידן.

אַזוי האָט מען פאַראייניקט די „קעניגרייך פון הימל" מיט דער „קעניגרייך פון דער ערד". און מען קען זאָגן, אַז אין אַ געוויסן זין האָט דאָס געקרוינטע פּאָרל אין דער ליטע, אַלעקסאַנדער יאַגעלאָן און העלענאַ, געשפּילט די זעלבע ראָלע וואָס דאָס געקרוינטע פּאָרל אין שפּאַניע, פערדינאַנד און איזאַבעלאַ. קיין אינקוויזיציע אָבער האָבן זיי פאַרן גירוש דאָך ניט איינגעפירט.

אין יענער צייט איז די יידישע קהילה אין בריסק־ליטאָווסק אינגאַנצן חרוב געוואָרן. ווען מען האָט די יידן פון דער שטאָט אַרויסגעטריבן, האָט מען ביי זיי צוגענומען אַלע הייזער, וואָס זיי האָבן געהאַט, און פון דער שול, וואו יידן האָבן געדאַוונט, האָט מען געמאַכט אַ קאַטוילישן קלויסטער.

אַכט יאָר צייט זיינען דעמאָלט קיין יידן אין ברעסט־ליטאָווסק אינגאַנצן ניט געווען. און אין יאָר 1503, ווען אַלעקסאַנדער יאַגעלאָן איז שוין געווען ניט נאָר דער גרויספירשט פון ליטע, נאָר אויך דער קעניג פון פוילן, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז אָן די יידן אין לאַנד איז אים דאָך שווער אויסצוקומען. און דאַן האָט ער די גזירה צוריקגערופן, און ווען די יידן האָבן זיך אומגע־קערט צוריק קיין ברעסט־ליטאָווסק, האָט מען זיי אָפּגעגעבן די הייזער, וואָס מען האָט ביי זיי פריער צוגענומען. אויך די שול האָט מען זיי אָפּגעגעבן צוריק. זיי האָבן אָבער פאַר אַלץ געמוזט באַצאָלן דעם זעלבן פרייז, וואָס די מלוכה האָט גענומען ביי יענע, וועמען זי האָט דאָס פאַרקויפט נאָכדעם ווי מען האָט די יידן אַרויסגעטריבן.

דער פוילישער קעניג האָט אויף אַזאַ אופן ניט דערלעגט — ניט נאָר צו דער גזירה, נאָר אויך צו דעם צוריקרופן פון דער גזירה. ער האָט געמאַכט געלט פון דעם וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן זיין רשעות, און ער האָט אויך ניט דערלעגט ווען ער האָט אַרויסגעוויזן זיין חסד...

***

אַ גאַנץ אָנגעזעען אָרט אין דער געשיכטע פון די יידן אין ברעסט־ליטאָווסק האָט פאַרנומען איינער אַ מיכל יאָזעפּאָוויטש, וועלכער האָט דאָרט גע־לעבט נאָך אין 16טן יאָרהונדערט. ער איז געווען זייער אַ רייכער סוחר, געפירט גרויסע געשעפטן, און פון דעם וואָס עס ווערט וועגן אים דערציילט אין דער געשיכטע, שיינט עס, אַז צו זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן צו מסחור, איז ער אויך געווען אַ למדן און ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יידישע כלל־זאַכן. און ער האָט געהאַט דעם גרעסטן חלק אין דעם וואָס ברעסט־ליטאָווסק איז געוואָרן אַ וויכטיקער יידישער צענטער.

מיכל יוזעפּאָוויטש האָט זיך מיט זיינע פעאיקייטן און חכמה דערשלאָגן דערצו, אַז ער זאָל ווערן אַ קרוב למלכות אין הויף פון דעם פוילישן קעניג סיגיזמונד. דער קעניג האָט זייער הויך געשעצט זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. ער האָט אויך שטאַרק געהאַלטן פון זיין קלוגשאַפט און וועלטלעכקייט און אין יאָר 1514 האָט ער אים געמאַכט פאַרן „עלטסטן" איבער אַלע יידן אין דער ליטע; ער איז לויט זיין ראַנג געווען זייער הויך דערהויבן און ווייל זיין איינפלוס אין קעניגלעכן הויף איז געווען גרויס, איז אים ניט שווער געווען צו פועלן ביים קעניג, ער זאָל אַמאָל טאָן טובות און פאַרבעסערן די לאַגע פון די יידן. ער איז אין פוילן געווען דער איינציקער ייד, וועמען דער קעניג האָט געגעבן דעם ראַנג פון אַ נאָבלמאַן. און דאָס איז געווען אין יאָר 1525.

אויך מיכלס זון, אברהם, האָט שפּעטער געקראָגן דעם ראַנג פון אַ נאָבל־מאַן און געהאַט די אַלע פּריווילעגיעס פון די גרויסע פּוילישע פּריצים. אָבער ער איז דאָן שוין ניט געווען קיין ייד, נאָר אַ געשמדטער.

איינגעהילט אין לעגענדעס איז דאָס געשטאַלט פון דעם בריסק־ליטאָווס־קער יידן שאול וואהל, וועלכער איז דאָרט געשטאָרבן ביים אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט, און וועגן וועמען עס ווערט דערציילט אַז ער איז אין פּוילן געווען אַ „קעניג אויף איין נאַכט".

געבאָרן געוואָרן איז שאול וואהל ניט אין ברעסט־ליטאָווסק, נאָר אין דער שטאָט פּאַדואַ, אין איטאַליע. ער האָט דאָרט געקראָגן זייער אַ גוטע יידישע דערציאונג און אויך אַ גוטע וועלטלעכע בילדונג. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, האָט זיין פּאָטער, אַ רב, אים אַוועקגעשיקט קיין ברעסט־ליטאָווסק לערנען אין דער ישיבה, ווייל אין יענער צייט איז די בריסקער ישיבה געווען באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט,און ניט נאָר פון ליטע און פּוילן, נאָר אויך פון דייטשלאַנד און איטאַליע האָבן יידן געשיקט אַהין זייערע קינדער לערנען תורה.

דער יונגער שאול האָט אין ברעסט־ליטאָווסק חתונה געהאַט און נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט די ישיבה, איז ער געוואָרן אַ גמרא־מלמד און מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן קענער. אָבער ער האָט קיין גמרא־מלמד ניט געוואָלט בלייבן, און ער האָט זיך גענומען צו מסחר, און אַזוי ווי ער איז געווען זייער אַ פעאיקער און דערצו האָט ער נאָך געהאַט וועלטלעכע בילדונג אויך און ער האָט געקענט שפּראַכן, האָט ער אָנגעהויבן שטייגן אַלץ העכער און העכער; ער איז געוואָרן זייער רייך, געוואָרן אַ קרוב למלכות, און אין יאָר 1578 האָט אים דער פּוילישער קעניג סטעפאַן באַטאָרי איבערגעגעבן דעם גאַנצן פּאַדריאַד אַרויסצוגראָבן זאַלץ, און ער איז אין לאַנד געווען דער איינציקער אין דעם. בלויז ביי אים האָט מען געקענט קויפן די גאַנצע זאַלץ, וואָס די באַפעלקערונג פון לאַנד האָט פאַרברויכט, און דאָס האָט אים אַריינגעטראָגן גרויס עשירות.

ער האָט אויך געפירט נאָך אַנדערע גרויסע געשעפטן, און ער איז אין שטאַנד דערהויבן געוואָרן אַזוי הויך, אַז קיינער אין לאַנד האָט ניט געהאַט קיין רעכט אים צו שטערן אין עפּעס, און ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך בלויז צום קעניג פון דער מלוכה, און ניט צו קיין אַנדערן.

אין זיין הויכן שטאַנד, וואָס האָט אים אַרויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע יידן אין דער מלוכה, האָט ר' שאול וואָהל זיך דאָך ניט דערווייטערט פון דעם כלל, ווי עס איז געווייגלעך דער שטייגער פון די, וואָס ווערן זייער רייך און גאָר הויך דערהויבן. באַנוצנדיק זיך מיט דעם וואָס ער האָט אַן איינפלוס אין קע־ניגלעכן הויף, האָט ער געפּועלט, אַז דער בית־דין אין ברעסט־ליטאָווסק זאָל זיין

דער איינציקער וואָס האָט די רעכט צו משפטן און אַרויסגעבן אַ פּסק ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ סכסוך, וואָס יידן פון דער שטאָט האָבן צווישן זיך. ער האָט אויך געפּועלט, אַז מען זאָל לאָזן אויסבויען אינסטיטוציעס, וואָס זיינען נויטיק פאַר דעם וואוילזיין פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. און ביי אייניקע געלעגנהייטן האָט ער אויך געזען, אַז מען זאָל מאַכן קלענער די שטייערן, וואָס האָבן זיך אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון דער שטאָט געלעגט זייער שווער.

דאָס זיינען די פאַקטן, וואָס מען ווייסט וועגן דעם ר׳ שאול וואהל, וועל־כער איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון די יידן אין ברעסט־ליטאָווסק. און איצט קומט דאָס לעגענדאַרישע וועגן אים.

און דערציילן דערציילט וועגן אים די לעגענדע אַזאַ געשיכטע:

ווען דער קעניג סטעפאַן באַטאָרי איז אין 1586 געשטאָרבן, האָבן די פּוילישע פּריצים זיך ניט געקענט אייניקן וועגן דעם, וועמען זיי זאָלן אויס־קלייבן פאַר אַ קעניג. און ווען עס איז געקומען דער לעצטער טאָג און מען האָט נאָך אַלץ קיין נייעם קעניג ניט אויסגעקליבן, האָבן די פּריצים אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז כדי ניט צו ברעכן דאָס געזעץ, זאָלן זיי דערווייל אויסקלייבן אַ קעניג בלויז אויף איבער נאַכט. דאָס ווערט הייסן, אַז אין דעם באַשטימטן טאָג האָט מען טאַקע אויסגעקליבן אַ קעניג, אָבער מאָרגן ווערט ער אַרונטער פון טראָן, ווייל מער ווי אויף איין נאַכט האָט מען אים דאָך ניט אויסגעקליבן, און דאַן ווערט מען ווידער אָפּהאַלטן באַראַטונגען וועגן דעם און מען ווערט אַזוי לאַנג קלייבן ביז מען ווערט זיך, סוף־כל־סוף, דאָך אייניקן און מען ווערט אויסקלייבן פאַר אַ קעניג אַזאַ מענטשן, קעגן וועמען קיין איינער פון די פּריצים ווערט ניט האָבן וואָס אויסצוזעצן.

און דאַן איז געבליבן, אַז דער קעניג אויף איבער נאַכט זאָל זיין ניט קיין אַנדערער ווי דער ייד ר׳ שאול וואהל, וועמען אַלע פּריצים האָבן זייער הויך געשעצט און געאַכט. און ווען ר׳ שאול וואהל איז געוואָרן דער קעניג פון פּוילן אויף איבער נאַכט, האָט ער אויסגענוצט די גוטע און מזלדיקע שעה און ער האָט געהייסן אַריינשרייבן אין די ביכער אַזעלכע זאַכן, וואָס זאָלן זיין אַ גרויסע טובה פאַר די יידן אין דער מלוכה, און צווישן די זאַכן, וואָס ער האָט געהייסן אַריינשרייבן אין די ביכער אין דער איינציקער נאַכט ווען ער איז געזעסן אויפן פּוילישן טראָן, איז אויך געווען אַ באַפעל, אַז ווער עס ווערט דער־הרגענען אַ יידן אין די גרענעצן פון דער פּוילישער מלוכה, זאָל ער דערפאַר באַשטראָפט ווערן אַזוי שטרענג ווי ער וואָלט דערהרגעט אַ פּוילישן פּריץ...

דאָס איז איין נוסח פון דער לעגענדע וועגן דעם ברעסט־ליטאָווסקער באַרימטן יידן ר׳ שאול וואהל, וועלכער איז אין זעכצנטן יאָרהונדערט געווען אַ גרויסער חשוב אין קעניגלעכן הויף אין פּוילן.

אַ צווייטער נוסח פון דער לעגנדע פֿאַרבינדט די געשיכטע וועגן ר׳ שאול וואהל מיט דער געשיכטע פון דעם פּוילישן פּירשט ניקאָלאַי ראַדזיוויל, און עס ווערט דערציילט, אַז ער, דער פּרינץ ראַדזיוויל, האָט אין די יונגע יאָרן געפירט זייער אַ צעלאָזן לעבן און ער איז געווען אַ גרויסער רשע און האָט אָנגעטאָן די יידן אַ סך שלעכטס. און ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט אים שטאַרק באַנג געטאָן פֿאַרוואָס ער איז אין די יונגע יאָרן געווען צעלאָזן; ער האָט געוואָלט אויסקויפן זיינע זינד פון אַמאָל און ער איז דעריבער אַוועקגעפאָרן צום פּויפּסט קיין רוים, ער זאָל אים געבן אַן עצה וואָס צו טאָן.

האָט דער פּויפּסט פון רוים אים אויסגעהערט און ער האָט אים געהייסן, אַז ער זאָל אָפּריכטן גלות; דריי יאָר נאָכאַנאַנד זאָל ער אַרומוואַנדערן איבער דער וועלט ווי אַן אָרעמער בעטלער און ער זאָל לעבן בלויז אויף ברויט און וואַסער.

און דער פּירשט ניקאָלאַי ראַדזיוויל האָט געטאָן אַזוי ווי דער פּויפּסט פון רוים האָט אים געהייסן. ער האָט אַרומגעוואַנדערט איבער דער וועלט ווי אַן אָרעמער בעטלער, און אומעטום האָבן שלעכטע מענטשן אים געטאָן רשעות און ער האָט דאָס אַריבערגעטראָגן און האָט זיך פאַר קיינעם ניט געקלאָגט. און איינמאָל, ווען ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָט פּאַדואַ, וואָס געפינט זיך אין איטאַליע, האָט ער זיך גראַד אַוועקגעזעצט ביי דעם הויז, וואו ס׳האָט געוואוינט דער רב ר׳ שמואל יהודה, דער פאָטער פון ר׳ שאול וואהל, וועלכער איז שוין דאַן געווען אין בריסק-ליטאָווסק און מ׳האָט אים דאָרט גערופן אויך ר׳ שאול יודיטש, טאַקע דערפאַר וואָס זיין טאַטע האָט געהייסן יהודה. דער רב האָט זיך צערעדט מיט דעם אָרעמען בעטלער און ער האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס איז ניט קיין פּראָסטער מענטש, און ער האָט צו אים זיין גוטסקייט אַרויס־געוויזן, אים געגעבן עסן און טרינקען און אויך געלט אויף הוצאות.

ביים רב אין שטוב האָט דער פּירשט ראַדזיוויל דערזען אַ בילד פון זייער אַ שיינעם יונגנמאַן, האָט ער געפרעגט דעם רב ווער דאָס איז, און ווען דער רב האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז די בילד פון זיין זון, וועלכער געפינט זיך איצטער אין דער קעניגרייך פון פּוילן, האָט דער פּירשט אים צוגעזאָגט, אַז ווען ער וועט זיך אומקערן צוריק אַהיים, וועט ער אים דאָרט מקרב זיין צו זיך און וועט פאַר אים טאָן אַלץ וואָס ער וועט נאָר פאַרלאַנגען.

און ער האָט געהאַלטן וואָרט, דער פּירשט ראַדזיוויל. ווען ער איז געקומען צוריק קיין פּוילן, איז ער אַוועק קיין בריסק-ליטאָווסק און האָט זיך דאָרט באַ־קענט מיט ר׳ שאול וואהל, וועמען מען האָט אויך גערופן ר׳ שאול יודיטש, און פון דאַן אָן איז צווישן די צוויי געוואָרן אַ נאָענטע פריינדשאַפט און זיי האָבן ביידע איינער דעם אַנדערן געשעצט און געאַכט.

אַזוי איז זיך די צייט געגאַנגען און געגאַנגען און ר׳ שאול וואהל איז אין זיין שטאַנד געשטיגן אַלץ העכער און העכער, און אינם יאָר 1586, ווען דער פּוילישער קעניג סטעפאַן באַטאָרי איז געשטאָרבן, זיינען די פּוילישע מאַגנאַטן זיך צונויפגעפאָרן קיין וואַרשע אויסצוקלייבן אַ נייעם קעניג, און צווישן יענע מאַגנאַטן איז אויך געווען דער פירשט ניקאָלאַי ראַדזיוויל.

אין יענע צייטן איז אין פּוילן געווען איינגעפירט, אַז איידער מ׳קלייבט אויס אַ נייעם קעניג, זאָל מען דערוויילן באַשטימען איינעם פון די מאַגנאַטן און ער זאָל דערווייל פירן די מלוכה, און ווען אַ נייער קעניג וועט שוין אויסגעקליבן ווערן, זאָל ער, דער באַשטימטער מאַגנאַט, פאָרן מיט אים קיין קראָקע צו דער פייערלעכער קרוינונגס־צערעמאָניע, וואָס מ׳פירט געוויינלעך דורך אין אַזאַ פאַל, און ער זאָל אים אָנטאָן די קרוין אויפן קאָפּ.

האָבן די מאַגנאַטן באַשלאָסן צוצוטיילן דעם דאָזיקן גרויסן כבוד דעם אַלטן פירשט ראַדזיוויל, אָבער ער האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט, און דערביי האָט ער אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז מ׳זאָל דעם דאָזיקן גרויסן כבוד צוטיילן ניט קיין אַנדערן ווי דעם ברעסט־ליטאָווסקער יידן ר׳ שאול וואהל.

זיינען די פּוילישע מאַגנאַטן געווען צופרידן דערפון, ווייל זיי האָבן אַלע געהאַט גרויס אָפּשיי פאַר דעם יידן ר׳ שאול וואהל, וואָס איז געווען אַ קרוב למלכות און האָט געבראַכט גרויסע נוצן דער פּוילישער מלוכה. און ווי ס׳איז געווען אָנגענומען אין יענער צייט, האָבן זיי דאָס באַגריסט מיטן אויסרוף: „לעבן זאָל דער פּרעזידענט שאול וואהל!״

זיי האָבן אים גערופן „פּרעזידענט״, ווייל אַזוי האָט מען דאַן אין פּוילן גערופן דעם מענטשן, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו פירן די מלוכה ביז מ׳וועט אויסקלייבן אַ נייעם קעניג.

לויטן דאָזיקן נוסח פון דער לעגענדע איז ר׳ שאול וואהל ניט געווען קיין קעניג, אַפילו ניט אויף בלויז איבער נאַכט, נאָר בלויז אַ „פּרעזידענט״, אַ צייטווייליקער פּרעזידענט. און ווי ס׳האָבן מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איבער־געגעבן אייניקע פון די, וואָס שטאַמען פון דער משפחה, האָט ער אין דער קורצער צייט פון זיין צייטווייליקער „פּרעזידענטשאַפט״ אויפגעטאָן אייניקע זאַכן, וואָס האָבן אַ סך פאַרבעסערט די לאַגע פון די יידן אין דער קעניגרייך פון פּוילן, און ער איז געווען דער וואָס האָט אין קראָקע, ביי דער פייערלעכער קרוינונגס־צערעמאָניע, אָנגעטאָן די קרוין דעם ניי־אויסגעקליבענעם פּוילישן קעניג, סי־גיזמונד דעם דריטן.

עס איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו וויסן וויפל אמת ס׳איז פאַראַן אין דער לעגענדע און וויפל ס׳איז דאָ צוגעטראַכט. דער ענין שאול וואהל האָט אַ סך אינטערעסירט די פאָרשער פון יידישער געשיכטע אין פּוילן. מ׳האָט וועגן

דעם אַ סך געשריבן. און אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג וועגן דעם האָט געמאַכט דער יידישער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן *).

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין — צי ס'איז אין די מעשיות וועגן ר' שאול וואהל פאַראַן מער דיכטונג ווי אמת, אָדער פאַרקערט — אַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן בכלל און אין דער געשיכטע פון די יידן אין ברעסט־ליטאָווסק בפרט, האָט ר' שאול וואהל זיכער געשפּילט.

אויך זיין זון, דער בריסקער רב, ר' מאיר וואהל, איז געווען זייער אַן אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט. און די זעלבע משפּחה האָט זיך שפּעטער אַזוי צעצווייגט און צעוואַקסן, אַז ס'זיינען פון איר אַרויסגעקומען נאָך אָנגעזעענע יידישע משפּחות. ס'יחוסן זיך מיט איר די יודיטשעס, די קאַצענעלענבויגענס, די פּאַדוואַס און אויך די מינצעס. פון די וואהלס איז שוין אָפּגערעדט. זיי אַלע ציען זייער יחוס פון דעם ברעסט־ליטאָווסקער יידן ר' שאול וואהל וועגן וועמען די לעגענדע ביים פאָלק האָט דערציילט, אַז ווען מ'האָט אים געמאַכט פאַרן קעניג פון פּוילן איבער נאַכט, „איז אַזוי אַוועק די נאַכט, די פּריצים האָבן געגעסן און געטרונקען און ר' שאול האָט געשריבן און געחתמעט. און אין צווייטן טאָג אין דער פרי זיינען די פּריצים דורכגעקומען און געוויילט דעם ריכטיקן מלך און ר' שאול איז אָפּגעטראָטן און צוריק געוואָרן אַ שר בישראל" **).

עס איז ניט פעסטגעשטעלט ווען ר' שאול וואהל איז אין ברעסט־ליטאָווסק געשטאָרבן. לויטן חשבון פון אייניקע היסטאָריקער, איז ער דאָרט געשטאָרבן אינם יאָר 1617. אָבער לויט סערגעי בערשאַדסקי איז ער געשטאָרבן שפּעטער, ביים אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן פונם 17טן יאָרהונדערט. און אויב מ'זאָל אָננעמען, אַז בערשאַדסקיס השערה איז די ריכטיקע, דאַן קומט אויס, אַז ווען ר' שאול וואהל איז געשטאָרבן, איז ער שוין געווען אַ זקן פון עטלעכע און אַכציק יאָר, ווייל געבאָרן געוואָרן איז ער אינם יאָר 1541.

אונטערן איינפלוס פון ר' שאול וואהל און פון אַנדערע יידישע פירער, וואָס האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן זייער ווירדיק אין זייערע באַציאונגען מיט קריסטן, האָבן די יידן אין ברעסט־ליטאָווסק זיך אויסגעלערנט צו זיין שטאָלץ ביי זיך און ניט פאַרשווייגן קיין קריוודעס קעגן זיך, און דאָס קען מען זען פון דעם וואָס נאָך אין דער ערשטער העלפט פונם 17טן יאָרהונדערט זיינען דאָרט אָפט פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן יידישע יונגעלייט און יונגע קריסטן פון דער יעזואיטישער סעקטע. ווען נאָר די יונגע יעזואיטן זיינען אָנגעפאַלן אויף יידן, האָט מען זיי דאָס ניט פאַרשוויגן און מ'האָט זיך געשטעלט אַקעגן

*) זע זיין בוך „יידן אין פּוילן", פאַרלאַג ב. קלעצקין, ווילנע, 1930.

**) דאָרט, ז' 22.

מיט גבורה און זיי פאַרטריבן פון די ידישע גאַסן. מ׳האָט זיי געוויזן, אַז ניט נאָר האָבן יידן קיין מורא ניט פאַר קיין קלעפּ, נאָר זיי קענען אויך געבן גוטע קלעפּ, און דאָס איז געווען דער בעסטער מיטל קעגן די אַנטיסעמיטן פון דער פאַנאַטיש־יעזואיטישער סעקטע. דער בעסטער מיטל קעגן אַנטיסעמיטן בכלל...

***

אין די יאָרן פון ת״ח ות״ט (1648 און 1649) ווען ס׳זיינען פאָרגעקומען די שרעקלעכע כמעלניצקי־שחיטות, איז אויף דער שטאָט ברעסט־ליטאָווסק אויך אויסגעגאָסן געוואָרן דער צאָרן; די קאָזאַקן פון דעם אוקראַינישן העטמאַן האָבן דאָרט אויסגעשאָכטן צווי טויזנט מענטשן, און די איבעריקע זיינען אַנט־לאָפן וואוהין זיי האָבן נאָר געקענט. אייניקע זיינען דעמאָלט אַוועק קיין דאַנציג און אַנדערע זיינען אַנטלאָפן טיפער קיין פוילן צו ראַטעווען דאָס לעבן.

ווען נאָר ס׳האָט זיך ערגעץ אָנגעהויבן אַן אומגליק, האָט עס די יידן פון ברעסט־ליטאָווסק ניט אויסגעלאָזן. צו דעם זיינען דאָרט אינם יידישן קוואַרטאַל נאָך פאָרגעקומען גרויסע שרפות אויך. די בריסקער שרפות האָבן געהאַט אַ נאָמען איבערן גאַנצן לאַנד. אָבער ניט קוקנדיק אויף די אַלע צרות און אומגליקן און ניט קוקנדיק אויף די רדיפות, וואָס מ׳איז דאָרט אויסגעשטאַנען שוין נאָכדעם ווי די שטאָט איז געוואָרן אַ רוסישע, איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ברעסט־ליטאָווסק דאָך געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער און גרעסער, און אין 1897 האָבן שוין דאָרט געוואוינט אַן ערך פון איין און דרייסיק טויזנט יידן, און זיי האָבן צונויפגעשטעלט מער ווי פינף און זעכציק פראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

אונטער דער הערשאַפט פון די רוסישע צאַרן איז ברעסט־ליטאָווסק גע־וואָרן אַ וויכטיקער מיליטערישער צענטער. אויפן באַפעל פון ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט מען דאָרט אין יאָר 1832 אויסגעבויט אַ פעסטונג, און דעמאָלט האָט מען איינגאַנצן צעוואָרפן אייניקע פון די אַלטע היסטאָרישע געביידעס אינם יידישן קוואַרטאַל, און צווישן יענע אַלטע היסטאָרישע געביידעס, וואָס מ׳האָט צעוואָרפן אויפן באַפעל פונם רוסישן צאַר, איז אויך געווען ר׳ שאול וואהלס שול. און ס׳ווערט דערציילט, אַז איידער מ׳האָט יענע אַלטע שול צע־וואָרפן, האָט דער רב ר׳ יעקב מאיר פּאַדואי, וועלכער האָט געשטאַמט פון ר׳ שאול וואהלס משפחה, אַראָפּגענומען אַ פּלאַן פון איר און אים אַוועקגעשיקט קיין לאָנדאָן צו דעניס סעמיועלס, וועלכער האָט אויך געצויגן זיין יחוס פון ר׳ שאול וואָהלס משפחה.

די פעסטונג פון ברעסט־ליטאָווסק האָט מען אין די צייטן פון די רוסישע צאַרן זייער שטאַרק געהיט. און ווער ס׳איז דאָרט נאָר געווען קאָמענדאַנט,

האָט שוין געוואוסט, אַז ער דאַרף פון פּעטערבורג אַלע מאָל באַקומען געהיימע באַפעלן און וואָרנונגען, אַז ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף אַלץ און אויף אַלעמען, און דער עיקר — אַכטונג געבן, אַז קיין יידן זאָלן זיך בשום אופן ניט געפינען נאָענט צו דער פעסטונג.

אויך אויף פּאַליאַקן, לעטן און אַנדערע „פרעמדע", וואָס זיינען דעמאָלט, אין דער אַלטער רוסלאַנד, אַריינגעגאַנגען אין דער קאַטעגאָריע פון „אינערלעכע שונאים", האָט דער קאָמענדאַנט געדאַרפט אַכטונג געבן און זיך היטן פאַר זיי. אָבער מער ווי פאַר אַלע אַנדערע האָט ער זיך געדאַרפט היטן פאַר יידן און זיי ניט צולאָזן נאָענט צו דער פעסטונג. מיט דעם האָט מען אויף זיי געדאַרפט לעגן דעם שטעמפּל, אַז מ'האָט צו זיי קיין צוטרוי ניט און מ'קוקט אויף זיי ווי אויף פרעמדע.

און אין יאָר 1910 איז דער קאָמענדאַנט פון דער ברעסט־ליטאָווסקער פעסטונג געווען אַ געוויסער גענעראַל גרוליעוו. פּונקט ווי די אַנדערע קאָמענדאַנטן האָט דער גענעראַל גרוליעוו אויך געהאַלטן אין איין קריגן „קאָנפידענציעלע" באַפעלן און וואָרנונגען פון פּעטערבורג, אַז ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף די „פרעמדע" און זאָל זיך דער עיקר היטן פאַר די יידן און זיי ניט צולאָזן נאָענט צו דער מיליטערישער פעסטונג. און אין די מעמואַרן, וואָס דער גענעראַל האָט מיט יאָרן שפּעטער אָנגעשריבן האָט ער געמאַכט חוזק פון די אַלע געהיימע באַפעלן און וואָרנונגען, וואָס מ'האָט אים פון פּעטערבורג צוגעשיקט. ער שרייבט דאָרט, אַז ווען ער האָט נאָר געלייענט אַזאַ באַפעל, האָט ער געטראַכט, אַז דעם ערשטן, וועמען ער וואָלט, אַלס דער קאָמענדאַנט פון דער ברעסט־ליטאָווסקער פעסטונג, געדאַרפט אַרויסשיקן וואָס ווייטער, איז ניט קיין אַנדערער ווי ער אַליין...

דאָס וואָלט געווען לאַגיש און ס'וואָלט געשטימט מיטן באַפעל, ווייל ער, דער קאָמענדאַנט אַליין, דער גענעראַל גרוליעוו, איז גאָר אויך געווען אַ ייד...

אַ געשמדטער ייד...

ער האָט זיך געשמדט נאָך אין די יונגע יאָרן, ווען ער איז ווי אַ פרייוויליקער אַריין אין דער אַרמיי. און אַדאַנק זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן איז ער אין דער אַרמיי געשטיגן אַלץ העכער און העכער ביז ער האָט זיך דערדינט צום ראַנג פון אַ גענעראַל, און ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל ווערן דעם צאַרס קריגס־מיניסטער...*).

עס האָט דעם גענעראַל גרוליעוו אָבער דאָך געצויגן צוריק צו ידישקייט, און נאָכדעם ווי ער איז צוויי יאָר געווען דער קאָמענדאַנט פון דער ברעסט־

*) זע זיין בוך: Записки Генерала-Еврея. Париж, 1930

ליטאָווסקער פעסטונג, איז ער אַוועק קיין אויסלאַנד, זיך באַזעצט אין פראַנקרייך און דאָרט איז ער צוריק געוואָרן אַ ייד. און ווען ער האָט אין 1930 אָפּגעדרוקט זיינע מעמוארן האָט ער דעם בוך געווידמעט דעם אָנדענק פון זיינע יידישע עלטערן און דעם „פיל ליידנדן יידישן פאָלק”, און דאָס געלט, וואָס דער בוך האָט אים אַריינגעבראַכט, האָט ער אַוועקגעגעבן פאַר יידישער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל.

יענער בוך פונם גענעראַל גרוליעוו האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט. מ'האָט וועגן אים געשריבן אין דער רוסישער פרעסע און אויך אין דער יידישער. איך האָב דאַן אויך וועגן יענעם בוך געשריבן, און דער גענעראַל האָט מיר פון פראַנקרייך צוגעשיקט אַ בריוו מיט אַ גרויסן דאַנק דערפאַר וואָס איך האָב די יידישע לעזער באַקענט מיט זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק. ער האָט אין יענעם בריוו צו מיר געשריבן, אַז ס'וואָלט אים שטאַרק הנאה געטאָן ווען מ'וואָלט זיינע זכרונות איבערזעצט פון רוסיש אויף יידיש.

אַזוי איז געווען דער וואונטש פון דעם קאָמענדאַנט פון דער ברעסט־ליטאָווסקער פעסטונג. ער האָט געוואָלט, אַז יידן זאָלן זיין באַקענט מיט זיין לעבנסגעשיכטע, און זיי זאָלן וויסן, אַז ער, דער רוסישער גענעראַל גרוליעוו, איז צוריק געוואָרן אַ ייד און אַז ער געדענקט נאָך אַלץ אַ ביסל פון דעם וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר...

אויך אין די צייטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די פעסטונגס־שטאָט ברעסט־ליטאָווסק געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון אַ יידישן גענעראַל. דאָס איז געווען דער יונגער סאָוועטישער גענעראַל טשערניאַכאָווסקי; ער האָט פון דאָרט געטריבן די נאַצישע אַרמייען אין דעם מאַרש, וואָס האָט אַרויפגעוואָרפן אַ מורא אויף היטלערס גאַנצן גענעראַל־שטאַב. און מ'האָט געזען אַ סימבאָלישן צייכן אין דעם, וואָס איינער פון די סאָוועטישע קאָמאַנדירן, וואָס שפּאַרן זיך מיט זייערע אַרמייען אַלץ נעענטער און נעענטער צו די גרענעצן פון נאַצי־דייטשלאַנד, איז אַ ייד. עס איז אָבער דעם העלדישן גענעראַל טשערניאַכאָווסקי גראָד ניט באַשערט געווען אַריינצומאַרשירן מיט זיין אַרמיי קיין דייטשלאַנד: אַ קורצע צייט איידער די נאַציס זיינען געצוואונגען געווען זיך אונטערצוגעבן, איז ער געפאַלן אין שלאַכט *).

---

*) די ידיעה, אַז גענעראַל טשערניאַכאָווסקי איז אַ ייד, איז אין יענער צייט געקומען דירעקט פון מאָסקווע, אין אַ דעפּעשע צו דער ניו־יאָרקער ענגלישער צייטונג „העראָלד־טריביון”. שפּעטער, נאָכדעם ווי די צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט האָבן אַ לענגערע צייט וועגן דעם אַ סך געשריבן, האָט מען פון מאָסקווע געלייקנט די פריערדיקע מעלדונג, אַז גענעראַל טשערניאַכאָווסקי איז אַ ייד. עס זיינען אָבער פאַראַן באַגלויבטע עדות דערויף, אַז ער איז יאָ געווען אַ ייד. אָפּגעלייקנט האָט מען דאָס צוליב פאַרשיידענע טעמים, וועגן וועלכע ס'איז דאָ ניט דאָס פּלאַץ צו ריידן.

## ב.

אין די צייטן ווען די שיינע מידה פון דרך־ארץ פאַר אַ תלמיד־חכם איז געווען צווישן די מעלות, מיט וועלכע אַפּילו דער פּשוטסטער ייד האָט זיך איבערגענומען, האָבן אין בּרעסט־ליטאָווסק געלעבּט גרויסע יידן, וועלכע האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויפן יידישן לעבן און מ׳האָט זיך צו זייער וואָרט צוגעהערט אומעטום.

און צווישן די גרויסע יידן, מיט וועלכע מען האָט זיך אין בּרעסט־ליטאָווסק אַמאָל זייער שטאַרק איבערגענומען, האָבן גאָר אַן אָנגעזעענעם אָרט פאַרנומען די צוויי באַרימטע רבנים, ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק און זיין זון, ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק. ביידע האָבן געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם לעבן פון די יידן אין דער שטאָט וואָס מ׳האָט גערופן בּריסק־דליטא. ביידע זיינען ביי די יידישע איינוואוינער פון דער שטאָט געווען זייער שטאַרק באַליבּט און זייער איינפלוס איז געווען זייער גרויס.

עס איז ניט געווען קיין וואונדער, וואָס ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק איז געווען אַזוי באַליבּט ביי די יידן פון דער שטאָט, וואו ער איז געווען רב. עס איז ניט געווען קיין חידוש, וואָס זיין איינפלוס איז געווען אַזוי גרויס און וואָס מען האָט פאַר אים אַזוי פיל דרך־ארץ געהאַט. ער האָט דאָס פאַרדינט ניט נאָר דערמיט וואָס ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, איינער פון די גרעסטע לומדים פון זיין צייט, נאָר אויך דערמיט וואָס אין זיין גרויסער לומדות און חריפות, מיט וואָס ער האָט זיך געמאַכט אַ שם ביי יידן אומעטום, איז ער ניט אַוועק ווייט פון פאָלק, פון דעם פּשוטן אָרעמען פאָלק, און ער האָט אויף דער רבנות ביי יידן געקוקט ניט בלויז ווי אויף אַ מין מלאכת־הקודש, וואו מען דאַרף זיך באַנוגענען מיט פּסקנען שאלות וועגן כשר און טריפה, נאָר אויך ווי אויף אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער שליחות, וואָס לעגט אַרויף דעם חוב צו פירן דאָס פאָלק אויף די גוטע וועגן פון יושר און גערעכטיקייט און זיך אָננעמען פאַר די באַליידיקטע און געקריוודעטע.

ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק האָט געהאַלטן פון דעם, וואָס רבן שמעון בן גמליאל האָט אָוועקגעשטעלט ווי אַ כלל, אַז „לא המדרש הוא העיקר, אלא המעשה״, אַז ניט דאָס פּרעדיקן איז דאָס וויכטיקסטע, נאָר די מעשים־טובים, וואָס מ׳טוט. דאָס איז דער עיקר! אַזוי האָט זיך ר׳ יוסף־בער סאָלאָווייטשיק אַליין געפירט, און ער האָט געפאָדערט, אַז אויך אַנדערע לומדים און תלמידי־חכמים ביי יידן זאָלן זיך אַזוי פירן.

ווען ער איז איינמאָל געקומען קיין מינסק און די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים פון שטאָט זיינען געקומען אים מקבל־פּנים זיין, און איינער פון זיי, אַ גרויסער

גביר, וועלכער איז אַמאָל געווען זיינער אַ תלמיד אין דער ישיבה פון וואָלאָזשין, איז אויך געווען צווישן די, וואָס זיינען געקומען אים אָפּגעבן „שלום־עליכם״, און פאַר איין וועגס טאָקע רעדן אַ ביסל דברי־תורה, האָט ר׳ יוסי־בער, אין מיטן רעדן, גאָר פּלוצלונג אים געגעבן אַ פרעג:

— איז וואָס־זשע טוסטו עפּעס?

— דאַנקען גאָט, רבי, — האָט דער גביר געענטפערט. — איך בין געזונט און שטאַרק, און פרנסה, ברוך־השם, האָב איך אויך גענוג...

נאָכדעם האָט מען ווייטער גערעדט דברי־תורה, און דאַן האָט ר׳ יוסי־בער, אין מיטן רעדן, ווידער געשטעלט די זעלבע פראַגע דעם גביר:

— איז וואָס־זשע טוסטו עפּעס?

און דער גביר האָט ווידער געגעבן דעם זעלבן ענטפער:

— איך בין געזונט און שטאַרק, און פרנסה, ברוך־השם, האָב איך אויך גענוג...

און ווען ר׳ יוסי־בער האָט מיט עטלעכע מינוטן שפּעטער ווידער געשטעלט די זעלבע פראַגע דעם גביר, האָט יענער ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז, און ער האָט געגעבן אַ זאָג:

— האָט קיין פאַראיבל ניט, רבי, שוין דאָס דריטע מאָל פרעגט איר מיך וואָס איך טו... און איך האָב אייך שוין צוויי מאָל געענטפערט, אַז איך בין, דאַנקען השם יתברך, געזונט און אַז אויף דער פרנסה האָב איך זיך אויך ניט וואָס צו באַקלאָגן... איר האָט, אַפּנים, ניט געהערט וואָס איך האָב אייך פריער געזאָגט...

— ניין, איך האָב דווקא יאָ געהערט, — האָט ר׳ יוסי־בער געשמייכלט. — אָבער דאָס וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, איז ניט געווען קיין ענטפער אויף מיין פראַגע. איך האָב דיר געפרעגט וואָס דו טוסט, האָסטו מיר געענטפערט, אַז דו ביסט געזונט און אַז דו האָסט אַ גוטע פרנסה. נו, פאַרשטייסטו דען אַליין ניט, אַז ניט דו טוסט דאָס, נאָר דער רבונו של עולם, ער האָט דיר געגעבן געזונט און פרנסה. אָבער וואָס איך וויל וויסן איז: וואָס טוסטו אַליין? לערנסטו אַמאָל? גיסטו צדקה פאַר אָרעמע לייט? העלפסטו אַמאָל אַרויס אַ מענטשן, וואָס נויטיקט זיך אין הילף? פאַרשטייסט? איך וויל וויסן צי דו טוסט דאָס, וואָס אַ ייד אין דיין שטאַנד דאַרף טאָן! איך וויל וויסן צי דו גיסט זיך אָפּ מיט מעשים טובים!...

וואו נאָר ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק איז געווען רב, האָט ער געהאַלטן אַן אויג אויף די קאַרגע גבירים, וואָס גיבן ניט קיין צדקה און ווילן ניט אַרויסהעלפן די אָרעמע לייט פון שטאָט. ער האָט זיי געזאָגט מוסר, ער האָט זיי געשטראָפט. און אין יאָר 1865, ווען ער איז געווען רב אין סלוצק, און ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איינער פון די גאָר גרויסע גבירים, אַ געוויסער פאָד־

ריאַטשיק, וואָס שטעלט צו פּראָוויאַנט פאַרן מיליטער, איז זייער אַ קאַרגער און ער העלפט קיינמאָל ניט אַרויס די אָרעמע לייט פון שטאָט, איז ער געווען זייער בייז אויף אים, און ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט, האָט ער אים געזאָגט מוסר.

אויפן קאַרגן פּאַדריאַטשיק, וועלכער איז דווקא געווען זייער אַ פרומער ייד, האָט ר׳ יוסי־בערס מוסר ניט געווירקט. אין יאָרן איז ער געווען עלטער פונם רב, וועלכער איז דאַן נאָך געווען אַ יונגערמאַן פון פינף און פערציק יאָר. עס איז ביי אים אויסגעקומען, אַז אין אַזעלכע זאַכן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן געלט, איז ער ניט מחויב זיך צוצוהערן צו איינעם, וואָס איז ייִנגער פון אים, אַפילו ווען יענער איז אַ רב מיט אַ גרויסן נאָמען. וואָרעם וואָס ווייסט דען אַ רב וועגן געלט־זאַכן? און אַלע מאָל, ווען עס איז אים אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק, האָט ער מיט אים געוואָלט רעדן דווקא וועגן תורה, דווקא וועגן פרומקייט, נאָר ניט וועגן צדקה און די אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס גייען אַריין אין דעם ענין פון מעשים־טובים.

— דאָס, — האָט ער געזאָגט, — לאָזט איבער צו מיר...

איינמאָל — דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון „כל־נדרי״ — איז דער קאַרגער גביר, דער גרויסער פּאַדריאַטשיק, נאָכן דאַוונען צוגעגאַנגען צו ר׳ יוסי־בערן אין שול און ער האָט צו אים אָנגעהויבן רעדן וועגן פרומקייט און דערביי האָט ער דערמאָנט ווי ער האָט היינט געדאַוונט מיט אַ געבראָכן האַרץ.

ער איז געווען זיכער, דער גרויסער גביר, אַז ר׳ יוסי־בער וועט אים אַוודאי זאָגן אַ גוט וואָרט דערפאַר וואָס ער דאַוונט מיט אַזאַ כוונה און וואָס ער שטייט אַזוי לאַנג שמונה־עשרה און מאַכט געוואַלדן און וויינט אויפן קול. אָבער ר׳ יוסי־בער האָט אים אָפּגעשטעלט.

— דווקא היינט, — האָט ער געזאָגט צום קאַרגן גביר, — וויל איך מיט אייך רעדן וועגן וועלט־זאַכן.

— דהיינו? — האָט דער קאַרגער גביר געפרעגט.

— וועגן סאָלדאַטן...

— וועגן סאָלדאַטן גאָר?!

— יאָ, וועגן סאָלדאַטן, — האָט ר׳ יוסי־בער געענטפערט. — איר זענט דאָך אַוודאי אַ בקי אין אַזעלכע ענינים, איר שטעלט דאָך צו עסנוואַרג פאַר די סאָלדאַטן, און איר ווייסט דאָך אַוודאי, אַז ביי זיי, ביי די סאָלדאַטן, הייסט עס, איז איינגעפירט אַזוי ווי אין פּסוק שטייט — „איש על מחנהו ואיש על דגלו״: עס זיינען דאָרט פאַראַן כיתות און מחנות, און יעדער מחנה באַשטייט פון באַזונדערע חיילות: איין מחנה באַשטייט פון פוסגייער, און אַן אַנדער מחנה באַשטייט פון רייטער; עס זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע חיילות, וואָס זיינען גאָר

שטענדיק אויפן ים, ניט אויף דער יבשה. איז זאָגט־זשע מיר, איך בעט אייך, ווי איז דער דין און ווי איז מען זיך נוהג ווען אין דער צייט פון אַ מלחמה נעמט אַ זעלנער, אַ סאָלדאַט, און לאָזט איבער זיין מחנה; ער אַנטלויפט, און אויפן וועג שלאָגט ער זיך צו צו גאָר אַן אַנדער מחנה און שלעפט זיך נאָך זיי נאָך? לאָמיר זאָגן: אַ זעלנער, וואָס דאַרף מלחמה האַלטן צווישן די חיילות, וואָס דאַרפן זיך שלאָגן מיטן שונא אויפן ים, — טשעפּעט זיך גאָר צו צו די מחנות, וואָס שלאָגן זיך אויף דער יבשה? אָדער איינער, וואָס איז אין אַ מחנה פון פוסגייער, אַנטלויפט פון דאָרט און ער מישט זיך אויס אין אַ מחנה פון רייטער?... איר זענט דאָך עפּעס אַ גרויסער בקי אין אַזעלכע זאַכן, איז זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס קומט אַזאַ זעלנער?...

דער קאַרגער גביר האָט ניט פאַרשטאַנען וואוהין דער קלוגער ר׳ יוסי־בער וויל טרעפן, און ער האָט געענטפערט:

— לויט די מיליטערישע געזעצן קומט אַזאַ זעלנער אַ שווערע שטראָף.

— פאַרוואָס? — האָט דער רב געפרעגט.

— ווייל אַזאַ זעלנער הייסט אַ דעזערטיר, אַן אַנטלאָפענער... אָבער אַקעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד? — האָט דער גביר געוואָלט וויסן.

און ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַקעגן וואָס דאָס איז געקומען צו רייד:

— עס איז אַקעגן דעם וואָס איך האָב מיט אייך שוין ניט איין מאָל גערעדט; די גמרא זאָגט, אַז „מלכותא דרקיעא כעין מלכותא דארעא״, די קעניגרייך אויפן הימל איז פונקט אַזוי ווי די קעניגרייך אויף דער ערד. מאַי־דאָך ביי אַ קעניג אויף דער ערד, ביי אַ בשר ודם, איז איינגעפירט צו צעטיילן זיינע חיילות אין מחנות און אין כיתות, איז שוין אַ כל־שכן ביים מלך מלכי המלכים, ביי גאָט אַליין. ער האָט אויך איינגעטיילט זיינע חיילות אין מחנות און אין כיתות: פאַראַן אַ מחנה, וואָס באַשטייט פון אַזעלכע, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט לערנען תורה; אַן אַנדער מחנה גיט זיך אָפּ מיט דעם וואָס זי טוט תפילה, און עס איז אויך פאַראַן אַ מחנה וואָס גיט זיך אָפּ מיט מעשים־טובים. די וואָס זיינען געבענטשט מיט חכמה, גייען אַריין אין דער מחנה פון די, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט לערנען תורה; די וואָס זיינען געבענטשט מיט הייליקייט, נעמט מען אַריין אין דער מחנה, וואָס טוט תפילה, און די וואָס זיינען געבענטשט מיט עשירות, ווערן אַריינגענומען אין דער מחנה, וואָס גיט צדקה און העלפט אַרויס אָרעמע לייט. עס איז „איש על מחנהו ואיש על דגלו״. יעדער זעלנער דאַרף וויסן אַז אין וואָס פאַר אַ מחנה ער דאַרף זיין, דאָרט דאַרף ער זיך האַלטן. היינט אַז איר, אַ ייד אַ גביר, וואָס דאַרף זיין אין דער מחנה פון די, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט צדקה און מעשים־טובים, זענט איר אַריין אין דער מחנה פון די,

וואָס גיבן זיך אָפּ מיט תפילה, זענט איר אַ דעזערטיר, אַן אַנטלאָפענער, און, ווי איר אַליין זאָגט, קומט אייך אַ שווערע שטראָף דערפאַר...

אַליין דווקא ניט קיין חסיד, נאָר אַ מתנגד, האָט דער בריסקער רב ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק דאָך ליב געהאַט זיך צו באַנוצן מיט אַ מעשה און מיט אַ משל, ווען ער האָט עפּעס געוואָלט אויסברייטן און געבן צו פאַרשטיין קלאָר, ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די חסידישע רביים. ער האָט דאָס געטאָן אַלע מאָל, ווען ער האָט נאָר געוואָלט ווירקן אויף מענטשן אַזוי, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין ווי גוט עס איז צו גיין אויפן גלייכן וועג און זיין געזעכט ניט נאָר צו זיך, נאָר אויך צו אַנדערע. און ער אַליין האָט זיך שטענדיק געפירט אַזוי, אַז מען האָט אים געדאַרפט נעמען ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע.

ווען אַן אָרעמער בעל־עגלה איז איינמאָל אַ פאָר וואָכן פאַר פסח אַריינגעקומען צו אים מיט אַ געוויין און זיך געקלאָגט דערויף, וואָס דווקא איצט, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט אַזאַ שווערן ווינטער, האָט זיך אַ פערד ביי אים אַוועקגעלייגט און איז געפגרט, האָט ער קיין סך ניט געטראַכט און געזאָגט צו אים:

— דו דאַרפסט ניט וויינען און דו דאַרפסט ניט קלאָגן. גיי אַריין צו מיר אין שטאַל, נעם מיין קו און פיר זי אַרויס אויפן מאַרק און פאַרקויף זי און קויף זיך אַ פערד.

און שפּעטער, ווען זיין ווייב, די רביצין, האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם און זי איז געווען בייז אויף אים פאַרוואָס ער האָט דעם אָרעמען בעל־עגלה אַוועקגעגעבן די קו, האָט ער צו איר געהאַט אַ טענה:

— אדרבא, — האָט ער איר געשטעלט אַ פראַגע, — זאָג דו אַליין, טרינקען מילך, און אַן אָרעמער ייד זאָל ניט האָבן אַפילו קיין שטיקל ברויט?...

ער האָט ניט נאָר מיטגעפילט יעדן אָרעמאַן און אים געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט, נאָר ער האָט אויך פאַרשטאַנען יעדן אָרעמען מענטשן, אַפילו דאַן ווען יענער האָט זיך פאַר אים ניט געקלאָגט.

ווען אַן אָרעמער ייד איז איינמאָל אין אַן ערב פסח אַריינגעקומען צו אים און געפרעגט צי עס איז ניט קיין עבירה זיך צו באַגיין מיט מילך, אַנשטאָט וויין, אויף אַרבע כוסות, האָט ער אַריינגערופן די רביצין און געזאָגט צו איר:

— גיב דעם יידן פינף און צוואַנציק קערבלעך...

דער אָרעמער ייד איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער.

— רבי, — האָט ער געזאָגט, — איך בין ניט געקומען נאָך קיין נדבה און ניט נאָך קיין הלוואה; איך בין נאָר געקומען פרעגן צי על־פּי־דין קען מען זיך באַגיין מיט מילך אויפן אָרט פון וויין, אויף אַרבע כוסות...

ר׳ יוסי־בער אָבער האָט דאָס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— נעמט די פינף און צוואַנציק קערבלעך, — האָט ער געזאָגט, — און

גייט געזונטערהייט און האָט אַ כשרן פסח, און ווען גאָט וועט אייך העלפֿן, וועט איר מיר אָפּגעבן...

די רביצין האָט דאָס ניט פֿאַרשטאַנען, און ווען דער אָרעמער ייד איז אַוועק, האָט זי צו ר׳ יוסי־בערן געהאַט אַ טענה:

— ווי גיט מען דאָס אַ יידן פֿינף און צוואַנציק קערבלעך אויף מילך? עס וואַלגערט זיך עפּעס געלט ביי אונדז?

און דערויף האָט איר ר׳ יוסי־בער געענטפֿערט:

— אַז דו פֿאַרשטייסט ניט, — האָט ער צו איר געזאָגט. — פֿון דעם אַליין וואָס ער איז געקומען פֿרעגן ביי מיר צי מ׳מעג על־פּי־דין טרינקען מילך אויף ארבע כוסות, איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער האָט בכלל ניט אויף פּסח; וואָרעם ווען ער וואָלט געהאַט אויף פֿיש און פֿלייש צום סדר, וואָלט ער דאָך קיין מילך שוין במילא ניט געטאָרט טרינקען...

עס איז אין ברעסט־ליטאָווסק אין יענע יאָרן געווען איינגעפֿירט, אַז פּורים זאָל מען ביים שיקן שלח־מנות צום רב, שיקן אַ ביסל געלט אויך, ניט נאָר לעקעך און פֿלאָדן. דאָס האָט ביי ר׳ יוסי־בערן געהייסן „פּורים־געלט“ און ער פֿלעגט דאָס אַוועגלייגן אויפֿן טיש און ניט אַריינלייגן אין שופֿלאָד, און אַזוי ווי זיין טיר איז שטענדיק געווען אָפֿן פֿאַר אָרעמע לייט, האָט ער דאָס „פּורים־געלט“ אינגאַנצן אַוועקגעגעבן דעם זעלבן טאָג ווען ער האָט דאָס געקראָגן. ער האָט דערפֿון קיינמאָל גאָר ניט איבערגעלאָזט אויף מאָרגן. און ווען נאָר די רביצין האָט ביי אים געפֿרעגט, וואָס ער האָט געטאָן מיטן „פּורים־געלט“, האָט ער איר געענטפֿערט, אַז ער האָט עס צעטיילט צווישן אַזעלכע יידן, וואָס קריגן פּורים ניט קיין שלח־מנות פֿון קיינעם...

עס איז אין ברעסט־ליטאָווסק גאָר קיין גלייכן ניט געווען צו ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיקס גוטהאַרציקייט, פּונקט ווי עס איז דאָרט קיין גלייכן ניט געווען צו זיין לומדות. ער האָט געהאַט זייער אַ שאַרפֿן קאָפּ. ער איז געווען ניט נאָר אַ בקי, נאָר אויך אַ חריף, און אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געהאַט אַ גוטן חוש פֿאַר הומאָר.

ווען מען האָט אים אַמאָל אָנגעוויזן אויף אַ נייעם ספר, וואו דער מחבר האָט זיך אויף אַ סך ערטער פֿאַררופֿן אויף אַנדערע מחברים און אָנגעוויזן וואו נאָכצוקוקן, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט שוין דעם ספר איבערגעלייענט, אָבער ער איז פֿון די אַלע חידושים דאָרט ניט נתפּעל געוואָרן.

בכלל האָט ער ניט געהאַלטן פֿון יענעם מין מחברים, וועלכע פֿאַררופֿן זיך צופֿיל אויף די ספרים, וואָס אַנדערע האָבן געשריבן, אָנווייזנדיק דערביי אויף יעדן שריט און טריט מיט שטערנדלעך און אויך אין קלאַמערן וואו נאָכצוזוכן.

— מיט אַזעלכע אַנווייזונגען, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָס זעלבע ווי מיט אַ וועקסל. ווען איינער שרייבט אַן אַ וועקסל, קען מען דאָס אין באַנק אויסבייטן אויף מזומן בלויז דאַן, ווען ער האָט געלט און איז אַ בטוח; אָבער ווען איינער האָט ניט קיין פּרוטה ביי דער נשמה, איז וואָס איז די פּעולה ווען ער גיט אַ וועקסל?...

און ווען מ׳האָט אים אַמאָל געזאָגט, אַז אין זיין ספר „בית הלוי״, איז ניטאָ קיין נייס, וואָס אַנדערע לומדים האָבן שוין ניט געשריבן פריער, האָט ער זיך דערפון ניט געפונען באַליידיקט, און אַוועקמאַכנדיק אונטער דער האַנט די אַלע, וואָס מיינען, אַז זיי טראָגן אַריין גאָר גוואַלדאָוונע „חידושי־תורה״ אין זייערע ספרים, האָט ער געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס איך וועל אייך גאָר זאָגן? איך נעם זיך גאָר איבער דערמיט וואָס אין מיין ספר „בית הלוי״ געפינט מען אַ סך אַזוינע זאַכן, וואָס אַנדערע פאַר מיר האָבן נאָך פריער געזאָגט; דער שכל איז דאָ אַ גאַנץ פּשוטער: ווען איינער גייט אויף אַ גלייכן וועג, טרעפט ער זיך דאָרט מיט נאָך מענטשן, וואָס גייען געוויינלעך אויפן גלייכן וועג, פּונקט אַזוי ווי ער. גאָר אַנדערש אָבער איז מיט אַזאַ מענטשן, וואָס קלייבט פאַר זיך אויס דווקא אַ קרומען וועג און דווקא אין אַ וויסטעניש; ער גייט און גייט און טרעפט ניט קיינעם אויפן וועג, וואָרעם וואָס פאַר אַ משוגענעם וועט גאָר איינפאַלן דאָרט צו גיין?...

פון פרומע לייט וואָס כאַפּן אַריבער די מאָס אין זייער פרומקייט, האָט ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק ניט געהאַלטן, און ווען ער האָט איינמאָל אין בריסקער בית־מדרש געזען ווי איינער וואַשט זיך די הענט ביים האַנט־פאַס, אויסגיסנדיק איין קוואָרט וואַסער און אַ צווייטע, האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— אויף אַזאַ ידן איז, נעבעך, אַ גרויסער רחמנות; די גאַנצע פרומקייט זיינע גיסט ער אַריין אין צעבער...

ער האָט אויך ניט געהאַלטן פון די וואָס באַרימען זיך מיט לומדות, בעת אין דער אמתן זיינען זיי דווקא ניט פון די גאָר גרויסע קענער. זיין מיינונג איז געווען, אַז קענען לערנען האָט גאָר קיין שיעור און קיין ערך ניט, און אַז וויפל מ׳קען, איז נאָך אַלץ ניט גענוג. האָט ער איינמאָל, אין אַ שמועס מיט אַ געוויסן רב, וועלכער איז דווקא ניט געווען פון די גאָר גרויסע לומדים, געגעבן אַ זאָג, אַז וואָס מער ער לערנט, אַלץ מער קומט ער צום אויספיר, אַז ער קען נאָך אַלץ ניט גענוג. און ווען יענער האָט זיך אָנגערופן, אַז ער קען וועגן זיך אויך זאָגן דאָס זעלבע, האָט ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, צו אים געזאָגט:

— פונדעסטוועגן וואָלט איך אייך געראָטן, אַז איר זאָלט דאָס מער

קיינעם ניט זאָגן. זאָל דאָס בעסער בלייבן צווישן אונדז, וואָרעם ווען איך וועל זאָגן, אַז איך קען ניט גענוג לערנען, וועט מיר קיינער ניט גלויבן. איך אָבער, האָב איך מורא, וועט מען דאָס יאָ גלויבן...

מיט דעם באַרימטן וואָלאָזשינער ראש־ישיבה ר׳ נפתלי צבי־יהודה בערלין, וועמען מען האָט גערופן פאַרקירצט „נצי״ב", האָט ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק אַ לאַנגע צייט קיין שלום ניט געהאַלטן. נאָך ווען זיי זיינען דאָרט ביידע געווען די עלטסטע איבער דער ישיבה האָבן זיי זיך ניט געקענט אייניקן אויף דעם אופן ווי אַזוי מ׳דאַרף לערנען מיט די תלמידים, ווייל זיי האָבן ביידע געהאַט צוויי באַזונדערע שטייגערס אין לערנען; די ישיבה איז דעמאָלט צעטיילט געוואָרן אויף צוויי צדדים, איין צד האָט געהאַלטן, אַז דער „נצי״ב" איז גערעכט, און דער צווייטער צד האָט געהאַלטן, אַז ר׳ יוסי־בער איז גערעכט, און דאַן האָט מען איינגעלאַדן די גרעסטע רבנים פון יענער צייט, אַז זיי זאָלן צווישן די צוויי גרויסע קעפּ מאַכן שלום. צווישן די וואָס האָבן זיך אַריינגעלייגט אין שלום, איז אויך געווען דער באַרימטער קאָוונער רב ר׳ יצחק אלחנן. אָבער מ׳האָט צווישן די ביידע קיין שלום ניט געקענט מאַכן און ס׳איז געבליבן, אַז ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק דאַרף אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ, און דער ראש־ישיבה אין וואָלאָזשין דאַרף בלייבן דער נצי״ב.

דאָס איז געווע נאָך אין 1858. אָבער מיט יאָרן שפּעטער האָבן זיך די צוויי ברוגזע רבנים איבערגעבעטן, און ר׳ יוסי־בערס זון, דער באַרימטער ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז שפּעטער אויך געוואָרן רב אין בריסק־ליטאָווסק, האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ נפתלי־צבי בערלינס אַן אייניקל.

ווערט דערציילט, אַז אויף דער חתונה, ווען די מחותנים פון חתנס צד און פון כלהס צד זיינען געוואָרן זייער פריילעך, האָט ר׳ נפתלי־צבי בערלין געגעבן אַ זאָג צו ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק:

— ווייסט איר גאָר וואָס, מחותן, לאָמיר ביידע טאַנצן אַ „קאַזאַצקע"; אָט אַזוי־אָ — איינער אַנטקעגן אַנדערן, ווי מ׳טאַנצט געווינלעך אַ „קאַזאַצקע".

און ווען ר׳ יוסי־בער סאָלאָווייטשיק האָט דאָס דערהערט, האָט ער מיט אַ שמייכל זיך אָפּגעזאָגט דערפון:

— דאָס ניט, — האָט ער געענטפערט דעם מחותן. — איך האָב שוין איינמאָל געפּרוּווט טאַנצן אייך אַנטקעגן, און איך האָב זיך גוט אָפּגעבריט דערביי...

ביי יעדער געלעגנהייט האָט ר׳ יוסי־בער געקענט זאָגן אַ וואָרט, אָדער אַ ווערטל, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַן אַנדייטונג אויף עפּעס. ער האָט אַרויס־געוויזן שאַרפקייט ניט נאָר אין לערנען, נאָר אין אַלץ, — אין פּערזענלעכע

שמועסן, אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אין באַציאונגען מיט מענטשן. ס׳איז שטענדיק געווען וואָס צו הערן ווען ער האָט עפּעס געזאָגט, און אין די יאָרן וואָס ער איז געווען רב אין ביאַליסטאָק — פון 1878 ביז 1892 — האָבן יידן דאָרט געקליבן זיינע ווערטער און ווערטלעך פּינקט ווי מ׳קלייבט פּערל, מ׳האָט זיי איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן, זיי זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל און זיי זיינען אַריין אינם יידישן פאָלקלאָר, וואו זיי שיינען נאָך איצט אַרויס מיט זייער קלוגשאַפט און שאַרפקייט.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט זיין זון, ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז אין 1892, נאָכן טויט פון זיין פאָטער, געוואָרן רב אין בריסק־ליטאָווסק.

ווען חיים איז נאָך אַ קליין יינגל געווען האָט ער שוין געשמט מיט זיין אויסערגעוויינלעך שאַרפן קעפּל, און אַלע מאָל, ווען מ׳האָט וועגן אים דערציילט חידושים, האָט מען געזאָגט, אַז „דאָס עפּעלע פאַלט ניט וויט פונם בוימעלע״.

געלערנט האָט חיים סאָלאָווייטשיקביים טאַטן, ביי ר׳ יוסי־בערן, און אינאיינעם מיט אים האָט ביי ר׳ יוסי־בערן אויך געלערנט נאָך אַ יינגעלע, איינער אַ זלמן־סענדער, וועלכער איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פון חיימלען און וועלכער איז שפּעטער אויך געוואָרן אַ רב.

דערציילט מען, אַז ווען ביידע יינגלעך, וועלכע האָבן געשמט מיט זייערע שאַרפע קעפּלעך, זיינען געזעסן און האָבן געלערנט, איז צו זיי אַריינגעקומען ר׳ יוסי־בער, און ווענדנדיק זיך צו חיימלען, האָט ער אים, אין גוטן מוט, געשטעלט אַ פראַגע:

— זאָג מיר, חיימל, ווער פון אייך ביידע, דענקסטו, קען בעסער לערנען, דו אָדער זלמן־סענדערל?

האָט אים חיימל דערויף געגעבן אַזאַ ענטפער:

— עס איז מיר שווער, טאַטע, — האָט ער געזאָגט, — דיר דערויף צו געבן אַ קלאָרן ענטפער, וואָרעם זאָל איך זאָגן, אַז איך קען בעסער פון אים, האָב איך מורא מ׳זאָל ניט מיינען, אַז איך בין אַ באַרימער, און זאָל איך זאָגן, אַז ער קען בעסער פון מיר, האָב איך מורא, מ׳זאָל ניט זאָגן, אַז איך בין אַ ליגנער...

ר׳ יוסי־בערן איז דער ענטפער שטאַרק געפעלן און דאַן האָט דאָס אַנדערע יינגעלע, דער קליינער זלמן־סענדער, געגעבן אַ שפּרונג אַרויס:

— און איך זאָג אייך, רבי, — האָט ער זיך אָנגערופן, — אַז טאָקע וויילֹ חיימל האָט אייך אַזוי געענטפערט, האָט ער באַוויזן, אַז ער איז ביידע — אי אַ באַרימער, אי אַ ליגנער...

צוויי שאַרפע קעפּלעך, צוויי געשליפענע מוחות. זיי האָבן ניט געדאַרפט טראַכטן לאַנג צו געבן אַן ענטפער.

## ג.

פונקט ווי זיין פאָטער, איז ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק אויך געווען זייער באַליבט ביים פאָלק, און אין די יאָרן ווען ער איז געווען רב אין בריסק־ליטאָווסק האָט ער זיך אָפּגעגעבן ניט נאָר מיט לערנען תורה און שרייבן ספרים, נאָך אויך מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און ער האָט שטענדיק אין זינען געהאַט טובת־הכלל.

אין אַלץ איז ר׳ חיים בריסקער געגאַנגען אין די וועגן פון זיין פאָטער, און ער איז געשטאַנען נאָענט צום פאָלק.

נאָך דער גרויסער שרפה, וואָס איז פאָרגעקומען אין בריסק אינם יאָר 1895, האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ניט גערוט און ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר געווען אין זיינע כוחות, אַז די אָפּגעברענטע זאָלן זיך צוריק קענען שטעלן אויף די פיס און ווידער אויפבויען די אָפּגעברענטע הייזער און קלייטן. ער האָט געזאַמלט געלט פאַר די נשרפיס. ער האָט געוועקט די גבירים צו געבן וואָס מער פאַר די אָרעמעלייט. און ווען מ׳האָט אים איינמאָל געפרעגט פאַרוואָס ער האָט זיך אַליין אויך ניט אין זינען און דערמאָנט גאָרניט, אַז זיין שטוב איז אויך פאַרברענט געוואָרן, האָט ער דערויף געענטפערט:

— זאָרגן דאַרף איך ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אַנדערע. אויף זיי, אויף די אַנדערע, איז אַ גרויסער רחמנות, ווייל זיי זיינען פון דער שרפה אַרויס נאַקעט און באָרוועס און זיי זיינען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן פּרנסה. אויף מיר איז אָבער קיין רחמנות ניט; איך בין געווען אַ רב און איך בין געבליבן אַ רב. די שרפה אין בריסק האָט מיך ניט געמאַכט פאַר אויס רב אין שטאָט. אַי, וועט איר דאָך זאָגן — די שטוב! וועל איך אייך דערויף ענטפערן: די שטוב איז דען געווען מיינע? ס׳איז געווען קהלס שטוב, איז זאָל זיך קהל זאָרגן. אלא וואָס־זשע דען — די קאָפּאָטע! מיין זיידענע קאָפּאָטע איז פאַר־ברענט געוואָרן. נו, איז דאָס אויך ניט קיין אומגליק, ווייל דאָס איז גראָד געווען די שבתדיקע קאָפּאָטע, ניט די וואָכעדיקע, וואָס איך טראָג אַלע טאָג. און דאָס אַליין איז שוין גוט. נו, זעט איר שוין, אַז פאַר זיך האָב איך ניט וואָס צו זאָרגן, און איך זאָרג דעריבער בלויז פאַר אַנדערע...

צום גוטן קאָפּ, מיט וועלכן ער האָט זיך אַזוי שטאַרק אויסגעצייכנט צווישן די רבנים און גרויסע לומדים פון זיין דור, האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק אויך געהאַט אַ גוט האַרץ, און ער איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר גענויטיקט אין הילף.

אין דער אַרבעט פאַרן כלל, האָט ער קיינמאָל ניט פאַרזען דעם פּרט, און אין זיין הויכן שטאַנד האָט ער אויפן פאָלק קיינמאָל ניט געקוקט פון

אויבן אַראָפּ, און ער האָט זיך אַלע מאָל אָפּגערופן זייער וואַרעם ניט נאָר אויף די צרות פון כלל־ישראל, נאָר אויך אויף די צרות פון יעדן יידן באַזונדער.

עס איז אין ברעסט־ליטאָווסק שוין געווען אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך צו זען ווי דער גרויסער למדן, דער רב, צו וועמען די גרעסטע רבנים פון דער וועלט ווענדן זיך מיט האַרבע שאלות וועגן דינים און הלכות, זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל פונם בית־המדרש מיט אַ פּשוטן פון די פּשוטסטע יידן אין בריסק, און ער רעדט מיט אים לאַנג ווי מיט אַן אייגענעם מענטשן פון זיין שטאַנד און ער הערט זיך אויך צו צו אַלץ, וואָס יענער האָט אים צו זאָגן.

איינמאָל, ווען ער איז לאַנג געזעסן מיט איינעם אַזאַ יידן, האָט אים אַ גע־וויסער בריסקער גביר נאָכדעם געפרעגט ווי אַזוי ער קען גאָר פועלן ביי זיך אַזאַ זאַך ווי זיצן און רעדן אַזוי לאַנג מיט אַזאַ עם־הארץ.

— עס דאַרף אייך גאָרניט אָנשטיין צו רעדן מיט אַזאַ יידן. — האָט דער גביר געזאָגט צום רב. — עס איז פּשוט אַ פּחיתת־הכבוד פאַר אייך איר אַוועקצוגעבן אַזוי פיל צייט. איר דאַרפט מער אָפּהיטן אייער כבוד.

האָט ר׳ חיים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און קוקנדיק אויף דעם גביר האָט ער געזאָגט:

— איך און די אַנדערע פון אייער גלייכן שטייט ניט אָן צו רעדן צו אַזאַ יידן, ווייל איר האַלט זיך גרויס ביי זיך און איר קוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. איר האָט זיך איינגעשמועסט, אַז ווען איך רעד מיט אימיצן, דאַרף דאָס זיין דווקא נאָר דברי־תורה, ניט אַנדערש, און ס׳פאַלט אייך גאָרניט איין אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם וואָס אָט דער פּשוטער אָרעמער מענטש וואָס קען, נעבעך, ניט לערנען, איז נעבעך אויף גרויסע צרות, ס׳איז אים ביטער און פינצטער אויף דער וועלט, און ער מוז זיך פּשוט כאָטש אַ ביסל אויסרעדן דאָס האַרץ...

מבייש זיין אַ יידן האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק קיינמאָל ניט געקענט. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער עבירה. אַפילו דעם ערגסטן פון די ערגסטע האָט ער ניט געוואָלט פאַרשעמען. דאָס האַרץ האָט אים ניט דערלאָזט דערצו. אין בריסק האָט מען דאָס שוין גוט געוואוסט, און איינמאָל, ווען אַ גע־וויסער גנב האָט צו דער חתונה פון זיינער אַ טאָכטער איינגעלאַדן געסט און זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ביי אים אין שטוב איז דאָס עסן ניט כשר, איז מען געקומען צו ר׳ חיימען פרעגן ווי מ׳זאָל זיך דאָ נוהג זיין, צי מ׳זאָל גיין צו דער חתונה, צי ניין.

זאָגן, אַז מ׳זאָל צו דער חתונה ניט גיין, האָט דער בריסקער רב ניט גע־וואָלט, ווייל דאָס וואָלט דאָך געהייסן פאַרשעמען אַ יידן. ער האָט אויך ניט

געקענט זאָגן, אַז מ׳זאָל צו דער חתונה יאָ גיין נאָר ניט עסן דאָרטן; דאָס וואָלט דאָך אויך געהייסן מבייש זיין אַ יידן. דערציילט מען, אַז ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק האָט גערופן דעם גנב צו זיך און ער האָט צו אים געזאָגט:

— הער זיך איין, איך וויל, אַז אויף אַלץ, וואָס איך וועל ביי דיר פרעגן, זאָלסטו מיר געבן אַ קלאָרן ענטפער, און — נאָר דעם אמת. דעם ריינעם אמת!

דער גנב האָט צוגעזאָגט און דאַן האָט ר׳ חיים ביי אים געפרעגט:

—ווי זיינען זיך אייערע לייט נוהג ווען ס׳מאַכט זיך עפּעס אַ גנבה דווקא אום שבת?

— גנבעט מען. — האָט דער גנב געענטפערט.

— און וואָס טוט מען ווען מ׳דאַרף דערביי אָנצינדן אַ ליכט?

— צינדט מען אָן.

— און וואָס טוט מען ווען מ׳דאַרף צעברעכן אַ שלאָס?

— צעברעכט מען.

— אַזוי־אַזוי. — האָט ר׳ חיים געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און ווי איז מען זיך נוהג ווען ס׳קומט אויס צו גנבענען ביי אַ גוי?

— גנבעט מען ביי אַ גוי.

— און ווי איז מען זיך נוהג ווען מ׳געפינט ביי דעם גוי גראָד טריפה פלייש? נעמט מען דאָס אויך צו?

— אַוודאי נעמט מען דאָס צו.

—חזיר־פלייש אויך?

— יאָ, חזיר־פלייש אויך.

— און וואָס טוען אייערע לייט מיט דעם טריפענעם פלייש?

— מ׳פאַרקויפט עס צו אַ גוי.

— צו אַ גוי? — האָט דער רב איבערגעפרעגט. — פאַרוואָס עסט איר דאָס אַליין ניט?

און דאָ האָט זיך דער גנב געגעבן אַ כאַפּ:

— רבי, גאָט איז מיט אייך, וואָס רעדט איר? עסן טריפה פלייש? חזיר?!...

— אָבער איך פאַרשטיי ניט, — האָט ר׳ חיים זיך געוואונדערט. — גנבע־נען — יאָ, אָנצינדן אַ ליכט אום שבת — יאָ, איז פאַרוואָס־זשע שוין ניט עסן קיין טריפות אויך? אדרבה, גיב דאָס מיר צו פאַרשטיין.

און דער גנב האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

— רבי, — האָט ער געזאָגט, — אויף אייך איז מיר אַ חידוש; וואָס קערן זיך אָן אָט די אַלע זאַכן מיט עסן טריפות? גנבענען איז ביי מיר און

ביי די אַנדערע פון מיין חברה אַ פּרנסה. נו, איז ווען מ׳דאַרף אַמאָל גנבענען אום שבת, קען מען זיך ניט העלפן. אַזאַ ביטערע פּרנסה איז דאָס שוין. אָבער עסן טריפות?! וואָס מיינט איר, מיר זיינען קיין ידן ניט?...

מער קיין פראַגן האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק דעם גנב ניט געשטעלט. ער האָט אים געהייסן גיין אַהיים, און נאָכדעם האָט ער געלאָזט וויסן די איינגע־לאַדענע בעלי־בתים, אַז זיי מעגן גיין צו אים אויף דער חתונה און עסן פון זיין טיש.

— ער איז טאַקע אַ גנב, — האָט ער געזאָגט, — אָבער מ׳דאַרף דעם ידן ביי אַזאַ שמחה, ווען ער מאַכט חתונה אַ טאָכטער, דאָך ניט פאַרשעמען...

מ׳האָט ביי ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק איינמאָל צוגעגנבעט די זילבערנע טאַבאַק־פּושקע, און די מענטשן אין שטוב האָבן געזען ווער ס׳האָט דאָס געגנבעט. אָבער ווען מ׳האָט זיך אָנגעהויבן שושקען וועגן דעם און ס׳זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז מ׳דאַרף דעם גנב פאַרהאַלטן און זוכן ביי אים אין די קעשענעס, האָט ר׳ חיים געזאָגט, אַז מ׳דאַרף ניט.

— מ׳טאָר קיינעם ניט מבייש זיין!

און נאָכדעם ווי יענער איז אַוועק און די מענטשן פון שטוב האָבן זיך גענומען קאָכן פאַרוואָס מ׳האָט אים אַרויסגעלאָזט, האָט ר׳ חיים זיי איינ־געשטילט:

— וואָס קאָכט איר זיך אַזוי? — האָט ער צו זיי געזאָגט. — פריער, ווען ס׳איז בלויז געווען אַ ספק צי ער איז טאַקע דער גנב, צי ניין, האָט דאָך ניט געהאַט קיין זין צו זוכן ביי אים אין די קעשענעס, ווייל אויפן סמך פון אַ ספק, טאָר מען אַ מענטשן ניט פאַרשעמען. און איצט, ווען ס׳איז שוין ביי אייך מער קיין ספק ניט, אַז ער איז דער גנב, איז וואָס וועט העלפן דאָס זוכן? מילא, זאָל שוין זיין אַזוי, אַבי מ׳האָט ביי מיר אין שטוב קיין מענטשן ניט פאַר־שעמט...

ער האָט ניט ליב געהאַט יענעם טיפּ למדן, וואָס איז אַזוי פאַרליבט אין זיך, אַז אין אַ שמועס מיט אַנדערע, לאָזט ער קיינעם אַ וואָרט ניט אַרויסרעדן און ער אַליין רעדט די גאַנצע צייט. האָט ער זיך איינמאָל גראָד געטראָפן מיט אַ געוויסן רב, און יענער האָט די גאַנצע צייט גערעדט אַזוי פיל, אַז ר׳ חיים האָט אַפילו קיין איין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדן. און ווען מ׳האָט אים שפּעטער געפרעגט פאַרוואָס ער האָט יענעם געלאָזט רעדן אַזויפיל און אים דערמיט געגעבן אַ געלעגנהייט צו דענקען, אַז ער, דער בריסקער רב, האָט גאָרניט וואָס צו זאָגן, האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק זיי געענטפערט:

— וואָס ער וועט דענקען, אַרט מיך ניט. דער עיקר איז נאָר דער חילוק צווישן מיר און אים: ער פאַרטראַכט זיך אויף איין שעה אין טאָג און נאָכדעם

רעדט ער אָפּ דריי און צוואַנציק שעה; איך ווידער טו אַנדערש, איך טראַכט דריי און צוואַנציק שעה אין טאָג און נאָכדעם קען איך רעדן בלויז איין שעה...

אויף אַסיפות פון רבנים און אָנגעזעענע כלל־טוער האָט ער ניט איין מאָל איבערראַשט די גרעסטע מיט זיין אויסערגעוויינלעכער בקיאות, מיט זיין זכרון און אויך מיט זיין שאַרפן שכל. אָבער ער האָט דאָך קיינמאָל ניט גע־וואָלט, אַז מ׳זאָל מאַכן אַ וועזן דערפון און אים באַוואונדערן. ער פלעגט זיך פילן אין אַ פאַרלעגנהייט ווען מ׳האָט אים באַוואונדערט. און איינמאָל, ווען ער האָט אין אַ געזעלשאַפט פון תלמידי־חכמים גערעדט דברי־תורה און אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, האָט איינער פון דער געזעלשאַפט געוואָלט ווייזן, אַז ער איז ניט קיין קלענערער בקי פון ר׳ חיימען, און אַריינפאַלנדיק אים אין די רייד האָט ער געזאָגט, אַז דאָרט און דאָרט שטייט אין תוספות אַזוי און אַזוי.

געזאָגט האָט דאָס יענער מיט גרויס זיכערקייט, אָבער ר׳ חיים איז דער־פון ניט נתפעל געוואָרן:

— אין תוספות, — האָט ער געזאָגט, — שטייט ניט אַזוי.

האָט מען זיך אָנגעהויבן שפּאַרן, און ווען מ׳האָט אויפגעמישט אַ גמרא און אַ קוק געטאָן אויף דעם אָנגעגעבענעם אָרט, האָט מען געזען, אַז גערעכט איז געווען ר׳ חיים; ס׳איז דאָרט אין תוספות ניט געשטאַנען דאָס וואָס יענער רב האָט געזאָגט...

און ווען אַלע האָבן ר׳ חיימען גענומען לויבן שטאַרק פאַר זיין אויסער־געוויינלעכן זכרון, האָט ער דאָס אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— פונדעסטוועגן, — האָט ער געזאָגט, — זאָל איך ניט איינפאַלן, אַז איך בין אַזאַ בקי אין גאַנץ תוספות און אַז איך געדענק אויף אויסוועניק אַלץ, וואָס שטייט דאָרט יאָ און אַלץ וואָס ס׳שטייט דאָרט ניט; איך האָב בלויז פאַרשטאַנען מיטן שכל, אַז אין תוספות קען אַזאַ זאַך ניט שטיין...

*
**

מ׳האָט אויף ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ווירקלעך געקענט זאָגן, אַז ניט נאָר קען ער גוט לערנען, נאָר ער קען אויך גוט מענטשן. פאַר אים איז אַ מענטש ניט געווען קיין פאַרבאָרגעניש. ער האָט יעדן איינעם געקענט זען דורך און דורך און ער האָט מיט זיין שאַרפן שכל אויפגעכאַפּט אַזעלכע שטריכן, וואָס אַנדערע האָבן ניט געקענט באַמערקן.

ווען איינער פון זיינע נאָענטע האָט זיך אַמאָל צערעדט מיט אים וועגן

אַ געוויסן בריסקער גביר, וואָס העלפֿט אַרויס אָרעמע לייט און גיט געלט מיט אַ ברייטער האַנט אַלע מאָל ווען מ׳ווענדט זיך נאָר צו אים, ער זאָל עפּעס געבן פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע, האָט ר׳ חיים אויסגעהערט אַלץ און נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— יאָ, דאָס איז אמת, אָבער...

— אָבער וואָס? — האָט מען בײַ אים געפֿרעגט.

— עס איז אין זײַן צדקה פֿאַראַן אַ גרויסער חסרון, — האָט ר׳ חיים געענטפֿערט. — און דאָס איז מחמת דעם וואָס ער האָט צופֿיל הנאה פֿון דעם וואָס ער גיט... מ׳קען ממש זען ווי ער וויל פּשוט, אַז ס׳זאָלן זײַן אָרעמע לייט, וועלכע מוזן אָנקומען צו אים; ער האָט פֿאַרגעניגן פֿון דעם וואָס אַנדערע דאַרפֿן, נעבעך, און וואָס ער קען געבן. און דאָס איז אַ חסרון אין אַ מענטשן. אַ גרויסער חסרון...

אין זײַן גוטסקייט האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, בײַם אַרויסהעלפֿן אָרעמע לייט, געפֿונען אַזעלכע וועגן, אַז די אָרעמע זאָלן ניט זײַן געפֿאַלן בײַ זיך, און ער האָט אײַנגעפֿירט, אַז ווינטער זאָל די טיר פֿון דעם הינטער־שטיבל, וואו ער האַלט דאָס געהילץ, זײַן אָפֿן און אָרעמע שכנים זאָלן פֿון דאָרט קענען אַרויסנעמען האָלץ ווען זיי דאַרפֿן נאָר.

אַ לענגערע צײַט איז דאָס אַזוי אָנגעגאַנגען; די אָרעמע שכנים האָבן שוין געוואוסט, אַז ווען זיי דאַרפֿן עטלעכע שײַטלעך האָלץ, מעגן זיי דאָס אַרויסנעמען בײַם רב פֿון הינטער־שטיבל, וואו די טיר איז שטענדיק אָפֿן. אָבער ס׳איז אין בריסק געווען אײַנגעפֿירט, אַז פֿאַר האָלץ צו באַהייצן ר׳ חיים סאָלאָווייטשיקס שטוב דאַרף באַצאָלן קהל, און ווען מ׳האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס קאָסט אָפּ ניט ווייניקער ווי פֿינף הונדערט קערבלעך אַ ווינטער, ווייל דער רב האַלט אָפֿן די טיר פֿונעם הינטער־שטיבל, האָט מען אויף דער טיר אויפֿגעהאָנגען אַ שלאָס און געגעבן דעם שליסל דעם שמש און אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ס׳זאָל מער ניט אָנגיין אַזוי ווי ביז איצט.

און ווען ר׳ חיים האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער געהייסן דעם שמש גלייך אַראָפּנעמען דעם שלאָס.

— די טיר זאָל זײַן אָפֿן בייטאָג און בײַנאַכט, — האָט ער געזאָגט, — און זאָלן די אָרעמע שכנים אַרויסנעמען פֿון דאָרט האָלץ ווען זיי דאַרפֿן און וויפֿל זיי דאַרפֿן!

דאַן זײַנען די עלטסטע פֿון קהל געקומען צו ר׳ חיימען מיט אַ טענה:

— רבי, — האָבן זיי געזאָגט, — ס׳מוז הענגען אַ שלאָס. נאָך אַלעמען זײַנען מיר ניט מחויב צו פֿאַרזאָרגן יעדן ווינטער מיט האָלץ די אַלע אָרעמע שכנים אין גאַס. דאָס קאָסט דאָך אָפּ אַן אוצר מיט געלט.

אָבער ר׳ חיים האָט זייערע טענות ניט געוואָלט הערן.

— אויב, — האָט ער געזאָגט, — מ׳וועט ווידער אויפהענגען אַ שלאָס אויפן הינטער־שטיבל און די אָרעמע שכנים וועלן פון דאָרט ניט קענען נעמען קיין האָלץ, וועל איך אָנזאָגן מיטן הארבן וואָרט, אַז אויף צו באַהייצן מיין שטוב זאָל מען דאָרט אויך קיין האָלץ ניט נעמען. און אויב איך דערלאָזט דאָס האָרץ, אַז אין די קאַלטע ווינטערדיקע טעג זאָלן אָרעמע יידן, מיט זייערע ווייבער און קינדער, דערפראָרן ווערן אין די שטיבלעך, מעג מען ביי מיר אין שטוב אויך פרירן. איך וויל ניט, אַז ביי מיר אין שטוב זאָל ווינטער זיין וואַרעם ווען ביי זיי אין שטוב איז קאַלט!...

און דער בריסקער רב האָט אויסגעפירט זיינס; מ׳האָט קיין שלאָס מער ניט אויפגעהאַנגען, און די אָרעמע שכנים האָבן געקענט נעמען האָלץ ווען זיי האָבן נאָר געדאַרפט.

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק איז דער שטייגער ווי ער האָט זיך געהאַלטן ווען מען האָט איינמאָל, אויף אַן אַסיפה פון רבנים, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין בריסק, געמאַכט אַ פאָרשלאָג צוצושיקן אַ באַגריסונג צום קיסר, צו ניקאָלאַי דעם צווייטן.

— צו וואָס דאַרף מען דאָס? — האָט ר׳ חיים געפרעגט. — פאַרוואָס זאָלן מיר, רבנים ביי יידן, צושיקן אַ באַגריסונג צו אַזאַ צורר היהודים, אַזאַ רשע־מרושע? פאַר וועלכע „מעשים־טובים״ זיינע זאָלן מיר אים בענטשן? פאָלגט מיך, יידן, מען דאַרף דאָס ניט. קיינער צווינגט אונדז ניט דערצו, און עס איז ניט נויטיק...

וועגן אַנדערע האָט ר׳ חיים שטענדיק געזאָרגט מער ווי וועגן זיך, און צו בריסק איז ער געווען אַזוי צוגעבונדן, אַז עס האָט אים גאָרניט געאַרט וואָס מען צאָלט אים ניט גענוג פאַר זיין רבנות. בכלל האָט ער זיך ווייניק געקימערט וועגן דעם, צי ער קריגט פאַר זיין רבנות גוטע שכירות, צי ניין. און ווען מען האָט אים אַמאָל געפרעגט, צי ער פילט זיך ניט באַליידיקט פון דעם, וואָס זיין ברודער אברהם־ברוך, וועלכער איז ניט אַזאַ גרויסער למדן ווי ער, קריגט אין דער שטאָט סמאָלענסק פאַר זיין רבנות אַ סך מער שכירות ווי ער קריגט אין בריסק, האָט ר׳ חיים דערויף געגעבן זייער אַן אייגנאַרטיקן ענטפער:

— באַליידיקט דערפון דאַרף איך זיך ניט פילן, ווייל דער שכל איז דאָ אַ גאַנץ פשוטער: דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז אויף זאַכן, וואָס מען מוז האָבן צום לעבן, ווי למשל, אויף ברויט און אויף אַ בגד פאַרן לייב, גיט מען ניט אויס קיין סך. און דווקא אויף זאַכן, וואָס מען מוז ניט האָבן, ווי למשל, אויף ווייַן, אויף צירונג און אויף די אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס מען קען זיך באַגיין אָן זיי, גיט מען אויס אַ סך. אַזוי איז דאָ אויך: סמאָלענסק איז אַ שטאָט, וואו

עס זיינען ניטאָ קיין סך פרומע יידן, גייט דאָס רבנות ביי זיי אַריין צווישן די זאַכן, וואָס מען מוז ניט האָבן, ווי למשל צירונג, און דערפאַר צאָלן זיי דאָרט דעם רב אַ סך געלט. עס איז, פאַרשטייט איר מיך, אַ לוקסוס, און לוקסוס קאָסט טייער. בריסק, אָבער, איז אַ שטאָט, וואָס איז פול מיט כשרע פרומע יידן, פול מיט לומדים און תלמידי־חכמים; ביי זיי איז דאָס רבנות ניט קיין איבעריקע זאַך, ניט קיין לוקסוס; זיי דאַרפן אַ רב, זיי מוזן האָבן אַ רב, און דערפאַר גיבן זיי דערויף אויס ווייניק...

וועגן דעם וואָס ער האָט די ווערט מער, האָט ער אַפילו קיין וואָרט ניט דערמאָנט.

אָן אַ מינדסטער איבערטרייבונג קען מען זאָגן, אַז אין זיין דור איז ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק געווען ניט נאָר איינער פון די גאָר גרויסע יידן, נאָר אויך איינער פון די בעסטע און גוט־האַרציקסטע מענטשן אין דער וועלט. זייער ווייניק מענטשן האָבן זיך געקענט דערהויבן צו דער הויכקייט פון די מענטשלעך־מאָראַלע כללים, לויט וועלכע ער האָט זיך געפירט אין די אַלע יאָרן פון זיין לעבן. אין זיין גרויסער ליבשאַפט צום פאָלק, האָט ער דערצו נאָך ליב געהאַט יעדן יידישן מענטשן באַזונדער, און דער כלל האָט ביי אים ניט פאַרטונקלט דעם פרט, פונקט ווי דער פרט האָט ביי אים ניט פאַרטונקלט דעם כלל...

ניט ליב געהאַט האָט ער בלויז רשעים און משומדים. און זייער כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר אים איז געווען זיין באַציאונג צו דעם באַרימטן פּראָפעסאָר דניאל כוואָלסאָן. ווען בריסקער יידישע כלל־טוער האָבן אין 1899 באַשלאָסן צו באַגריסן כוואָלסאָנען צו זיין אַכציק־יאָריקן יובילעאום און דערמיט אויסדריקן זייער דאַנקבאַרקייט דערפאַר וואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר יידן אין די צייטן פון דעם קוטאַאיסער בלוט־בלבול אין יאָר 1879, האָט ר׳ חיים סאָלאָ־ווייטשיק זיין נאָמען אויף דער באַגריסונג ניט געוואָלט אונטערשרייבן.

„מיר דאַרפן אים ניט, — האָט ער געזאָגט, — און מיר זיינען אים מוחל די טובות זיינע.“

מיט אַ משומד, וואָס איז אַוועק פון יידישן פאָלק, האָט ער קיין שום מגע־ומשא ניט געוואָלט האָבן, און ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז אַ פּחיתת־הכבוד פאַר יידן זיך צו בויגן פאַר אים און אים דאַנקען פאַר טובות.

און ער האָט אויף דער באַגריסונג צו כוואָלסאָנען זיין נאָמען ניט אונטער־געשריבן.

ווען נאָר עס איז געשען עפּעס אַן אומגליק אויף יידן, האָט שוין ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ניט געקענט רוען. און דאָ איז כדאַי צו דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס איז ווייניק באַקאַנט, אַז דעם גרעסטן טייל פון די מאַטעריאַלן, וואָס דער מאָסקווער ראַבינער ר׳ יעקב מזאה האָט געדאַרפט האָבן פאַר דער גרויסער

רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף דעם ביילים־פּראָצעס אין קיעוו, האָט אים צוגעשטעלט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק. דער בריסקער רב איז געווען אַזוי פּאַרטאָן אין דעם, אַז עס זאָל קלאָר באַוויזן ווערן דער גאַנצער אומזין פון דעם בלבול, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח, אַז ער האָט ניט גערוט ביז ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלץ וואָס עס איז נאָר פאַראַן וועגן דעם אין די אַלטע יידישע קוואַלן. און מען קען זאָגן, אַז אין יענער רעדע פון מאָסקווער ראַבינער, וואָס האָט געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק אין געריכט, האָט ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק געהאַט אַ גרויסן חלק.

ד.

אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1914, איז אויפן גורל פון דעם גרויסן בריסקער רב ר׳ חיים אויסגעפאַלן אַריבערצוטראָגן די אַלע שרעקלעכע צרות, וואָס יידן האָבן דאַן אַריבערגעטראָגן. די יידישע קהילה אין בריסק איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן, און ר׳ חיים האָט געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און אינאיינעם מיט זיין פאַמיליע און מיט זיינע אייניקלעך האָט ער זיך קוים דערשלאָגן קיין מינסק, וואו עס זיינען געווען אַ סך אַנגעלאָפענע יידן פון אַנדערע שטעט, און אויך דאָרט, אין די שווערסטע צייטן פון הונגער און נויט, האָט ער פריער פון אַלץ אין זינען געהאַט ניט זיך, נאָר אַנדערע.

עס איז דאַן זעלטן אַוועק אַ וואָך, ער זאָל ניט קומען אין הילפס־קאָמיטעט פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל געבן מער דעם און יענעם; ער האָט אַלץ אָנגעוויזן, אַז די און יענע פאַרדינען מען זאָל זיי מער שטיצן, און קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז אין דער צייט ווען ער בעט אַלץ פאַר אַנדערע, הונגערט ער אַליין אינאיינעם מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

ער האָט אַלץ מורא געהאַט, אַז אויב מען וועט אים אַ ביסל מער אַרויסהעלפן, וועט מען אַן אַנדערן געבן ווייניקער, און אַלע מאָל, ווען מען האָט אים געוואָלט אַרויסהעלפן, האָט ר זיך דערפון אָפּגעזאָגט.

„איך האָב גענוג. מיר פעלט קיין זאַך ניט". אַזוי האָט ער פאַרזיכערט דעם סעקרעטאַר פון הילפס־קאָמיטעט אין מינסק. און דער אמת איז געווען, אַז אַליין האָט ער פּשוט געהונגערט, און עס זיינען געווען צייטן ווען עס איז ביי אים אין שטוב פּשוט קיין שטיקל ברויט ניט געווען.

וואָס לענגער די מלחמה האָט זיך געצויגן, אַלץ ערגער איז געוואָרן די לאַגע פון דעם גרויסן בריסקער רב ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק. אָבער ער האָט זיך קיינמאָל פאַר קיינעם ניט געקלאָגט. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ רב, וואָס איז

אַ פירער ביי יידן, דאַרף אין אַן עת־צרה אַריבערטראָגן אַלץ אינאיינעם מיט אַלע יידן, און ער דאַרף זאָרגן פאַרן פאָלק מער ווי ער זאָרגט פאַר זיך.

אַזוי האָט ער זיך געפירט די אַלע יאָרן וואָס ער איז געווען רב אין בריסק. אַזוי האָט ער זיך געפירט, ווען ער האָט זיך אין די שווערע יאָרן פון דער מלחמה קוים דערשלאָגן קיין מינסק, און אַזוי האָט ער זיך אויך געפירט שפּע־טער, ווען ער איז פאַרוואָרפן געוואָרן קיין וואַרשע.

דאָס הונגערן אין די שווערע צייטן ווען ער האָט געמוזט וואַנדערן מיט דער גאַנצער פאַמיליע פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, האָט אונטערגעגראָבן זיין געזונט; די גרויסע צרות, וואָס יידן האָבן אין יענע פינצטערע צייטן אַריבערגעטראָגן, האָבן געבראָכן זיין געמיט, און אין דעם יאָר 1918 איז ער געשטאָרבן אין אָטוואָצק. ער איז דעמאָלט אַלט געווען פינף און זעכציק יאָר.

געשטאָרבן אין דער פרעמד, ווייט פון דער שטאָט בריסק, וואו ער איז אַזוי פיל יאָרן געווען רב, און וואו אַלע האָבן אים הויך געשעצט און זייער ליב געהאַט.

אַזעלכע יידן האָבן געלעבט אין דער שטאָט ברעסט־ליטאָווסק. אַזעלכע יידן האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויפן יידישן לעבן פון ברעסט־ליטאָווסק, און אונטער זייער איינפלוס זיינען אויסגעוואַקסן דורות.

עס איז דאָרט געווען וועמען צו נעמען פאַר אַ מוסטער פון הויכער מענטשלעכער מאָראַל. עס איז דאָרט געווען פון וועמען זיך אָראָפּצונעמען אַ מוסר. עס זיינען דאָרט געווען ליכטיקע געשטאַלטן, וואָס האָבן באַלויכטן דעם וועג אין פינצטערע צייטן.

⁂

און וואָס איז געוואָרן פון די יידן אין בריסק אין די צייטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה?

גלייך נאָכדעם ווי היטלער האָט געבראָכן דעם אָפּמאַך, וואָס ער האָט גע־שלאָסן מיט דער סאָוועטישער רעגירונג, און זיינע אַרמייען האָבן אַריינגע־מאַרשירט קיין רוסלאַנד, זיינען די נאַציסטישע חיילות אַריין קיין בריסק און באַלד האָט מען דאָרט די יידן פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ.

וואָס די נאַציסטישע רוצחים האָבן דאַן געטאָן צו די יידן אין בריסק, האָט מען ניט געוואוסט. די טרויעריקע פאַקטן זיינען באַקאַנט געוואָרן ערשט שפּעטער, אין 1944, און דאַן האָט אַ סאָוועטיש־יידישע וואָכנשריפט וועגן דעם געשריבן:

„אין האַרבסט, 1941, האָט מען די גאַנצע בריסקער יידישע באַפעלקע־

רונג פאַרטריבן אין דער געטאָ, וואָס האָט זיך געפונען אין עק שטאָט, אויפן וועג קיין קאָברין. די געטאָ איז באַשטאַנען פון עטלעכע קליינע גאַסן. אין בריסק האָבן דעמאָלט זיך געפונען אַרום צוואַנציק טויזנט יידן. פון ענגשאַפט, הונגער, שמוץ און אָרעמקייט זיינען צווישן זיי אויסגעבראָכן פאַרשיידענע קראַנקהייטן און טאָג־טעגלעך זיינען מענטשן געפאַלן ווי פליגן" *).

אַזוי ווערט דאָרט דערציילט, און איבערגעגעבן האָט דאָס אַ פרוי, וועלכע איז פון בריסק קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. און ווייטער ווערט דאָרט דערציילט, אַז „דעם 15טן אָקטאָבער 1942, פינף אַזייגער פאַרטאָג האָט מען אַלע יידן פון דער געטאָ גענומען אַרויסטרייבן פון די הייזער, אין גרופעסווייז, אונטער דער וואַך פון דייטשע זעלנער, געטריבן אויסער דער שטאָט.

„פרויען וואָס האָבן ערשט געבוירן קינדער און בכלל שוואַכע און קראַנקע האָט מען דערשאָסן גלייך אויפן געלעגער. אַלע איבעריקע האָט מען צונויפגע־טריבן אויפן עק פון דער יאַגעלאָנער גאַס, וואָס איז לעבן דער עלעקטראָ־סטאַנציע. דאָרט, אויסער דער שטאָט, זיינען שוין געווען צוגעגרייט גרויסע גריבער. אַלע האָבן זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט. פרויען האָט מען געצוואונגען, זיי זאָלן צעלאָזן די האָר (טאָמער האָבן זיי דאָרט באַהאַלטן גאָלד). און אָט אַזוי — נאַקעט, מיט צעלאָזענע האָר — זיינען זיי צעשאָסן געוואָרן.

„פאַר קינדער האָבן די דייטשע קאַניבאַלן געזשאַלעוועט קוילן — לע־בעדיקערהייט זיי געוואָרפן אין קבר און לעבעדיקערהייט זיי פאַרשאָטן מיט ערד.

„צוויי טעג האָט געדויערט די שוידערלעכע שחיטה, — לייענען מיר דאָרט ווייטער אין דער מאָסקווער „אייניקייט".—פינקטלעך וויפל יידן עס זיינען דער־מאָרדעט געוואָרן איז שווער צו זאָגן. פון זיכערע קוואַלן אָבער ווייסט מען, אַז אין בריסק זיינען אומגעקומען אַ צוואַנציק טויזנט יידישע נפשות"...

און דער שרייבער פון דעם אַרטיקל אין דער סאָוועטיש־יידישער וואָכן־שריפט ענדיקט:

„דער גרויסער יידישער קיבוץ פון דער שטאָט ברעסט־ליטאָווסק, אַ קיבוץ, וואָס האָט אַמאָל געלעבט אַ פול־בלוטיק לעבן, איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד, און דער אָנפירער פון אָט דער גרויסער שחיטה איז געווען דער גע־סטאַפּאָוועץ, דער מאַיאָר ראָדע."

דאָס זיינען געווען די לעצטע ידיעות, וואָס מען האָט באַקומען פון ברעסט־ליטאָווסק איידער די רויטע אַרמיי האָט פון דאָרט אַרויסגעטריבן די נאַצישע באַנדיטן, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין יידיש בלוט.

---

*) „אייניקייט" פון 13־טן אַפּריל, 1944.

און אין יענע טרויעריקע ידיעות איז אויך דערציילט געוואָרן אַ זאַך, וואָס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן:

נאָך איידער דער בלוטיקער נאַצישער מאַיאָר ראָדע האָט די שרעקלעכע שחיטה געמאַכט, האָט מען עטלעכע בריסקער יידישע דאָקטוירים געגעבן די פּריווילעגיע זיי זאָלן בלייבן אויסער דער געטאָ. מען האָט זיי געדאַרפט האָבן, די יידישע דאָקטוירים. מען האָט געוואָלט, זיי זאָלן היילן די פאַרוואונדעטע דייטשע סאָלדאַטן, האָט מען זיי געגעבן די פּריווילעגיע צו וואוינען אויסער דער געטאָ. די זעלבע פּריווילעגיע האָט מען אויך געגעבן דעם באַוואוסטן יידישן דאָקטאָר יאַפּע, אָבער ער האָט די נאַציס דערויף געענטפערט:

„מיין אָרט איז דאָרט, וואו מען האָלט פאַרשפּאַרט אַלע יידן. איך וועל איינ־איינעם מיט זיי וואוינען אין דער געטאָ!"

וועט אויף די חורבות פון דעם יידישן לעבן אין דער שטאָט בריסק־דליטא נאָך אַמאָל אויסוואַקסן אַ ניי יידיש לעבן?

אויב יאָ — ווי וועט דאָס נייע יידישע לעבן דאָרט אויסזען? און צו וועלן דאָרט ווידער זיין ליכטיקע יידישע געשטאַלטן, וואָס וועלן באַלייכטן דעם וועג?...

עס איז שווער זיך דאָס פאָרצושטעלן...

# מאָהילעוו ביים דניעפּר

נאָך מיט אַן ערך זיבן הונדערט יאָר צוריק האָט אַ גאַליצישער פּרינץ מיטן נאָמען לעוו דאַנילאָוויטש פאַרטראַכט אויסצובויען פאַר זיך אַ שלאָס אויף אַזאַ שיינעם פּלאַץ, וואָס אַלע זאָלן באַוואונדערן. האָט ער לאַנג געזוכט און געזוכט ביז זיין אויג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ הויכן באַרג, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג פון דעם שיינעם טייך דניעפּר. דאָרט האָט ער פאַר זיך זיין גרויסן שלאָס אויסגעבויט, און שפּעטער האָט מען דאָרט אַוועקגעשטעלט נאָך און נאָך געביידעס, קלענערע און גרעסערע, און אַזוי איז ביסלעכווייז, אין פאַרלויף פון יאָרן און יאָרן, אויסגעוואַקסן אַ שטאָט, וואָס האָט זיך אויף דעם באַרגיקן געגנט צעשפּרייט איבער ביידע ברעגן פונם דניעפּר, און דאָס איז די שטאָט, וואָס הייסט איצט מאָהיליעוו. און מ׳רופט זי געוויינלעך ניט גלאַט מאָהיליעוו, נאָר „מאָהיליעוו ביים דניעפּר״, כדי צו באַצייכענען, אַז דאָס איז ניט יענע שטאָט מאָהיליעוו, וואָס געפינט זיך אין אוקראַינע און וואָס שטייט ביים ברעג פונם טייך דניעסטר.

אין די צייטן פון דעם ליטווישן גרויספירשט געדימין, וואָס האָט געהערשט אין די יאָרן פון 1316 ביז 1340, און וואָס האָט זיך גערופן „דער קעניג פון ליטע און פון רוסי״, איז די שטאָט מאָהיליעוו, וואָס ביים דניעפּר, געווען אַ טייל פון דער ליטווישער מלוכה, און דאַן זיינען קיין יידן דאָרט נאָך ניט געווען. ערשט שפּעטער, ווען די שטאָט מאָהיליעוו איז איבערגעגאַנגען צו פּוילן, האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן באַווייזן יידן, און אינם זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן שוין יידישע סוחרים דאָרטן אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָל געשפּילט, און דער גרעסטער סוחר, וואָס האָט דאָרט געפירט גאָר גרויסע געשעפטן און וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דער מלוכה, איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען אַפראַש רחמילאָוויטש (בן ירחמיאל). ער האָט געהאַנדלט מיט געוואַנט, מיט געהילץ, מיט לעדער; ער האָט געהאַלטן גרויסע אַרענדעס און איז אָפט אַרומגעפאָרן איבער אַ סך שטעט און אומעטום האָט ער געהאַט אַ נאָמען און מ׳האָט זיך מיט אים שטאַרק גע־רעכנט.

קיין גאָר גרויסע ליבשאַפט צו יידן האָבן די פּוילישע איינוואוינער פון דער שטאָט מאָהיליעוו ניט אַרויסגעוויזן דעמאָלט. די פּוילישע סוחרים, וואָס

האָבן געהאַט די טבע צו באַרייסן זייערע קונים, האָבן אויף די יידישע סוחרים געקוקט ווי אויף קאָנקורענטן; די באַוועגלעכקייט פון די יידישע געשעפטסלייט, וואָס קויפן שנעל און פאַרקויפן נאָך שנעלער, איז זיי ניט געווען גאָר שטאַרק צום האַרצן, און נאָך אינם יאָר 1585 האָבן זיי זיך געווענדט מיט אַ בקשה צום קעניג, אַז ער זאָל קיין מאָהיליעוו קיין יידן מער ניט אַריינלאָזן, ווייל סיי־ווי־סיי „האָט מען פון זיי גאָרניט". עס איז אין יענער בקשה געשטאַנען, אַז פון די יידן האָט מען ניט קיין „פּאָזשיטקעס", מ׳קען ביי זיי גאָרניט פאַר־דינען, און צו דעם ברענגען זיי נאָך שאָדן אויך, און מען דאַרף זיי דעריבער אין מאָהיליעוו אינגאַנצן ניט האָבן.

דער קעניג פון פוילן איז דאַן געווען סטעפאַן באַטאָרי. און כאָטש זיין באַציאונג צו יידן איז געווען דווקא ניט קיין שלעכטע און ער האָט שטרענג פאַרבאָטן צו מאַכן בלוט־בלבולים אויף יידן און אין זיין צייט איז צונויפגערופן געוואָרן דער „ועד ארבע הארצות", וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, האָט ער דאָך נאָכגעגעבן די בקשה פון די מאָהיליעווער פוילישע סוחרים, און אַ באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, אַז מ׳זאָל קיין מאָהיליעוו קיין יידן ניט אַריינלאָזן.

דער באַפעל איז אָבער, ווי עס שיינט, געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר; די רעגירונג האָט ניט שטאַרק מקפיד געווען אויף דעם באַפעל, און יידן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך ווייטער צו באַזעצן אין דער שטאָט מאָהיליעוו, וואָס ביים דניעפּר, און ביים אָנהויב פונם זיבעצנטן יאָרהונדערט איז שוין דאָרט געווען אַ גאַנץ היפּשע יידישע קהילה, וואָס האָט געשפּילט אַ גאַנץ וויכטיקע ראָלע ניט נאָר אינם יידישן לעבן פון דער שטאָט, נאָר אין דער אַנטוויקלונג און אין דעם וואַקסן פון מאָהיליעוו אין אַלגעמיין.

וואָס גרעסער ס׳איז אין מאָהיליעוו געוואָרן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג און וואָס מער זיי האָבן זיך דאָרט אָנגעזעצן, אַלץ גרעסער איז געוואַקסן די שנאה פון דער פוילישער „שליאַכטע" צו זיי. אַפילו דאַן ווען אַ פוילישער קעניג האָט אַרויסגעוויזן אַ גוטע באַציאונג צו יידן, האָבן די פוילישע שליאַכטיטשעס דאָך געזוכט וועגן און מיטלען ווי זיי אָנצוטאָן נגישות און זיי לעגן שטערונגען אין וועג. און אינם יאָר 1626, ווען סיגיזמונד דער דריטער איז געזעסן אויפן פוילישן טראָן, האָבן די פוילישע שליאַכטיטשעס אין דער שטאָט מאָהיליעוו זיך געווענדעט צו אים מיט אַ בקשה, וואָס האָט געקענט אויסגעטייטשט ווערן אַזוי, אַז זיי ווילן מען זאָל די יידן פון שטאָט אַריינ־טרייבן אין אַ באַזונדער געטאָ און זיי אינגאַנצן אָפּטיילן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

עס איז אין יענער בקשה געשטאַנען, אַז כדי אויסצומיידן די מעגלעכ־

קייט פון קריגערייען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און דער קריסטלעכער,
זאָל מען איינפירן, אַז יידן זאָלן מעגן וואוינען בלויז אין אַ באַשטימטן געגנט —
דאָרט, וואו עס געפינט זיך זייער שול. אין קיין אַנדערע געגנטן פון שטאָט זאָלן
זיי ניט טאָרן וואוינען, און אין צענטער פון דער שטאָט זאָלן זיי קיין געשעפטן
ניט טאָרן פירן.

עס האָט דאָן שוין געהאַלטן דערביי, אַז ס׳זאָל אין מאָהיליעוו ווירקלעך
איינגעפירט ווערן אַ געטאָ פאַר יידן, און מ׳האָט שוין גערעדט וועגן דעם,
אַז די, וואָס וועלן זיך אַהין מוזן אַריבערקלייבן, וועלן דאַרפן פאַרזיכערן, אַז די
נייע געביידעס, וואָס זיי וועלן דאָרט אַוועקשטעלן, וועלן זיין ניט גרעסער און
וועלן ניט פאַרנעמען מער פלאַץ ווי די געביידעס, וואָס זיי האָבן פריער פאַר־
נומען אינם צענטער פון דער שטאָט. אָבער נאָך אַ סך מי, וואָס מ׳האָט אַריינגע־
לייגט אין שתדלנות ביי פאַרשיידענערליי פּוילישע שררות, האָט מען די גזירה
דאָך אָפּגעשריען און ס׳איז דאָן אין מאָהיליעוו קיין געטאָ פאַר יידן ניט איינ־
געפירט געוואָרן.

די גאַנצע געשיכטע פון דער יידישער קהילה אין דער שטאָט מאָהיליעוו,
וואָס ביים דניעפּר, איז געווען איין גרויסער און לאַנגער קאַמף קעגן די, וועמען
יידן זיינען שטענדיק געווען גרויס אין די אויגן; אַלע מאָל האָט מען געדאַרפט
„אָפּשרייען“ אַן אַנדער גזירה, און אַלע מאָל האָט מען געדאַרפט זוכן מיטלען
קעגן אַן אַנדער צרה, וואָס שונאים האָבן פאַרטראַכט כדי זיי צו פאַראומערן
דאָס לעבן.

נאָך אין 1645, ווען וולאַדיסלאַוו דער פערטער איז געזעסן אויפן טראָן פון
פּוילן, האָבן שוין די יידן אין מאָהיליעוו פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פּאָגראָם,
און געמאַכט דעם פּאָגראָם האָט דער פּוילישער בירגערמייסטער רעבראַוויטש,
וועלכער האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף דער אָרדענונג פון שטאָט.

פונקט ראש־השנה, ווען די יידן האָבן זיך נאָכן דאַווענען געלאָזט גיין צום
דניעפּר צו תשליך, האָט רעבראַוויטש צונויפגענומען אַ באַוואָפנטע באַנדע
און איז אָנגעפאַלן אויף זיי. מ׳האָט די יידן דאָן געהרגעט־געשלאָגן, און זיי
זיינען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, אַלע
אויסגעפּוצטע לכבוד דעם גרויסן יום־טוב, זיינען אין שרעק געלאָפן זיך באַ־
האַלטן וואו זיי האָבן נאָר געקענט; קיין „תשליך“ ביים דניעפּר האָט מען שוין
דאָן ניט געזאָגט; די בהלה אין שטאָט איז געווען גרויס, און נאָך גרעסער איז
די בהלה געוואָרן אין אָוונט, ווען רעבראַוויטש און זיינע לייט זיינען אָנגעפאַלן
אויף דער שול, וואו ס׳איז גראָד קיינער ניט געווען, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט
צו גיין דאַווענען. די באַוואָפנטע לייט האָבן מיט ווילדע געשרייען אין דער שול
זיך אַריינגעריסן און זיי האָבן דאָרט אַלע שויבן פון די פענצטער אויסגעזעצט און
אַ גאַנצן חורבן דאָרט געמאַכט.

יאָרן און יאָרן האָבן די יידן אין מאָהיליעוו געהאַט אויסצושטיין זייער אַ סך פון די פּוילישע שטאָטישע שליאַכטיטשעס און זיי האָבן געמוזט פירן אַ קאַמף מיט זיי. עס איז שווער געווען צו באַקעמפן דעם האַס און די שנאה, וואָס די יעזואיטישע פאַנאַטיקער האָבן פאַרשפּרייט צווישן דער פּוילישער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אויף וועלכער זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. און דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס אינם יאָר 1654, ווען די אַרמייען פון דעם רוסישן צאַר אַלעקסעי מיכאַילאָוויטש זיינען שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון מאָהיליעוו און געפאָדערט, אַז די שטאָט זאָל זיך אונטערגעבן, האָבן די פּוילישע איינוואוי־נער געענטפערט, אַז זיי זיינען גרייט דערויף, אָבער זיי האָבן באַדינגונגען אַרויסצושטעלן. און צווישן די באַדינגונגען, וואָס זיי האָבן דאַן אַרויסגעשטעלט, איז אויך געווען די פאָדערונג, אַז דער רוסישער צאַר זאָל צוזאָגן, אַז ווי נאָר די שטאָט וועט זיך אונטערגעבן, וועט מען פון דאָרט אַלע יידן אַרויסטרייבן.

האָט דער רוסישער צאַר אַלעקסעי, דער פאָטער פון פּיאָטר דעם גרויסן, זיך לאַנג ניט געדונגען וועגן דעם. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט פון מאָהיליעוו אַרויסטרייבן אַלע יידן. און ער וואָלט דאָס אַוודאי געווען דורכגעפירט אויך. נאָר אַזוי ווי די צייט איז דאַן געווען זייער אַן אומרואיקע און די מלחמה מיט פּוילן איז נאָך געווען אין סאַמע ברען, און מען האָט ניט געקענט וויסן וואו מען וועט קענען בלייבן און פון וואַנען מען וועט זיך דאַרפן צוריקציען, האָט ער די גזירה אָפּגעלעגט אויף שפּעטער, און דערווייל זיינען די יידן ווייטער געבליבן אין מאָהיליעוו און האָבן דאָרט ווייטער געלעבט מיט ניסים און ניט געקענט וויסן וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט פאַר זיי ברענגען.

אין אַלגעמיין זיינען שוין די יידן אין מאָהיליעוו געווען צוגעוואוינט צו לעבן מיט ניסים. זיי האָבן זיך דאָס גוט אויסגעלערנט אין די אַלע יאָרן, וואָס זיי האָבן געהאַט אַזוי פיל אויסצושטיין פון די פאַרשיידענערליי פּוילישע שררות און אויך פון די שטאָטישע פּוילישע שליאַכטיטשעס, וועמען זיי זיינען שטענדיק געווען גרויס אין די אויגן. אָבער דערביי איז וויכטיק צו דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס ניט קוקנדיק אויף די אַלע נגישות, ניט קוקנדיק אויף די אַלע ביטערע דערפאַרונגען, זיינען די יידן דאָך געבליבן פּוילישע פּאַטריאָטן, און אין דעם קאַמף צווישן פּוילן און רוסלאַנד, זיינען זיי געשטאַנען אויף דער זייט פון דער פּוילישער מלוכה. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס לאַנד, וואו זיי האָבן געוואוינט, זיי זיינען געווען געטריי דער מלוכה, אונטער וועמעס שוץ זיי זיינען געשטאַנען, און זיי האָבן געהאָפט צו גאָט, אַז ניט אייביק וועט זיין אַזוי שלעכט ווי איצט, און אַז עס וועלן אַוודאי נאָך קומען אַזעלכע צייטן, ווען מען וועט אין לאַנד מער ניט רודפן קיין יידן.

יידן גיבן קיינמאָל ניט אויף די האָפנונג אויף בעסערע צייטן. ווי שלעכט

עס זאָל ניט זיין אין אַ לאַנד, פאַרלירן זיי דאָך ניט דעם בטחון און זיי גלויבן, אַז מענטשן וועלן סוף־כּל־סוף ווערן בעסער, און אַז ווען זיי וועלן ווערן בעסער, וועלן זיי אויך זיין גוט צו יידן...

אויך די יידן אין דער שטאָט מאָהיליעוו, וואָס ביים דניעפּר, האָבן גע־האָפט, אַז מיט דער צייט וועט די פּוילישע באַפעלקערונג זיך אָנהויבן באַציען צו זיי בעסער. אַפילו ווען די אַרמייען פון דעם רוסישן צאַר זיינען שוין געווען אין שטאָט, האָבן די יידן ניט אויפגעגעבן די האָפענונג אויף אַ נצחון פון דער פּוילישער אַרמיי און זיי האָבן שטילערהייט אַרויסגעקוקט אויף דער צייט, ווען מען וועט די פרעמדע אַריינדרינגער פון דאָרט אַרויסטרייבן. יידן האָבן ניט געקענט פאַרגעסן די כמעלניצקי־שחיטות און זיי האָבן נאָך געדענקט די צייט, ווען דער אוקראַינישער העטמאַן האָט געשלאָסן אַ בונד מיטן צאַר פון רוסלאַנד. און ווען די יידן אין מאָהיליעוו האָבן דערהערט, אַז אַ פּוילישע אַרמיי, וואָס שטייט אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם פירשט ראַדזיוויל, גייט אויף מאָהיליעוו, זיינען זיי שטילערהייט געווען צופרידן דערפון און זיי האָבן אַרויסגעקוקט אויף דעם טאָג, ווען די פּוילישע אַרמיי וועט די שטאָט צוריק פאַרנעמען.

דער קאָמאַנדיר פון דעם רוסישן צאַרס אַרמיי אין מאָהיליעוו איז דאַן געווען איינער מיטן נאָמען פּאָקלאָנסקי, אַן אויסגעשפּראָכענער שונא־ישראל. און ווען ער האָט דערהערט, אַז די אַרמיי פון דעם פירשט ראַדזיוויל שפּאַרט זיך אַלץ נעענטער און נעענטער קיין מאָהיליעוו, און אַז אויפן וועג העלפן יידן דער פּוילישער אַרמיי מיט וואָס זיי קענען נאָר, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון מאָהיליעוו זאָל זיך צונויפקלייבן אויסער דער שטאָט ביים טויער, און ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז פון דאָרט וועט מען זיי לאָזן גיין וואוהין זיי וועלן נאָר וועלן. די רוסישע רעגירונג, האָט ער געזאָגט, לאָזט זיי אַרויס, ווייל זיי זיינען דאָך פּוילישע אונטערטאַנען, און זיי קענען זיך דעריבער גיין צוריק אין די שטעט, וואָס געהערן צו פּוילן.

די מאָהיליעווער יידן האָבן אים געגלויבט. זיי זיינען געווען זיכער, אַז אַ קאָמאַנדיר פון דעם רוסישן צאַרס אַרמיי וועט זיי אָוודאי ניט אָפּנאַרן, האָבן זיי אויסגעפאָלגט זיין באַפעל, און ווען זיי זיינען שוין אַלע, מיט די ווייבער און קינדער, געשטאַנען ביי די טויערן פון דער שטאָט גרייט צו גיין אין וועג אַריין, האָט דער רוסישער קאָמאַנדיר פּאָקלאָנסקי געלאָזט אויסרופן אין שטאָט, אַז אַלע מאָהיליעווער יידן זיינען פאַררעטער; אַז זיי האָבן דאָס באַוויזן דערמיט, וואָס זיי זיינען שוין גרייט אַריבערצוגיין צום שונא. און ער האָט געהייסן די קאָזאַקן, אַז זיי זאָלן זיי אַלע אויסהרגענען. אַפילו אויף פרויען און קליינע קינדער זאָל מען זיך ניט דערבאַרעמען.

דאָס איז געווען ביים סוף פונם זומער, אין יאָר 1655. און לויט אַן אַלטער

לעגענדע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין מאָהיליעוו, איז דאַן פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין שטאָט געבליבן ניט מער ווי איין פּאָר פאָלק, אַ מאַן און אַ פרוי. און פון זיי איז שפּעטער אַרויסגעקומען אַ נייע ייִדישע קהילה.

מאָהיליעוו איז אַלץ געבליבן אַ ייִדישע שטאָט. און ווי אין אַ ייִדישער שטאָט, האָבן דאָרט, ווי געוויינלעך, ווייטער ניט אויסגעפעלט קיין ייִדישע צרות.

***

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן צוריק פאַרנומען די שטאָט, אַריסטאָקראַטיש־לאַנדיק... 

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן צוריק פאַרנומען די שטאָט, אַריסטאָקראַטיש פון דאָרט די רוסן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט קיין אַנדערער ווי פּאַקלאַנסקי אַליין, דער זעלבער וואָס האָט באַשולדיקט די ייִדן אין פאַר־ראַט און געהייסן זיי אויסהרגענען דערפאַר, איז גאָר אַליין געווען אַ פאַררעטער. ער האָט מיט די רציחות אויף ייִדן געוואָלט צודעקן זיין פאַלשקייט. אַליין אַ פּוילישער פריץ, איז ער שטילערהייט גאָר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט פירשט ראַדזיוויל און אים געהאָלפן מיט אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט אַרויס־צוטרייבן די רוסן פון מאָהיליעוו. און ווען די שטאָט איז שוין ווידער געווען ביי די פּאָליאַקן אין די הענט, האָט מען דאָרט ווידער גענומען אָנטאָן ייִדן כלערליי צרות און נגישות. אין איינציקע טיילן פון שטאָט האָט מען זיי אינגאַנצן פאַרווערט צו בויען הייזער. אויך האַנדלען האָבן זיי ניט געקענט אומעטום וואו זיי האָבן געוואָלט. אויף שריט און טריט האָט מען זיי געלעגט שטערונגען אין וועג. אַפילו אַזאַ זאַך ווי פאַרקויפן כשר פלייש, האָבן ייִדן געמעגט בלויז לעבן דער שול, אָבער ניט אויף קיין אַנדער אָרט. אַלעמאָל האָט מען צוגעטראַכט עפּעס אַ נייס צו דערגיין ייִדן די יאָרן און זיי פאַראומערן דאָס לעבן. און אין יאָר 1692 האָט מען אויף זיי געמאַכט אַ בלבול, אַז זיי דערהרגענען קריסטלעכע קינדער, כדי צו באַנוצן זייער בלוט אויף פּסח.

שטענדיק איז דער בלוט־בלבול געווען דאָס אויסגעפּרואווטע מיטל אָנצו־קלאָגן איין ייִדן און דערמיט באַשולדיקן דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק.

דער אָנגעקלאָגטער אין דעם בלבול איז געווען דער חזן פון שטאָט, ר׳ לייב אוריאַשעוויטש. לויט דער קלאָגע, וואָס מען האָט צונויפגעשטעלט, האָט עס געזאָלט הייסן, אַז אַ פּויער מיטן נאָמען גאַוורילאַ לאַפּאַ איז מיט ווייב און קינדער אַוועק קיין מאָהיליעוו זוכן אַרבעט, און דאָרט האָט ער איין קינד, אַ מיידעלע מיטן נאָמען מאַרינע, אַוועקגעגעבן דעם חזן ר׳ לייב אוראַשעוויטש פאַר אַ דינסט; מאַרינע האָט ביים חזן אין שטוב אָפּגעאַרבעט צוויי וואָכן, און איינמאָל, אינם טאָג פון דעם 27טן מאַרטש, האָט מען געבראַכט אין שטוב אַריין עטלעכע רבנים מיט בערד, און ווען זיי האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט אין אַ רייע, איז דער חזן אָנגעפאַלן אויף דער מאַרינע און האָט זי אַזוי לאַנג געשלאָגן

ביז עס האָט איר אָנגעהויבן גיין בלוט פון דער נאָז; דאָס בלוט האָט מען אַריינ־געגאָסן אין אַ פלעשל, כדי מען זאָל עס באַנוצן אין די מצות, וואָס מען וועט באַקן אויף פסח, און נאָכדעם האָט מען די מאַרינע אַזוי געפּייניקט און גע־מוטשעט, אַז זי האָט דאָס שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן, און מיט פיר טעג שפּעטער איז זי געשטאָרבן.

אַזאַ ווילדן אומזין האָט מען דאַן, אינם יאָר 1692, צונויפגעטשאָבעט אויף שנעל און לזיט אַן אַלטן פּזמון, כדי צו ברענגען ני״ע צרות אויף די יידן אין דער שטאָט מאָהיליעוו, וואָס ביים ד׳ניעפּר. מען האָט זיך אינגאַנצן ניט גע־רעכנט דערמיט, וואָס נאָך פריער, אינם 16טן יאָרהונדערט האָט דער פּוילישער קעניג סטעפאַן באַטאָרי בפירוש אָנגעזאָגט, אַז ווער עס וועט נאָר פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פסח, זאָל באַשטראָפט ווערן מיטן טויט, ווען ער וועט ברענגען אַזאַ קלאָגע. ביי ד׳י מענטשן, וואָס האָבן דאַן אין מאָהיליעוו דעם בלוט־בלבול געמאַכט, איז דער עיקר געווען צו מאַכן יידן אַ שלעכטן נאָמען און געפינען אַן אויסרייד זיי נאָך מער צו פאַרפאָלגן. און דאָס האָבן זיי דערגרייכט.

עס איז ניט אויסצוזרעכענען און ניט איבערצוגעבן די אַלע צרות, וואָס די יידן אין מאָהילעוו זיינען זיך אויסגעשטאַנען אין די אַלע יאָרן, וואָס זיי האָבן דאָרט געלעבט. און צו די שטענדיקע און געוויינלעכע צרות איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס די שטאָט איז אין די צייטן פון מלחמות איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט; די פּאָליאַקן און די רוסן האָבן זיך געריסן איבער איר. אויך אַנדערע פעלקער האָבן זיך איבער איר געריסן. אַלע האָבן געוואָלט איינשליסן אין די גרענעצן פון זייער מלוכה די שטאָט, וואָס שטייט ביים ברעג פון דעם ד׳ניעפּר. און אין יאָר 1708, ווען פּיאָטער דער גרויסער האָט זיך דאָרט געשלאָגן מיטן שוועדישן קעניג קאַרל, וועלכער האָט זייער שטאַרק חשק געהאַט צו פאַרכאַפּן גאַנץ אוקראַינע, וויל „ער האָט ניט געהאַט וואָס צו עסן און אויך ניט מיט וואָס צו שיסן", ווי דער רוסישער היסטאָריקער קליוטשעווסקי דריקט זיך אויס, האָט פּיאָטר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל די גאַנצע שטאָט מאָהיליעוו פאַרברענען אויפן פייער. דער באַפעל פון דעם שטרענגן צאַר איז פּינקטלעך דורכגעפירט געוואָרן. מען האָט די שטאָט מאָהיליעוו אָנגעצונדן פון אַלע פיר זייטן און אַלץ איז דאָרט אַוועק מיטן רויך. דאַן האָט מען געמיינט, אַז עס איז שוין אויס מאָהיליעוו; אַז די שטאָט איז שוין אינגאַנצן אָפּגעווישט פון דעם פּנים פון דער ערד, און מער ווי אַן אָנדענק פאַר די דורות, וואָס וועלן קומען שפּעטער, וועט שוין פון איר אַוודאי ניט פאַרבלייבן. אָבער מען האָט מאָהיליעוו צוריק אויפגעבויט. מאָהיליעוו איז ווידער געוואָרן אַ שטאָט און עס האָבן דאָרט ווידער געוואוינט יידן, וואָס האָבן ווייטער געפירט אַ יידיש לעבן.

***

אַ רוסישע שטאָט איז מאָהיליעוו געוואָרן ערשט אינם יאָר 1772, אין די צייטן פון יעקאַטערינע דער צווייטער. פון דאַן אָן איז שוין די שטאָט אויף שטענדיק געבליבן אין די הענט פון די רוסן, און אַזוי ווי זי איז שטענדיק געווען אַ טייל פון דער „טשערטאַ", וואו יידן אין רוסלאַנד האָבן געמעגט וואוינען, איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָרט וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, און עס זיינען געווען צייטן, ווען די יידישע באַפעלקערונג איז דאָרט געווען גרעסער פון דער קריסטלעכער.

די ערשטע צייט האָבן זיך די יידן ניט וויינִיק געשראָקן. ווען מאָהיליעוו איז געוואָרן אַ רוסישע שטאָט, האָבן די יידן מורא געהאַט, אַז מיט די רוסן וועט זיי זיין נאָך שווערער אויסצוקומען ווי מיט די פּאָליאַקן. זיי האָבן ניט געקענט די רוסישע שפּראַך און געהאַט אַ שוואַכן באַגריף וועגן דעם, וואָס פאַר אַ מענטשן די רוסן זיינען און מיט וואָס מ'קען ביי זיי געפינען חן אין די אויגן. בכלל, האָבן זיי זיך פאַר דער נייער אָרדענונג געשראָקן, ווי מען שרעקט זיך געוויינלעך פאַר אַ נייער זאַך, וואָס ווערט אַרויפגעצוואונגען מיט גוואַלד. די נייע הערשער, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אַפילו צונויפרעדן ניט געקענט, זיינען זיי געווען פרעמד. זיי האָבן ניט געוואוסט מיט וואָס מען קען זיי „איינבייסן" און ווי אַזוי מען קען געווינען זייער גוטן ווילן. און וועגן יענער צייט ווערט דערציילט אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וואָס איזווירקלעך זייער כאַראַקטעריסטיש:

ווען די יידן אין מאָהיליעוו,—דערציילט מען,—האָבן דעמאָלט דערהערט, אַז מען האָט שוין פון פּעטערבורג אַריינגעשיקט אין שטאָט אַ רוסישן נאַטשאַלניק, און אַז רופן רופט מען דעם דאָזיקן נאַטשאַלניק „קאַפּיטאַן־איספּראַווניק", האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך ניט געקענט געבן קיין עצה וואָס צו טאָן מיט אים.

ווי געוויינלעך, האָבן זיי זייער שטאַרק געוואָלט, אַז דער נאַטשאַלניק זאָל זיין גוט צו זיי, איז דעריבער געבליבן, אַז מען זאָל אים צושיקן אַ מתנה, כדי אויף אַזאַ אופן זיך איינצוקויפן ביי אים. זיי זיינען געווען זיכער, אַז קיין בעסערע זאַכן ווי שיקן אַ מתנה קען געוויס ניט זיין. זיי האָבן דאָס געוואוסט פון דער לאַנגער דערפאַרונג, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט די פוילישע שררות פון כל־המינים. אָבער פונקט דאַן, ווען זיי זיינען שוין געווען גרייט צו שיקן דעם רוסישן נאַטשאַלניק אַ מתנה, האָט איינער זיך אָנגערופן, אַז דאָס איז פּשוט סכנות־נפשות.

— פאַרוואָס איז דאָס סכנות־נפשות?

— ווייל איך האָב געהערט, — האָט ער געזאָגט, — אַז די רוסישע נאַטשאַל־ניקעס זיינען ניט אַזוי ווי די פּוילישע. זיי נעמען ניט קיין מתנות, ווייל דאָס, זאָגן זיי, איז כאַבאַר; עס איז גענוג, אַז מ׳זאָל אַ רוסישן נאַטשאַלניק בלויז אָנ־באָטן כאַבאַר, כדי זיך איינצוקויפן ביי אים, ווערט ער גליך אַן אָנגעצונדענער און ער הענגט־אויף דעם שולדיקן אויף אַ תליה, און בשעת יענער הענגט, שטופּט ער אים אַריין דאָס געלט אין מויל אַריין, ער זאָל זיך דערמיט דערוואָרגן, און ווען דער אויפגעהאַנגענער איז שוין טויט, וואַרפט ער אים אַרויס פאַר די הינט...

אַזוי האָט דער ייד דערציילט. ער האָט דאָס, האָט ער געזאָגט, אַליין געהערט פון אַ סך מענטשן, וועלכע ווייסן וואָס זיי רעדן. עס איז ניט קיין אויס־געטראַכטע זאַך, האָט ער געזאָגט, נאָר דער ריינער אמת.

דאָס האָט די מאָהיליעווער יידן גאָר שטאַרק צעטומלט. אויף אַזאַ „גזירה" האָבן זיי זיך ניט געריכט. האָט מען גוזר תענית געווען, געדופן אַ גרויסע אַסיפה אין „קאַלטן" בית־המדרש, געדאַווענט גרויס־מנחה, געלייענט „ויחל", און נאָכדעם איז דער רב אַרויף אויפן באַלעמער, און אין דער דרשה וואָס ער האָט געהאַלטן וועגן דער נייער לאַגע, אין וועלכער די מאָהיליעווער יידן גע־פינען זיך איצט, האָט ער געזאָגט, אַז פונדעסטוועגן דאַרף מען דעם בטחון ניט פאַרלירן, און מען דאַרף דאָך פּרואוון; אפשר איז דאָס גאָר ניט אַזוי ווי מען זאָגט? עס געשיקט זיך דאָך ניט, אַז די רוסן זיינען טאַקע אַזעלכע רוצחים!... וואָס הייסט עפּעס אַ נאַטשאַלניק נעמט ניט, ווען מען שיקט אים צו אַ מתנה, כדי דערמיט צו פועלן ביי אים, אַז ער זאָל האָבן גאָט אין האַרצן און זיין גוט צו יידן? אויב אַפילו מען זאָל זאָגן, אַז דאָס איז כאַבאַר, דאַרף מען דערפאַר נעמען אַ מענטשן און אים אויפהענגען און אים דערנאָך אַרויסוואַרפן פאַר די הינט? עס קען ניט זיין! עפּעס לעגט זיך דאָס ניט אויפן שכל!...

אָבער ווי אַזוי געפינט מען פאָרט אויס דעם אמת?

איז געבליבן, אַז איינער זאָל זיך פשוט מוסר־נפש זיין און אָוועקטראָגן צום רוסישן „קאַפּיטאַן איספּראַווניק" אַ צוויי הונדערט קערבלעך, וואָס קהל וועט געבן. און גאָר גוט וואָלט געווען, ווען דער איינער, וואָס וועט זיין גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין, זאָל זיין אַזאַ ייד, וואָס קען כאָטש אַ ביסל רעדן רוסיש...

און טאַקע באַלד האָט זיך אין דעם מאָהיליעווער „קאַלטן" בית־המדרש געפונען אַזאַ ייד. דאָס איז געווען דער אַלטער ר׳ עזריאל הכהן, וואָס איז אַמאָל געווען אַ סוחר און וועלכער פלעגט אין די יינגערע יאָרן אָפט פאָרן קיין פּאָלטאַווע צוליב די געשעפטן, וואָס ער האָט געפירט. „איך קען אַ ביסל רוסיש, האָט ר׳ עזריאל געזאָגט, און אַזוי ווי איך בין שוין סיי־ווי־סיי אַ זקן און איך האָב שוין מיין לעבן אָפּגעלעבט, בין איך גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין פאַרן

כלל, און איך וועל דעם „קאַפּיטאַן־איספּראַווניק״ אַטעקטראַגן די צוויי הונדערט קערבלעך, און זאָל ער מיט מיר טאָן וואָס ער וויל! אויב עס איז מיר באַשערט צו בלייבן לעבן, איז אַוודאי גוט. און אויב, חלילה, ניט, וועל איך שטאַרבן מיטן געדאַנק, אַז פאַרן טויט האָב איך זיך מוסר־נפש געווען פאַרן כלל.״

פאַרן אַוועקגיין צום „קאַפּיטאַן־איספּראַווניק״, וואָס האָט מיט זיין קומען קיין מאָהיליעוו אַזוי צערודערט די גאַנצע שטאָט, האָט ר׳ עזריאל אַנגעטאָן תכריכים, מחמת ער האָט דאָך מורא געהאַט אַז עס קען זיין, אַז מען וועט אים אויפהענגען, ווען ער וועט ברענגען די צוויי הונדערט קערבלעך. ער האָט אויך אָפּגעזאָגט ווידוי און זיך געזעגנט מיט אַלעמען. און ווען ער איז אַוועק דורכפירן די שליחות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, האָבן אַלע יידן אין „קאַלטן״ בית־המדרש געזאָגט תהילים און געבעטן גאָט פאַר אים. און ווען ס׳איז אַוועק אַן ערך אַ שעה און מען האָט אים ניט געזען קומען צוריק, איז מען געוואָרן זייער אומרואיק, און אַלע מאָל איז אַן אַנדער ייד צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט אין דרויסן.

מיטאַמאָל האָט איינער פון די, וואָס האָבן געקוקט אין פענצטער, אויסגע־שריגן אויפן קול:

— יידן, ר׳ עזריאל גייט!

און ווען דער אַלטער ר׳ עזריאל איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש, זיינען אַלע גלייך צוגעלאָפן צו אים. אַלע האָבן געוואָלט וויסן וואָס עס איז געשען, און ר׳ עזריאל האָט צופרידן געשמייכלט און ער האָט דערציילט:

— עס איז געשען אַ נס, — האָט ער געזאָגט. — ווען איך בין אַריינ־געקומען צו אים, צום אָדון־הגדול אַליין, האָב איך זיך לכתחילה שטאַרק דער־שראָקן. ער איז געווען מלא רציחה, אָבער ניט אויף מיר, נאָר גאָר אויף דער מלוכה, פאַרוואָס מען האָט אים געשיקט אַהער קיין מאָהיליעוו, וואו ער איז אינגאַנצן אַ פרעמדער. ער האָט זיך געבייזערט אויף דעם „דיענשטשיק״ זיינעם און געשריגן אויפן קול, אַז מאָהיליעוו איז פאַר אים קיין שטאָט ניט, און ער קען זיך מיט קיינעם ניט צונויפרעדן מחמת דעם, וואָס דאָ רעדן אַלע אָדער פּויליש, אָדער יידיש. קיין רוסיש קען דאָ קיינער ניט רעדן, און ס׳איז פאַר אים אַן אָפּ־קומעניש דאָ צו זיין. און פּונקט דאַן, ווען ער האָט אַזוי געגוואַלדעוועט און געשריגן, בין איך מיר אַריינגעקומען, זיך פאַרנויגט פאַר אים און האָב צו אים געזאָגט אויף רוסיש:

„וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, איך בין געקומען איך באַגריסן אינם נאָמען פון דער יידישער קהילה אין מאָהיליעוו.״

— און ווען ער האָט דערהערט ווי איך רעד צו אים רוסיש, איז ער ממש נשתומם געוואָרן:

## מאָהיליעוו ביים דניעפּר

„זע נאָר — האָט ער זיך געחידושט — אַ זשיד אין מאָהיליעוו רעדט רוסיש! ווי קומט דאָס צו דיר, אַלטיטשקער?"

— נו, האָב איך אים געענטפערט — און טאַקע ווידער אויף רוסיש — אַז אין די יונגע יאָרן פלעג איך אָפט פאָרן קיין פּאָלטאַווע אויף די יאַרידן און דאָרט האָב איך זיך אויסגעלערנט רעדן רוסיש. איך האָב אים אויך דערציילט — און אַלץ אויף רוסיש — אַז מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַן אַסיפה און אַז מיך האָט מען אויסגעקליבן פאַרן שליח צו גיין צו אים און אים באַגריסן. און ווען ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער קודם־כל געהייסן דעם „דיענשטשיק" זיינעם אַרויסגיין, און ווען מיר זיינען געבליבן אַליין, און ער האָט מיך געגעבן אַ פרעג צי איך האָב עפּעס אַ בקשה צו אים, האָב איך אַרויסגענומען דאָס חומשל, וואָס איך האָב מיטגענומען מיט זיך, מחמת דעם וואָס דאָרט האָב איך נאָך פריער אַוועקגעלייגט די צוויי הונדערט קערבלעך, וואָס מ'האָט מיר מיטגעגעבן, און אַוועקגעלייגט האָב איך זיי אויפן בלאַט, וואו ס'זיינען פאַרשריבן די „עשרת הדברות"; געעפנט דאָס חומשל, האָב איך אַרויסגענומען דאָס געלט, און אַוועקלעגנדיק דאָס אויפן טיש, האָב איך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מתנה פאַר אים פון דער יידישער קהילה אין מאָהיליעוו.

— הענט און פיס האָבן מיר געציטערט, ווען איך האָב פאַר אים אויפן טיש דאָס געלט אַוועקגעלייגט — האָט דער אַלטער ר' עזריאל ווייטער דער־ציילט. — אָבער איך בין געווען גרייט אויף אַלץ, אַפילו אויפן טויט. און וואָס, מיינט איר, האָט ער געטאָן, דער אָדון הגדול אַליין? ער האָט דאָס געלט פינקטלעך איבערגעציילט און האָט עס אַריינגעלעגט אין קעשענע, און נאָכדעם מאַכט ער צו מיר אַזוי:

„גוט! אַ דאַנק דיר, אַלטיטשקער, און איך דאַנק אויך די, וואָס האָבן דיך צו מיר געשיקט."

— פון דעם אופן ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָב איך ניט געקענט וויסן, צי ער מיינט דאָס טאַקע, אָדער ס'איז בלויז אַן אָנשטעל אַזאַ. איך האָב זיך נאָך אַלץ געריכט אויפן ערגסטן. איך האָב זיך דאָך שטאַרק געשראָקן. און נאָך מער האָב איך זיך אָנגעהויבן שרעקן, ווען איך האָב דערזען ווי מיטאַמאָל שטעלט ער אָן די אויגן אויף מיר און ער מעסט מיך אָפּ מיט די בליקן פון אויבן ביז אַראָפּ.

„און וואָס איז דאָס?" — האָט ער ביי מיר געפרעגט, און אָנגעוויזן אויף די ווייסע תכריכים, וואָס ער האָט ביי מיר דערזען אונטער דער שוואַרצער קאַפּאָטע. — „וואָס איז דאָס?"

— דאָס זיינען תכריכים — האָב איך אים געענטפערט. — ביי אונדז יידן איז איינגעפירט, אַז ווען איינער שטאַרבט, טוט מען אים אָן ווייסע תכריכים...

און איך, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, בין, ווי איר זעט, שוין אַ זקן, און איך ריכט זיך יעדן טאָג אויפן טויט. אַ מענטש איז דאָך ניט ביי זיך אין די הענט. נו, איז פאַרשטייט איר מיך, בין איך גרייט און איך האָב דעריבער אָנגעטאָן די תכריכים איידער איך בין געגאַנגען צו אייך... איך בין גרייט. טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט!...

— נו, ווייטער, ווייטער! — זיינען אַלע יידן אין „קאַלטן" בית־המדרש געוואָרן זייער נייגעריק — דערציילט, ר' עזריאל, וואָס איז געווען ווייטער?

און דער אַלטער ר' עזריאל האָט דערציילט:

— ווען איך האָב דערזען ווי ער, דער אדון־הגדול, הויבט אָן ציען מיט די אַקסלען און נעמט אַלץ ניט אַראָפּ די אויגן פון מיר, האָב איך געמיינט, אַז אָט קומט עס שוין, און ער וועט מיך שוין אַוודאי קיין לעבעדיקן ניט אַרויסלאָזן, האָב איך גענומען דאָס חומשל אין די הענט אַריין און האָב צו אים געזאָגט — און אַלץ אויף רוסיש, עס פאַרשטייט זיך — וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, — האָב איך צו אים געזאָגט, — איר זעט, דאָס איז אַ חומשל, אונזער תורה, וואָס גאָט האָט אונדז געגעבן אויפן באַרג סיני, און דאָס זיינען די עשרת הדיברות, די צען געבאָט, וואָס אַלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט דאַרפן אָפּהיטן. איז ביי אָט דעם חומשל, ביי אונדזער הייליקער תורה, בין איך גרייט צו שווערן פאַר אייך, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, אַז איך וועל קיינעם ניט דערציילן וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען צווישן אונדז ביידן. יאָ, איך בין גרייט אייך צו געבן אַ שבועה, אַ הייליקע שבועה, אַז קיינער וועט ניט וויסן, אַז איר האָט ביי מיר גענומען געלט!... אָט אַזוי האָב איך צו אים געזאָגט. טאַקע מיט די ווערטער. און ווייסט איר, וואָס ער האָט מיר דערויף געענטפערט? ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, דער אַדון־הגדול; ער האָט זיך ממש געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער, און, לאַכנדיק, האָט ער צו מיר געזאָגט:

„נאַר איינער! פאַרקערט. איך וויל, אַז דו זאָלסט דאָס יאָ דערציילן. דערצייל דאָס אַלעמען, און זאָלן אַלע וויסן, אַז איך נעם"...

די דאָזיקע געשיכטע, וואָס קלינגט אַנעקדאָטיש, ווערט אָנגעגעבן ווי אַ היסטאָרישער פאַקט אין די זכרונית פון דעם מאָסקווער רב ר' יעקב מזאה, וועלכער איז געווען אַ מאָהיליעווער. ער שטעלט זיך דאָרט אָפּ דערויף גאַנץ אויספירלעך אין אַ באַזונדער קאַפּיטל, און ער פאַרזיכערט, אַז ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, האָט ער דאָס ניט איין מאָל געהערט פון זיין זיידן און אויך פון אַנדערע אַלטע מאָהיליעווער יידן, וואָס פלעגן אַריינקומען צו זיין זיידן אין שטוב*).

*) הרב יעקב בן ישעיהו מזא"ה: זכרונות, כרך ד, אינעם קאַפּיטל „השוחד הראשון".

כאַראַקטעריסטיש איז אָבער די געשיכטע סיי־ווי־סיי. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם רעזשים, וואָס האָט אין רוסלאַנד געהערשט אונטער די צאַרן, און כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר דער טרויעריקער לאַגע, אין וועלכער עס האָבן זיך אין יענע צייטן געפונען די יידן.

*
**

עס איז די מאָהילעווער יידן אַ לאַנגע צייט געווען שווער צו פועלן ביי זיך, אַז זיי זיינען שוין רוסישע אונטערטאַנען. דער רעזשים פון די צאַרן האָט זיך שווער געלעגט אויף זיי אַפילו דאַן, ווען עס איז אין שטאָט געווען אַ „גוטער" איספּראַווניק, אָדער אַן אַנדער נאַטשאַלניק, וואָס האָט אַמאָל גע־קענט טאָן יידן אַ טובה, ווען מען האָט אים גוט באַלוינט דערפאַר. און אַפילו נאָכדעם ווי עס זיינען שוין אַוועק עטלעכע צענדליק יאָר, האָבן מאָהילעווער יידן, אַפילו גאָר פרומע, נאָך אַלץ ניט געקענט פועלן ביי זיך, אַז דער רוסישער צאַר איז זייער מלך און אַז זיי דאַרפן אים בענטשן און לויבן.

דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס נאָכדעם ווי מוראַוויאָוו האָט אינם יאָר 1830 אונטערדריקט דעם פּוילישן אויפשטאַנד און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אין אַלע שולן און בתי־מדרשים זאָל מען שבת און יום־טוב זאָגן אַ תפילה פאַרן קיסר, האָבן די יידן אין מאָהילעוו קיין חשק ניט געהאַט דאָס צו טאָן: זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ גזירה, און שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע, האָט קעגן דעם אויסגעדריקט אַ פּראָטעסט דער חזן ר' מרדכי, וועלכער איז געווען זייער אַ פרומער.

ווען מ'האָט ר' מרדכי דעם חזן געלאָזט וויסן, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועט ער שבת און יום־טוב בעטן גאָט פאַרן רוסישן קיסר און זאָגן ביים עמוד „הנותן תשועה למלכים הוא יברך את אדונינו הקיסר", איז ער געקומען צום רב און האָט צו אים געזאָגט:

— רבי, איך קען דאָס ניט! אויף דער עלטער זאָל איך מטמא זיין מיינע ליפּן און אין אַ מקום־קודש בעטן גאָט פאַר אַזאַ רשע, פאַר אַזאַ אויסוואורף?! אויב דאָס איז אַ גזירה, איז זאָל מען אָנשטעלן אַן אַנדער חזן און זאָל ער דאָס טאָן. איך קען ניט, און איך זאָג זיך דעריבער אָפּ פון חזנות!

און ווען מ'האָט ר' מרדכין געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער טאָר זיך פון דעם ניט אָפּזאָגן, ווייל ס'איז פשוט אַ סכנה פאַר אים, איז ער געפאַלן אויף אַ שכל: ער האָט אָפּגעמאַכט מיט די משוררים, אַז אַלע מאָל, ווען ער וועט אין דער תפילה „הנותן תשועה למלכים" קומען צו די ברכות, וואָס מ'דאַרף געבן דעם רוסישן קיסר, זאָלן זיי אַלע, אָן ווערטער, אָנהויבן זינגען אין דער הויך אויפן

קול. און פונקט דאָן ווען זײ משוררים האָבן געמאַכט אַזעלכע קולות, אַז מ׳האָט ניט געקענט הערן אַ וואָרט, האָט דער אַלטער מאָהיליעווער חזן ר׳ מרדכי געגעבן דעם רוסישן קיסר די אמתע „ברכות״. אַנשטאָט „יברך וישמור וינצור״, האָט ער גאָר געזאָגט „תעקר ותשבר ותמגר״, און ווען די משוררים האָבן אויפ־געהערט שרייען, האָט ער געענדיקט מיט די ווערטער פון דער תפילה, אַז „אין זיין צייט און אין אונדזער צייט זאָל קומען אַ ישועה אויף יידן.״

און ער האָט געהאַט וועמען צו שילטן און פאַרוואָס צו שילטן, דער פרומער מאָהיליעווער חזן ר׳ מרדכי. דער קיסר פון רוסלאַנד אין יענער צייט איז געווען ניקאָלאַי דער ערשטער.

עס זיינען אין מאָהיליעוו געווען אָנגעזעענע רבנים און לומדים, מיט וועלכע מ׳האָט זיך אומעטום שטאַרק גערעכנט. צווישן זיי האָט מען געקענט גע־פינען אַזעלכע, וואָס זיינען זייער שאַרף ביים געבן אַזאַ ענטפער ווי מ׳פאַרדינט. און איינער פון זיי איז געווען דער מאָהיליעווער רב ר׳ שמחה, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין שאַרפקייט.

דערציילט מען וועגן ר׳ שמחהן, אַז ער איז איינמאָל געפאָרן אין באַן קיין דרוזגעניק אויף אַן אַסיפה פון רבנים. ווען מען איז אַריינגעפאָרן טיף אין דער ליטע און עס האָבן אין וואַגאָן אָנגעהויבן אַרייַנקומען ליטווישע לומדים, וואָס האָבן זיך צערעדט מיט אים, האָבן זיי אין זיין אויסשפּראַך דערקענט, אַז ער איז ניט קיין ליטוואַק, און אַז ער קומט אַוודאי פון רייסען. און אַזוי ווי זיי, די ליטווישע לומדים, זיינען געווען זיכער, אַז אַ ייד, וואָס קומט ניט פון דער ליטע, מוז אַוודאי זיין אַן עם־הארץ, האָט אים איינער פון זיי געשטעלט אַ פראַגע:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ר׳ ייד, וואָס פאַר אַ סדרה גייט היינטיקע וואָך?

דאָס האָט ר׳ שמחהן שטאַרק פאַרדראָסן, ווייל ער האָט דאָך גלייך געכאַפּט די כוונה דערביי. איז אַנשטאָט צו ענטפערן דעם עזות־פּנים וואָס פאַר אַ סדרה עס גייט היינטיקע וואָך, האָט ער אים אויך געשטעלט אַ פראַגע:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ר׳ ייד, וויפל מאָל ווערט דערמאָנט דער נאָמען פון דעם אמוראי רב פּפּא אין דער גמרא?

דערהערט אַזאַ פראַגע, איז דער ייד געבליבן זיצן אַ צעטומלטער:

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט ער געזאָגט. — איך פרעג ביי אייך וואָס פאַר אַ סדרה עס גייט היינטיקע וואָך, ענטפערט איר מיר ניט דערויף און איר פרעגט גאָר ביי מיר וויפל מאָל עס ווערט דערמאָנט דער נאָמען רב פּפּא אין דער גמרא!...

— וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין? — האָט ר׳ שמחה אים געענטפערט

מיט אַ שמייכל. — דער שטייגער איז צו פרעגן ביי יענעם אַזוינס, אויף וואָס מען קען אַליין גלייך געבן דעם ענטפער. נו, האָט איר מיר געשטעלט אַ פראַגע, אויף וועלכער איר קענט גלייך געבן דעם ענטפער, און איך האָב אייך גע־שטעלט אַ פראַגע, אויף וועלכער איך קען גלייך געבן דעם ענטפער. איצט פאַרשטייט איר שוין?

און דער ליטוואַק האָט פאַרשטאַנען, און ער האָט שוין דעם מאָהיליעווער רב ר' שמחהן מער קיין קשיות ניט געשטעלט.

⁂

צווישן די גאָר גרויסע רבנים אין דער שטאָט מאָהיליעוו וואָס ביים דניעפּר, איז געווען דער באַרימטער מלבי״ם, (ר' מאיר־לייבוש קעמפּנער), וואָס האָט אָנגעשריבן אַ פּירוש אויף דער תורה און זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען ביי יידן מיט נאָך אַנדערע וויכטיקע ספרים.

דער מלבי״ם אַליין איז ניט געווען קיין ווייס־רוסישער, נאָר אַן אוקראַינער ייד. ער איז געבאָרן געוואָרן אין דעם שטעטל וואָלאָטשיסק, וואָלינער גובערניע. אין דער עלטער פון ניין און צוואַנציק יאָר איז ער שוין געווען אַ רב אין פּויזן און ער האָט מיט זיין לומדות געשמט אומעטום, וואו עס זיינען נאָר געווען יידן, וואָס האָבן געלערנט. אויך אין בוקאַרעשט, אין דער הויפּט־שטאָט פון רומעניע, איז ער שפּעטער געווען אַ רב, און ווייל ער איז דאָרט אַרויס־געטראָטן קעגן די, וואָס האָבן געפּרעדיקט רעפאָרמען אין יידישקייט, האָט מען אים אַזוי לאַנג פאַרפאָלגט און אַזוי לאַנג געגראָבן אויף אים ביז מען האָט אים, אויפן באַפעל פון דער רעגירונג, אַריינגעזעצט אין געפענגעניש, און ווען משה מאָנטעפיאָרע איז געקומען קיין בוקאַרעשט זיך משתדל צו זיין פאַר די יידן אין רומעניע, האָט ער זיך אויך פאַראינטערעסירט אין דעם סכסוך, וואָס דער מלבי״ם האָט געהאַט מיט די רעפאָרמער, און ער האָט ניט גערוט ביז מען האָט דעם גרויסן יידישן למדן פון אוקראַינע אַרויסגעלאָזט פון געפענגעניש, אָבער פאַרבלייבן אין בוקאַרעסט האָט דער מלבי״ם שוין ניט געקענט; דער באַ־דינג איז געווען, אַז גלייך נאָכדעם ווי מען לאָזט אים אַרויס פריי, מוז ער פאַר־לאָזן רומעניע און מער קיינמאָל ניט קומען אַהין.

ווען מען האָט דעם מלבי״ם, אינם יאָר 1870, געבראַכט קיין מאָהיליעוו, ער זאָל דאָרט זיין דער רב, איז ער שוין ניט געווען קיין יונגערמאַן; ער איז דאַן אַלט געווען איין און זעכציק יאָר. אָבער די ענערגיע און דעם מוט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אין די צייטן ווען ער איז געווען רב אין מאָהיליעוו, איז ממש געווען צו באַוואונדערן; אין זיין קאַמף פאַר דעם וואָס ער האָט געהאַלטן

פאַרן עיקר פון יידישקייט, און יידישער מאָראַל, האָט ער זיך ניט געשראָקן פאַר קיינעם — ניט פאַר די רייכע, וואָס האָבן געקוקט קרום דערויף וואָס אין זיינע דרשות זאָגט ער מוסר פאַרוואָס מען העלפט ניט גענוג די אָרעמעלייט, און אויך ניט פאַר די משכילים, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פרומען פאַנאַ־טיקער, וואָס פאַרשטייט ניט דעם גייסט פון דער נייער צייט.

ווען מען האָט אים נאָר געזאָגט אַזוינס, מיט וואָס מען איז אויסן געווען אים צו טרעפן, האָט ער גלייך דערויף אָפּגעענטפערט אַזוי, אַז יענער זאָל זיך פילן נאָך מער געטראָפן.

דערציילט מען ווי איינער, וואָס האָט זיך אין מאָהיליעוו געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן חכם און אויך פאַר גאָר אַ וואַזשנעם משכיל, האָט אים אַמאָל גע־שטעלט אַ קלאָץ־קשיא.

— זאָגט מיר, רבי, — מאַכט אַזוי יענער צו אים. — איר האָט דאָך אַוודאי געהערט וואָס מען זאָגט, אַז ווען מען דערזעט אַ רב, דאַרף מען זיך אויפשטעלן, און ווען מען דערזעט אַ הונט, איז בעסער ווען מען אַנטלויפט. איר האָט דאָך אַוודאי געהערט דערפון? נו, איז ווי איז דער דין, ווען מען דערזעט מיטאַמאָל אי אַ רב, אי אַ הונט?

האָט דער מלבי״ם געענטפערט:

— קיין דין איז דאָס ניט. דאָס איז בלויז אַ מנהג, און ניט אין יעדער שטאָט איז דער מנהג דער זעלביקער. ווי מען איז זיך נוהג אין מאָהיליעוו אין אַזאַ פאַל ווייס איך ניט. אָבער דאָס קענען מיר גלייך אויסגעפינען: לאָמיר ביידע אַרויסגיין אין גאַס, וועלן מיר זען...

בכלל האָט דער מלבי״ם אין מאָהיליעוו זיך שטענדיק אַרומגעריסן מיט יענעם מין ניט דערבאַקענע משכילים, וואָס האָבן זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן און זיינען אין ערגעץ ניט דערגאַנגען. און איינמאָל, ווען ער האָט אין בית־מדרש געזען ווי מען רופט אויף צו דער תורה אַ משכיל פון יענעם טיפּ, און ער מאַכט די ברכה מיט אַ ניגון און זאָגט אַרויס אַזוי געשמאַק די ווערטער „אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו״, האָט ער, דער מאָהיליעווער רב, וואָס האָט געהאַט אַ גוטן הויש פאַר הומאָר, געגעבן אַ זאָג מיט אַ שמייכל:

— אויב אימיצער דאַרף באמת דאַנקען גאָט דערפאַר וואָס ער האָט די תורה געגעבן צו די יידן און ניט צו די גוים, איז דאָס ער, וואָס האַלט ניט פון יידישקייט. וואָרעם ווען גאָט וואָלט געגעבן די תורה צו די גויים, וואָלטן זיי אים דאָך געצוואונגען, ער זאָל אָפּהיטן אַלע געזעצן. די מלוכה וואָלט אים געצוואונגען דערצו און ער וואָלט געמוזט זיין אַ גוי צווישן גויים. אַזוי אָבער, ווייל גאָט האָט געגעבן די תורה צו די יידן, הערט ער אַלעמען ווי דעם פאַראַ־יאָריקן שניי און ער איז זיך אַ פרייער פויגל און ער טוט וואָס ער ווייל און

ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט ווען ער היט ניט אָפּ די מצוות פון דער תורה. וואָס האָט ער מורא צו האָבן, אַז די מלוכה וועט אים סיי־ווי־סיי ניט צווינגען דערצו?...

עס איז צום מלבי״ם קיין מאָהיליעוו איינמאָל געקומען אַ ייד, בעטן אַ הסכמה אויף אַ חיבור, וואָס ער האָט פאַרפאַסט. דער נאָמען פונם מחבר איז געווען יעקב, און ער האָט דעם חיבור זיינעם אַ נאָמען געגעבן „ויאמר יעקב״. האָט דער מלבי״ם אים געהייסן איבערלאָזן דעם חיבור און קומען נאָך דער הסכמה אין אַ פּאָר טעג אַרום. אין די פּאָר טעג האָט דער מלבי״ם באַוויזן איבערצו־לייענען דעם חיבור און ער האָט געזען, אַז מער ווי פּלוידעריי איז דאָרט גאָר ניטאָ. און ווען דער מחבר איז אין דער באַשטימטער צייט געקומען נאָך דער הסכמה, האָט דער מלבי״ם צו אים געזאָגט:

— מיר געפעלט זייער דער נאָמען פון אייער חיבור, און איך מוז אייך זאָגן, אַז פאַר אַזאַ חיבור ווי איר האָט אָנגעשריבן פּאַסט זיך דער נאָמען „ויאמר יעקב״ זייער גוט.

— הייסט עס, אַז ס׳געפעלט אייך? — איז דער מחבר געווען צופרידן.

— יאָ, עס געפעלט מיר, — האָט דער מלבי״ם אים געענטפערט. — און ווייסט איר פאַרוואָס? מחמת עס איז פונקט ווי אין דער תורה, אין דער פּרשה וישלח; דאָרטן שטייט אויך „ויאמר יעקב״, און יעקב, הייסט עס, האָט גע־זאָגט, אָבער ווייטער שטייט ניט וואָס ער האָט געזאָגט. עס איז גלאָט ויאמר יעקב — און געזאָגט האָט ער גאָרניט...

צווישן די זאַכן, וואָס זיינען ביי דעם מלבי״ם געווען זייער וויכטיק און וואָס ער האָט זייער הויך געשעצט, איז געווען — אַ גוט האַרץ. ער האָט געהאַלטן, אַז די גרעסטע מעלה וואָס אַ מענטש קען האָבן, איז — אַ גוט האַרץ. און אין די דרשות, צו וועלכע מען האָט זיך אין מאָהיליעוו געוויינלעך גוט צוגעהערט, האָט ער אַ סך מאָל אַרויסגעבראַכט ווי שיין עס איז צו האָבן אַ גוט האַרץ און העלפן אָרעמע און קראַנקע מענטשן מיט וואָס מען קען נאָר.

איינמאָל, ווען מען האָט אים דערציילט, אַז אין אַ שטעטל לעבן מאָהיליעוו האָבן די גבירים פאַרשטיינערטע הערצער און אַז אַלע מאָל, ווען מען קומט צו זיי מאָנען אויף צדקה, ענטפערן זיי, אַז זיי גיבן שוין אַזוי אויך גענוג, איז ער אַוועקגעפאָרן אַהין, און ווי געוויינלעך איז ער דאָרט געגאַנגען אין בית־מדרש דאַוונען, און דאָרט האָט ער געזען ווי ביים אַרויסנעמען אַ ספר־תורה פון ארון, קומען צו די שיינע בעלי־בתים, די גבירים, און זיי קושן דאָס ספר־תורה מיט דער האַנט, ווי דער שטייגער איז.

נאָכן דאַוונען האָט דער מלבי״ם דאָרט אין בית־המדרש געהאַלטן אַ דרשה, און דערביי האָט ער געזאָגט:

— אַלץ איז דאָ ביי אייך אין שטאָט קאַפּויער; די תורה קושט איר דאָ מיט די הענט, און צדקה גיט איר מיטן מויל... דאַרפן דאַרף אָבער זיין אַנדערש: קושן די תורה דאַרף מען מיטן מויל. צדקה אָבער דאַרף מען געבן מיט די הענט...

אַפילו זיך אַליין האָט דער מלבי״ם אויך געקענט אַריינזאָגן. מיט זיין שאַרפן חוש פאַר הומאָר האָט ער פשוט ניט געקענטביישטיין דעם נסיון ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו זאָגן אַ גלייך־ווערטל אויפן אייגענעם חשבון. און ווען ער האָט אָנגעשריבן זיין פירוש אויף דעם ספר דניאל און אויסגערעכנט, אַז אין דעם יאָר תרפ״ח (1928) וועט געשען דער גרויסער נס און משיח וועט קומען און יידן וועלן געהאָלפן ווערן, האָט אים אין מאָהיליעוו איינער געפרעגט:

— רבי, פאַרוואָס האָט איר דוחה געווען דעם קץ? פאַרוואָס האָט איר ניט אויסגערעכנט אַזוי, אַז עס זאָל אויסקומען, אַז משיח זאָל קומען פריער?...

— וואָס מיינט איר, — האָט דער מלבי״ם דערויף געענטפערט מיט אַ קלוגן שמייכל. — איך בין אַ נאַר? איך האָב דאָס מיט אַ כיוון אויסגערעכנט אַזוי, כדי מען זאָל מיך ביים לעבן ניט האַלטן פאַר קיין ליגנער...

ביי די אָרימע לייט אין מאָהיליעוו איז דער מלבי״ם געווען זייער באַליבט און זיי האָבן ממש געלעקט די פינגער פון זיינע דרשות, אין וועלכע ער האָט אָפט געזאָגט מוסר די גבירים און גערעדט צו זיי האַרבע רייד. די משכילים אָבער האָבן פון אים ניט געהאַלטן; זיי האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ פרו־מען פאַנאַטיקער, וואָס איז קעגן דער השכלה, דער „הימלישער טאָכטער״, און אין זייער פאַרביטערטקייט קעגן אים זיינען זיי געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן זיך אַפילו ניט אָפּגעשטעלט פאַר אַזאַ זאַך ווי צו שיקן צום גובער־נאַטאָר אַ מסירה אויף אים, אַז ער איז אַ פאָליטישער פאַרברעכער, און דאַן האָט זיך דער מלבי״ם דערשראָקן און ער איז פון מאָהיליעוו אַנטלאָפן קיין אויס־לאַנד, און דאָרט איז ער געוואָרן רב אין קעניגסבערג. אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד האָט ער זיך ערשט מיט אַ פאָר יאָר שפּעטער. דאַן האָט מען אים אין ווילנע אויסגעקליבן פאַרן שטאָטישן מגיד, אָבער דער ווילנער גובערנאַטאָר האָט די וואַלן ניט געוואָלט גוטהייסן, און ווען דער מלבי״ם איז ווידער געבליבן אָן פרנסה, האָט אים די יידישע קהילה אין קרעמענטשוג אָנגעבאָטן אָנצונעמען די שטעלע פון אַ רב ביי זיי, אָבער אויפן וועג קיין קרעמענטשוג איז ער גע־שטאָרבן, און באַערדיקט האָט מען אים אין קיעוו.

דאָס איז געווען אינם יאָר 1879. דער מלבי״ם איז דעמאָלט אַלט געווען זיבעציק יאָר.

# מאָהילעוו ביים דניעפּר

*
**

מיט דער שטאָט מאָהיליעוו איז אויך פאַרבונדן אַן אויסערגעוויינלעך אינ־טערעסאַנטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

ווען עס האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבן די רעוואָלוציע פון 1917, איז דער צאַר פון רוסלאַנד, ניקאָלאַי דער צווייטער, דאַן געווען אין דער שטאָט מאָהיליעוו, וואָס ביים דניעפּר, ווייל דאָרט איז דעמאָלט געווען די מיליטערישע הויפּט־קוואַרטיר, די „סטאַווקאַ", ווי מען האָט דאָס גערופן. און אַלע אָנגע־זעענע גענעראַלן האָבן פון דאָרט אַרויסגעגעבן די באַפעלן צו זייערע אַרמייען אויף די שלאַכטפעלדער און אויך די אָפיציעלע מעלדונגען וועגן דעם גאַנג פון דער מלחמה.

אָנגעקומען קיין מאָהיליעוו איז דער קיסר אין דעם טאָג פון ניינטן מאַרטש, און מיט אַ טאָג שפּעטער האָט אים שוין דער דעמאָלטיקער קריגס־מיניסטער ביעליאַיעוו געלאָזט וויסן טעלעגראַפיש, אַז אין פּעטראָגראַד האָבן זיך אָנגעהויבן גאַנץ ערנסטע אומרוען.

צוויי טעלעגראַמעס אין איין טאָג האָט דער קריגס־מיניסטער דאַן צוגע־שיקט צום צאַר. אין דער ערשטער טעלעגראַמע האָט ער אים געמעלדעט, אַז די אַרבעטער פון אַלע פּעטראָגראַדער פאַבריקן זיינען אַרויס אין סטרייק, און אַז עס הויבן זיך אָן אומרוען איבער דעם וואָס אין שטאָט פעלט אויס עסנוואַרג. אין דער צווייטער טעלעגראַמע האָט ער אים געמעלדעט, אַז די אַרבעטער באַ־וועגונג איז שוין אַרויס אין גאַס און די אומרוען ווערן אַלץ גרעסער און גרעסער.

דער קריגס־מיניסטער האָט אָבער, ווי עס שיינט, ניט געוואָלט אַז דער צאַר זאָל זיך שטאַרק דערשרעקן. דערצו נאָך האָט ער אַוודאי געוואָלט ווייזן ווי געטריי ער דינט אים, האָט ער אין די זעלבע טעלעגראַמעס אים געשריבן, אַז בכלל איז די לאַגע ניט געפערלעך און אַז עס וועט ניט אָנקומען שווער די בונטן איינצושטילן.

און דער צאַר האָט אים געגלויבט, אין זיין פאַרבלענדעניש האָט ער נאָך אַלץ געמיינט, אַז דאָס פאָלק איז מיט אים און אַז די אַרמיי איז אַוודאי אינגאַנצן אויף זיין זייט, און אַז ער דאַרף זיך דעריבער ניט שרעקן פאַר קיין בונטן; מען וועט אַרויסשיקן סאָלדאַטן מיט ביקסן, וועלן זיי זיך שוין מיט די בונטאַוו־שטשיקעס אָפּרעכענען און עס וועט ווידער זיין שטיל.

אַפילו נאָכדעם ווען מען האָט אים אין אַ טעלעגראַמע געמעלדעט, אַז די סאָלדאַטן אין פּעטראָגראַד האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיסן אויף דער מאַסע אין גאַס און אַז עס איז קלאָר, אַז מען קען זיך מער אויפן מיליטער אין דער קרוינ־

שטאָט ניט פאַרלאָזן, האָט דער צאַר נאָך אַלץ געגלויבט, אַז די לאַגע איז ניט אַזוי ערנסט ווי מען מיינט, און ער האָט זיך צוגעהערט צו דער עצה פון די וואָס האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וואָס מען קען איצטער טאָן איז — ברענגען קיין פּעטראָגראַד סאָלדאַטן פונם פראָנט, און זיי וועלן שוין געוויס איינשטילן די בונטן אַזוי, אַז קיינער וועט זיך שוין מער ניט דערוועגן אַרויסצורופן אַ נייעם בונט.

אויך צו דער עצה פון מיכאַאיל ראָדזיאַנקאָ האָט זיך דער לעצטער רוסישער צאַר ניט צוגעהערט. ווען ער האָט אין מאָהיליעוו באַקומען אַ טעלעגראַמע פון ראָדזיאַנקאָן, וועלכער איז דאַן געווען דער פאָרזיצער פון דער דומע, אַז מען זאָל אויפלייזן דעם אַלטן מיניסטאָרן־קאַבינעט און שאַפן אַ נייעם מיניסטאָרן־קאַבינעט, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו די פאַרטרעטער פון פאָלק אין דער דומע, האָט דער צאַר דאָס געהאַלטן פאַר אַן אומזין און גאָרניט געוואָלט קלערן אַפילו דערפון.

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד זיינען געפלויגן טעלעגראַמעס פון פּעטראָגראַד קיין מאָהיליעוו. אין יעדער טעלעגראַמע האָט מען דעם צאַר פון רוסלאַנד געגעבן עצות, אַז ער זאָל איינפירן רעפאָרמען און איינגיין אויף פשרות, ווייל אַנדערש וועט מען דעם צאָרן פון די מאַסן ניט קענען איינשטילן. אָבער ניקאָלאַי דער צווייטער האָט זיך צו די אַלע עצות ניט צוגעהערט. זיצנדיק אין דער מיליטערישער הויפּט־קוואַרטיר אין דער שטאָט מאָהיליעוו ביים דניעפּר, אַרומגערינגלט מיט גענעראַלן, וואָס האָבן זיך פאַר אים געצויגן און געבויגן, האָט ער געמיינט, אַז קיינער אין דער וועלט קען ניט ברעכן זיין מאַכט; ער איז דער געקרוינטער הערשער, ער איז דער גרויסער פירער, וועמען אַלע מוזן פאָלגן און וועלן פאָלגן, און אַלע מאָל, ווען מען האָט אים געבראַכט אַ נייע טעלעגראַמע מיט אַן עצה וועגן נויטיקע רעפאָרמען אין דער פּאָליטיק פון לאַנד, האָט ער געענטפערט, אַז ער דאַרף ניט קיין עצות — ער ווייסט אַליין וואָס ער האָט איצט צו טאָן.

ווען די לאַגע איז שוין געווען אַזאַ, אַז יעדער איינער האָט שוין געקענט זען וואוהין דער רעוואָלוציאָנערער שטראָם גייט, האָט דער צאַר אין מאָהיליעוו נאָך אַלץ געמאַכט פּלענער ווי אַריבערצוברענגען מיליטער פונם פראָנט איינצושטילן און אונטערדריקן די אומרוען אין פּעטראָגראַד. ער האָט שוין אַפילו געהאַט באַשטימט אַ גענעראַל, וואָס זאָל אויף זיך נעמען די גרויסע אויפגאַבע צו אונטערדריקן דעם רעוואָלוציאָנערן אויסברוך אָן רחמנות און אים דערטרינקען אין בלוט. דאָס איז געווען דער גענעראַל איוואַנאָוו. און ווען דער צאַר איז שוין געווען פאַרטיק מיטן פּלאַן, האָט ער זיך פון מאָהיליעוו געלאָזט פאָרן קיין צאַרסקאָיע סעלאָ און ער האָט שוין אַוודאי געטרוימט וועגן דער

פרײלעכער בשורה, וואָס ער וועט געוויס הערן אין גיכן, אַז זיין גענעראַל האָט דעם רעוואָלוציאָנערן אויסברוך אין דער קרוינשטאָט אונטערדריקט. אָבער אויפן וועג האָט ער באַקומען ידיעות, וואָס האָבן אים שטאַרק צעטומלט; ער האָט זיך מיטאַמאָל דערוואוסט, אַז ער קען גאָר מער ניט פאָרן וואוהין ער וויל, ווייל ווייטער, אויפן וועג קיין צאַרסקאָיע סעלאָ, געפינט זיך שוין גאָר די אייזנבאַן־ליניע אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערן. און ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער שטאָט פּסקאָוו, איז ער שוין געווען אַזוי געפאַלן ביי זיך, אַז ער האָט שוין מער גאָרניט געקענט טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך ווי געבן באַפעלן, אַז מען זאָל אונטערדרדיקן דעם רעוואָלוציאָנערן אויסברוך; ער האָט זיך דאַן מיט אַמאָל עפּעס ווי אויסגעניכטערט פון אַ שיכרות, וואָס האָט אים די גאַנצע צייט געהאַלטן אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ער האָט ניט געקענט זען קיין זאַכן אין זייער ריכטיקן געשטאַלט. און ווי ער האָט זיך נאָר פון דער דאָזיקער שיכרות אויסגעניכטערט, איז שוין פאַר אים געוואָרן קלאָר, אַז ער איז אַ פאַרלאָרענער. און דאַן האָט ער, אין פּסקאָוו, אָנגעשריבן אַ פּאַפּיר, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פונם טראָן.

דאָס איז געווען אין דעם טאָג פונם 15טן מאַרטש, אינם יאָר 1917. אין יענעם טאָג איז אין רוסלאַנד אָפּגעשאַפט געוואָרן אַ קייזערלעכע דינאַסטיע, וואָס האָט געהערשט איבערן לאַנד מער ווי דריי הונדערט יאָר — די דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס!

פאָרן ווייטער האָט ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו דעמאָלט שוין מורא געהאַט, און ער האָט זיך דעריבער אומגעקערט צוריק קיין מאָהיליעוו. און מיט עטלעכע טעג שפּעטער זיינען צו אים געקומען פיר דעפּוטאַטן פון דער דומע—גריבונין, קאַלינין, בובליקאָוו און ווערשינין; נאָך איידער זיי זיינען צו אים קיין מאָהיליעוו געקומען, האָט ער שוין אָרויסגעקוקט אויף זיי, ווייל אַ קלאַנג האָט זיך צו אים דערטראָגן, אַז די נייע צייטווייליקע רעגירונג, וואָס האָט איבערגענומען די מאַכט, וועט אים לאָזן אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד; ער האָט געמיינט, אַז דאָס זיינען די פיר דעפּוטאַטן פון דער דומע צוליב דעם געקומען צו אים. האָט ער זיי אויפגענומען ווי אַ געפאַלענער און מיט געמאַכטער העפלעכקייט. דער זעלבער מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען געוואוינט צו געבן באַפעלן, האָט איצט שוין גענומען באַפעלן. ווען מ׳האָט אים געהייסן אַריינגיין אין דעם באַן, וואָס איז שוין געשטאַנען גרייט, האָט ער געפאָלגט און איז אַריינגעגאַנגען, כאָטש ער איז ניט געווען זיכער וואוהין מ׳וועט אים פירן און צו וועמען מען וועט אים ברענגען. און ווען דער באַן האָט שוין געהאַלטן אין גיין, האָבן די פיר דעפּוטאַטן פון דער דומע אים געלאָזט וויסן, אַז ער איז אַרעסטירט...

דאָס איז געשען אין דעם טאָג פון 21טן מערץ, אינם יאָר 1917; און

## שטעט און שטעטלעך

פאַרגעקומען איז דאָס אין דער שטאָט מאָהיליעוו, וואָסביים דניעפּר. דאָרט איז אַרויפגעשאָטן געוואָרן די גרעסטע לאָפּעטע ערד אויפן קבר פון דער גאַנצער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. דאָרט האָט מען דעם לעצטן געקרוינטן הערשער פון רוסלאַנד געזען אין זיין גאַנצער געפאַלנקייט.

איבערן גאַנצן לאַנד איז די פרייד דאַן געווען גרויס. און אומעטום האָבן יידן גערעדט וועגן דעם וואָס ס'איז אַוודאי געווען אַזוי באַשערט, אַז דווקא פון אַזאַ עכט־יידישער שטאָט ווי מאָהיליעוו, זאָל מען דעם לעצטן צאַר אַוועקפירן אַ געפאַנגענעם אונטער אַ שטרענגער וואַך.

# סמאָלענסק

ווען דעם באַרימטן רוסישן רעאַקציאָנער און שונא־ישראל פּאָבעדאָנאָסצעוו ווערט דערציילט, אַז ווען ער האָט איינמאָל אין אַ געזעלשאַפט גערעדט מיט גאַל און גיפט וועגן יידן און געשאָטן פעך און שוועבל אויף זיי, און מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט זיי אַזוי פיינט און פון וואַנען ער האָט דאָס גענומען די איבערצייגונג זיינע, אַז אַלע יידן אין רוסלאַנד זיינען שווינדלער, האָט ער דערויף געענטפערט מיט אַ צינישן שמייכעלע:

„דער בעסטער באַווייז דערויף, — האָט ער געזאָגט, — איז דער פאַקט וואָס זיי לעבן דאָ ביי אונדז אין לאַנד און גייען ניט אונטער... קיין אַנ־דער פאָלק אין דער וועלט וואָלט ניט געקענט לעבן אונטער אַזעלכע שווערע געזעצן. קיין אַנדער פאָלק וואָלט לאַנג ניט געקענט עקזיסטירן אין אַ לאַנד, וואו מ׳באַגרענעצט אַזוי זייערע רעכט. און אויב זיי עקזיסטירן דאָך, איז אַ סימן, אַז זיי געפינען שוין וועגן ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון געזעץ, און דאָס מיינט אַז זיי זיינען שווינדלער...“

אַזוי האָט ביי פּאָבעדאָנאָסצעוון געאַרבעט די לאָגיק ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידן, און דאָס איז פאַר אים געווען זייער כאַראַקטעריסטיש. אין זיין בלינדער און פאַרביסענער שנאה צום יידישן פאָלק האָט ער די עטישע און מאָראַלישע זייט אינגאַנצן איגנאָרירט; ער האָט זיך גלאַט בשום אופן ניט געקענט פאָרשטעלן ווי אַזוי ס׳איז גאָר מעגלעך, אַז די יידן אין רוסלאַנד זאָלן גאָר קענען לעבן אונטער אַזעלכע שווערע באַדינגונגען, ווען זיי האָבן ניט די זעלבע רעכט וואָס אַנדערע בירגער; ס׳איז אים געווען שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי זיי קענען גאָר אָטעמ׳ען אין דעם לאַנד, וואו מ׳האָט ביי זיי צוגענומען די סאַמע נויטיקסטע רעכט, וואָס מענטשן מוזן האָבן. און ווען ער האָט געזען, אַז זיי אָטעמען דאָך, אַז זיי לעבן פונדעסטוועגן יאָ, האָט ער ניט געטראַכט פון דעם וואָס דאָס לעבן זייערס איז אַן אָפּקומעניש און אַ גיהנום, נאָר פון דעם וואָס זיי נעמען אַוודאי אַן מיטלען זיך אַרויסצודרייען פון די שטרענגע געזעצן. און דאָס איז פאַר אים געווען גענוג צו מאַכן די צינישע באַמערקונג, אַז אַלע יידן אין רוסלאַנד זיינען שווינדלער...

אַז דאָס באַגרענעצן די רעכט פון יידן אין רוסלאַנד איז ניט מענטשלעך

און טאָקע פאַרברעכעריש און געמיין — וועגן דעם האָבן די פּאָבעדאָנאָסצעווס אין רוסלאַנד ניט געטראַכט. זיי האָבן געקוקט אויף די יידן ווי אויף שונאים פון לאַנד, כאָטש זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז ניט אמת, און זיי זיינען קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו זוכן מיטלען, וואָס זאָלן נאָך מער פאַראומערן און פאַרפינצטערן דאָס לעבן פון די יידן.

באַגרענעצנדיק די רעכט פון יידן, האָבן די רעגירונגען פון די רוסישע צאַרן פאַרשלאָסן פאַר זיי אַ סך שטעט, וואו זיי וואָלטן געקענט האָבן בעסערע מעגלעכקייטן זיך איינצואָרדענען און האָבן פרנסה. און צווישן די שטעט, וואָס מ׳האָט פאַר זיי פאַרשלאָסן, איז אויך געווען די שטאָט סמאָלענסק. דאָרט האָבן געקענט וואוינען בלויז אַזעלכע יידן, וואָס האָבן געהאַט באַזונדערע פּריווילעגיעס דערויף, און עס האָבן זיך דעריבער דאָרט אָפּגעשפּילט אַ היפּש ביסל טראַגעדיעס אַרום דער טרויעריקער פראַגע פון „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״.

צווישן די דאָזיקע טראַגעדיעס און אויך קאָמעדיעס אַרום דער פראַגע פון „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״, איז אין סמאָלענסק אַמאָל פאָרגעקומען איינע, וואָס האָט אַריינגעצויגן עטלעכע הונדערט מענטשן און געמאַכט אַזאַ סענסאַציע, אַז די רעגירונג אַליין איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז מ׳זאָל דאָס וואָס שנעלער דערשטיקן און זען, אַז ס׳זאָל ניט אָנקומען קיין אויסלאַנד, ווייל דאָרט וועט מען אַוודאי דעם גאַנצן ענין אויסטייטשן אַזוי, אַז אין דער זעלבער צייט וואָס מ׳וועט שאַרף קריטיקירן די פּאַראַנדקעס אין רוסלאַנד, וועט מען אויך לאַכן אין די הויפּנס.

דאָס איז געווען די געשיכטע מיט די אַזוי גערופענע „סמאָלענסקער דענ־טיסטן״, וואָס האָבן געקראָגן אַ שם איבער גאַנץ רוסלאַנד, כאָטש זיי זיינען גאָר קיינמאָל קיין דענטיסטן ניט געווען און זיי האָבן ביי קיינעם קיין ציין ניט געריסן פון מויל...

אין אַ סך שטעט, וואו יידן האָבן קיין וואוינרעכט ניט געהאַט, זיינען אַזעלכע „דענטיסטן״ געווען, און געקראָגן זייערע דיפּלאָמען האָבן זיי אין סמאָלענסק, ווייל דאָרט איז דאָס געווען לייכט צו קריגן; די פירער פון דער מעדיצינישער פאַרוואַלטונג אין שטאָט האָבן דערפון אַ גוט געשעפט געמאַכט, און זיי האָבן פאַר געלט אַזעלכע דיפּלאָמען אַרויסגעגעבן. און די וואָס האָבן געהאַט אַזאַ דיפּלאָם, האָבן געקראָגן די רעכט צו וואוינען אין אַזעלכע שטעט, וואו ס׳איז יידן פאַרבאָטן געווען צו וואוינען. און ס׳איז ניט געווען קיין חיוב, אַז דער וואָס האָט אַ דיפּלאָם פון אַ דענטיסט, זאָל זיך דווקא אָפּגעבן מיט דעם פאַך; ער האָט געקענט זיין אַ סוחר, אַ פּאָדריאַטשיק, אָדער גלאַט טאָן וואָס ער וויל, און די פּאָליציי האָט אים ניט געטשעפּעט ווען ער האָט געוויזן די פּאַפּירן, אַז ער איז ביים פאַך אַ דענטיסט. אַ סמאָלענסקער דענטיסט...

אַ לאַנגע צייט איז דאָס אַזוי אָנגעגאַנגען, און קיינער האָט דערפֿון ניט געוואוסט. די רוסישע פֿירער פֿון דער מעדיצינישער פֿאַרוואַלטונג אין סמאָלענסק האָבן געמאַכט אַ סך געלט, און יידן, וואָס האָבן זיך פֿריער געשטיקט אין די קליינע שטעטלעך פֿון דער „טשערטאַ“, האָבן זיך צעוואָרפֿן איבער די שטעט וואו זיי האָבן פֿריער ניט געטאָרט וואוינען, און דאָרט האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט ביי פֿאַרשיידענערליי געשעפֿטן און פֿאַכן, און זיך געפֿילט זיכער מיט די סמאָלענסקער דענטיסטן־דיפּלאָמען אין קעשענע. אָבער מ׳האָט דאָס דאָך אויסגעפֿונען, און דאַן האָט זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד אָנגעהויבן אַ געיעג אויף יידישע דענטיסטן מיט סמאָלענסקער דיפּלאָמען. עטלעכע הונדערט אַזעלכע זיינען געשטעלט געוואָרן אונטער קלאָגעס, און פֿון דאַן אָן איז געוואָרן אַ ווערטל: „ער רייסט ציין ווי אַ סמאָלענסקער דענטיסט“...

***

סמאָלענסק איז זייער אַן אַלטע שטאָט. איינע פֿון די עלטסטע שטעט אין רוסלאַנד, און זי ווערט דערמאָנט אין דער רוסישער געשיכטע נאָך אין פֿאַרבינדונג מיט יענע אַלטע צייטן, ווען די רוסן זיינען נאָך געווען געצנדינער.

אויף דעם אָרט, וואו סמאָלענסק שטייט איצט, האָט אַמאָל געוואוינט אַ ווילדער סלאַווישער שבט, וואָס מ׳האָט גערופֿן קריוויטשי, און קיינער ווייסט ניט ביז היינטיקן טאָג פֿון וואַנען דער נאָמען האָט זיך גענומען און וואָס זיין באַדייטונג איז געווען. און מיט אַ סך יאָרן שפּעטער. ווען רוסלאַנד איז נאָך געווען צעטיילט אין קליינע פֿירשטנטומס, וואָס האָבן זיך ניט ווייניק אַרומגעריסן צווישן זיך, האָט איבער סמאָלענסק, ביים אָנפֿאַנג פֿון צוועלפֿטן יאָרהונדערט, געהערשט דער רוסישער גרויספֿירשט וולאַדימיר מאָנאָמאַך.

די שטאָט געפֿינט זיך ביי ביידע ברעגן פֿונם טייך דניעפּר, ביים אוייבערשטן און ביים אונטערשטן ברעג, און ס׳זיינען דאָרט פֿאַראַן אַ סך בערג און אויך חורבות פֿון אַלטע געביידעס, וואָס מ׳האָט דאָרט געבויט נאָך אינם זעכצנטן יאָרהונדערט, אין די צייטן פֿון באָריס גאָדונאָוו. ס׳זיינען דאָרט אויך פֿאַראַן מאָנומענטן, וואָס זיינען אויפֿגעשטעלט געוואָרן צום אָנדענק פֿון די צייטן ווען מ׳האָט פֿון דאָרט אין 1812 אַרויסגעטריבן נאַפּאָלעאָנען און זיין אַרמיי. און ס׳געפֿינט זיך דאָרט אויך אַ מאָנומענט פֿון דעם באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר גלינקאַ, וועלכער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ קליין דערפֿל ניט ווייט פֿון סמאָלענסק.

נאָך אינם יאָר 1440 האָט שוין די שטאָט געהאַט אַ באַפֿעלקערונג פֿון קנאַפּע הונדערט טויזנט מענטשן, און דאָס מיינט, אַז זי איז דאַן געווען גרעסער

ווי מיט אַ סך יאָרן און יאָרן שפּעטער. און איבער דעם האָבן זיך די הערשער פון סמאָלענסק שטענדיק אַרומגעריסן איבער איר מיט די הערשער פון ליטע, וואָס איז דאַן געווען אַ גרױסע מלוכה, און ערשט אינם יאָר 1514 האָבן די רוסן זי איינגענומען. אָבער מיט קנאַפּע הונדערט יאָר שפּעטער, אין 1611, האָבן זיי פון דאָרט געמוזט אָוועק, ווייל זיי האָבן פאַרלאָרן די מלחמה מיטן פּוילישן קעניג סיגיזמונד דעם דריטן.

צו יידן האָט סיגיזמונד דער דריטער קיין ליבע ניט אַרויסגעוויזן. ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון די יעזואיטן, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט געוואָלט וויסן פון אַזאַ זאַך ווי טאָלעראַנץ צו אַן אַנדער גלויבן; אין די יאָרן וואָס ער איז געזעסן אויפן טראָן, האָט מען אין דער מדינה פון פּוילן ניט וויניקער ווי אַכט מאָל אָפּגעפרישט דעם בלבול, אַז יידן שעכטן קריסטלעכע קינדער צו באַנוצן זייער בלוט אויף פּסח. און ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט געווען וואָס אַזוי שנעל ווי ער איז אַריין קיין סמאָלענסק מיט זיינע חיילות און די שטאָט איז שוין געווען אין זיינע הענט, האָט ער גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יידן טאָרן דאָרט ניט וואוינען. בלויז אויף די יאַרידן מעגן זיי קומען אַהין. אָבער זיך באַזעצט דאָרט אויף שטענדיק טאָרן זיי ניט.

עס שיינט אָבער, אַז פּונקט ווי שטענדיק אין אַזאַ פאַל, האָבן יידן דאָך געפונען וועגן ווי אַזוי זיך צו באַזעצן אין סמאָלענסק. דאָס קען מען זען פון דעם, וואָס ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אינם יאָר 1616, פינף יאָר נאָכ־דעם ווי סיגיזמונד האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל, האָבן אין סמאָלענסק שוין געוואוינט אַכטציק יידן, און ס'איז דאָרט געווען אַ יידישע קהילה.

יידן אין סמאָלענסק האָבן ביים אָנפאַנג פונם זיבעצנטן יאָרהונדערט, אונ־טער סיגיזמונד דעם דריטן, זיך שוין ווי ס'איז געגעבן אַן עצה, פּונקט אַזוי ווי ביים אָנפאַנג פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אונטער ניקאָלאַי דעם צווייטן, און ווען עס וואָלט אין יענער צייט געלעבט אַ פּאָבעדאָנאָסצעוו, וואָלט ער אַוודאי אויך ניט באַשולדיקט די רשעות פון דעם רעזשים, נאָר ער וואָלט פון דעם אַליין, וואָס יידן לעבן און ווילן ניט שטאַרבן, געדרונגען אַז זיי זיינען ניט קיין פיינע לייט, נאָר שווינדלער, וואָס היטן ניט אָפּ דאָס געזעץ...

דער ערשטער ייד, וואָס איז געשטאָרבן אין סמאָלענסק, איז געווען איי־נער מיטן נאָמען מיכל, וואָס איז געקומען אַהין פון דער שטאָט קראָקע, פון גאַליציע. דאָס איז געווען אינם יאָר 1616. און מ'האָט געמוזט האָבן אַ באַזונדער דערלויבניש דעם ערשטן יידישן בר־מנין מקבר צו זיין. די יידישע קהילה האָט די דערלויבעניש געקראָגן, און שפּעטער זיינען צו דעם ערשטן יידישן קבר אין סמאָלענסק צוגעקומען נאָך און נאָך קברים; און אַזוי איז

דאָרט געוואָרן אַ יידישער בית־עלמין, און אינאיינעם מיט דעם איז אויך גע־וואַקסן אַ יידיש לעבן, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַלץ מיט וואָס דאָס יידישע לעבן פון יענער צייט האָט זיך נאָר אויסגעצייכנט.

עס זיינען ניטאָ קיין סך מאַטעריאַלן וועגן דעם לעבן פון די יידן אין סמאָלענסק אין יענע צייטן ווען די שטאָט איז געשטאַנען אונטער דער הער־שאַפט פון די פוילישע קעניגן. מ׳קען אָבער דאָך מיט זיכערקייט אַרויסזאָגן די השערה, אַז נאָכן טויט פון סיגיזמונד דעם דריטן, אינם יאָר 1632, איז זייער לאַגע אַוודאי געוואָרן בעסער, ווייל דער נייער קעניג פון פוילן וולאַדיסלאַוו דער פערטער, האָט זיך דווקא גוט באַצויגן צו יידן, און ער איז געווען אַ „מלך חסד״ און אַ „אוהב ישראל״, ווי נתן נטע האַנאָווער רופט אים אָן אין זיין ספרל „יון מצולה״. אויך דער קעניג יאַן קאַזימיר, וואָס איז אַרויף אויפן טראָן אינם יאָר 1648, ווען ס׳האָבן זיך אין אוקראַינע אָנגעהויבן די בלוטיקע כמעלניצקי־שחיטות, איז געווען ניט שלעכט צו יידן, און מ׳קען דרינגען, אַז ער האָט זיי אין סמאָלענסק אַוודאי באַהאַנדלט גוט.

און די יידן האָבן געוואוסט ווי אָפּצודאַנקען דערפאַר וואָס מ׳באַהאַנדלט זיי גוט. זיי זיינען געווען געטרייע און איבערגעגעבענע פּאַטריאָטן, און אינם יאָר 1654, ווען דער רוסישער צאַר אַלעקסעי מיכאַילאָוויטש האָט אַרויסגע־שיקט אַ גרויסע אַרמיי צו באַלאַגערן סמאָלענסק, האָבן זיך אין דער פּוילישער אַרמיי שטאַרק אויסגעצייכנט צוויי יידישע קאָמאַנדירן, בעריל ראַיגאָרדסקי און בעריל דזשענזיצקי. זיי האָבן זיך העלדיש געשלאָגן צו באַשיצן די שטאָט און ניט אַריינגעלאָזן אַהין דעם שונא.

אָבער דער קאַמף איז געווען אומזיסט. אינם טאָג פון 22טן סעפּטעמבער האָט זיך די שטאָט געמוזט אונטערגעבן. און פון דאַן אָן איז זי שוין געבליבן אין רוסישע הענט, און זי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די וויכטיקסטע מלחמות וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן רוסלאַנד און אַנדערע לענדער, ווייל זי איז אויפן וועג וואָס פירט קיין מאָסקווע. און אויף דעם וועג זיינען אין 1812 געגאַנגען די אַרמייען פון נאַפּאָלעאָנען, און אין 1941 זיינען אויף דעם זעלבן וועג אויך געגאַנגען די אַרמייען פון היטלערן. די פראַנצויזן זיינען קיין מאָסקווע דערגאַנגען און געמוזט לויפן צוריק, און די נאַציס האָבן געמוזט לויפן צוריק נאָך איידער זיי זיינען אַהי׳ן דערגאַנגען. און אַזוי מוז דאָס זיין, ווייל ווי ס׳האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט אַ באַרימטער פראַנצויזישער גענעראַל, פילט זיך אַ פרעמדע אַרמיי אויף יענעם וועג פּונקט ווי אַ שיף, וואָס האָט אין מיטן ים פאַרלאָרן דעם קאָמפּאַס, און מ׳קען ניט וויסן אין וועלכער ריכטונג מ׳זאָל זיך לאָזן ווייטער, און עס פאַלט אָן אַ פחד ווען מען דערזעט די שטורעמדיקע כוואַ־ליעס אַרום און אַרום...

***

נאָכדעם ווי סמאָלענסק איז ווידער געשטעלט געוואָרן אונטער דער הער־שאַפט פון די רוסישע צאַרן, איז די לאַגע פון דעם ביסל יידן דאָרט ווידער געוואָרן זייער שלעכט. דאָס קען מען זען פון אַ קלאַגע, וואָס די דאָרטיקע קריסטלעכע איינוואוינער האָבן צוגעשיקט צום הייליקן סינאָד אינם יאָר 1722, ווען פּיאָטר דער גרויסער איז נאָך געזעסן אויפן טראָן פון רוסלאַנד. אין יענער קלאַגע ווערט געזאָגט, אַז זינט די שטאָט און דער גאַנצער געגנט אַרום און אַרום איז באַפרייט געוואָרן פונם פּוילישן יאָך און איז צוריק געוואָרן אַ טייל פון רוסלאַנד, האָט דאָרט די גאַנצע צייט געהערשט איין גלויבן, דער פּראַוואָס־לאַווער, און דער „שעדלעכער זשידאָווסקער גלויבן איז אינגאַנצן פאַר־שוואונדן"; אָבער די לעצטע צייט, זאָגן זיי ווייטער, איז די לאַגע געוואָרן אַנ־דערש; דער סמאָלענסקער גובערנאַטאָר, פּירשט נאַגאַרין, האָט אָנגעהויבן דערלויבן די יידן פון ליטע אַריבערצוגיין די גרענעץ און ער גיט זיי די רעכט צו פירן האַנדל און זיך באַזעצן אין סמאָלענסק און אין די אַרומיקע שטעטלעך און דאָס שטעלט אין אַ גרויסער סכנה דעם קריסטלעכן גלויבן און מ׳מוז דע־ריבער גלייך אָננעמען מיטלען קעגן דעם.

ווייטער ווערט אין דער קלאַגע געמאַכט אַ בלבול אויף אַ יידן מיטן נאָמען ברוך לייבאָוו, וועלכער האָט אינם דערפל זווערעאָוויטשי, וואָס לעבן סמאָלענסק, אויסגעבויט אַ שול; אין דער קלאַגע ווערט געזאָגט, אַז ווען דער גלח פונם דאָרף האָט געפּרואווט ניט דערלאָזן דערצו, אַז מ׳זאָל אויסבויען אַ „זשידאָווסקע סינאַגאָגע", האָט דער ייד ברוך לייבאָוו אים אַזוי צעהרגעט דערפאַר, אַז ער איז נאָכדעם געשטאָרבן פון די קלעפּ.

דאָס איז געווען ניט אמת. דער ייד האָט קיינעם ניט געשלאָגן ווען ער האָט געבויט די שול, און דער גלח איז געשטאָרבן ניט פון קלעפּ, נאָר פון שיכרות, ווי שאול גינזבורג באַווייזט דאָס אויפן גרונט פון דאָקומענטן, וואָס ער האָט געשטודירט אין די רוסישע אַרכיוון *). אָבער דאָס האָט דאָך ניט געשטערט דעם הייליקן סינאָד אַרויסצוגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל די יידישע שול גלייך צעוואָרפן „ביזן גרונט" און פאַרברענען אַלע ספרי־תורות, וואָס גע־פינען זיך דאָרט. און דער באַפעל איז דורכגעפירט געוואָרן; פון סמאָלענסק האָט מען דאָן קיין זווערעאָוויטשי געשיקט סאָלדאַטן און זיי האָבן די שול צעוואָרפן און די ספרי־תורות פאַרברענט. און צו דעם איז נאָך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדנונג צו שטעלן דעם סמאָלענסקער גובערנאַטאָר אונטער אַ קלאַגע.

*) היסטאָרישע ווערק, באַנד 3, ז׳ 143.

פאַרוואָס ער איז געווען אַזוי גוט צו די יידן, און דאַן זאָל מען פון סמאָלענסק און פון דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט די יידן אַרויסטרייבן.

אָבער דורכגעפירט דעם גירוש האָט מען ערשט מיט פינף יאָר שפּעטער, ווען יעקאַטערינע די ערשטע איז שוין געזעסן אויפן טראָן, און נאָכדעם האָט מען זיך געכאַפּט, אַז דאָס האָט גאָר געבראַכט שאָדן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון שטאָט; מ׳האָט איינגעזען, אַז אָן יידן קען מען אין סמאָלענסק ניט אויסקומען, און מען האָט זיי דעריבער ווידער געגעבן די רעכט צו קומען אַהין אויף די יאַרידן, אָדער גלאַט קויפן סחורה. און ס׳זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, כאָטש זיי האָבן געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון די גויעצן, וואָס מ׳האָט געמאַכט קעגן זיי, און פון די טשינאָווניקעס, וואָס האָבן זיי פאַרפאָלגט. און צווישן די וואָס זיינען אָפּט געקומען אַהין צוליב געשעפט, איז אויך געווען דער ייד ברוך לייבאָוו. אויף אים דאַרף מען זיך דאָ אָפּשטעלן באַזונדער.

ס׳איז פשוט אוממעגלעך צו שרייבן וועגן דער שטאָט סמאָלענסק און זיך דערביי ניט אָפּשטעלן אויף ברוך לייבאָוון אַ ביסל מער אויספירלעך. פשוט דערפאַר וואָס אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו זיין פאַרבונדן מיט זייער אַ טרויעריקן קאַפּיטל איז דער געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד. נאָר אַזוי ווי מיר קענען זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין די אַלע איינצלהייטן, וועלן מיר אָפּשיקן דעם לעזער צום קאַפּיטל „צוויי רעליגיעזע מאַרטירער״ אינם דריטן באַנד פון שאול גינזבורגס „היסטאָרישע ווערק״, און דאָ וועלן מיר איבערגעבן בלויז די וויכטיקסטע פונקטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם ענין.

ברוך לייבאָוו איז געווען אַ ייד אַ למדן, און צו דעם איז ער אויך געווען זייער פעאיק אין פּראַקטישע זאַכן און ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן. ווען מ׳האָט אים אַרויסגעטריבן פונם סמאָלענסקער געגנט, נאָכדעם ווי מ׳האָט אינם דאָרף זווערע-ווישי צעוואָרפן די שול, וואָס ער האָט אויסגעבויט, האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל דובראָוונע, וואָס האָט דאַן געהערט צו פּוילן, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער דאָך ווידער קומען קיין סמאָלענסק צוליב געשעפטס-זאַכן, און פון דאָרט פלעגט ער זיך אויך אַראָפּכאַפּן קיין מאָסקווע, און אַלע מאָל, ווען ער איז קיין מאָסקווע געקומען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער „דייטשער סלאָבאָדע״, וואו עס האָבן געוואוינט די דייטשע מייסטערס און טעכניקער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין רוסלאַנד אין די צייטן פון פּיאָטר דעם גרויסן.

אין מאָסקווע האָט אים אַ צופאַל צונויפגעפירט מיט דעם געוועזענעם רוסישן פלאָטן-אָפיצער אַלעקסאַנדער וואָזניצין, וועלכער האָט זיך מיטאַמאָל זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער יידישער רעליגיע, און ביידע, דער ייד און דער רוסישער פלאָטן-אָפיצער, האָבן אָפּט ערנסטע געשפּרעכן געפירט

וועגן דעם און אין די געשפּרעכן האָט מען פאַרגליכן דעם סלאַווישן טעקסט פון דער ביבל מיט דעם העברעאישן אָריגינאַל.

נאָך איידער וואָזניצין האָט זיך מיט ברוך לייבאָוון באַקענט, האָט ער שוין געהאַט אַרויסגעוויזן נייגונגען אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן און געקומען צו אַזאַ שלוס איז ער נאָכדעם ווי ער האָט אַ סך געשטודירט די געשיכטע און די מאָראַל פון ביידע רעליגיעס, אי פון קריסטנטום, אי פון יידנטום. אָבער ער האָט דאָס געהאַלטן בסוד, ווייל ער איז געווען זייער אַ רייכער פּריץ, געהאַט טעלעכע מאַיאָנטקעס און אַ סך פּויערים־שקלאַפן; ער האָט געשטאַמט פון זייער אַן אָנגעזעענער רוסישער משפחה, און ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט זיך אָפּן אָפּקערן פון קריסטנטום און אָננעמען דעם יידישן גלויבן, וועט מען אים זייער שווער באַשטראָפן דערפאַר, ווייל אין יענע צייטן איז דאָס געווען אַ גרויסער פאַרברעכן און מ׳האָט פאַר דעם געגעבן די העכסטע שטראָף.

אָבער דער רייכער רוסישער פּלאָטן־אָפיצער איז ניט געווען פון די מענטשן, וואָס קענען זיין פאַלש; ווען ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער יידישער גלויבן איז דער אמתער, וואָס איז אים צום האַרצן און אַז די יידישע מאָראַל איז די העכסטע, וואָס אַ מענטש מיט אַ ריינעם געוויסן דאַרף אָננעמען, האָט ער באַשלאָסן צו האַנדלען אַזוי ווי זיין געוויסן הייסט אים, און דאַן איז ער פון מאָסקווע אַוועקגעפאָרן קיין סמאָלענסק, און דאָרט האָט ער ביים גובערנאַטאָר געקראָגן אַ דערלויבעניש אַריבערצופאָרן די גרענעץ, און ס׳האָט געהייסן, אַז ער פאָרט קיין פּוילן צוליב זיין שוואַכן געזונט און ער דאַרף זיך דאָרט קורירן ביי די פּוילישע דאָקטוירים.

נאָכדעם ווי ער איז אַריבער די גרענעץ, איז ער אָנגעקומען אין דעם שטעטל דובראָוונע, וואָס איז ניט ווייט פון סמאָלענסק. און דאָרט האָט ער זיך געלאָזט מל זיין, און מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט צוריק קיין מאָסקווע.

ס׳איז ניט באַקאַנט וואָס פאַר אַ פּלענער וואָזניצין האָט געהאַט ווען ער האָט זיך צוריק קיין מאָסקווע אומגעקערט נאָכדעם ווי ער האָט שטילערהייט דעם יידישן גלויבן אָנגענומען. ס׳קען זיין, אַז ער האָט געהאַט בדעה צו פאַרקויפן זיינע מאַיאָנטקעס און נאָכדעם אַוועקפאָרן ערגעץ אין אַ ווייט לאַנד, וואו ער וועט קענען לעבן פריי ווי אַ ייד צווישן יידן. ס׳איז אויך ניט באַקאַנט ווי אַזוי ברוך לייבאָוו האָט זיך באַצויגן צו דעם; ס׳איז מער ווי זיכער, אַז אין אָנפאַנג האָט ער געפּרוווט אים אָפּרעדן דערפון, ווייל ווי אַ פרומער ייד, וואָס האָט געקענט לערנען, האָט ער אוודאי געוואוסט וואָס ס׳שטייט געשריבן אין דער גמרא (מסכת גרים, פּרק ראשון), אַז ווען איינער וויל זיך מגייר זיין, טאָר מען אים ניט אַריינגעמען גלייך, נאָר פאַרקערט, מ׳דאַרף אים אָפּשלאָגן דערפון און זאָגן

צו אים: צו וואָס זאָלסטו זיך מגייר זיין? זעסט דען ניט ווי יידן ווערן געטראָטן מיט די פיס און געראדפט? זעסט דען ניט די צרות און ליידן וואָס זיי טראָגן אַריבער דערפאַר וואָס זיי זיינען יידן און היטן אָפּ די מצוות פון דער תורה?

ברוך האָט דאָס געוואוסט און ער האָט דאָס וואָזניצינען אוודאי געזאָגט. אָבער דער געבילדעטער יוסישער פלאָטן־אָפיצער, וואָס האָט געקענט עטלעכע שפּראַכן און איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער געשיכטע פון לענדער און פעלקער, האָט געוואוסט וואָס ער נעמט אויף זיך און קיינער האָט אים ניט געקענט אָפּריידן דערפון. ער האָט אוודאי געהאָט פּלענער ווי אַזוי זיך צו באַוואָרענען מיט מיטלען צום לעבן און אוועקפאָרן ערגעץ ווייט אין אַן אַנדער לאַנד. אָבער זיין ווייב, וועלכע איז געווען אַ פרומע קריסטין, האָט אַריינגע־שיקט אַ מסירה אויף אים אין דער מאָסקווער „סינאָדאַלער קאַנצעלאַריע". זי האָט אין דער מסירה דערציילט, אַז איר מאַן האָט זיך אָפּגעקערט פון דעם קריסטלעכן גלויבן, אַז ער טראָגט מער ניט קיין צלם אויפן האַלדז, אַז ער האָט פון די הייליקע קריסטלעכע שריפטן אַרויסגעריסן די בילדער פון כריסטוסן, און אַז שולדיק אין דעם איז אַ ייד מיטן נאָמען ברוך לייבאָוו, וועלכער קומט צו אים אָפט קיין מאָסקווע פון סמאָלענסק.

דאָס איז געווען אינעם יאָר 1737, ווען אויפן טראָן פון רוסלאַנד איז געזעסן די נאַרישע און צעלאָזענע צאַריצע אַנאַ יאָהאַנאָוונאַ, וועלכע האָט פאַרדעקט אַלע אירע שווערע זינד דערמיט וואָס זי האָט מיט ווילדן פאַנאַטיזם „באַשיצט דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן", ווי זי האָט צוגעזאָגט ווען מ'האָט איר אָנגעטאָן די קרוין.

אַזוי שנעל ווי די „סינאָדאַלע קאַנצעלאַריע" האָט געקראָגן די מסירה, האָט מען דעם געוועזענעם פלאָטן־אָפיציר וואָזניצינען גלייך אַרעסטירט, אים געשמידט אין קייטן און אים פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש. און באַלד נאָכדעם האָט מען אין מאָסקווע אָנגעהויבן זוכן דעם יידן ברוך לייבאָוו, אָבער מ'האָט אים דאָרט אין ערגעץ ניט געקאָנט געפינען. ערשט שפּעטער האָט זיך איינגעגעבן אים צו כאַפּן אין סמאָלענסק. און פון דאָרט האָט מען אים געבראַכט קיין מאָסקווע און אים אויך אַריינגעזעצט אין דער זעלבער טורמע, וואו אַלעקסאַנדער וואָזניצין איז געווען פאַרשפּאַרט. און צו דער קלאָגע, וואָס מען האָט קעגן אים געמאַכט, האָט מען שוין אויך צוגעשטעלט, אַז ער האָט צווישן דער קריסט־לעכער באַפעלקערונג אין סמאָלענסק געפּרעדיקט דעם יידישן גלויבן.

מ'האָט די צוויי אַרעסטירטע שרעקלעך געפּייניקט אין דער מאָסקווער טורמע. און שפּעטער האָט מען זיי אַריבערגעפירט קיין פּעטערבורג און דאָרט האָט מען זיי אין געפענגעניש די מוראדיקסטע עינויים קשים אָנגעטאָן. מ'האָט זיי מיט די גרויזאַמסטע מיטלען געצוואונגען זיך מודה צו זיין אין פאַרברעכנס,

וואָס זיי זיינען גאָר ניט באַגאַנגען. און כאָטש דאָס געריכט האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז די מאַטעריאַלן, וואָס מ׳האָט צוגעשטעלט, גיבן ניט קיין גרונט צו פאַרמשפּטן די אָנגעקלאָגטע, האָט מען זיי דאָך ביידן פאַרמשפּט צום טויט, ווייל אַזוי איז געווען דער באַפעל פון דער צאַריצע אַנאַ יאָהאַנאָוונאַ.

„פאַר זייערע פאַרברעכנס קעגן גאָט, — האָט די צעלאָזענע און גרויזאַמע רוסישע צאַריצע געזאָגט מיט אַ פרומער מינע, — זאָל מען זיי ביידן באַשטראָפן מיטן טויט און פאַרברענען, כדי קוקנדיק אויף זיי, זאָלן אַנדערע אומוויסנדע מענטשן און גאָט־לעסטערער זיך ניט אָפּקערן פונם קריסטלעכן גלויבן און אַזעלכע פאַרפירער ווי דער זשיד ברוך זאָלן זיך מער ניט דערוועגן אָפּצורייסן מענטשן פונם קריסטנטום און זיי אַריינציען אינם יידישן גלויבן.״

דער אורטייל איז דורכגעפירט געוואָרן אַזוי ווי די קייסערינע האָט געוואָלט. אינם טאָג פונם 15טן יולי, פונם יאָר 1738, האָט מען די צוויי מאַרטירער, דעם יידן ברוך לייבאָוו און דעם רוסישן פלאָטן־אָפיציר אַלעקסאַנדער וואָזניצין, פאַרברענט לעבעדיקערהייט אויף אַ שייטערהויפן, וואָס מ׳האָט צעלייגט אין גאַס. און אַרום און אַרום זיינען געשטאַנען מענטשן און האָבן געקוקט. אַזוי האָט די צאַריצאַ אַנאַ געהייסן. זי האָט געוואָלט, אַז מ׳זאָל זען ווי זי „באַשיצט״ דעם קריסטלעכן גלויבן...

אַזוי האָט זיך געענדיקט דאָס טרויעריקע קאַפּיטל, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון די יידן אין סמאָלענסק און אויך מיט דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד בכלל. און ס׳איז שוין מער ווי צוויי הונדערט יאָר זינט דאָס איז געשען, אָבער ס׳האָט אָנגעקלייגט אַ שטעמפּל אויף דער פּאָליטיק און דער שטעלונג צו יידן ביי די צאַרן, וואָס זיינען געקומען נאָך אַנאַ יאָהאַנאָוונאַ. און געצויגן האָט זיך דאָס ביז דער רעוואָלוציע פונם יאָר 1917, ווען דער לעצטער פון די ראָמאַנאָווס איז געפאַלן...

ס׳איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. און ביים אַרויסגעבן גזירות אויף יידן, האָט יעדער צאַר געמאַכט אַ פרום פּנים און ס׳האָט געהייסן, אַז ער טוט דאָס ווי „דער היטער און באַשיצער פון דעם קריסטלעכן, פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן.״

***

נאָכן ברוך־לייבאָוו־אַלעקסאַנדער־וואָזניצין־פּראָצעס האָט מען שוין אויף דער שטאָט סמאָלענסק געהאַט אַן אויג און מ׳האָט אַהין קיין יידן מער ניט אַריינגעלאָזט. די שטאָט איז אָנגעשטעלט געוואָרן אין דער ריי פון יענע עכט־רוסישע שטעט, וואו מ׳דאַרף זוכן אַ יידן מיט ליכט אידער מ׳געפינט אים. און אַזוי איז דאָס געגאַנגען יאָרן און יאָרן, און מ׳האָט אַלץ אָנגענומען אַלערליי

מיטלען, אַז ס'זאָל ווײַטער אַזוי גיין. אָבער אין די צײַטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן און אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, ווען די אויסגעדינטע יידישע ניקאָלאַיעוו־סקע סאָלדאַטן האָבן געקראָגן די רעכט זיך צו באַזעצן אין אַזעלכע שטעט, וואו יידן האָבן ניט קיין וואוינרעכט, האָבן זיך אַ סך פון זיי אויך באַזעצט אין סמאָלענסק, און נאָכדעם זיינען צוגעקומען אַנדערע יידן אויך, וואָס האָבן געהאַט פּריווילעגיעס, ווער אַלס אַ סוחר פון דער ערשטער גילדע און ווער אַלס אַ פאַכמאַן, וואָס שטעלט אים אַוועק אין אַ פּריווילעגירטער קאַטעגאָריע. און אַזוי איז די יידישע באַפעלקערונג אין סמאָלענסק וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, און אינם יאָר 1904, ווען די אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון דער שטאָט איז באַשטאַנען פון דריי און זעכציק טויזנט מענטשן, זיינען שוין דאָרט געווען קנאַפּע דריי טויזנט יידן, און שפּעטער איז זייער צאָל געוואָרן נאָך גרעסער און זיי האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם עקאָ־נאָמישן און אויך אין דעם קולטורעלן לעבן פון שטאָט. אין אַלע פאַכן און אין אַלע מלאכות האָט מען געפונען יידן, וואָס האָבן פלייסיק געאַרבעט צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט און אַ סך פון זיי האָבן געשמט פאַר ספּעציאַליסטן אין זייער פאַך. אויף די שענסטע גאַסן האָבן זיך באַוויזן גרויסע יידישע געשעפטן. אויך אַ יידישע באַנק האָט מען געעפנט. אַפילו אַ יידישער נאָטאַריוס איז געווען אין שטאָט, און דאָס איז גאָר געווען אַ נייס, ווייל אין יענע צייטן האָט אַ נאָטאַ־ריוס אין רוסלאַנד גאָר אַ גרויסע ראָלע געשפּילט; מ'האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ הויכגעשטעלטן רעגירונגס־באַאַמטן. און דער נאָטאַריוס אין סמאָ־לענסק איז געווען זייער אַ בכבודיקער ייד און ער האָט געשטאַמט פון גאָר אַ געהויבענעם יחוס. אומעטום האָבן זיך יידן אין שטאָט אָנגעזעזן מיט זייער פעאיקייט, מיט זייער ענערגיע, און די יידישע וואַלד־הענדלער אין סמאָלענסק האָבן געהאַט אַ נאָמען איבער גאַנץ רוסלאַנד; זיי האָבן געפירט געשעפטן אויף גאָר אַ ברייטן שטייגער, זיי זיינען געווען אַזעלכע מבינים אויף אַלערלייביימער אין וואַלד, פּונקט ווי זיי וואָלטן פון דור דורות געוואַקסן אינאיינעם מיט זיי; זיי האָבן אין די וועלדער געקענט יעדן שפּאַן ערד און יעדן בוים, און מ'האָט געוואוסט, אַז מער ווי ד"ר הונדערט טויזנט דעסיאַטינעס וואַלד אינם געגנט איז אין די הענט פון די סמאָלענסקער יידישע וואַלד־הענדלער.

ס'האָבן ניט געהאָלפן די אַלע באַגרענעצונגען, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט געמאַכט — אין סמאָלענסק איז אויסגעוואַקסן אַ יידיש לעבן, וואָס האָט אין זיך געהאַט די טראַדיציעס פון די אַלטע צייטן און אויך דעם גייסט פון די נייע, און יידן האָבן געגעבן זייערע קינדער אַ יידישע דערציאונג און אויך אַ וועלטלעכע. און מ'האָט אויסגעבויט שולן און תלמוד־תורות, און מען האָט אויך אין זינען געהאַט צו מאַכן אַ גמילת־חסדים־פאַנד צו העלפן די אָרעמע אין

אַ נויט. און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, איז די יידישע יוגנט אין סמאָלענסק געווען טעטיק אין אַלע סאָציאַליסטישע גרופּעס און קרייזן. אויך דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט די סמאָלענסקער יידישע יוגנט געגעבן אַקטיווע טוער; ס׳איז דאָרט געווען אַ יידישע אינטעליגענץ, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו אַלץ וואָס זאָגט נאָר אָן דאָס אָנקומען פון בעסערע צייטן פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט, און צו אַלץ, וואָס האָט נאָר אין זיך שיינקייט און עדלקייט. און אין די פרייע אָוונטן האָט מען מיט ליכטיקע האָפענונגען און מיט יוגנטלעכער פרייד, געשפּאַצירט צום וואָקזאַל און מ׳איז שטונדן און שטונדן געגאַנגען „מיט די רעלסן“, און דאָרט האָט מען גערעדט וועגן ליטעראַטור, וועגן פּאָליטיק, און מ׳האָט זיך געשפּאַרט און געטאַמפּערט, רעדנדיק רוסיש און יידיש, און מ׳האָט געפירט ליבעס, און מ׳האָט געטרוימט, און יעדער באַן וואָס איז אָנגעקומען פון ערגעץ־ווייט און אַנטלאָפן ערגעץ־ווייט, האָט נאָך מער טרוימען אַרויסגערופן, און מ׳האָט זיך אין געדאַנק און אין האַרצן ערגעץ געריסן, און ניט אַלע מאָל האָט מען געוואוסט וואוהין...

אויך אינם „בלאָניע“־פּאַרק איז מען אָפט געגאַנגען שפּאַצירן, יידן און קריסטן אינאיינעם. אין גאַנצע גרופּעס און אין פּאָרלעך; און זיי האָבן זיך איינע מיט די אַנדערע געחברט, און האָבן די זעלבע שפּראַך גערעדט, די זעלבע ביכער געלייענט און די זעלבע לידער געזונגען. און אין דעם לאָפּאַטינסקי גאָרטן, וואו עס האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער, וואָס גאַנץ סמאָלענסק איז געגאַנגען הערן, איז דער קאַפּעלמייסטער געווען אַ ייד, וואָס איז ביי אַלעמען געווען באַליבט. אומעטום אין שטאָט האָבן יידן און קריסטן געלעבט צווישן זיך בשלום, און ס׳האָט קיין איין מאָל ניט געטראָפן, אַז מ׳זאָל דאָרט דאַרפן מורא האָבן פאַר אַ פּאָגראָם, און ס׳איז אויך ניט געווען נויטיק, אַז די יורשים פון אַנאַ יאָהאַנאָווּנאַ זאָלן דאָרט מיט אַ פרומער מינע אויפן פּנים אַרויסגעבן גזירות אויף יידן, כדי צו „באַהיטן און באַשיצן דעם קריסטלעכן גלויבן“...

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען אין סמאָלענסק, ביז עס זיינען אָנגעקומען די אומרואיקע צייטן. פריער — די מלחמה פון 1914, און נאָכדעם — די רעוואָלוציע און דער בירגער־קריג. און שפּעטער — ווידער אַ מלחמה, די צווייטע וועלט־מלחמה אינם לעבן פון אַ דור; היטלערס באַנדעס זיינען אַריין קיין סמאָלענסק און האָבן חרוב געמאַכט די שטאָט, וואָס מ׳האָט שוין ניט איין מאָל חרוב געמאַכט און ווידער צוריק אויפגעבויט. ווי אומעטום אין יענע פינצטערע צייטן פון היטלערס ממשלה, זיינען אין סמאָלענסק אויך די יידן געווען די ערשטע קרבנות. אָבער דער וועג קיין מאָסקווע דורך סמאָלענסק פירט יעדן פרעמדן אַריינדרינגער צו אונטערגאַנג. מ׳ווערט דאָרט פאַרפאַלן אין די וועלדער, וואו די אַמאָליקע סמאָלענסקער יידישע וואַלד־סוחרים זיינען

# סמאָלענסק

געוועזן באַקאַנט מיט יעדן שפּאַן ערד און מיט יעדן ווינקל; מ׳דערפילט זיך דאָרט ווי אַ שיף, וואָס האָט אין מיטן ים פאַרלאָרן דעם קאָמפּאַס; דאָרט ווערן באַגראָבן די טרוימען און אַמביציעס פון יענע, וואָס ווילן באַהערשן די וועלט; פון דאָרט פאַלט מען אַריין אינם טיפן תהום פון געשיכטע. פונם לעבן אָבער ווערט מען אָפּגעמעקט. אַזאַ סוף איז דאָרט פון אָנהויב אָן געווען צוגעגרייט פאַר היטלערן, דעם פאַרביסנסטן שונא, וואָס יידן האָבן ווען געהאַט...

# סאמארא־קויבישעוו

אין דער שטאָט סאַמאַראַ, וואָס הייסט איצטער קויבישעוו, בין איך קיינמאָל ניט געווען, אָבער דאָך איז זי פאַרבונדן מיט מיינע קינדער־יאָרן און איך האָב פון איר זייער אַ סך געהערט נאָך איידער איך האָב געהאַט אַ באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי אַ גרויסע שטאָט אין „טיף־רוסלאַנד“ זעט אויס.

געהערט אַ סך פון סאַמאַראַ נאָך אין מיינע קינדער־יאָרן האָב איך אי־בער דעם, וואָס מיין טאַטע, עליו־השלום, האָט דאָרט „געדינט דעם קיסר“; ער איז אין יענער אַלטער רוסישער שטאָט, וואו יידן האָבן ניט געטאָרט וואוינען, געווען אַ סאָלדאַט אין דער אַרמיי אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, און ער האָט וועגן דעם געהאַט צו דערציילן און צו דערציילן אָן אַ שיעור מעשיות; דאָס דינען אין סאַמאַראַ האָט זיך אין זיין זכרון אַזוי איינגעקריצט און אויף אים אַזאַ שטאַרקן שטעמפּל אָוועקגעלייגט, אַז אַפילו נאָכדעם ווי עס זיינען שוין אַוועק אַ היפּש ביסל יאָרן, האָט זיך דאָס אים געחלומט ביינאַכט, און ביי אונדז אין שטוב האָט מען שוין געוואוסט, אַז ווען דער טאַטע וויינט פון שלאָף, אָדער ער כאַפּט זיך אויף ביינאַכט מיט אַ געשריי, איז אַ סימן, אַז עס האָט זיך אים שוין ווידער געחלומט, אַז ער איז אין סאַמאַראַ און אַז ער דינט דאָרט אינם קיסרס אַרמיי...

ביי אונדז אַלע, ביי די קינדער אין שטוב, האָט זיך געשאַפן אַ באַגריף, אַז סאַמאַראַ, אָדער סאַמאַריע, ווי דער טאַטע פלעגט דאָס אַרויסרעדן, איז אַ גיהנום, וואו מ'האָט געפּייניקט און געמוטשעט דעם טאַטן; מיר זיינען געווען זיכער, אַז ווען ניט סאַמאַריע וואָלט דער טאַטע אָודאי ניט געהאַט אַזאַ שווערן הוסט, וואָס ווערט נאָך שטאַרקער ווען עס קומט אָן דער ווינטער מיט די גרויסע קעלטן. און מיר האָבן די שטאָט פיינט געהאַט; מיר האָבן מורא געהאַט פאַר איר, און אַלע מאָל ווען דער טאַטע איז אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג געקומען פונם יאַריד און האָט זיך נאָך מער ווי אַלע מאָל צעהוסט ביים אַראָפּוואַרפן פון זיך די בורקע, דעם טולופּ און דעם באַשליק, האָבן מיר, אַלע קינדער אין שטוב, און אויך די מאַמע, געקוקט אויף אים מיט רחמנות און אין געדאַנק האָבן מיר זיין הוסטן פאַרבונדן מיט סאַמאַריע און מיט די קאַלטע ווינטער־נעכט, ווען

ער איז דאָרט ערגעץ געשטאַנען אויף אַ פּאָסט מיט אַ ביקס אויף די פּלייצעס און דער ווינט האָט אים אויף אַן אָרט ניט געלאָזט איינשטיין.

אַז אין סאַמאַראַ איז אויך פאַראַן אַ זומער, ווען עס איז וואַרעם און שיין אין דרויסן — דאָס איז אונדז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן; מיר האָבן די שטאָט שטענדיק פאַרבונדן מיט רוסישע פרעסט און קעלטן, מיט רוסיש־סאָלדאַטסקער שטרענגקייט און מיט די טרויעריקע לידלעך, וואָס יידישע סאָלדאַטן זינגען דאָרט:

אויף דער אייזערנער קאַיקע,
מיט דעם ראַניעץ צוקאָפּנס;
די פיס אויסגעשטרעקט,
מיט דעם שינעל צוגעדעקט.
קומט אַריין דער דניוואַלני
און גיט אַ געשריי:
„ווסטאַוואַי, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!"
מ'דאַרף רייניקן דעם שניי."

אָבער כאָטש מיר האָבן די שטאָט סאַמאַראַ ניט ליב געהאַט, און כאָטש די מעשיות, וואָס דער טאַטע פלעגט דערציילן פון די צייטן ווען ער האָט געדינט דעם קיסר אין סאַמאַריע, זיינען געווען טרויעריקע, האָבן מיר דאָך ליב געהאַט צו הערן די אַלע מעשיות, און איך בין נאָך איצט חושד, אַז אויך דער טאַטע האָט ליב געהאַט זיי צו דערציילן...

און וואָס האָט ער דען ניט דערציילט וועגן יענע צייטן ווען ער איז אין סאַמאַראַ געווען אַ סאָלדאַט!

אַ מעשה מיט אַ פּאָסט אויסער דער שטאָט, וואו ער איז ביינאַכט געשטאַנען איינער אַליין און האָט פּלוצלונג דערהערט טריט פון דערווייטנס און זיך שטאַרק דערשראָקן; ווי ציטערנדיק פאַר שרעק האָט ער אויסגעשריען „קטאָ טאַם" איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, און קיינער האָט ניט געענטפערט; ווי אַפילו נאָכדעם ווי ער האָט — ניט מיט זיין קול — אויס־געשריען „סטאַי", האָבן די טריט ניט אויפגעהערט זיך צו טראָגן פון ווייטנס, און דאָס האָט אויף אים נאָך אַ גרעסערע מורא אַרויפגעוואָרפן און ער האָט אויס־געשאָסן אין דער ריכטונג פון וואַנען די טריט האָבן זיך געהערט, און שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אין דער פינצטער געשאָסן אַ קו...

אַ מעשה מיט אַן אונטער־אָפיציר, וואָס איז געווען דער קאָמאַנדיר פון אַ „ווזוואָד" (אַ קליינער מיליטערישער טייל) און וואָס האָט ליב געהאַט צו הערן

זיין אייגן קול ביים קאָמאַנדעווען, און מער פון אַלץ — דאָס אויסשרייען מיט אַ ספּעציעלן סאָלדאַטסקן שלשלת די קאָמאַנדע:

— „נאַקראַ־אול!״

וואָס דאָס איז אַזוינס, דער „נאַקראַ־אול״, האָבן מיר, די קינדער אין שטוב, ניט געוואוסט; ביי אונדז אין די אויערן האָט דאָס גאָר געקלונגען עפּעס ווי „עקרעאו״, און מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען צו וואָס אַ דערוואַקסענער מענטש דאַרף גאָר אַזוינס אַרויסשרייען אויפן קול. אָבער מיר האָבן ליב געהאַט צו הערן און זען ווי דער טאַטע מאַכט נאָך יענעם רוסישן אונטער־אָפיציר פון סאַמאַראַ, און ווען מיר האָבן זיך אַליין געשפּילט אין סאָלדאַטן און געטראָגן דעם בעזים אויפן אַקסל ווי אַ ביקס, האָבן מיר אויך געשריען „עקרעאו״, און מיר זיינען געווען זיכער, אַז מיר שרייען פּונקט אַזוי ווי דעם טאַטנס אונטער־אָפיציר אין סאַמאַריע...

היינט די אַנדערע סאָלדאַטסקע קאָמאַנדעס, וואָס מיר האָבן פונם טאַטן געהערט אין די מעשיות, וואָס ער האָט דערציילט וועגן דער שטאָט סאַמאַראַ! „נאַ פּליעטשאָ״, „ק׳נאָגיע״, און „סטראָיסיאַ״, און „דוואָיסיאַ״, און „שאַגאָם־מאַרש״, און „ביעגאָם־מאַרש״, און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבן געקלונגען ווילד, און וואָס מיר, די קינדער אין שטוב, האָבן איבערגעדרייט אויף אונדזער אייגענעם שטייגער. און ווינטער, ווען מיר זיינען ביינאַכט געגאַנגען פונם חדר, האָבן מיר געמאַרשירט ווי סאָלדאַטן זינגענדיק דערביי „אַכטי־דעבאַכטי״, און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז פּונקט אַזוי האָט דער טאַטע אָודאי געמאַרשירט אינאיינעם מיט אַנדערע סאָלדאַטן ווען ער האָט געדינט אין סאַמאַריע...

זינגענדיק דאָס לידל „אַכטי־דעבאַכטי״ אינאיינעם מיט די אַנדערע יינגלעך, וואָס זיינען מיט מיר ביינאַכט געגאַנגען פונם חדר, האָב איך געהאַקט ווערטער, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען, און דאָס לידל, געדענק איך, איז געגאַנגען אַזוי:

„אַכטי־דעבאַכטי דעפּאַנישקאַ,
טרי קאָפּעיקי דאַנישקאַ,
וואָסיעם דעניעג ניע כאַטשו,
זאַ סאָלדאַטאַ ניע פּאַידו.״

דאָס איז געווען דער אַריינפאַר, וואָס אַלע יינגלעך האָבן אונטערגעכאַפּט, און ווייטער איז געגאַנגען אַזוי:

„פּאַידו, פּאַידו זאַ קאַזאַק,
אַ פּולע שיטל מיט קאַבאַק.״

אַזוי איז דאָס געגאַנגען. דאָס איבעריקע געדענק איך שוין ניט. דער עיקר איז נאָר, וואָס דאָס קינדערשע לידל וואָס מיר האָבן געזונגען, גייענדיק פונם חדר אין אַ קליין יידיש שטעטל אין אוקראַינע, האָט זיך ביי מיר און אויך ביי מיינע קלענערע ברידערלעך צונויפגעבונדן מיט דער ווייטער שטאָט סאַמאַראַ, וואו מיר זיינען קיינמאָל ניט געווען און וואָס מיר האָבן ניט ליב געהאַט דערפאַר וואָס מ׳האָט דעם טאַטן דאָרט געמוטשעט מיט „עקרעאָו״ און מיט „נאַפּליע־טשאַ״ און מיט „סטראַ־סיאַ״, און מיט „דוואַיסיאַ״ און מיט גרויסע פרעסט און שטאַרקע קעלטן. און ווען מען האָט דאָס דעמאָלט געקענט איינפאַלן, אַז מיט יאָרן שפּעטער וועט איינער פון מיינע צוויי ייִנגערע ברידער אויך זיין אַ סאָלדאַט אין דער שטאָט סאַמאַראַ, אָבער שוין ניט אינם צאַרס אַרמיי, נאָר אין דער סאָוועטישער, און אַז ער וועט זיך דאָרט שלאָגן מיט זיין אייגענעם ווילן אין דעם גרויסן בירגער־קריג, נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917!

קיינעם האָט דאָס ניט געקענט איינפאַלן. און ווען איך האָב זיך אין 1932 געטראָפן אין סאָוועט־רוסלאַנד מיט מיין ברודער, וועלכער האָט גאַנצע זעקס יאָר געדינט אין דער רויטער אַרמיי און זיך געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן פאַר דער בייער רוסלאַנד, האָט ער מיר וועגן דער שטאָט סאַמאַראַ גאָר אַנדערע זאַכן דערציילט; קיין באַקלאָגן זיך אויף קיינעם, קיין טענות צו קיינעם, נאָר — אַ געשיכטע וועגן אַ שווערן און ביטערן קאַמף וואָס מ׳האָט געפירט קעגן די פרעמדע און אייגענע שונאים, וואָס האָבן די רוסישע רעוואָלוציע געוואָלט דערטרינקען אין בלוט.

***

סאַמאַראַ איז אַן אַלטע שטאָט. זי איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין די צייטן ווען די מאָסקווער צאַרן האָבן גענומען פאַרשפּרייטן זייער הערשאַפט ווייטער צו מזרח, און דאָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די צייטן פון איוואַן גראַזני. דער ערשטער שריט אין דעם איז געמאַכט געוואָרן ווען מען האָט פאַרנומען די שטאָט קאַזאַן, און דאָס איז געווען אינם יאָר 1552. מיט פיר יאָר שפּעטער האָט מען פאַרנומען די שטאָט אַסטראַכאַן; דער ציל איז געווען, צו געווינען וואָס מער לאַנד ביי די ברעגן פון דער וואָלגע און זיך שפּאַרן אַלץ ווייטער און ווייטער צום מזרח. און צוויי יאָר נאָכן טויט פון איוואַן גראַזני, אין 1586, ווען אויפן טראָן פון רוסלאַנד איז געזעסן דער שוואַכזיניקער צאַר פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, און באָריס גאָדונאָוו האָט געפירט די מלוכה, האָט מען ביים אויסגוס פונם טייך סאַמאַרקע אויסגעבויט אַ קליינע שטאָט און איר אַ נאָמען געגעבן סאַמאַראַ.

אין אָנפאַנג האָט די קליינע שטאָט געדאַרפט דינען ווי אַ מין סטראַטע־גישער צענטער אינם קאַמף, וואָס מ׳האָט אין יענע צייטן אָנגעפירט קעגן די פויערים, וואָס פלעגן אַנטלויפן פון רייכע פריצים. אָבער אַ דאַנק דעם וואָס סאַמאַראַ שטייט ביי דער וואָלגע און זי האָט געהאַט האַנדלס־וועגן, וואָס האָבן געאָגראַפיש פאַרבונדן דעם צענטראַלן טייל פון רוסלאַנד מיטן אוראַל, מיט סיביר, מיט מיטל־אַזיע און אויך מיט פערסיע, איז זי נאָך אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע רוסישע האַנדלס־שטעט און די צאָל פון איר באַפעלקערונג איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער.

אינאיינעם מיט דעם וואַקסן פון דער שטאָט איז אויך געוואַקסן די אָרעמ־קייט פון דער פשוטער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך ניט אָפגעגעבן מיט האַנדל, און מער ווי אַלע האָבן געליטן די אָרעמע פויערים, וואָס מ׳האָט גע־האַלטן אין שקלאַפעריי. און שפעטער, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע פויערים־בונטן, האָט די שטאָט סאַמאַראַ געשפילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם, און דער גרעסטער בונט פון דעם מין איז דאָרט פאָרגעקומען אינם יאָר 1670. אין דער רוסישער געשיכטע ווערט דערציילט, אַז די אָרעמע פויערים אין סאַמאַראַ האָבן דאָן געמאַכט אַ בונט קעגן דעם דאָרטיקן וואָיעוואָדע אַל־פימאָוו און זיי האָבן דערטרונקען אין די וואַסערן פון דער וואָלגע אַלע פריצים און גייסטלעכע און אויך די, וואָס האָבן גלאָט געהאַט עפּעס אַ „לייטישן״ טיטול.

אין יענער צייט איז אין רוסלאַנד פאָרגעקומען דער גרויסער אויפשטאַנד פון דעם דאָנער קאָזאַק סטענקאַ ראַזין, וועלכער האָט אַרויפגעוואָרפן אַ מורא אויפן צאַר אַלעקסעי מיכאַילאָוויטש; דער קאָזאַצקער אַטאַמאַן, וועמעס נאָמען ס׳איז נאָך ביז היינטיקן טאָג איינגעהילט אין לעגענדעס, האָט מיט זיינע באַ־וואָפנטע חיילות געמאַרשירט פון שטאָט צו שטאָט און אומעטום זיינען צו אים צוגעשטאַנען די אָרעמע, די אונטערדריקטע און די געקריוודעטע, און ווען ער איז מיט זיינע מחנות קיין סאַמאַראַ אָנגעקומען, האָט מען פאַר אים די טויערן פון דער שטאָט געעפנט, אָבער דאָס איז געווען דער לעצטער זיג, וואָס ער האָט געהאַט אין דעם אויפשטאַנד וואָס ער האָט אויפגעהויבן קעגן דער רעגירונג, קעגן די רייכע און קעגן דער גאַנצער אָרדענונג, וואָס ס׳האָט דעמאָלט גע־הערשט אין רוסלאַנד. די צאַרישע רעגירונג האָט דעם אויפשטאַנד אונטערדריקט און סטענקאַ ראַזין איז אַ געפאַנגענער אַוועקגעפירט געוואָרן קיין מאָסקווע און דאָרטן האָט מען אים אויף אַ שרעקלעכן און גרויזאַמען אופן פאַרפייניקט צום טויט.

סאַמאַראַ איז געווען די לעצטע שטאָט, וואו סטענקאַ ראַזין האָט נאָך געאָטעמט פריי און וואו ער האָט נאָך געהאָפט, אַז ס׳וועט זיך אים דאָך איינ־

געבן צו צעברעכן די מאַכט פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע און אויך די הער־שאַפט פון די גייסטלעכע פון דער קירכע. סאַמאַראַ איז געווען דער לעצטער עטאַפּ אין דער שטורעמדיקער קאַריערע פון דעם דאָנער קאָזאַק, וואָס האָט זיך ווי אַ לעגענדע אַריינגעשריבן אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד. און נאָך ביז היינטיקן טאָג איז ער ביים רוסישן פאָלק געבליבן דער גרויסער נאַציאָנאַלער העלד, וואָס איז געקומען באַפרייען די אָרעמע און אונטערדריקטע; אין יעדן מוזעאום פון דער רעוואָלוציע — אין מאָסקווע און אין אַנדערע גרויסע שטעט פון רוסלאַנד — שטייט זיינע אַ סטאַטוע אין פולן וואוקס. און די נייע רוסישע היסטאָריקער האַלטן, אַז די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע הויבט זיך אָן מיט אים. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין 1670 אָנגעהויבן אַ שטורם, וואָס האָט געהאַט ... <br>

דעם באַדן פאַר דעם וואָס ס'איז געשען אין 1917. אויך דער אַלטער רוסישער היסטאָריקער פּלאַטאָנאָוו האַלט, אַז אין דער צייט ווען די פריערדיקע בונטן האָבן געטראָגן בלויז אַ לאָקאַלן כאַראַקטער און זיינען דער עיקר געווען אַ רע־זולטאַט פון עקאָנאָמישע אורזאַכן, האָט דער אויפשטאַנד פון סטענקאַ ראַזין געטראָגן אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און איז געווען געווענדט קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וואָס האָט דאַן געהערשט אין לאַנד*). און אַ סוף צו יענעם גרויסן אויפשטאַנד, וואָס איז נאָך אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט געווען דער אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציע אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד, איז געקומען אין דער שטאָט סאַמאַראַ, וואָס הייסט איצטער קויבישעוו און וואוהין די סאָוועטישע רעגירונג איז אַוועק אין די צייטן ווען היטלערס מחנות זיינען שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון מאָסקווע.

***

ביז דער רעוואָלוציע פון 1917 האָבן יידן אין סאַמאַראַ ניט געטאָרט וואוינען. בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ", האָבן זיך דאָרט געמעגט באַזעצן; אָבער ווי ס'האָט זיך געווײינלעך געפירט אין יענע צייטן, האָבן זיך יידן שוין ווי ס'איז אַן עצה געגעבן, און ס'האָבן זיך אין סאַמאַראַ באַזעצט אויך אַזעלכע יידן, וואָס האָבן דאָרט לויטן געזעץ קיין וואוינרעכט ניט געהאַט...

ביזן יאָר 1875, איידער מ'האָט דאָרט אויסגעבויט די סאַמאַראַ־אָריענ־בורגער אייזנבאַן־ליניע, וואָס האָט אַזוי פיל געהאָלפן אין דעם, אַז די שטאָט זאָל זיך אַזוי צעוואַקסן און ווערן אַ וויכטיקער צענטער, האָבן אין סאַמאַראַ גע־

---

*) זע זיין ווערק: Лекции по Русской Истории ז' 365.

וואוינט ניט מער ווי פינף און צוואַנציק־דרייסיק יידישע פאַמיליעס. אַזאַ צאָל ווערט אָנגעגעבן אויפן גרונט פון געזאַמלטע מאַטעריאַלן. און מיט צוויי און צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין 1897, האָט שוין די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָרט דערגרייכט ביז טויזנט מיט דריי הונדערט און זיבן און צוואַנציק נפשות *).

דאָס שענסטע דערביי איז וואָס געבויט די אייזנבאַן־ליניע, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער עכט־רוסישער שטאָט, וואו די צאַרישע רעגירונג האָט יידן ניט געגעבן קיין רעכט צו וואוינען, האָבן דווקא יידן. און וועגן דעם ווערן איבערגעגעבן אייניקע גאַנץ אינטערעסאַנטע איינצלהייטן אין די רוסישע מעמוארן, וואָס זיינען געבליבן פון דעם באַוואוסטן אויספאָרשונגס־ריכטער יאַקאָב טעיטעל.

טעיטעל אַליין איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך אין דער געשיכטע פון די יידן אין סאַמאַראַ. געבאָרן אין דעם קליינעם יידישן שטעטל טשאַרנאָאָסטראָוו, וואָס אין דער אוקראַינע, האָט ער, ווי אַ סך אַנדערע יידישע יינגלעך, געלערנט אין חדר, נאָכדעם האָט מען אים געוואָלט אָוועקשיקן אין דער וואָלאָזשינער ישיבה צו קריגן סמיכה אויף רבנות, אָבער ס'איז געבליבן, אַז מ'זאָל אים בעסער אַריינגעבן אין גימנאַזיע, און ווען ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע, איז ער אַריין אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, און נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט, איז ער דערהויבן געוואָרן צום אַמט פון אַן אויספאָרשונגס־ריכטער. ער איז אין דער אַלטער רוסלאַנד געווען דער איינציקער ניט־געשמדטער ייד, וואָס האָט אַזאַ אַמט פאַרנומען, און פון 1877 ביז 1904 איז ער געווען אַן אויספאָרשונגס־ריכטער אין סאַמאַראַ און אין דעם אַרומיקן געגנט, און ער האָט גוט געקענט דאָס רוסישע און אויך דאָס יידישע לעבן דאָרט.

דערציילט ער אין זיינע מעמוארן, וואָס זיינען אין 1925 אַרויס אויף רוסיש אין פּאַריז, אַז געבויט די סאַמאַראַ־אָרענבורגער אייזנבאַן־ליניע האָבן צוויי יידן — הורוויץ און וואַרשאַווסקי; זיי זיינען אַ סך יאָרן געווען די בעלי־בתים פון דער אייזנבאַן־ליניע און זיי האָבן אויף די וויכטיקסטע שטעלעס גענומען זייערע אייגענע; דער הויפּט פונם גאַנצן פאַרקער אויף דער ליניע איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען זעלכמאַן; דער גלאַוונער בוכהאַלטער איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען אייזנשטאַט. אויך די קלענערע שטעלעס האָבן פאַרנומען יידן, און די אַלע יידישע אָנגעשטעלטע האָבן פון די יידישע שטעטלעך אַריבערגעבראַכט קיין סאַמאַראַ זייערע קרובים און פריינד, און אַזוי איז ביסלעכווייז גע־

---

*) זע: Еврейская Энциклопедия, באַנד 13, ז' 848.

וואָרן אַ גאַנץ היפּשע יידישע קאָלאָניע אין סאַמאַראַ, און ווי ס׳פּירט זיך געוויינלעך, האָט מען פריער אויסגעבויט איין שול און נאָכדעם אַ צווייטע שול. די ערשטע האָט מען אויסגעבויט אינם יאָר 1880, נאָך אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן; די צווייטע האָט מען אויסגעבויט אינם יאָר 1887, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. און ווען די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן נאָך גרעסער האָט מען אין 1908, שוין אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן, אויסגעבויט אַ דריטע שול, אַ גרויסע און אַ שיינע און ס׳האָבן אַהין געקענט אַריין ניט ווייניקער ווי אַ טויזנט מענטשן.

יידן ווילן דאָך ניט דאַווענען אין דרויסן...

דאָס כאַראַקטעריסטישסטע דערביי איז וואָס ווען מ׳האָט די יידישע געמיינדע אין סאַמאַראַ, אינם יאָר 1895, געמאַכט אָפיציעל געזעצלעך און זיי געגעבן די רעכט אויסצובויען אַ שול, אַז זיי זאָלן האָבן וואו צו דאַווענען, האָבן זיי שוין געהאַט צוויי שולן, און שפּעטער האָבן זיי דאָרט שוין אויך געגרינדעט אַ תלמוד־תורה, און ס׳איז דאָרט אויך געווען אַן אָפּטיילונג פון דער חברה מפיצי השכלה, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן.

יידן, — דערציילט טעיטעל אין זיינע מעמואַ״ן — האָבן אַריינגעטראָגן אַ סך לעבן אינם גאַנצן געגנט פון סאַמאַראַ. די ערשטע צוקער־פאַבריק, די ערשטע ביר־ברויערריי און אויך די ערשטע פאַבריק פון מאַקאַראָנעס אין סאַמאַראַ האָבן אויסגעבויט יידן. זיי זיינען אויך געווען די, וואָס האָבן דאָרט גוט איינגעאָרדנט דעם עקספּאָרט פון ווייץ קיין אויסלאַנד און „עס איז אינטערעסאַנט — שרייבט ער — וואָס אויך דאָס אַרויספירן אייער פון רוסלאַנד קיין מערב־איירָאָפּע האָבן אויף זיך גענומען די יידן אין סאַמאַראַ״, און זיי האָבן אין דעם אַריינגעטראָגן אַ טאַלק און אַ אָרדענונג.

מיט זייערע פעאיקייטן, מיט זייער אויסערגעוויינלעכער ענערגיע, האָבן יידן אַריינגעטראָגן אַ וועלט מיט לעבן קיין סאַמאַראַ און אין דעם גאַנצן געגענט אַרום און אַרום. אין דעם האַנדל, וואָס האָט זיך דאָרט אַנטוויקלט מיט אַזאַ אימפּעט, זיינען זיי געוועזן דער דופּק, וואָס האָט געקלאַפּט. און צווישן די וואָס האָבן געהאָלפן בויען די שטאָט, צווישן די, וואָס האָבן די שטאָט געמאַכט פאַר אַ וויכטיקן האַנדלס־צענטער און זי פאַרבונדן מיט די גרעסטע האַנדלס־שטעט אין דער וועלט, זיינען געווען אַ סך אַזעלכע יידן, וואָס האָבן לויט די געזעצן פון דער צאַרישער רעגירונג גאָר ניט געטאָרט וואוינען אין סאַמאַראַ, און זיי האָבן זיך געמוזט „געבן אַן עצה״ און אַרויסקריגן צייגנישן, וואָס האָבן געזאָלט „באַשטעטיקן אָפיציעל״, אַז דער און דער איז אַזאַ און אַזאַ „בעל־מלאכה״, און דאָס, הייסט עס, גיט אים אַ רעכט צו וואוינען אין סאַמאַראַ...

ניט איין מאָל זיינען צוליב דעם פאָרגעקומען קוריאָזן, וואָס זיינען, אין גרונט גענומען, געווען גאַנץ טרויעריק. וועגן איינעם אַזאַ קוריאָז דערציילט דער יידישער אויספאָרשונגס־ריכטער אין זיינע זכרונות, און ער גיט דאָס איבער מיט איינצלהייטן, ווייל ער איז גראָד אַליין געווען דערביי.

אָפּגעשפּילט האָט זיך דאָס אין אַ סאַמאַרער פּאָליצייסקער קאַנצעלאַריע. אַ יידישע פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ מאַן, אַ ווייב און דריי קליינע קינדער, איז אַריינגעקומען זיך פאַרשרייבן. דערביי האָבן זיי, ווי געוויינלעך, געוויזן די פּאַספּאָרטן און אויך די ספּעציעלע צייגנישן, לויט וועלכע זיי דאַרפן האָבן די רעכט צו וואוינען אין דער שטאָט סאַמאַראַ, וואו יידן טאָרן ניט וואוינען. די פאַמיליע איז געקומען פון דעם שטעטל קרינקי, גראָדנער גובערניע. דאָרט האָבן זיי געקראָגן די פּאַספּאָרטן און אויך די ספּעציעלע צייגנישן, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סטאַראָסטע אין דעם שטעטל קרינקי האָט געמאַכט אַ „קליינעם טעות" אין די פּאַפּירן און עס איז אויסגעקומען, אַז דער מאַן אין אַ „נייטאַרין" און די ווייב זיינע איז אַ „בלעכער"...

דער סטאַראָסטע האָט, אַפּנים, גלאַט פאַרביטן די יוצרות; אַנשטאָט צו פאַרשרייבן, אַז דער מאַן איז אַ בלעכער און די ווייב איז אַ נייטאַרין, האָט ער פאַרשריבן פּונקט פאַרקערט. און אַזוי ווי אין יענע צייטן האָט אַ סעקרעטאַר פון אַ פּאָליצייסקער קאַנצעלאַריע אין אַזאַ פאַל געהאַט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז יעדער ייד, וואָס ווייזט אַ צייגעניש, אַז ער איז אַזאַ און אַזאַ בעל־מלאכה, זאָל באַווייזן, אַז ער קען טאַקע ווירקלעך די מלאכה, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז די ווייב פון דעם קרינקער יידן זאָל אַרויפקריכן אויף אַ דאַך און ווייזן, אַז זי איז ווירקלעך אַ „בלעכער", ווי עס איז פאַרשריבן אין די פּאַפּירן.

ער האָט געוואָלט זיין אַ חכם, דער סעקרעטאַר פון דער פּאָליצייסקער קאַנצעלאַריע אין סאַמאַראַ. אַ חכם און אַ רשע. וואָרעם די פרוי איז גראָד געווען אין די „הויכע מאָנאַטן", און דער סעקרעטאַר האָט דערזען ווי זי האָט זיך דערשראָקן, ווען ער האָט איר געזאָגט, אַז זי זאָל אַרויפקריכן אויפן דאַך און ווייזן, אַז זי איז אַ „בלעכער". ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט האָבן אַ ביסל „שפּאַס" און פאַרצאַפּן אַ יידן בלוט, און טעיטעל האָט לאַנג געדאַרפט איינטענהן מיט אים און בעטן ביז ער האָט ביי אים דאָך געפועלט, אַז ער זאָל די צעשראָקענע יידישע פאַמיליע אָפּלאָזן און ניט פאָדערן, אַז אַ פרוי, וואָס איז אין די „הויכע מאָנאַטן", זאָל אַרויפקריכן אויף אַ דאַך און ווייזן, אַז זי איז אַ „בלעכער". זאָל ער איר גלויבן אויפן וואָרט און זאָל ער אָננעמען, אַז אַזוי ווי עס איז פאַרשריבן אין די פּאַפּירן, אַזוי איז דאָס...

# סאַמאַראַ—קויבישעוו



איבער דעם וואָס סאַמאַראַ איז געוואַקסן מיט אַזאַ אימפּעט, האָט זי נאָך אין יענע יאָרן געקראָגן דעם נאָמען פון אַן אַמעריקאַנער שטאָט. אַזוי האָט מען זי גערופן, און יידן האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם, וואָס די שטאָט האָט אַזאַ נאָמען געקראָגן. זיי האָבן בייגעטראָגן צו איר אַנטוויקלונג. זיי האָבן זי געמאַכט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע האַנדלס־צענטערן אין רוסלאַנד; זיי האָבן איר געהאָלפן שאַפן אַ וועלט־נאָמען פאַר זיך. און די צאַרישע רעגירונג האָט זיי „באַלוינט“ דערמיט, וואָס זי האָט זיי ניט געגעבן קיין רעכט דאָרט צו וואוינען און פאַרפאָלגט אַפילו די, וועמען זי האָט יאָ אַזעלכע רעכט געגעבן.

אויך אין דעם קולטורעלן לעבן פון סאַמאַראַ האָבן יידן זיך באַטייליקט. דער צענטער פון דער סאַמאַרער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס האָט געגעבן דעם טאָן און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם גייסטיקן לעבן פון דער שטאָט, איז געווען ביי אַ יידן אין הויז. טאָקע ביי דעם זעלבן אויספאַרשונגס־ריכטער, יאַקאָב טעיטעל, צו וועמען אַלע האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט!

ווער איז דען ביי דעם יידישן אויספאַרשונגס־ריכטער אין הויז ניט געווען אין די אָוונטן, ווען מען איז זיך צונויפגעקומען פאַרברענגען און אַרומרעדן די וויכטיקסטע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פראַגן! די סמעטענע פון דער רוסישער אינטעליגענץ איז אויף יענע אָוונטן געווען. פון די שרייבער האָט מען דאָרט אָפט געקענט זען גאָרקין, טשיריקאָוו, סקיטאַלעצן און אויך אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט גרויסע נעמען אין דער רוסישער ליטעראַטור. גאָרקיס ערשטע שריט אין דער ליטעראַטור זיינען געמאַכט געוואָרן אין סאַמאַראַ; ער האָט דאָרט נאָך געשריבן אונטערן פאַרשטעלטן נאָמען „יעגודיל כלאַמידאַ“; די קריטיקער אין מאָסקווע און אין פּעטערבורג האָבן אים דאַן נאָך קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט, און דער ערשטער, וואָס האָט פאַרנדיק קיין פּעטערבורג מיטגענומען גאָרקיס אַ דערציילונג און עס אָוועקגעטראָגן אין דער רעדאַקציע פון דעם באַרימטן זשורנאַל „מיר באָזשי“, וואו מען האָט עס גלייך אָפּגעדרוקט, איז געווען דער סאַמאַרער יידישער אויספאַרשונגס־ריכטער; ער האָט די דערציילונג אָפּגענומען ביי דעם סאַמאַרער רעדאַקטאָר גאַידעבוראָוו, וועלכער האָט קיין חשק ניט געהאַט זי צו דרוקן אין זיין זשורנאַל „ניעדיעליאַ“, און האָט זי אָפּגעפירט קיין פּעטערבורג צו דעם רעדאַקטאָר פון „מיר באָזשי“, און גלייך נאָכדעם ווי די דערציילונג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, האָבן די גרעסטע קריטיקער פון דער רוסישער ליטעראַטור גענומען שענקען אויפמערקזאַמקייט גאָרקין, און פון דאַן אַן האָט ער אָנגעהויבן ווערן באַרימט.

אויך לענין איז אין סאַמאַראַ געווען אַן אָפטער גאַסט אויף די אָוונטן ביי יאַקאָב טעיטעל אין הויז. „ער איז דאַן געווען נאָך זייער יונג — שרייבט וועגן אים דער יידישער אויספאָרשונגס־ריכטער אין זיינע מעמואַרן. — אין די געשפּרעכן האָט ער זיך ניט אַריינגעמישט. אַ פאַרשלאָסענער מענטש געווען. ער האָט ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו די היציקע געשפּרעכן, וואָס מען האָט געפירט״ *).

דאָס איז געווען נאָך ביים סוף פון די נײַנציקער יאָרן פונם נײַנצנטן יאָר־הונדערט. טעיטעל אַליין האָט זיך דעמאָלט אין סאַמאַראַ זיכער ניט פאָרגע־שטעלט, אַז דער „פאַרשלאָסענער מענטש״, וואָס זיצט און שווייגט, וועט מיט יאָרן שפּעטער מאַכן אַ רעוואָלוציע און וועט ווערן דער קאָפּ פון אַ נייער רעגירונג אין רוסלאַנד, און אַז די רעוואָלוציע, וואָס דער „פאַרשלאָסענער מענטש״ וועט מאַכן אין לאַנד, וועט אים, דעם גאַסטפריינדלעכן בעל־הבית אין סאַמאַראַ, פאַרוואַרפן קיין אויסלאַנד, און ער וועט אויף דער עלטער שטאַרבן אין דער פרעמד...

דער שיקזאַל האָט זיך זיינע וועגן און ער מאַכט אַמאָל דאָס לעבן פון אַ מענטשן אי אינטערעסאַנט, אי טראַגיש — אין איין און דער זעלבער צייט...

***

סאַמאַראַ איז אין יענער צייט געווען אַ מיטלפונקט, וואו עס פלעגן זיך אָפּשטעלן אָפּשטעלן רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צוריק אַהיים פון סיביר, וואו זיי זיינען געווען פאַרשיקט. צווישן זיי זיינען אויך געווען אַזעלכע, וואָס זיינען געווען באַוואוסט אַלס שריפטשטעלער, פובליציסטן און וויסנשאַפטסלייט, און ווי נאָר אַזאַ מענטש איז געקומען קיין סאַמאַראַ, האָט מען אים געבראַכט צו די אָוונטן ביי טעיטעלן אין הויז, וואו די גאַנצע רוסישע אינ־טעליגענץ פון שטאָט איז זיך צונויפגעקומען. און עס זיינען געווען צייטן, ווען אויף אַזעלכע אָוונטן זיינען געווען ניט ווייניקער ווי הונדערט און פופציק און צוויי הונדערט מענטשן. די שטוב איז געווען פול מיט געסט. אומעטום זיינען געשטאַנען און געזעסן מענטשן, און אומעטום האָט מען אַרומגערעדט די וויכ־טיקסטע געשעענישן פון טאָג און געפירט היציקע דעבאַטעס וועגן געזעל־שאַפטלעכע און ליטעראַרישע פראַגן. און צווישן די געסט זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרטראָטן פאַרשיידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע ריכטונגען. אָבער זיי האָבן זיך דאָך פאַרהאַלטן ווי אייגענע, פון איין גרויסער משפחה, און זיך

---

*) זע זיינע מעמואַרן: Из моей жизни, ז' 42.

געפילט גוט אין דער אַטמאָספערע פון וואָרעמער גאַסט־פריינדשאַפט, וואָס האָט געהערשט אין דער הויז פון דעם יידישן אויספאָרשונגס־ריכטער אין סאַמאַראַ.

אָבער נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 איז אַלץ געוואָרן אַנדערש, און אַ סך פון די פריינד, וואָס האָבן זיך אין סאַמאַראַ אַזוי אָפט געטראָפן ביי יאַקאָב טעיטעל אין הויז, זיינען זיך מיטאַמאָל געוואָרן שונאים, און ווען די באָלשעוויקעס זיינען געקומען צו דער מאַכט, האָבן זיי אַ סך פון זייערע פריערדיקע פריינד געשטעמפּלט אַלס „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן". און נאָך שטאַרקער איז דער ריס צווישן זיי געוואָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער־קריג. דאָן איז סאַמאַראַ איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און אין דעם זומער פון 1918, ווען די טשעכאָ־סלאָוואַקן האָבן פאַרנומען סיזראַן און פּענזע און זיך געלאָזט מאַרשירן קיין סאַמאַראַ, האָבן די באָלשעוויקעס זיך פון דאָרט צוריקגעצויגן. פיר מאָנאַטן איז די שטאָט דאָן געווען אין די הענט פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, און די רעגירונג דאָרט איז באַשטאַנען פון געוועזענע מיטגלידער אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס לענין האָט צעטריבן. אָבער די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעפירט אַן אונטערערדישע אַרבעט די גאַנצע צייט, און אין דעם מאָנאַט אָקטאָבער, 1918, האָט זיך זיי איינגעגעבן איבערצונעמען די שטאָט מיט דער הילף פון דער רויטער אַרמיי, וואָס איז אָנגעקומען אין צייט. די וויכטיקסטע ראָלע דערביי האָט דאָן געשפּילט וואַלעריאַן קויבישעוו, וועלכער איז געווען דער פאַרזיצער פון דעם „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט) אין סאַמאַראַ נאָך פריער, איידער די שטאָט איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. ער איז געווען דער אָנפירער פון דעם קאַמף צו באַפעסטיקן די סאָוועטן־מאַכט אין סאַמאַראַ, און ווען ער איז אין יאָר 1935 געשטאָרבן, אין דער עלטער פון זיבן און פערציק יאָר, האָט די סאָוועטן־רעגירונג אים אָנגעטאָן דעם כבוד און פאַראייביקט זיין אָנדענק דערמיט, וואָס זי האָט דער אַלטער שטאָט סאַמאַראַ אַ נאָמען געגעבן קויבישעוו.

פון די גרויסע שטעט אין דעם וואָלגע־געגענט, איז סאַמאַראַ־קויבישעוו די פערטע אויפן צעטל לויט דער צאָל איינוואוינער. און, ווי ס'ווערט אָנגעגעבן, איז די באַפעלקערונג דאָרט, אינם יאָר 1936, באַשטאַנען פון צוויי הונדערט מיט 95 טויזנט נפשות *). די ערשטע דריי שטעט אויפן צעטל אינם וואָלגע־געגנט זיינען: ניזשני־נאָווגאָראָד, סאַראַטאָוו און צאַריצין. און פון די דריי איז בלויז די שטאָט סאַראַטאָוו געבליבן ביי דעם זעלבן נאָמען, וואָס זי האָט געהאַט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע; די אַנדערע צוויי האָבן שוין איצט אַנדערע נעמען: פון

*) זע: Большая Советская Энциклопедия, באַנד 35, ז' 402.

צאַריצין איז געוואָרן סטאַלינגראַד און פון ניזשני־נאָווגאָראָד איז געוואָרן גאָרקי — אַ נאָמען נאָך דעם באַרימטן שריפטשטעלער מאַקסים גאָרקי, וועלכער איז אין דער אַלטער סאַמאַראַ געוועזן איינער פון די אָפטע געסט אויף די אָוונטן ביי דעם יידישן אויספאָרשונגס־ריכטער אין הויז, וואו ס׳איז זיך צונויפגעקומען די סמעטענע פון דער רוסישער אינטעליגענץ.

פון יענע געסט ביי דעם יידישן אויספאָרשונגס־ריכטער אין הויז, איז מאַקסים גאָרקי ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זוכה געווען, אַז אין דער נייער רוסלאַנד זאָל מען אָנרופן אַ שטאָט אויף זיין נאָמען; לענינען, דעם „פאַרשלאָסענעם מענטשן" אויף די אָוונטן ביי יאַקאָב טעיטעל אין הויז, וואָס אין דער אַלטער סאַמאַראַ, האָט מען נאָך פריער אָנגעטאָן אַזאַ כבוד אין דער נייער רוסלאַנד און אויף זיין נאָמען אָנגערופן די שטאָט, וואָס פיאָטר דער גרויסער האָט געבויט „דורכצושלאָגן אַ פענצטער קיין איראָפּע". פון פּעטערבורג איז געוואָרן לענינגראַד.

און דאָס זיינען בלויז צוויי פאַלן, וואָס פאַרבינדן זיך אין דער געשיכטע פון נייעם רוסלאַנד, מיטן לעבן פון דעם יידן יאַקאָב טעיטעל, וואָס איז געקומען פון אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע און איז עטלעכע און צוואַנציק יאָר געווען אַ רוסישער אויספאָרשונגס־ריכטער אין סאַמאַראַ און דאָרט געמאַכט זיין שטוב פאַר אַ צענטער פון דער בעסטער רוסישער אינטעליגענץ, פאַר אַ רוסישן בית ועד לחכמים.

דאָרט, ביי יאַקאָב טעיטעל אין שטוב, אין דער אַלטער סאַמאַראַ, וואָס הייסט איצט קויבישעוו, האָט מען, אין דער וואַרעמער אַטמאָספערע פון עכטער גאַסטפריינדשאַפט, אַזוי היציק גערעדט און אַזוי שייך געטרוימט וועגן אַ נייער רוסלאַנד. ווען דער טרוים איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, זיינען אַ סך פון יענע געסט דערהויבן געוואָרן און אייניקע פון זיי זיינען געוואָרן פירער אין דער נייער רעגירונג.

און וואָס איז געוואָרן מיט דעם גרויסן יידישן מכניס אורח, וואָס האָט אין סאַמאַראַ ביי זיך אין שטוב אויפגענומען די אַלע געסט?

ער האָט נאָך דער רעוואָלוציע, אין קיעוו, איבערגעלעבט עטלעכע פּאָגראָמען און מיט זיינע אויגן געזען ווי „דער מענטש איז געוואָרן אַ חיה", ווי ער דריקט זיך אויס אין דער הקדמה צו זיינע מעמואַרן, און נאָכדעם איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן קיין אויסלאַנד...

געוואָרן אַ מענטש אָן אַ היים.

און אויף די עלטערע יאָרן האָט ער געלעבט עלנט, איינזאַם, אין גרויס אָרעמקייט, און ער איז געשטאָרבן אין דער פרעמד...

# וואָראָניעזש

וואָראָניעזש איז אַן עכט־רוסישע שטאָט און ס׳איז אָנגענומען, אַז אין דער פּראָווינץ איז זי איינע פון די שענסטע שטעט אין רוסלאַנד.

זי שטייט ביים ברעג פונם טייך וואָראָניעזש, וואָס פאַלט אַריין אין דאָן; די גאַסן זיינען דאָרט ברייטע, גערויםע, און זומער איז די גאַנצע שטאָט איינגע־טונקען אין גרינס, און פון די ברייטע פעלדער אַרום און אַרום טראָגט זיך דער געזונטער ריח פון דער שוואַרצער ערד, וואָס האָט דעם גאַנצן געגענט געמאַכט אַ שם פאַר איינעם פון די פרוכטבאַרסטע אין לאַנד.

ס׳איז אַ שטאָט פון ווייץ און קאָרן.

אַ שטאָט פון ברויט.

און דאָס אַליין איז אויך עכט־רוסיש, ווייל אין ערגעץ רעדט מען ניט וועגן ברויט מיט אַזאַ ליבשאַפט ווי אין רוסלאַנד. אַפילו ווען די תבואה איז נאָך אויף די פעלדער און מען ווייזט אַן מיט פרייד אויף די זאַנגען, וואָס הענגען שווער אַרונטער, רופט מען זיי שוין ניט אַנדערש ווי נאָר — ברויט.

אַזוי אין רוסלאַנד און אַזוי אויך אין אוקראַינע.

און אויף איינער פון די ברייטע גאַסן פון דער שטאָט וואָראָניעזש שטייט אַ גרויסער קלויסטער און אַהין פלעגן אַמאָל אָרעמע פויערים פון ווייטע דער־פער גיין צופוס מיילן און מיילן, זיך בוקן פאַר די הייליקע בילדער, וואָס זיינען דאָרט אויסגעמאָלן. און אַלע מאָל, ווען מען האָט דערהערט דאָס קלינגען פון די גלעקער אין יענעם קלויסטער, האָבן נאָענטע און ווייטע זיך פרום געצלמט. און זעלטן ווען האָט מען דאָרט געזען איינעם, וואָס זאָל ניט האָבן קיין עכט־רוסיש פּנים און ניט טראָגן קיין עכט־רוסישע קליידער. אַפילו די, וואָס זיינען שוין געווען אָנגעטאָן הייזנטוועלטיק, האָבן אויף זיך געהאַט דעם שטעמפּל פון טיפּישער רוסישקייט.

קיין יידן האָבן אין וואָראָניעזש ניט געטאָרט וואוינען. מען האָט זיי פאַר־באָטן זיך דאָרט צו באַזעצן נאָך אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, און אַרויסגעגעבן די גזירה קעגן זיי האָט מען ווען מ׳האָט זיך געכאַפּט, אַז אין דער עכט־רוסישער שטאָט און אויך אין דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט צעוואַקסט

זיך אַלץ גרעסער די קריסטלעך־רעליגיעזע סעקטע, וואָס היט אָפּ שבת און וואָס איז בכלל געניגט צום יידישן גלויבן.

„סובאָטניקעס" האָט מען די אָנהענגער פון יענער רעליגיעזער סעקטע גערופן, און פון דעם וואָס מען ווייסט וועגן זיי פון דער רוסישער געשיכטע איז קלאָר, אַז נאָך ביים סוף פון זיבעצנטן יאָרהונדערט און ביים אָנהויב פונם אַכצנטן זיינען זיי שוין געווען זייער טעטיק. ניט קיין אַנדערער ווי דער הייליקער דמיטרי ראָסטאָווסקי, וועלכער האָט געלעבט אין די צייטן פון די כמעלניצקי־שחיטות אויף יידן און איז געשטאָרבן אינם יאָר 1709, האָט וועגן די „סובאָטניקעס" געשריבן, אַז „זיי היטן אָפּ שבת אויף אַ יידישן שטייגער", און שפּעטער האָט זיך זייער איינפלוס שטאַרק פאַרשפּרייט ניט נאָר אין די געגנטן, וואו די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען גרויס, נאָר אויך אין אַזעלכע געגנטן וואו עס זיינען געווען זייער ווייניק יידן, און מער ווי אומעטום איז זייער איינפלוס געווען גרויס אין וואָראָניעזשער גובערניע.

דער פירער פון דער באַוועגונג, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו דער יידישער תורה, איז געווען איינער מיטן נאָמען סעמיאָן מאַטוועיעוו אוקלעין, און וועגן אים ווערט דערציילט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער בקי אין תורת משה, און צו דעם איז ער נאָך געווען אַ גלענצנדער רעדנער אויך, און דערפאַר האָט זיין פּרעדיקן געבראַכט גוטע רעזולטאַטן און די צאָל פון זיינע תלמידים איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער.

צווישן זיינע תלמידים איז געווען איינער מיטן נאָמען סונדוקאָוו, און ער האָט די אָנהענגער פון דער סעקטע געפירט נאָך ווייטער און זיי געבראַכט צו דער יידישער תורה נאָך נעענטער, און דער סוף איז געווען, אַז אַ סך פון די „סובאָטניקעס" האָבן זיך טאַקע מגייר געווען און זיינען אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צום יידישן גלויבן.

צווישן די, וואָס האָבן זיך מגייר געווען, איז געווען איינער אַ דאָנער קאָזאַק מיטן נאָמען קאָסיאַקאָוו; ער האָט נאָך אינם יאָר 1797 שטילערהייט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן בעת ער האָט געדינט אין דער אַרמיי, און שפּעטער, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אַהיים, אויפן דאָן, האָט ער אינאיינעם מיט זיין ברודער שטילערהייט געפּרעדיקט דעם יידישן גלויבן צווישן די דאָנער קאָזאַקן, און אין אַ בקשה, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום אַטאַמאַן פון די דאָנער קאָזאַקן, האָט ער געבעטן, אַז מ'זאָל אים געבן די דערלויבעניש צו פּרעדיקן יידישקייט אָפן, און ער האָט באַוויזן ווי גוט דאָס וואָלט געווען ווען די דאָנער קאָזאַקן וואָלטן אַלע געוואָרן יידן...

וואָס פאַר אַן ענטפער דער אַטאַמאַן האָט דעמאָלט געגעבן דערויף ווייסט מען ניט. אין דער רוסישער געשיכטע ווערט וועגן דעם אין ערגעץ ניט דער־

מאַנט. וואָס מען ווייסט אָבער יאָ איז, אַז אין אַ קורצער צייט נאָכדעם האָט אַ היפּשער טייל פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין דער שטאָט אַלעקסאַנ־דראָוו אָנגעהויבן אָפּהיטן שבת און נאָך אַנדערע יידישע דינים און מנהגים, און אַזוי ווי זייער צאָל איז געווען זייער גרויס און עס האָבן זיך צווישן זיי געפונען אַ סך זייער איינפלוסרייכע מענטשן, האָט די רעגירונג אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל זיי ניט שטערן און מען זאָל אויף זיי שבת ניט אַרויפלעגן קיין שום פליכטן.

מ׳האָט דאַן, ווי ס׳שיינט, געדענקט, אַז מיט גוטן וועט מען זיי מיט דער צייט צוריק אַרויספירן אויף אַ וועג. אָבער ניט אומעטום האָט די רעגירונג דע־מאָלט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל טאָלעראַנץ צו די, וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע און זיך דערנענטערט צו דער יידישער תורה. און שטרענגער ווי אומעטום איז מען צו זיי געווען אין וואָראָניעזש און אין דעם גאַנצן געגנט, וואָס אַרום און אַרום. ווען מען האָט, אינם יאָר 1806, זיך דער־וואוסט ווי גרויס עס איז דאָרט די צאָל פון די, וואָס האָבן זיך שטילערהייט דערנענטערט צו יידישקייט, האָט מען זיי גלייך אָנגעהויבן פאַרפאָלגן און דאַן האָבן אַ סך פון זיי צוריק אָנגענומען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, און די, וואָס האָבן דאָס ניט געוואָלט טאָן, האָט מען אָפּגעגעבן פאַר סאָלדאַטן אין דער אַרמיי, און די עלטערע לייט, וואָס האָבן שוין ניט געטויגט צו מיליטערישער דינסט, האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר.

מ׳האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט אין די מיטלען, וואָס מ׳האָט אָנגענומען זיי צו רודפן.

מיט דעם האָט מען אָבער אין וואָראָניעזשער געגענט ניט אויסגעוואָרצלט די סעקטע, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ שטאַרקע נייגונג צום יידישן גלויבן, ווייל צווישן די, וואָס מ׳האָט גראָד ניט פאַרשיקט, איז געווען איינער אַ דאָנער קאָזאַק מיטן נאָמען ראַגאָוו, און ער האָט שטילערהייט ווייטער אָנגעפירט אַ פּראָ־פּאַגאַנדע צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אָפּצוהיטן שבת און אַנדערע יידישע דינים און מנהגים, און ער האָט אין דעם געהאַט גרויס דערפאָלג, און ס׳איז באַוואוסט פון היסטאָרישע דאָקומענטן, אַז אינם יאָר 1823 האָט שוין די צאָל פון אַזעלכע באַקערטע דערגרייכט אין די טויזנטער אינם וואָראָניעזשער געגענט אַליין, און דאָס איז געווען איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס מ׳האָט דאַן אַרויסגעגעבן דעם באַפעל, אַז אין וואָראָניעזש און אין דער גאַנצער גובערניע טאָרן יידן מער ניט וואוינען.

מען האָט מיט דעם פּשוט געוואָלט אָפּשוואַכן דעם יידישן איינפלוס אויף דער קריסטלעכער רעליגיע, און דאָס האָט זיך טאַקע איינגעגעבן אויך. ווער עס איז נאָר באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון די פאַרשיידענערליי פאַריידישטע סעקטעס, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין רוסלאַנד אין פאַרשיידענע צייטן, דער

ווייסט, אַז איבער דעם וואָס מ׳האָט זיי אַלע מאָל אָפּגעריסן פון יידן און ניט צוגעלאָזט צו זיי קיין יידישע געלערנטע, וואָס זאָלן פאַר זיי מאַכן קלאָר דאָס, אין וואָס זיי אַליין קענען זיך ניט פאַנאַנאַדערקלייבן, האָבן זיי אָפּט גלאָט גע־בלאָנדזשעט אויף דעם נייעם וועג וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן, און איבער דעם זיינען אָפט פאָרגעקומען שפּאַלטונגען צווישן זיי, און פון איין סעקטע איז אַרויס־געקומען אַ נייע סעקטע, וואָס האָט זיך שפּעטער צעשפּאָלטן אויף נאָך סעקטעס.

עס איז שוין אין דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק קיין נייס ניט געווען, אַז דווקא דאַן, ווען מען פאַרפאָלגט און מען רודפט יידן, זאָל זיך ביי אַן אַנדער פאָלק ערגעץ אָנהויבן אַ באַוועגונג אַנצונעמען דעם יידישן גלויבן, אָדער גלאָט צוקומען נעענטער צו אים. אַפילו אין די צייטן, וואָס פאַרן חורבן פונם צווייטן בית־המקדש, האָבן אַ סך רוימער דעם יידישן גלויבן אָנגענומען, ווי מיר זעען דאָס אין די ווערק פון יוסיפוס פלאַוויוס און אויך אין די ווערק פון די אַלטע רוימישע היסטאָריקער. און אייניקע פאָרשער דערקלערן דאָס דערמיט וואָס די יידן האָבן אין יענער צייט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מסירת־נפש, באַשיצנדיק זייער גלויבן, אַז די רוימער האָבן דאָס געמוזט באַוואונדערן און ס׳האָט אויף זיי אַזוי געווירקט, אַז זיי האָבן אָנגענומען די רעליגיע פון דעם פאָלק, וואָס זייערע הער־שער און קריגס־פירער האָבן געוואָלט אויסראָטן און פאַרטיליקן.

אין אַלגעמיין האָט מען צווישן די געצנדינערישע פעלקער פון אַמאָל, און שפּעטער אויך צווישן די קריסטלעכע פעלקער, אָפט געזען אַזעלכע, וואָס האָבן אין דער הויכער מאָראַל פון דער יידישער רעליגיע געפונען אַזוינס, וואָס זיי האָבן לאַנג געזוכט; עס איז געווען נאַטירלעך אַז די, וואָס זוכן דאָס, זאָלן עס דאָרט געפינען, און ס׳איז דעריבער קיין וואונדער ניט געווען וואָס אַלעמאָל זיינען דאָ און דאָרט אויסגעוואַקסן באַוועגונגען, וואָס האָבן אַרויס־געוויזן אַ שטאַרקע נייגונג זיך מער צו דערנעענטערן צום יידישן גלויבן.

אויך די באַוועגונג פון די רוסישע „סובאָטניקעס" און גרים, וואָס האָט געהאַט ניט קיין קליינעם חלק אין דעם, אַז די פּראַוואָסלאַווע קירכע זאָל זיך דערשרעקן און די רעגירונג זאָל איבער דעם פאַרווערן די יידן זיך צו באַזעצן אין דער שטאָט וואָראָניעזש און אין דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט, איז געווען פון דעם זעלבן מין. אויפריכטיק־פרומע רוסישע מענטשן האָבן אין דער הויכער מאָראַל פון דער יידישער רעליגיע געפונען אַזוינס, נאָך וואָס זיי האָבן לאַנג געגאַרט. און אָנגעהויבן האָט זיך די באַוועגונג נאָך ביים סוף פונם פערצנטן יאָרהונדערט.

דער גרינדער פון דער באַוועגונג איז געווען איינער מיטן נאָמען קאַרפּ סטריגאָלניק, אַ רוסישער מענטש פון דער שטאָט פּסקאָוו, און דערפאַר האָט מען די אָנהענגער פון יענער ערשטער סעקטע גערופן „סטריגאָלניקעס". אָבער קיין

קלאָר אויסגעשפּראָכענע נייגונג צום יידישן גלויבן האָבן זיי דאָן נאָך ניט אַרויסגעוויזן; דער עיקר איז ביי זיי געווען דער פּראָטעסט קעגן דער ביוראָקראַטיע פון דער קירכע; זיי האָבן צווישן פאָלק אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע קעגן די גלחים; זיי פלעגן זאָגן, אַז „די גלחים זיינען שיכורים און זיי רייסן פון טויט און פון לעבעדיק", ווי עס דערציילט דער רוסישער היסטאָריקער קאָסטאָמאַראָוו, און זיי האָבן אויך געהאַלטן, אַז דער צלם און די איקאָנעס אין די קלויסטערס זיינען געצנדינעריי. און וואָס שייך דעם גלויבן, אַז יעזוס איז געטלעך, האָבן זיי אין דעם ניט געגלויבט.

ערשט מיט קנאַפּע הונדערט יאָר שפּעטער, אינם יאָר 1470, האָט די באַוועגונג פון די „סטריגאָלניקעס" אָנגעהויבן צוקומען נעענטער צום יידישן גלויבן, און אַ גרויסן חלק אין דעם האָט געהאַט דער קיעווער געלערנטער ייד זכריהו, וועלכער איז פון קיעוו אָנגעקומען קיין נאָווגאָראָד אינאיינעם מיט דעם רוסישן פירשט מיכאַאיל אָלעלקאָוויטש, און פון דעם קען מען דרינגען אַז ער איז געווען אַ גרויסער חשוב אין די גאָר הויכע פענצטער און אַז ער האָט גוט געקענט די רוסישע שפּראַך.

„אין נאָווגאָראָד — דערציילט דער רוסישער היסטאָריקער קאָסטאָמאַראָוו — האָט מען אין יענער צייט אַ סך געשפּרעכן געפירט וועגן רעליגיעזע פראַגן; מענטשן פון אַלערליי שטאַנדן, מאַנספּאַרשוינען און ווייבער, זיינען זיך צונויפגעקומען ניט נאָר אין די הייזער, נאָר אויך אויף די מאַרקן, און זיי האָבן גערעדט וועגן גייסטיקע ענינים און אָפט אַרויסגעוויזן אַ פאַרלאַנג צו קריטיקירן די אָנגענומענע טראַדיציעס פון דער קירכע, און אין דער אַלגעמיינער מהומה איז דעם געלערנטן יידן געווען באַקוועם צו לאָזן אין גאַנג נאָך איין אַפּיקורסישע לערע, מיט וואָס ער איז אויסן געווען צו פאַרשפּרייטן די יסודות פון דעם יידישן גלויבן" *).

ווייטער דערציילט דער רוסישער היסטאָריקער ווי ס'האָט זיך זכריהון איינגעגעבן איבערצורעדן דעם גלח דעניס און אויך דעם גלח אַלעקסיאַ אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן שטילערהייט, און ווי ער האָט שפּעטער קיין נאָווגאָראָד געבראַכט נאָך צוויי געלערנטע יידן, איינעם אַ שמואל סקאַריאַוואַ און אַ צווייטן מיט דעם נאָמען משה חאַנוש (חנהס), און אַלע דריי האָבן באַקערט צו יידישקייט נאָך אַנדערע אָנגעזעענע און איינפלוסרייכע רוסישע מענטשן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען עטלעכע געלערנטע גלחים.

וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, און ווי ס'איז דאָרט אָנגעוויזן געוואָרן, האָט דאָן קיין אינקוויזיטאָר

---

*) Н. Костомаров, Русская История, том первый, стр. 191.

אויך ניט אויסגעפעלט אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען דער נאָווגאָראָדער אַרכי־עפּיסקאָפּ גענאַדי; ער האָט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד ניט גערוט ביז ער האָט געבראַכט דערצו, אַז אויפן באַפעל פון איוואַן דעם דריטן זאָל מען די פירער פון דער סעקטע פאַרשפּאַרן אין הילצערנע שטייגן און זיי פאַרברענען לעבע־דיקערהייט.

דאָס איז געשען נאָך אינם יאָר 1504. אָבער די שווערע שטראָף האָט אין רוסלאַנד דאָך ניט אָפּגעשראָקן די, וואָס האָבן אין דער מאַראַל פון דער יידישער תורה געפונען דאָס, וואָס זיי האָבן געזוכט בענקענדיק נאָך עפּעס וואָס זאָל זיי אויפהויבן העכער און וואָס זאָל מער אויסלייטערן זייערע נשמות; און עס איז ניט אַוועק קיין איין דור ווען עס זאָלן דאָ און דאָרט ניט אויסוואַקסן קיין סעקטעס, וואָס ווייזן אַרויס אַ נייגונג צום יידישן גלויבן און צו דער מאַראַל, וואָס מען געפינט אין דער יידישער תורה און ביי די יידישע נביאים. און צווישן יענע סעקטעס זיינען אויך געווען די „שבתניקעס", אָדער די „סור־באָטניקעס", ווי מען האָט זיי גערופן אויף רוסיש; און וויפל מ׳האָט זיי ניט פאַרפאָלגט, האָט דאָס אַלץ ניט געהאָלפן; עס האָט ניט געהאָלפן די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס די קירכע האָט אָנגעפירט קעגן זיי צווישן פאָלק, אַז מ׳זאָל אויף זיי קוקן ווי אויף עכטע „זשידעס"; ס׳האָט ניט געהאָלפן דאָס פאַרשיקן קיין סיביר און דאָס אָפּגעבן אין דער אַרמיי און דאָס פאַרשפּאַרן אין די טורמעס און אין די מאָנאַסטירן — די „סובאָטניקעס" האָבן זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשראָקן און זיך געהאַלטן פעסט ביי די דינים און מנהגים, וואָס זיי האָבן איבערגע־נומען פון דער יידישער תורה און אַ סך פון זיי האָבן זיך מגייר געווען און זיינען אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צום יידישן גלויבן. און דערביי איז אינטערע־סאַנט צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז אין די באַריכטן, וואָס די פּאָליציי האָט געדאַרפט צושטעלן דער רוסישער רעגירונג וועגן דעם לעבן פון די „סור־באָטניקעס", האָט מען אַלע מאָל געמוזט צוגעבן דעם אמת, אַז זינט זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פירן ווי „עכטע זשידעס" זיינען זיי געוואָרן לייטישער; זיי שיכורן ניט, זיי זיינען ניט צעלאָזן, זיי האַלטן ריין די שטיבעלעך, אין וועלכע זיי וואוינען, זיי גיבן זיך אָפּ מיט ערד־אַרבעט, זיי זיינען ניט קיין פוילענצער, זיי היטן זייער אָפּ די מצוה פון הכנסת אורחים, זיי זיינען זייער גאַסטפריינד־לעך, זיי זיינען שטענדיק גרייט אַרויסצוהעלפן אַן אָרעמאַן און זיי באַציען זיך מיט דער גרעסטער טאָלעראַנץ צו מענטשן פון אַנדערע גלויבנס. ס׳איז ביי זיי ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן ייד און קריסט. זיי האַלטן, אַז יעדער מענטש איז באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט און מ׳טאָר קיינעם ניט פיינט האָבן דער־פאַר וואָס ער איז פון אַן אַנדער גלויבן...

און ווייל עס האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי, אַז אינם וואָראָניעזשער געגנט

איז די צאָל פון די „סובאָטניקעס“ געוועזן זייער גרויס, האָט מען דעריבער פאַרבאָטן די יידן צו וואוינען אין דער שטאָט וואָראָניעזש און אין דער גאַנצער גובערניע. אַרויסגעגעבן דעם פאַרבאָט האָט מען אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן.

***

אויף דעם זעלבן פּלאַץ, וואו וואָראָניעזש שטייט איצט, איז נאָך אינם עלפטן יאָרהונדערט געשטאַנען אַ קליין שטעטל, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער מלוכה פון די כוזרים, אָדער כאַזאַרן. אַ רוסישע שטאָט איז וואָראָניעזש געוואָרן ערשט אינם יאָר 1586. מ׳האָט זי דעמאָלט אויסגעבויט ווי אַ פעסטונג זיך צו באַשיצן קעגן די טאָטערן, וואָס פלעגן דאָרט זייער אָפט מאַכן ווילדע אָנפאַלן. דער גאַנצער געגנט אַרום און אַרום איז באַשטאַנען פון פוסטע פעלדער, און אין דער רוסישער געשיכטע ווערט דערציילט, אַז עס האָבן זיך דאָרט שטענדיק אויפגעהאַלטן „צעלאָזענע לייט“, גזלנים און רויבער, וועלכע האָבן געלעבט פון דעם וואָס זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף מענטשן. מ׳האָט אין וואָראָניעזש אין יענע צייטן שטענדיק געדאַרפט מורא האָבן פאַר אַן איבערפאַל, און דאָס האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. אָבער ניט קוקנדיק דערויף איז די שטאָט דאָך געוואַקסן, און אינם יאָר 1626 איז שוין דאָרט געווען אַ באַפעלקערונג פון צוויי טויזנט איינוואוינער.

עס איז אין דער רוסישער געשיכטע שווער צו געפינען אַ גאָר וויכטיקע פּאַסירונג, וואָס זאָל ניט זיין פאַרבונדן מיט וואָראָניעזש. און מערסטנטייל זיינען יענע פּאַסירונגען געווען פון דעם מין, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט קאַמף קעגן אונטערדריקונג, אָדער מיט דער שטרעבונג צו מאַכן פון רוסלאַנד אַ מעכטיקע און גרויסע מלוכה.

אין די צייטן ווען דער דאָנער קאָזאַק סטענקאַ ראַזין האָט געמאַכט דעם אויפשטאַנד קעגן די הערשער פון מאָסקווע און געלאָזט וויסן, אַז ער טרעט אַרויס אין אַ קאַמף „בלויז קעגן די באָיאַרן און רייכע לייט“, און אַז „מיט די אָרעמע און פּשוטע מענטשן“ וויל ער „לעבן ווי אַ ברודער און מיט אַלץ זיך טיילן מיט זיי“, איז וואָראָניעזש געווען צווישן די ערשטע שטעט, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דעם גרויסן אויפשטאַנד, וואָס האָט נאָך דאַן שיער אינגאַנצן ניט צעטרייסלט די זיילן פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע.

ווען פּיאָטר דער גרויסער איז געזעסן אויפן רוסישן טראָן און ער האָט אָנגעהויבן וועבן זיין גרויסן טרוים צו מאַכן פון דער צוריקגעשטאַנענער רוסלאַנד אַ גרויסע אייראָפּעאישע אימפּעריע, וואָס זאָל אויך זיין אַ מאַכט אויפן אַזאָווישן ים, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען די גרויסע נוצן וואָס ער קען אין דעם

האָבן פון דער שטאָט וואָראָניעזש, און באַנוצנדיק זיך מיט דעם וואָס אויפן טייך קענען דאָרט גיין פלאַכע שיפן, האָט ער דאָרטן געמאַכט אַ האַפן און אָנגעהויבן בויען אַ פלאָט. אַלץ איז אים דאָרט געווען צו דער האַנט צו דערגרייכן דעם ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, ווייל אין יענער צייט זיינען שוין אַרום וואָראָניעזש ניט געווען קיין „פוסטע" פעלדער, ווי אין די פריערדיקע צייטן, נאָר געדיכטע וועלדער, פון וואַנען מ'האָט געקענט צושטעלן דאָס געהילץ, וואָס מ'האָט געדאַרפט האָבן אויף צו בויען די שיפן פאַרן פלאָט.

אין דער זעלבער צייט וואָס וואָראָניעזש איז געוואַקסן, האָט זיך דאָרט אַלעמאָל אַן אַנדער אומגליק געטראָפן, וואָס האָט ניט געלאָזט די שטאָט קומען צו זיך. אינם יאָר 1703 האָט דאָרטן אויסגעבראָכן אַ פייער, און די גאַנצע שטאָט איז אָפּגעברענט געוואָרן. אויך אינם יאָר 1748 און אינם יאָר 1773 איז די גאַנצע שטאָט אַוועק מיטן רויך. אָבער אַלע מאָל האָט מען זי צוריק אויפגעבויט און דאָס לעבן איז זיך דאָרט ווייטער געגאַנגען.

וואָראָניעזש האָט אַרויסגעגעבן די גרעסטע צוויי רוסישע פאָלקס־דיכטער, וואָס האָבן מיט זייערע לידער באַשיינט די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור און זיך געמאַכט באַליבט ביים גאַנצן רוסישן פאָלק, און דאָס זיינען קאָלצאָוו און ניקיטין. קאָלצאָוו האָט אין דער רוסישער ליטעראַטור אַריינגעטראָגן אַ ניי וואָרט, אַן איינגס. „אין זיין פּאָעזיע — ווי עס דריקט זיך אויס דער רוסישער ליטעראַטור־פאָרשער קאָוואַלטשיק — האָט מען געקענט הערן דאָס קול פון די ברייטע רוס׳ישע פויערים־מאַסן." פון זיינע לידער, וואָס זיינען געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, טראָגט זיך דער געזונטער ריח פון דעם „טשאָרנאָזיאָם", פון דער שוואַרצער ערד, וואָס דער גאַנצער געגנט איז אַזוי רייך מיט איר. און זייער געלונגען האָט זיך וועגן דעם אויסגעדריקט דער באַרימטער רוסישער קריטיקער בעלינסקי. ער האָט געזאָגט, אַז אין קאָלצאָווס לידער „זיינען אַריין אי לאַפּטיעס, אי צעריסענע פעלצלעך, אי צעשויבערטע בערד, אי אַלטע אָנוטשעס, און פון דעם גאַנצן קויט האָט ער געמאַכט דאָס ריינסטע גאָלד פון פּאָעזיע."

ניט מער ווי דריי און דרייסיק יאָר איז קאָלצאָוו אַלט געווען ווען ער איז געשטאָרבן. דאָס איז געווען אינם יאָר 1842. און ווען רוסלאַנד וואָלט אין 1942 ניט געווען איינגעהילט אין די פלאַמען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָלט מען דאַן אוודאי געווען געפייערט דעם הונדערטסטן יאָרצייט פון דעם גרויסן פאָלקס־דיכטער.

אויך ניקיטין, דער צווייטער גרויסער רוסישער פאָלקס־דיכטער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין וואָראָניעזש, איז יונג געשטאָרבן. ער איז אינגאַנצן

זיבן און דרייסיק יאָר אַלט געווען, ווען ער איז, אינם יאָר 1861, אַוועק פון דער וועלט. און פאַר ביידע דיכטער זיינען אין שטאָט אַוועקגעשטעלט געוואָרן מאָנומענטן צו פאַראייביקן זייער אָנדענק.

***

אויך די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד איז ענג פאַרבונדן מיט דער שטאָט וואָראָניעזש. פון דאָרט איז אַרויסגעקומען דער באַרימטער סאָציאַליסטישער פירער און טעאָרעטיקער פּלעכאַנאָוו, וועל־כער איז געווען דער גרינדער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד, און נאָך אינם יאָר 1879 איז אין וואָראָניעזש אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער צוזאַמענפאָר פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָ־ליאַ", וואָס האָט זיך דאַן צעשפּאָלטן אויף צוויי באַזונדערע גרופּעס, „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ" און „טשאָרני פּערעדיעל". די „טשאָרני פּערעדיעלצעס" זיינען געווען מעסיקער פון די „נאַראָדאָוואָלצעס" און זיי האָבן מיט זיי ניט איינגע־שטימט אין דער פראַגע וועגן פּאָליטישן טעראָר; איבער דעם איז דעמאָלט פאָרגעקומען די שפּאַלטונג. און אויף יענעם צוזאַמענפאָר אין וואָראָניעזש — דערציילט ווערא פיגנער אין אירע מעמואַרן — זיינען געווען אַזעלכע באַרימטע רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס זיינען שפּעטער פאַרשריבן געוואָרן ווי הייליקע אין דער געשיכטע פון דעם קאַמף פאַר פרייהייט אין רוסלאַנד.

דאָרט זיינען געווען: אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, ניקאָלאַי מאָראָזאָוו, מי־כאַילאָ פראָלענקאָ, אַנדריי זשעליאַבאָוו, סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ, און אַנדערע*).

אויך דער יידישער רעוואָלוציאָנער אַפּטעקמאַן איז צו יענעם צוזאַמענפאָר געקומען; ער איז אויך געווען איינער פון יענער גרופּע אידעאַליסטן, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו „גיין אין פאָלק" און אָנפירן אַ רעוואָ־לוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די רוסישע פּויערים אין די דערפער. צוליב דעם האָט ער זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון סטאָלעריי, כאָטש ער האָט דעמאָלט גאָר שטודירט מעדיצין און האָט שוין געזאָלט ווערן אַ דאָקטאָר. און אין זיינע זכרונות דערציילט ער ווי ער איז די ערשטע צייט ניט געווען אינגאַנצן זיכער אין דעם צי ער וועט קענען דורכפירן די אויפגאַבע פון „גיין אין פאָלק".

„איך בין דאָך אַ ייד, — שרייבט ער דאָרט אין זיינע זכרונות, וואָס זיינען אַרויס אויף רוסיש — בין איך דעריבער ניט געווען אינגאַנצן זיכער

*) ווערא פיגנער: מעמואַרן (איבערזעצט פון מ. אָשעראָוויטש), ערשטער באַנד, זז' 183 און 184.

אין דעם, ווי וועט זיך דאָס רוסישע פאָלק באַציען צו דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איך וועל אָנפירן? וועט דאָס פאָלק מיר אַרויסוואַרפן צוטרוי? וועט מען מיר גלויבן? האָב איך וועגן דעם גערעדט מיט מיינע חברים, און זיי האָבן מיך באַרואיקט מיט דעם וואָס, ערשטנס, איז דאָס רוסישע פאָלק, מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, טאָלעראַנט צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן און גלויבנס און, צווייטנס, איז ביי מיר דער אויסזען ניט קיין טיפּיש־יידישער, אויך מיין רוסיש איז אַ גוטער, און ווען איך וועל זיך אָנטאָן ווי אַן אַרבעטער און וועל אויסערלעך ווערן אַ ביסל פאַרגרעבט, וועט מען מיינען, אַז איך בין אַן עכט־רוסישער מענטש״ *).

⁂

ניט קוקנדיק דערויף וואָס יידן האָבן אין וואָראָניעזש ניט געטאָרט וואוינען, איז דאָך אויסגעקומען אַזוי, אַז אינגאַנצן „ריין״ פון יידן איז די שטאָט דאָך ניט געבליבן אויף שטענדיק. עס האָבן זיך דאָרט ביסלעכווייז באַזעצט אַזלעכע יידן, וואָס האָבן יאָ געהאַט וואוינרעכט אין די שטעט, וואו יידן האָבן ניט געטאָרט וואוינען, און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אינם יאָר 1858, דריי יאָר נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויפן טראָן. די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, זיינען געווען ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן, און אויך אַנדערע יידן, וואָס האָבן געהאַט פּריווילעגיעס. אויך אַזעלכע, וואָס האָבן די נויטיקע פּריווילעגיעס ניט געהאַט, האָבן זיך שוין, ווי־עס־איז, געגעבן אַן עצה ווי צו וואוינען דאָרט און ווי צו האָבן פּרנסה, און אינם יאָר 1874 האָבן שוין יידן דאָרט געהאַט אַ שול, מיט אַ חזן און מיט אַ רב, און שפּעטער, אינם יאָר 1897, ווען וואָראָניעזש האָט שוין געהאַט אַ באַפעלקערונג פון איבער אַכטציק טויזנט נפשות, האָבן שוין דאָרט גע־וואוינט קנאַפּע צוויי טויזנט יידן.

אַפילו אין די ערגסטע צייטן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן איז אוממעגלעך געווען אינגאַנצן אָפּצושליסן וואָראָניעזש פאַר יידן, פּונקט ווי פריער, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, איז אוממעגלעך געווען אָפּצושטעלן דעם איינפלוס פון יידישער מאָראַל אויף די „סובאָטניקעס״, וואָס האָבן זיך דאָרט שטאַרק פאַרשפּרייט. און אינם יאָר 1905, ווען דער לעצטער רוסי־שער צאַר פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע איז געווען געצוואונגען צו געבן דעם פאָלק אַ קאָנסטיטוציע, און באַלד נאָכדעם האָט זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד צעגאָסן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף יידן, איז אין דער שטאָט וואָראָ־

---

*) Мои первые шаги на пути пропаганды, стр. 113.

ניעזש אויך געווען אַ פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט צוויי טעג נאָכאַנאַנד — פון דעם 21טן ביז דעם 23טן אָקטאָבער, און אויף יענעם פּאָגראָם האָט מען ניט נאָר געראַבעוועט, נאָר אויך געהרגעט יידן, און פּונקט ווי אומעטום איז די צאַרישע רעגירונג מיט דעם אויסן געווען אַרויפצואוואַרפן אויף יידן די שולד פון דעם וואָס אין שטאָט ווערט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אַלץ שטאַרקער. עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז אַנדערש האָט זיך „דער צאָרן פונם פאָלק" ניט געקענט שטילן, און אַז אין אַלץ זיינען נאָר די יידן שולדיק.

אָבער פּונקט אַזוי ווי דער אַרכי־עפּיסקאָפּ גענאַדי, וואָס האָט זיך גע־שניטן אויף אַ רוסישן טאָרקוועמאַדאַ, האָט אינם פופצנטן יאָרהונדערט ניט געקענט אָפּשטעלן דעם איינפלוס פון דער יידישער מאָראַל אויף די „סטרי־גאָלניקעס" און אויף די אַנדערע פּאַריידישטע סעקטעס, וואָס האָבן זיך געמערט אין רוסלאַנד צווישן די, וואָס האָבן זיך גייסטיק געוואָלט אויפהויבן העכער, אַזוי האָט ניקאָלאַי דער צווייטער אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ניט געקענט אָפּשטעלן די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון דעם רוסישן פאָלק, וואָס האָט זיך פון די פירער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין וואָראָניעזש, אויסגעלערנט ליב צו האָבן פרייהייט און קעמפן פאַר איר. דאָס אַרויפוואַרפן די גאַנצע שולד אויף די יידן האָט ניט געהאָלפן, און אין 1917 איז די גאַנצע ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע צעפאַלן געוואָרן און עס איז פון איר קיין זכר ניט געבליבן.

נאָך דער רעוואָלוציע האָט וואָראָניעזש באַקומען אַלע מעגלעכקייטן צו ווערן אַ וויכטיקער קולטורעלער צענטער. עס איז דאָרט דאַן שוין געווען אַ אוניווערזיטעט, אַ טעאַטער מיט אַ גרויסן נאָמען איבערן גאַנצן לאַנד און אויך אַ גרויסע ביבליאָטעק, וואו ס'האָבן זיך געפונען ניט ווייניקער ווי הונדערט און פופציק טויזנט ביכער. אָבער באַלד נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער בירגער־קריג אין לאַנד, און דאַן איז וואָראָניעזש אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן, און ווען די דייטשן זיינען פון דאָרט אַרויס, האָט די שטאָט אָנגעהויבן איבערגיין פון האַנט צו האַנט; עס זיינען דאָרט געווען פאַרשיידענערליי ווייסע באַנדעס, וואָס האָבן געפּראַוואוט דערטרינקען די גאַנצע רוסישע רעוואָלוציע אין טייכן בלוט און ימען טרערן. אויך דער אַטאַמאַן שקוראָ, וועמען דעניקין האָט געמאַכט פאַר אַ גענעראַל, איז דאָרט געווען מיט זיינע מחנות, און אין די צייטן וואָס ער איז דאָרט געווען, האָט ער געהאַלטן אין איין שיסן און הענגען, און עס איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען צו די רציחות, וואָס ער האָט אַרויס־געוויזן. ערשט ביים סוף פון דעם מאָנאַט אָקטאָבער, פון דעם יאָר 1919, איז די רויטע אַרמיי אַהין אַריין און אַרויסגעטריבן פון דאָרט די ווייסע באַנדעס, און נאָכדעם האָט ערשט געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז די סאָוועטן־מאַכט האָט זיך דאָרט גוט־באַפעסטיקט.

אויך אין די ציַיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז די שטאָט וואָ־ראָניעזש געווען אין צענטער פון די פלאַמען; אויף די זעלבע וועגן, וואו עס האָבן אַמאָל געשפּאַנט יענע אייביקע רוסישע גאָט־זוכער, וואָס האָבן אין דער מאָ־ראַל פון דער יידישער תורה געפונען דאָס, וואָס זיי האָבן געגאַרט; אויף די זעלבע וועגן, וואו עס זיינען אַמאָל געגאַנגען יענע רוסישע אידעאַליסטן, וועלכע האָבן צום צוזאַמענפּאַר אין וואָראָניעזש געבראַכט די אידעע פון „גיין אין פאָלק" און איינשטעלן דאָס לעבן פאַרן פאָלק — אויף די זעלבע וועגן האָבן געמאַרשירט די נאַצישע רוצחים, די וואָס לעסטערן גאָט און וואָס פאַרשוועכן אַלץ, וואָס האָט נאָר אַן אידעע אין זיך...

אָבער מ'האָט זיי פון דאָרט פאַרטריבן. פונקט ווי מ'האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרטריבן פון דאָרט די דייטשן!

וואָראָניעזש איז געבליבן אַ שטאָט אין רוסלאַנד — אַ שטאָט, וואָס האָט זיך אַפילו אין איר רוסישקייט פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון יידן...

# סעוואַסטאָפּאָל

די שטאָט סעוואַסטאָפּאָל האָט זייער אַ רייכע און אַ אינטערע־סאַנטע געשיכטע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אינם אַכטצנטן יאָרהונדערט. און פאַרבונדן איז די געשיכטע מיט יענע צייטן ווען ראָמאַנטישע אינטריגעס און סענסאַציעס אין רוסישן קייזערלעכן הויף זיינען געווען דער פּרוכטבאַרסטער באָדן, אויף וועלכן ס׳איז אויסגעוואַקסן די גאַנצע גרויס־פּאָליטיק פון דער מלוכה.

דאָס זיינען געווען די צייטן פון יעקאַטערינע דער צווייטער, ווען יעדער נייער געליבטער איז, מיט איר גנאָד, געוואָרן דער מעכטיקסטער מאַן איז לאַנד און געפּרואווט איבערשטייגן דעם פריערדיקן געליבטן מיט דעם, וואָס ער וועט פּאָליטיש אויפטאָן עפּעס אַזוינס וואָס זאָל אים זייער הויך דערהויבן אין די אויגן פון דער קייסערינע.

פון די אַלע געליבטע, וואָס יעקאַטערינע די גרויסע האָט געהאַט נאָכ־דעם ווי זי האָט אינם יאָר 1762 אָפּגעראַמט פונם וועג איר מאַן, פּיאָטר דעם דריטן, איז דער פירשט גריגאָרי פּאָטיאָמקין געווען דער פּעאיקסטער מענטש; ניט קוקנדיק אויף די אַלע חסרונות וואָס ער האָט געהאַט, און ניט קוקנדיק אויף זיין ווילדקייט און צעלאָזנקייט און אויך ניט אויף די טעאַטראַ־לישע פּאָזעס און דעם אָנשטעל וואָס ער האָט געמאַכט אין אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, איז ער דאָך געווען אַ מענטש פון אַ גרויסן פאַרנעם. און נאָך אינם יאָר 1776 האָט ער אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן און צוגעגרייט אַלץ וואָס ס׳איז נאָר געווען נויטיק צו פאַרכאַפּן דעם האַלב־אינזל קרים און אים מאַכן פאַר אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע.

פּאָטיאָמקין האָט עטלעכע יאָר אויף דעם פּלאַן געאַרבעט, און מיט דעם האָט ער ביי יעקאַטערינען שטאַרק אויסגענומען, ווייל זי האָט שוין לאַנג געהאַט די אַמביציע צו הערשן איבער קרים. און אינם יאָר 1783 איז פּאָטיאָמקינס פּלאַן דורכגעפירט געוואָרן. די טערקן האָבן פאַרלאָרן די מלחמה און גאַנץ קרים איז געוואָרן אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע.

אין יענער צייט האָט מען נאָך פון דער שטאָט סעוואַסטאָפּאָל ניט גע־וואוסט. אויף דעם זעלבן אָרט, וואו די באַרימטע האַפן־שטאָט שטייט איצט,

איז געשטאַנען אַ קליין טאַטעריש דערפל, וואָס האָט געהייסן אַכטיאַר. ס'האָבן דאָרט געוואוינט זייער ווייניק מענטשן. אָבער שוין דאַן האָט פּאָטיאָמקין געזען די וויכטיקייט פון דעם האַפן ביים שוואַרצן ים; אין זיינע אַמביציעס צו מאַכן פון רוסלאַנד אַ גרויסע ים־מאַכט, האָט ער דאָרט געזען די מעגלעכקייט פון אַ צענטער פאַר אַ גרויסן רוסישן פלאָט. און גלייך נאָכדעם ווי ער האָט איינגענומען דעם האַלב־אינזל קרים האָט ער דאָרט, וואו דאָס קליינע דערפל אַכטיאַר איז געשטאַנען, געלאָזט אויפבויען אַ שטאָט און איר אַ נאָמען געגעבן סעוואַסטאָפּאָל, וואָס אויף גריכיש הייסט דאָס „די שטאָט פון מאַיעסטעט". און מיט דעם איז ער אויך אויסן געווען צו געפינען נאָך מער חן אין די אויגן פון איר מאַיעסטעט, די רוסישע קייסערינע, וועלכע איז געווען זיין געליבטע...

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע פון דער שטאָט סעוואַסטאָפּאָל, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן איינע פון די באַרימטסטע האַפן־שטעט אין דער וועלט. זי איז אויסגעוואַקסן פון די ראָמאַנטישע אַמביציעס, וואָס אַ רוסישער פירשט האָט געהאַט אין דער גרויסער קאָנקורענץ מיט די אַנדערע געליבטע פון דער רוסישער צאַריצאַ, וועלכע איז לויטן געבורט געווען אַ דייטשקע און געהאַט אַן אויג אויף אַ געגענט, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי און וואו ס'האָבן אַמאָל געהערשט די כאַזאַרישע קעניגן, וועלכע האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן...

עס איז געווען אַן אייגנאַרטיקער צוגאָב צו אַ סך פריערדיקע היסטאָרישע געשעענישן, וואָס האָבן זיך מיט ליבע און ראָמאַנטיק גאָר אינגאַנצן ניט אָנגעקערט.

און עפּעס פונקט ווי ס'וואָלט דווקא געדאַרפט זיין אַזוי, אַז פּאָטיאָמקינס צוגאָב צו די פריערדיקע היסטאָרישע געשעענישן אין קרים זאָל ממש רייסן די אויגן מיט זיין אייגנאַרטיקייט, האָט ער, דער רוסישער פירשט, ביי וועמען פּאָליטיק איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט זיין ליבע צו יעקאַטערינען און מיט ראָמאַנטישע אַוואַנטורעס, זיך געהאַלטן פאַר אַ גריך...

די גרויסע גריכישע אימפּעריע אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער מוקדן איז פאַר אים געווען אַ מוסטער און ער האָט געטרוימט צו מאַכן פון רוסלאַנד אויך פונקט אַזאַ אימפּעריע; ער האָט זיך אין געדאַנק אַלץ מיט די אַלטע גריכן פאַרבונדן, און ס'איז דעריבער געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל דעם טאַטערישן דערפל אַכטיאַר געבן דעם גריכישן נאָמען סעוואַסטאָפּאָל.

די אייגנאַרטיקייט פון דעם בילד וואָלט ניט געווען גאַנץ, ווען מ'וואָלט ניט דערמאָנט דעם פאַקט, אַז די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין סעוואַסטאָפּאָל, זיינען געווען דווקא ניט קיין רוסישע יידן, נאָר גאַליציאַנער. זיי זיינען געקומען אַהין גלייך נאָכדעם ווי קרים איז געוואָרן אַ טייל פון רוס־

לאַנד. אין אָנפאַנג איז זייער צאָל געווען קליין און איז באַשטאַנען פון בלויז עטלעכע פאַמיליעס, אָבער, ווי ס׳פירט זיך שוין געוויינלעך, האָבן די ערשטע אַריבערגעקומענע שפּעטער אויך אַריבערגענומען זייערע קרובים און פריינד, און אויף אַזאַ אופן איז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סעוואַסטאָפּאָל געוואָרן גרעסער און עס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן אַ יידיש לעבן *).

נאָך ביז היינטיקן טאָג איז ניט באַוואוסט פּאַרוואָס די ערשטע יידן, וועלכע האָבן זיך אינם יאָר 1784 באַזעצט אין סעוואַסטאָפּאָל און דאָרט זייער היים געמאַכט, זיינען געקומען ניט פון רוסלאַנד, נאָר דווקאַ פון גאַליציע. ס׳איז אויך ניט באַוואוסט וואָס פאַר אַ יידן דאָס זיינען געווען און וואָס ס׳האָט זיי קיין סעוואַסטאָפּאָל געצויגן. עס שיינט אָבער, אַז דאָס זיינען געווען אַזעלכע יידן, וואָס האָבן אין זיך אַ סך אונטערנעמונגס־גייסט; מענטשן וואָס זיינען אין דער נאַטור פּיאָנערן און וועלכע זיינען אַלעמאָל די ערשטע ווען מ׳הויבט עפּעס אָן ערגעץ צו בויען.

ביים אָנפאַנג פונם נייננצנטן יאָרהונדערט איז שוין די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סעוואַסטאָפּאָל געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע. יידן האָבן אַ סך געהאָלפן אין דער אויפבויאונג פון דער שטאָט און זיי זיינען געוואַקסן אינאיינעם מיט איר; זיי האָבן דאָרט אויפגעבויט שולן, וואו מ׳האָט זיך געקאָנט אויסלערנען פאַרשיידענערליי מלאכות, און ס׳זיינען דאָרט געווען אַ סך יידישע קראָמען פון מאַנופאַקטור און פון אַנדערע סחורות; ס׳זיינען צווישן זיי אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן פּאָדריאַדן צוצושטעלן פּראָוויאַנט פאַרן מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין שטאָט. יידן האָבן זיך דאָרט גוט איינגעלעבט מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, און דאָס האָט געהאָלפן אין דעם, אַז אויך פון אַנדערע שטעט זאָלן קומען יידן און זיך אין סעוואַסטאָפּאָל באַזעצן; יעדער ייד האָט שווער געאַרבעט ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו עפּעס, וואָס זאָל אים געבן פּרנסה פאַר זיך און פאַר ווייב און קינדער. און ווען די לאַגע פון די יידן איז שוין דאָרט געווען אַ גאַנץ נישקשהדיקע און זיי האָבן דאָרט געהאַט פּרנסה, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז מען זאָל זיי פון דאָרטן אַרויסטרייבן.

דאָס איז געשען אינם יאָר 1829, אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן שרעקלעך פיינט געהאַט יידן און אַלץ געזוכט מיטלען ווי אַזוי מיט געוואַלט זיי צו באַקערן צום קריסטנטום. ער אַליין האָט דאָס געהייסן אַרויסגעבן דעם באַפעל, אַז מ׳זאָל פון סעוואַסטאָפּאָל און אויך

---

*) בכלל זיינען יידן פון גאַליציע אָפט געווען די ערשטע צו שאַפן יידישע ישובים אין ניי־אויפגעקומענע רוסישע שטעט, און דאָס, אַגב, איז אַן ענין, וואָס דאַרף ערשט אויסגעפאָרשט ווערן.

פון ניקאָלאַיעוו אַרויסטרייבן אַלע יידן און איבערלאָזן דאָרט בלויז אַזעלכע, וואָס דינען אין מיליטער. און אין יענער צייט האָט זיך פאַר די יידן שטאַרק איינגעשטעלט דער רוסישער אַדמיראַל גרעיג, וועלכער איז דאַן געווען דער מיליטערישער גובערנאַטאָר פון סעוואַסטאָפּאָל און אויך פון ניקאָלאַיעוו.

גרעיג האָט דאַן די יידן פון סעוואַסטאָפּאָל און אויך פון ניקאָלאַיעוו גענומען אונטער זיין שוץ; ער האָט געבעטן ביי דער רעגירונג, אַז מ׳זאָל זיך דערבאַרעמען אויף די יידישע אלמנות און יתומים, וועלכע געפינען זיך אין אַ גרויסער צאָל איןביידע שטעט. און צווישן די אַרגומענטן, וואָס ער האָט אָנגעגעבן דערויף אַז מ׳דאַרף די גזירה צוריקרופן, איז אויך געווען דער אַרגומענט, אַז אויב מ׳וועט די יידן אַרויסטרייבן, וועלן ביידע שטעט, אי סעוואַסטאָפּאָל, אי ניקאָלאַיעוו, בלייבן כמעט אינגאַנצן אָן בעלי־מלאכות. אַזוי דערציילט דער היסטאָריקער יולי געסען, אויך דער פאָרשער פון דער יידישער געשיכטע אין רוסלאַנד, גריגאָרי וואָלטקע, ווייזט אָן דערויף. און פון דעם קאָן מען דרינגען, אַז נאָך דאַן איז די צאָל פון יידישע בעלי־מלאכות אין סעוואַסטאָפּאָל און אויך אין ניקאָלאַיעוו געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע.

אַ לענגערע צייט האָט דער מיליטערישער גובערנאַטאָר גרעיג געטאָן אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אָפּצושרייען די גזירה. אָבער זיין מי איז געווען אומזיסט, ווייל דער צאַר אַליין איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז מ׳זאָל דעם באַפעל דורכפירן, אַפילו אויב דאָס וועט ברענגען שאָדן דער ניט־יידישער באַפעלקערונג פון די צוויי שטעט. און דערביי איז פאָרגעקומען אַ קוריאָז וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער „לאָגיק” פון די וואָס זוכן אַ תירוץ צו פאַרפאָלגן יידן: פונקט אין יענער צייט האָט מען זיך אין סעוואַסטאָפּאָל געכאַפּט, אַז אַ סך פון די רוסישע טשינאָווניקעס, וואָס דינען אין פלאָט, באַגנבענען די רעגירונג. האָט מען דאָס אַריינגענומען צווישן די תירוצים פאַרוואָס מ׳דאַרף די יידן אַרויסטרייבן; מ׳האָט געזאָגט, אַז ווען ס׳וועלן אין סעוואַסטאָפּאָל מער ניט זיין קיין יידן, וועלן די רוסישע טשינאָווניקעס אַוודאי אויפהערן גנבענען, ווייל זיי וועלן דאָך ניט האָבן וועמען צו פאַרקויפן די גע־גנבעטע זאַכן...

וועגן באַשטראָפן די רוסישע טשינאָווניקעס, די וואָס זיינען די הויפּט־שולדיקע אין די גנבות — דאָס איז די קעפּ פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונג ניט איינגעפאַלן, ווייל אין אַלץ האָבן זיי קיין אַנדער זאַך ניט געקאָנט זען ווי נאָר די שולד פון די יידן.

***

אויפן גורל פון דער שטאָט סעוואַסטאָפּאָל איז אויסגעפאַלן צו זיין פאַר־בונדן מיטן סוף פון איינעם פון די טרויעריקסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע

פון די יידן אין רוסלאַנד — מיטן קאַפּיטל קאַנטאָניסטן, וועלכע מ׳האָט גערופן „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן". דאָרט, אין יענער גרויסער רוסישער האַפן־שטאָט, וואָס איז אַמאָל געווען אַ קליין טאַטעריש דערפל, האָבן די לעצטע פון די יידישע „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן", וועלכע האָבן נאָך געדינט אין דער אַרמיי, זיך געשלאָגן פאַר רוסלאַנד, פאַר דעם לאַנד, וואָס האָט זיי באַהאַנדלט נאָך ערגער ווי אַ שטיף־מאַמע. און נאָך ביז היינטיקן טאָג שטייט דאָרט אַ מאָנו־מענט, וואָס האָט אַוודאי ניט איינמאָל געשטאָכן די אויגן פון די וואָס האָבן אויסגע־טראַכט דעם בלבול, אַז יידן זיינען ניט קיין פּאַטריאָטן פון דעם לאַנד וואו זיי וואוינען, און אַז אין דער נאַטור זיינען זיי שרעקעדיקע און זיי טויגן זיך ניט אויס אויף אַ שלאַכטפעלד, וואו מ׳דאַרף אַרויסווייזן מוט און העלדישקייט.

די רוסישע צאַרן האָבן אין דער געשיכטע פון די יידן אַ סך טרויעריקע קאַפּיטלען אַריינגעשריבן, אָבער דעם טרויעריקסטן פון זיי האָט אַריינגעשריבן ניקאָלאַי דער ערשטער, ווען ער האָט אין מאָנאַט אויגוסט פונם יאָר 1827 אַרויס־געגעבן די גזירה, אַז מ׳זאָל קליינע יידישע קינדער אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן.

די ערגסטע און גרויזאַמסטע ענוים קשים האָט מען יענע יידישע קינדער אָנגעטאָן. מ׳האָט זיי אָן רחמנות געפּייניקט און געמאַטערט, מיט קלעפּ, מיט הונגער, מיט דורשט און מיט אַלץ, וואָס פאַרדאָרבענע מוחות פון פאַרברעכער און רוצחים קאָנען נאָר צוקלערן צו פאַראומערן דאָס לעבן און פאַרקירצן די יאָרן פון די, וואָס קאָנען זיך ניט שטעלן אַנטקעגן. און מ׳קאָן זאָגן, אַז זייער קידוש־השם שטייט אין אַ געוויסן זין העכער פון דעם קידוש־השם, וואָס אונדזער פאָלק האָט אַרויסגעוויזן אין אַנדערע שווערע און ביטערע צייטן פון אונדזער לאַנגער געשיכטע אין רוסלאַנד, ווייל אין דער צייט ווען אין אַנדערע אומגליקן, וואָס זיינען געקומען אויף אונדז אין דער אַלטער רוסלאַנד פון די צאַרן, זיינען אויף קידוש־השם געגאַנגען גרויסע, דערוואַקסענע יידן, זיינען אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן געגאַנגען אויף קידוש־השם קליינע יידישע קינדער. זיי האָבן אויף זייערע שוואַכע קינדערשע פּלייצעס בראַוו און מוטיק אַריבער־געטראָגן די גאַנצע שווערקייט פון יענער ביטערער עפּאָכע אין לעבן פון די יידן אין רוסלאַנד. זיי האָבן נאָך מער ווי די גרויסע באַוויזן, אַז יידן קאָן מען ניט אונטערדריקן און אַז דעם יידישן גייסט קאָן מען ניט דערשטיקן...

אַ סך פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבן אויפן וועג נאָך איידער מ׳האָט זיי גע־בראַכט אין די ווייטע געגנטן, וואוהין מ׳האָט זיי פאַרשיקט; נאָך איידער מ׳האָט זיי אַריינגעגעבן אין די קאַזאַרמעס, וואו שלעכטע און בייזע „דיאַדקעס" האָבן געשלאָגן מכות רצח און צו שמד געטריבן.

זייער אַ טרויעריק בילד פון דעם שילדערט דער באַרימטער רוסישער שריפטשטעלער און רעוואָלוציאָנער אַלעקסאַנדער גערצען. ער דערציילט ווי

אויפן וועג קיין וויאַטקע, וואוהין מ׳האָט אים פאַרשיקט, האָט ער זיך אין אַ פאַרוואָרפן דערפל געטראָפן מיט אַן אָפיציר, וואָס האָט געפירט אַ „מחנה״ פון יידישע יינגלעך, וואָס מ׳האָט פון טאַטע־מאַמע אָפּגעריסן. ווען ער האָט דעם אָפיציר געפרעגט וואָס דאָס איז, האָט אים יענער געענטפערט:

„עס איז, פאַרשטייט איר מיך, אַזאַ געשיכטע: מ׳האָט צונויפגעטריבן אַ כאָפּטע קליינע יידליקלעך־פאַרשאָלטענע, פון אַכט יאָר און פון ניין יאָר. ניט אַנדערש נאָר מ׳וויל זיי אין פלאָט אַריינגעבן. איך ווייס דאָס ניט. פריער האָט מען מיר געהייסן, כ׳זאָל זיי טרייבן קיין פּערם; נאָכדעם האָט זיך עפּעס איבערגעדרייט, און איצט טרייבן מיר זיי קיין קאַזאַן. מיט הונדערט ווערסט צוריק האָט מען זיי אין מיינע הענט איבערגעגעבן. דער אָפיציר, ביי וועמען איך האָב זיי אי־בערגענומען, האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז אַן אומגליק מיט זיי. אַ דריטל איז אויפן וועג געבליבן (און דער אָפיציר האָט מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף דער ערד). אַ העלפט פון זיי וועלן ניט דערגיין צו דעם אָרט, וואוהין מ׳דאַרף זיי ברענגען.״

גערצען שרייבט, אַז דאָס וואָס דער אָפיציר האָט דערציילט, האָט אים שטאַרק גערירט. ער האָט אין אָנפאַנג ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די קינדער שטאַרבן אַזוי פיל אויפן וועג, און ווען ער האָט דעם אָפיציר געפרעגט צי דאָס איז פון אַ מגפה, האָט אים יענער געענטפערט:

„ניין, מ׳קען ניט זאָגן, אַז דאָס איז פון אַ מגפה. זיי שטאַרבן גלאַט אויס ווי די פליגן. איר פאַרשטייט, אַ קליין יידיש יינגעלע, אַן איינגעדאַרטס, אַן איינגעקוואַרטס און אַ נעבעכדיקס, ווי אַ בלודנע קעצעלע, איז ניט געוואוינט צו גיין צופוס און קנעטן די בלאָטע צען שעה נאָכאַנאַנד, און זיך דערנערן מיט טרוקענע סוכאַרעס. און דערצו נאָך — אין דער פרעמד, אָן אַ טאַטן, אָן אַ מאַמען, וואָס זאָלן אַמאָל געבן אַ גלעט. נו, הויבט עס אָן הוסטן, און עס הוסט אַזוי לאַנג ביז עס שטאַרבט. און זאָגט מיר, איך בעט אייך, צו וואָס דאַרף מען דאָס? וואָס קען מען אויפטאָן מיט קינדער?״

ווען מ׳האָט אויסגעשטעלט די יינגעלעך צו גיין ווייטער, איז דאָס געווען „איינע פון די שרעקלעכסטע סצענעס וואָס מ׳קען זיך נאָר פאַרשטעלן״, ווי גערצען דריקט זיך אויס. „אָרעמע, אומגליקלעכע קינדער! די וואָס זיינען אַלט געווען צוועלף יאָר און דרייצן יאָר, האָבן זיך נאָך ווי ס׳ניט איז געהאַלטן. אָבער די יינגלעך וואָס זיינען אַלט געווען אַכט יאָר און צען יאָר!... די שרעקלעכסטע בילד, וואָס איז געמאָלן אויף לייוונט מיט די שוואַרצסטע פאַרבן, קען ניט אַרויסרופן אַזאַ שוידער. אויסגעבלייכטע, אויסגעמוטשעטע און צעשראָקענע זיי־נען זיי געשטאַנען אָנגעטאָן אין די אומגעלומפּערטע דיקע סאָלדאַטסקע שינעלן מיט די אויפגעשטעלטע קאָלנערס און האָבן מיט אומבאַהאָלפענע און נעבעכדיקע

בליקן געקוקט אויף די אַלטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיי גראָב אין גלייכן רייען אויסגעשטעלט. די ליפּן זיינען ביי זיי געווען בלאַס, פון די בלויע צייכנס אונטער די אויגן האָט מען געקענט זען, אַז עס וואַרפט זיי אין היץ און אין קעלט. און אָט די קראַנקע קינדער, אויף וועלכע קיינער האָט ניט אויפגעפּאַסט און קיין [illegible]

געבלאָזן דערווינט, וואָס האָט זיך געטראָגן פונם פאַרפראָרענעם ים, האָט מען געפירט אין קבר אַריין.״

„און פאַרגעסט ניט, — זאָגט דערביי גערצען — אַז דער אָפיציר, וואָס האָט זיי געפירט, איז אין דער נאַטור געווען אַ גוטער מענטש און מ׳האָט גע־קענט זען, אַז ער האָט רחמנות אויף זיי. וואָס וואָלט שוין געווען, ווען זיי וואָלטן אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ שלעכטן מענטשן? איך האָב אָנגענומען דעם אָפיציר ביי דער האַנט און בעטנדיק אים, אַז ער זאָל די קינדער אָפּ־היטן, בין איך צוגעלאָפן צו מיין ברישקע. איך האָב געוואָלט וויינען און יאָ־מערן אויפן קול. איך האָב געפילט, אַז ס׳איז מיר שווער צו דערשטיקן אין זיך דאָס געוויין...״

אַזאַ בילד מאָלט דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער און רעוואָלו־ציאָנער *). און ס׳איז שווער בייצושטיין דעם נסיון און ניט ברענגען אָט דעם לענגערן אויסצוג ווען מען דערמאָנט די עפּאָכע פון די יידישע קאַנטאָניסטן אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן. און דערמאָנען דאָ דאַרף מען עס, כדי צוצוגעבן גאַנצקייט צו דעם וואָס וועט דערציילט ווערן ווייטער אין פאַר־בינדונג מיט דער געשיכטע פון דער שטאָט סעוואַסטאָפּאָל:

אינם יאָר 1853 איז רוסלאַנד אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ מלחמה קעגן טערקיי, ענגלאַנד און פראַנקרייך. דאָס איז געווען די באַרימטע קרימער מלחמה, און כאָטש לפּנים האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן „הימל־זאַכן״ און מ׳האָט זיך גע־אַמפּערט וועגן דעם אין וועמעס הענט די רעגירונג פון טערקיי זאָל לאָזן דעם שליסל פון יעזוסעס קבר אין ירושלים, אין די הענט פון די קאַטוילישע מאָנאַכן, אָדער אין די הענט פון די פּראַוואָסלאַוונע גלחים, איז מען דער עיקרשט אויסן געווען עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן, און די כוונה איז געווען אָפּצו־שוואַכן דעם פּאָליטישן איינפלוס פון דער רוסישער אימפּעריע אין מיטל־אַזיע און ניט דערלאָזן, אַז זי זאָל ווערן גאָר אַ גרויסע מאַכט אויף די ימים. אויך עסטרייך און פּרייסן זיינען אין דעם געווען פאַראינטערעסירט, און דאַן האָט זיך ביי די ברעגן פון קרים אָנגעהויבן אַ מלחמה אויפן ים. אין אָנפאַנג האָט זיך דער רוסישער פלאָט געשלאָגן בלויז מיטן טערקישן, אָבער שפּעטער זיינען

*) Былое и думы. Том первый, стр. 313-315.

אין דעם אויך אַריינגעצויגן געוואָרן די פּלאַנען פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, און די גרעסטע שלאַכטן זיינען פאָרגעקומען ביי סעוואַסטאָפּאָל.

עלף חדשים נאָכאַנאַנד האָט מען דאָן די שטאָט באַלאַגערט. מ׳האָט אויף איר געשאָסן פון האַרמאַטן בייטאָג און ביינאַכט. אָבער די רוסישע אַרמיי, וואָס האָט די שטאָט באַשיצט פון אינעווייניק, האָט אַרויסגעוויזן אויסערגע־וויינלעכע העלדישקייט. זיי האָבן זיך מיטן שונא ביי אַלע ברעגן געשלאָגן, און דער פּאַטריאָטיזם איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען מ׳האָט פון איין פּלאַץ געוואָלט אָוועקשיקן אַ מחנה מאַטראָסן, וועלכע האָבן דרייסיק טעג נאָכאַנאַנד באַשיצט אַ פּאָזיציע, וואו ס׳האָט ממש געהאָגלט מיט באָמבעס, האָבן זיי געסטראַשעט מיט אַ בונט אויב מען וועט שיקן אַנדערע אויף זייער אָרט, און זיי זיינען ווייטער געבליבן אויף זייערע פּאָסטנס, באַשיצנדיק די פּאָזיציע, וואָס דער שונא האָט ניט געקענט נעמען. אַזוי ווערט דערציילט אין אַ בריוו וואָס דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער לעוו טאָלסטאָי האָט אין יענער צייט געשריבן צו זיין ברודער סערגעי, און טאָלסטאָי איז געווען גוט באַקאַנט מיט אַלץ וואָס עס איז דאָן פאָרגעקומען אין סעוואַסטאָפּאָל, ווייל ער איז דעמאָלט נאָך געווען אַ יונגער אַרטילעריע־אָפיצער און ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין די שלאַכטן צו באַ־שיצן די שטאָט.

אין יענעם בריוו, וואָס איז מיט אַ סך יאָרן שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אינם ערשטן באַנד פון דער ביאָגראַפיע פון דעם גרויסן שריפטשטעלער און דענקער, וואָס זיין תלמיד און פאַרערער פּ. י. ביריוקאָוו, האָט אָנגעשריבן, דריקט זיך טאָלסטאָי אויס, אַז סעוואַסטאָפּאָל איז געוואָרן „כמעט אַ שטיק הייליקייט" און אַז דער קאַמף, וואָס די רוסן פירן דאָרט אָן צו באַשיצן די שטאָט קעגן שונא, וועט אין דער געדעכעניש פון די צוקונפטיקע דורות אָוועקגעשטעלט ווערן העכער פון אַלע אַנדערע קאַמפן, וואָס מ׳האָט געפירט קעגן די, וואָס זיינען אָנגעפאַלן אויפן לאַנד. און עס איז אינטערעסאַנט וואָס אין דעם זעלבן בריוו באַוואונדערט טאָלסטאָי אויך די העלדישקייט פונם שונא, פון די ענגלענדער. ער איז פון זיי ממש אַנטציקט, און דערמאָנענדיק אינם בריוו די געפאַנגענע ענגלענדער און פראַנצויזן, שטעלט ער זיך אָפּ אויף די ענגלענדער און ער שרייבט וועגן זיי מיט באַגייסטערונג אַזוי:

„דאָס זיינען בראַווע יונגען איינער און איינער. זיי זיינען הויך אי פיזיש אי גייסטיק. דאָס איז אַ פאָלק מיט מוט. אונדזערע קאָזאַקן זאָגן, אַז אַזעלכע בראַווע יונגען איז גאָר אַ שאָד צו האַקן מיט די שווערדן. און האָסט געדאַרפט זען וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט אונדזערער אַ סאָלדאַטל ווען ער שטעלט זיך אָוועק לעבן איינעם פון זיי: אַ קליינינקער, אַ פאַרלייזיקטער און אַ צעקנייטשטער אַזאַ."

טאָלסטאָי פאַלט אָבער ביי זיך ניט אַרונטער מיט דעם וואָס די רוסישע

סאָלדאַטן אין סעוואַסטאָפּאָל קוקן אויס אַזוי נעבעכדיק אין פאַרגלייך מיט די ענגלענדער, וואָס זיינען „בראַווע יונגען איינער און איינער", און אין דעם בריוו זאָגט ער, אַז ווען ער וועט באַשרייבן די שלאַכטן אין סעוואַסטאָפּאָל, וועט ער זיך אָפּשטעלן אויף דער אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט, וואָס די רוסישע מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן ביים באַשיצן די שטאָט קעגן שונא, און דאַן וועט מען זען אויף וואָס דאָס „קליינינקע, פאַרלייזיקטע און צעקנייטשטע רוסישע סאָלדאַטל" איז פעאיק און וויפל מוט ער קען אַרויסווייזן, שלאָגנדיק זיך אויף טויט און לעבן פאַר דעם פאָטערלאַנד, וואָס ער האָט אַזוי ליב.

און טאָלסטאָי האָט געהאַלטן וואָרט. אין די „סעוואַסטאָפּאָלער דערציילונ־גען", וואָס ער האָט צוגעשיקט צו דרוקן אינם זשורנאַל „סאָוורעמעניק", האָט ער אַרויסגעשטעלט דעם רוסישן סאָלדאַט אין אַזאַ ליכט, אַז מ'האָט אים דערזען אין אַ גאָר נייעם געשטאַלט, און דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער רוסישער געזעלשאַפט, וואו מ'האָט אויפן סאָלדאַט געוויינלעך געקוקט מיט ביטול און פאַראַכטונג. און ניט אומזיסט האָט נעקראַסאָוו, איינער פון די רע־דאַקטאָרן פון דעם „סאָוורעמעניק", אונטערגעגעבן מוט דעם יונגן שריפט־שטעלער־אָפיציר, וועלכער איז דאַן געווען אויפן שלאַכטפעלד אין סעוואַסטאָ־פּאָל, אַז ער זאָל ווייטער שרייבן וועגן דעם אינם זעלבן גייסט; אין אַ בריוו, וואָס ער האָט אים דאַן צוגעשיקט, האָט ער, צווישן אַנדערש, זיך אויסגעדריקט, אַז „ביז איצט האָט מען אין דער רוסישער ליטעראַטור קיין אַנדער זאַך ווי גראָב־קייט אינם סאָלדאַט ניט געזען".

טאָלסטאָיס ערשטע שילדערונגען וועגן די געשעענישן אין סעוואַסטאָפּאָל האָבן אויף נעקראַסאָוון אַזאַ שטאַרקן איינדרוק געמאַכט, אַז ער האָט זיך גאָר ניט געקענט געבנוג אָפּלויבן פון זיי. און אין דעם בריוו, וואו ער רעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג וועגן טאָלסטאָיס טאַלאַנט און וועגן דעם נייעם טאָן, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן אין דער רוסישער ליטעראַטור, זאָגט ער צו אים: „אָט דאָס איז וואָס די רוסישע געזעלשאַפט דאַרף איצטער: דעם אמת, דעם אמת, פון וואָס ס'איז נאָך גאָגאָלס טויט אַזוי ווייניק געבליבן אין אונזער רוסישער לי־טעראַטור."

און ניט נאָר אין דער ליטעראַרישער וועלט האָבן טאָלסטאָיס שילדערונגען פון סעוואַסטאָפּאָל געמאַכט אַזאַ פוראָר און טאָקע אַרויסגערופן אַ סך קנאה אויך ביי אַנדערע שרייבער, וועלכע האָבן דערזען אַזאַ גרויסן קאָנקורענט אין דעם יונגן שרייבער־אָפיצער, וואָס איז געווען אויפן שלאַכטפעלד אין סעוואַסטאָ־פּאָל. אויך אין די גאָר הויכע רעגירונגס־ספערן האָבן די שילדערונגען פון די געשעענישן אין סעוואַסטאָפּאָל געמאַכט אַ גרויסן פוראָר. און ווען דער קיסר אַליין האָט איבערגעלייענט טאָלסטאָיס דערציילונג, וואָס האָט געהייסן „סע־

וואַסטאָפּאָל אין דעצעמבער, 1854״, איז ער פון דעם געוואָרן אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט דאָס געהייסן איבערזעצן אין פראַנצויזיש און ער האָט גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל דעם יונגן אָפיצער, לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי, שאַנעווען אין די שלאַכטן פון סעוואַסטאָפּאָל און מ׳זאָל אים דאָרט קיינמאָל ניט אַוועקשטעלן אויף אַזעלכע פּאָזיציעס, וואו עס קען זיין אַ סכנה, אַז ער זאָל זיין לעבן פאַרלירן.

דער צאַר האָט ניט געוואָלט, אַז איבער דער מלחמה אין סעוואַסטאָפּאָל זאָל די רוסישע ליטעראַטור פאַרלירן אַזאַ גרויסן טאַלאַנט.

אָבער געטאָן האָט דאָס ניט ניקאָלאַי דער ערשטער, נאָר אַלעקסאַנדער דער צווייטער. ניקאָלאַי דער ערשטער איז שוין דאַן געווען טויט; ער איז געשטאָרבן אינם יאָר 1855, ווען די קרימער מלחמה האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן ברען. ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט אים זיכער ניט געלעגן אין זינען אַזאַ זאַך ווי שאַנעווען דאָס לעבן פון אַ יונגן רוסישן אָפיצער, וואָס איז אַזאַ גרויס געווינס פאַר דער רוסישער ליטעראַטור. אים וואָלט אַוודאי ווייניק געאַרט ווען טאָלסטאָי וואָלט אין סעוואַסטאָפּאָל געפאַלן אין שלאַכט. ער וואָלט זיך דאָס געוויס צום האַרצן ניט גענומען, ווייל ער איז אין גייסט געווען דורך און דורך אַ פעלדפעבעל, ווי פּושקין האָט זיך אַמאָל וועגן אים אויסגעדריקט. אין זיין באַציאונג צו מענטשן האָט מען אין אים פריער פון אַלץ געזען דעם פאַרגרעבטן פעלדפעבעל, כאָטש ער האָט שטענדיק געמאַכט אַזאַ אָנשטעל ווי ער וואָלט געווען אַ פּאָטער דער גרויסער. אין די דרייסיק יאָר, וואָס ער איז געזעסן אויפן רוסישן טראָן — פון 1825 ביז 1855 — האָט ער פון גאַנץ רוסלאַנד איין גרויסע קאַזאַרמע געמאַכט. אַלע האָבן געפילט די ברוטאַלע מאַכט פון זיין סאָלדאַטסקן פויסט, און מער ווי אַלע אַנדערע האָבן דאָס געפילט די יידן, און ס׳איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז אין זיין באַפעל צו כאַפּן קליינע יידישע קינדער און זיי אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן און זיי זאָלן דינען פינף און צוואַנציק יאָר, האָט ער געהאַט ניט בלויז פּאָליטישע מאָטיוון, נאָר אויך קריסטלעך־מיסיאָנערישע. ער האָט מיט געוואַלד געוואָלט אַרויפצווינגען אויף יידן די שמד. און עס איז לעכערלעך צו נעמען ערנסט יענע כלומרשט „וויסנשאַפטלעכע מעטאָדע״ פון יענעם מין כלומרשטע „היסטאָריקער״, וועלכע ווילן זען די שולד פון יענעם באַפעל ניט דווקא אין ניקאָלאַי דעם ערשטן, נאָר אויך אין די משכילים, וועלכע האָבן אין יענער צייט אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן פאַנאַטיזם ביי יידן. מיט אַ וואָרט אָדער מיט אַ שורה, וואָס מ׳כאַפּט אַרויס פון די שריפטן פון די משכילים, וועלכע האָבן דאַן געלעבט, קען מען אַזוינס ניט באַווייזן, סיידן מ׳איז אַזוי ווייט „אומפּאַרטייאיש״ צו יידן, אַז ס׳איז רעכט אַפילו אָנצונעמען אַן אַנטי־

סעמיטישן שטאַנדפּונקט ביי אַזאַ אַרבעט ווי „פּאַרשן“ און „באַלויכטן“ די גע־שיכטע פונם אייגענעם יידישן פאָלק...

דאָס טוען געוויינלעך יענע „היינט־וועלטיקע“ היסטאָריקער אונזערע, וועלכע האָבן זיך איינגעשמועסט, אַז ביים פאָרשן יידישע געשיכטע און ביים שרייבן וועגן יידן, איז אַבסאָלוט ניט נויטיק אַזאַ זאַך ווי האָבן אַ געפיל פון ליבע צום יידישן פאָלק. פאַרקערט, זיי האַלטן אין איין זוכן און געפינען חסרונות אויף יידן, און זיי מיינען, אַז דערמיט ווייזן זיי ווי אָביעקטיוו זיי זיינען...

אָבער דאָס איז אַ באַזונדער ענין, אויף וועלכן מיר האָבן שוין אָנגעוויזן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

***

אין די דריי הונדערט מיט זעקס און דרייסיק טעג און נעכט, וואָס די באַלאַגערונג פון סעוואַסטאָפּאָל האָט אָנגעהאַלטן אין דעם יאָר פון 1854־1855, האָבן די ענגלענדער און די פראַנצויזן, אינאיינעם מיט די טערקן, פאַרלאָרן אַן ערך פון הונדערט טויזנט מאַן. אַזאַ צאָל וועדט אָנגעגעבן אין דער געשיכטע. אָבער די פאַרלוסטן פון די רוסן זיינען געווען נאָך גרעסער: זיי האָבן אין די שלאַכטן פון סעוואַסטאָפּאָל פאַרלאָרן דריי הונדערט טויזנט מענטשן. און כאָטש מען האָט דאַן די שטאָט געמוזט אויפגעבן, איז אָבער דער קאַמף זי צו באַשיצן געבליבן ווי איינער פון די העלדישסטע אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד. און אין יענעם קאַמף, וואָס האָט די שטאָט סעוואַסטאָפּאָל אָוועקגעשטעלט אַזוי הויך, אַז זי איז געוואָרן „כמעט אַ שטיק הייליקייט“, ווי טאָלסטאָי האָט זיך אויסגעדריקט, האָבן זייער אַ וויכטיקע ראָלע געשפּילט די „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן“, וועלכע מען האָט נאָך אין די קינדער־יאָרן געפייניקט און געמוטשעט אין די קאַזאַרמעס פון ניקאָלאַי דעם ערשטן...

גיבורים זיינען זיי אַלע געווען, די יידישע „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן“, וועל־כע האָבן זיך אין די שלאַכטן פון סעוואַסטאָפּאָל באַטייליקט, וואָרעם נאָר אַזעלכע, וואָס זיינען געווען אייזן־שטאַרק, האָבן פון קינדווייז־אָן געקענט אַריבערטראָגן אַזעלכע שוידערלעכע עינוים קשים און אַזוי פיל קלעפּ און צרות. אויך אין גייסט זיינען זיי גיבורים געווען, וואָרעם נאָר אַזעלכע, וואָס זיינען אין גייסט געווען פּונקט אַזוי אייזן־שטאַרק ווי אין קערפּער, האָבן געקענט ליידן אַזוי פיל און זיך דאָך ניט שמדן, דאָך בלייבן יידן. און ווען מען האָט זיי געבראַכט קיין סעוואַסטאָפּאָל צו באַשיצן די שטאָט אין קאַמף קעגן קעגן שונא, האָבן זיי אין די שלאַכטן אַרויסגעוויזן אַזאַ אויסערגעוויינלעכע העלדישקייט, אַז אַלע האָבן זיי באַ־וואונדערט.

אויף די אַלע פּאָזיציעס, וואו מען האָט זיי אַוועקגעשטעלט, זיינען זיי געווען אַ מוסטער פאַר אַנדערע. אין קאַמף פאַר דעם רוסישן פאָטערלאַנד, וואָס האָט זיי באַהאַנדלט ווי שטיף־קינדער, און נאָך ערגער, זיינען זיי ממש געגאַנגען אויף קידוש־השם. זיי האָבן זיך פּשוט מוסר־נפש געווען, שלאָגנדיק זיך מיט דעם שונא, וואָס איז אַנגעפאַלן אויף רוסלאַנד; קיין געפאַר איז פאַר זיי ניט געווען צו גרויס; קיין פייער פון האַרמאַטן און ביקסן האָט זיי ניט געשראָקן און ביי זיי דעם מוט ניט צוגענומען, און הונדערטער פון זיי זיינען געפאַלן אין די שלאַכטן — געפאַלן טויט, באַשיצנדיק די שטאָט, וואו יידן האָבן קיין רעכט ניט געהאַט צו וואוינען...

ניט ווייניקער ווי פינף הונדערט פון יענע יידישע „ניקאָלאַיעווסקע סאָל־דאַטן" זיינען דאָ אין די שלאַכטן פון סעוואַסטאָפּאָל געפאַלן. און מען האָט זיי אַלע אין איין קבר באַגראָבן, און מיט קנאַפּע צען יאָר שפּעטער האָט מען אויף דעם קבר אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע מצבה, אַ מאָנומענט פון ווייסן מירמל־שטיין, און אויפן מאָנומענט האָט מען אויסגעקריצט די ווערטער:

„צום אָנדענק פון די יידישע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געפאַלן פאַרן פאָ־טערלאַנד ביים באַשיצן סעוואַסטאָפּאָל אין דער צייט פון דער מלחמה אין די יאָרן פון 1854 און 1855."

אַוועקגעשטעלט דעם מאָנומענט האָט מען לויט אַ פּלאַן, וואָס איז גוט־געהייסן געוואָרן פון דעם פּלאַטן־מיניסטעריום. און דאָס איז שוין אויך געווען אַ מצבה אויף דעם קאַנטאָניזם, וואָס ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געהאַט איינ־געפירט. דער נייער קיסר, אַלעקסאַנדער דער צווייטער, האָט אינם מאָנאַט אוי־גוסט פונם יאָר 1856 אָפּגעשאַפט דעם קאַנטאָניזם און די געצוואונגענע רע־קרוטשינע, וואָס האָט געדויערט קנאַפּע דרייסיק יאָר. „זי געהערט — שרייבט וועגן דעם שאול גינזבורג — צו די סאַמע בלוטיקסטע בלעטער פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין צאַרישן רוסלאַנד" *). און צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די מצבה אויף דער רעקרוטשינע שטייט אין סעוואַסטאָפּאָל. דאָרטן האָבן יידישע „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן" מיט זייער בלוט פאַרשטעמפּלט דעם לעצטן קאַפּיטל פון דעם פינצטערן קאַנטאָניזם.

און די העלדישקייט, וואָס די יידן האָבן אַרויסגעוויזן באַשיצנדיק סע־וואַסטאָפּאָל, איז ניט געווען קיין אויסנאַם. אויך אין אַנדערע מלחמות, וואָס רוסלאַנד האָט געפירט, האָבן זיך יידישע סאָלדאַטן שטאַרק אויסגעצייכנט אויף די שלאַכטפעלדער. און אין דער רוסיש־טערקישער קריג פון די יאָרן 1877 און 1878 איז ביים דאָרף גאָרני־דובניאַק, וואָס איז ניט ווייט פון דער שטאָט

*) היסטאָרישע ווערק, צווייטער באַנד, ז' 20.

פּלעוונע פאַרגעקומען אַ פאַל, וואָס איזווירקלעך געווען איינער פון די אויסער־געוויינלעכסטע פאַלן אין אַ קריג, און ער דאַרף דאָ איבערגעגעבן ווערן אַזוי ווי ס׳האָט אים דערציילט אַ רוסישער גענעראַל, וועלכער איז געווען דער קאָמאַנ־דיר פון דער דיוויזיע, וואָס האָט זיך ביי יענעם דאַרף געשלאָגן מיט די טערקן.

דעם 30טן אויגוסט פון יאָר 1878 איז דאָס געווען, — דערציילט יענער רוסישער גענעראַל. — ביי גאָרני־דובניאַק, וואו מען האָט געדאַרפט נעמען דעם שונאס אַ פּאָזיציע, האָבן די טערקן מיטאַמאָל גענומען שיסן פון האַרמאַטן, און ווייל מ׳האָט זיך דערויף ניט גערעכט, איז אין אונדזערע רייען געוואָרן אַ צע־מישעניש און מ׳האָט אָנגעהויבן לויפן צוריק. און פּונקט דאַן האָב איך מיט־אַמאָל פון ערגעץ דערהערט קולות „שמע ישראל״. דאָס האָט אַ קליין הייפעלע יידישע סאָלדאַטן אַזוי געשריען; און מיט די געשרייען „שמע ישראל״ האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן פאָראויס אַקעגן שונא און גערופן די אַנדערע אויך צו טאָן דאָס זעלבע, און דאַן האָט זיך שוין די גאַנצע מחנה געלאָזט לויפן פאָראויס, דעם שונא אַנטקעגן, און אינאיינעם מיט די יידן האָבן זיי געשריען „שמע ישראל״, כאָטש זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס דאָס מיינט, און לויפנדיק אַזוי, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין דער מחנה פון די טערקן און מ׳האָט גענומען איינע פון די וויכטיקסטע פּאָזיציעס *).

קיין שרייבער אין דער וועלט וואָלט אַזעלכס ניט געקאָנט אויסטראַכטן. קיינער וואָלט דאָס ניט געגלויבט. דאָס איז אָבער דאָך אַ היסטאָרישער פאַקט!

מיט אַ געפיל פון ליבשאַפט צום לאַנד אין האַרצן, מיט די ביקסן אין די הענט און מיט „שמע ישראל״ אויף די ליפּן, האָבן די יידן ביי גאָרני־דובניאַק געבראַכט אַ זיג דער רוסישער אַרמיי; זיי האָבן מיט זייער מסירת־נפש די גאַנצע דיוויזיע אָנגעצונדן, און ווען די גויישע סאָלדאַטן האָבן, קוקנדיק אויף זיי, אויך גענומען שרייען „שמאַ איסראַעיל״, ניט וויסנדיק דעם באַדייט פון די ווערטער, וואָס זיינען זיי געווען אינגאַנצן פרעמד, האָבן זיי אוודאי גע־גלויבט, אַז ס׳שטעקט אין דעם דער כוח פון אַ געהיימען שפּרוך, וואָס קען מאַכן אַזוי, אַז ס׳זאָל געשען אַ נס און מ׳זאָל דעם שונא בייקומען און בלייבן לעבן...

דאָס איז געווען אַ פאָרטזעצונג פון דער העלדישקייט וואָס יידן האָבן אַרויסגעוויזן אין סעוואַסטאָפּאָל אין דער מלחמה פון 1854־55, און מיט אַזעלכע און ענלעכע העלדישקייטן איז פול די געשיכטע פון דער רוסישער אַרמיי פון די אַלטע צייטן און אויך פון די נייע. רוסישע מיליטערישע קאָמאַנדירן האָבן

*) איבערגעגעבן דעם דאָזיקן פאַל האָט דער יידישער פאָרשער ס. פאָזנער. זע וועגן דעם אין דער רוסישער „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ״, באַנד 3, זז׳ 164 און 165.

וועגן דעם אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן דערציילט און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט דערויף וואָס די מעלה פון דעם יידן אין דער אַרמיי באַשטייט ניט נאָר אין דעם וואָס ער איז העלדיש און שלאָגט זיך מיט מסירת־נפש, נאָר אויך אין דעם, וואָס ער פאַלט שנעל אויף אַ שכל.

אויך אין דער רויטער אַרמיי האָבן זיך די יידן שטאַרק אויסגעצייכנט, און אַ סך פון זיי האָבן זיך צו הויכע מיליטערישע ראַנגען דערדינט.

פאַר דער רוסלאַנד, וואָס איז אין די צייטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געשטאַנען אין קאַמף קעגן היטלערן און זיינע פאַשיסטישע שותפים פון כל־המינים, האָבן די יידן זיך געשלאָגן מיט אַזאַ מוט און מיט אַזאַ מסירת־נפש, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן גרויס באַוואונדערונג. דאָס האָט מען געקענט זען דערפון וואָס די סאָוועטישע צייטונגען האָבן דאַן געשריבן וועגן דעם. אין די שלאַכטן ביי סעוואַסטאָפּאָל זיינען דעמאָלט געפאַלן אַ סך פון די אור־אייניקלעך פון די יידישע „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן", וועלכע האָבן נאָך מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק באַשיצט די שטאָט. זיי האָבן ביי די עלטער־זיידעס איבערגענומען בירושה ניט נאָר די ליבע צו דעם לאַנד, וואָס האָט זיי אַמאָל באַהאַנדלט ווי שטיף־קינדער, ווי פרעמדע, נאָר אויך דעם גייסט פון העלדישקייט.

און דאָך...

דאָך האָבן זיך אין אַ סך שטעט פון רוסלאַנד און אוקראַינע, נאָך דער מלחמה, געפונען גענוג אַזעלכע, וואָס ווען זיי האָבן דערזען אַ יידן, האָבן זיי אים באַגעגנט מיט בליקן פון האַס און זיי זיינען געווען זייער ניט צופרידן דערפון וואָס נאָך היטלערס ממשלה זיינען נאָך אַלץ געבליבן יידן...

דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס די נאַציס און זייערע היימישע אַרויסהעלפער האָבן פאַרשפּרייט אין די שטעט פון רוסלאַנד און אוקראַינע, האָט זיך שטאַרק געפילט אומעטום...

# יאלטע

צווישן די געשיכטעס, וואָס ווערן דערציילט וועגן דעם לעצטן רוסישן קיסר ניקאָלאַי און זיין באַציאונג צו יידן, איז אויך פאַראַן אַזאַ געשיכטע:

איידער רוסלאַנד איז אינם יאָר 1914 אַריין אין דער מלחמה קעגן דייטשלאַנד, האָט די רעגירונג אָנגעוועגדט אַלערליי מיטלען אַרויסצורופן ביי דער באַפעלקערונג וואָס מער פּאַטריאָטיזם צום לאַנד און דער עיקר — וואָס מער ליבשאַפט צום קיסר, און דאַן איז געבליבן, אַז טאַקע ניט קיין אַנדערער ווי ער, דער קיסר אַליין, זאָל זומער מאַכן אַ רייזע איבער קרים; אָבער ניט פון דעם מין רייזעס, וואָס מ'מאַכט געוויינלעך מיט גרויס פּאַראַד, נאָר אינגאַנצן אויף אַן אַנדער שטייגער: דער צאַר פון „אַלע רוסלאַנדס" זאָל זיך אָנטאָן אין פּשוטע סאָלדאַטסקע קליידער און מיט אַ צונויפגעקאַטשעטן שינעל איבער די אַקסלען און מיט דעם גאַנצן זעלנערישן קלאַפּער־געצייג אויף זיך, זאָל ער גיין צופוס איבער די וועגן פון קרים, און דאַן וועט מען פון אים אַראָפּנעמען בילדער אין פאַרשיידענע פּאָזעס, ווי ער שפּאַנט איבער די וועגן אָנגעטאָן ווי אַ פּשוטער סאָלדאַט; די בילדער וועט מען דרוקן אין אַלע אילוסטרירטע זשורנאַלן און אויך אין אַלע צייטונגען פון לאַנד, און דאָס וועט געוויס שטאַרק אויסנעמען ביים פאָלק. אַלע וועלן זאָגן:

— זעט ווי איינפאַך, ווי פּשוט, אונדזער קיסר איז!... זעט ווי נאָענט ער שטייט צום פאָלק!... אָנגעטאָן אין סאָלדאַטסקע קליידער גייט ער צופוס איבער די וועגן פון קרים און ער שמייכלט אַזוי זיס און אַזוי ליבלעך צו די מענטשן, וואָס ער באַגעגנט אויפן וועג...

דער וואָס האָט דאָס צוגעטראַכט, האָט אַוודאי געמוזט זיין אַ ספּעציאַליסט אין דער קונסט פון פּראָפּאַגאַנדע. דער איינפאַל איז ווירקלעך געווען אַ גוטער. און די בילדער, וואָס די צייטונגען האָבן געדרוקט פונם צאַר, ווי ער שפּאַנט צופוס איבער די וועגן פון קרים, האָבן טאַקע אויף אַ היפּש ביסל נאַאיווע מענטשן געמאַכט אַן איינדרוק, און דער צאַר אַליין האָט זיך נאָכדעם שטאַרק איבערגענומען דערמיט, און ער האָט זיך פאַר אַלעמען אין הויף באַרימט מיט זיין גרויסער „העלדישקייט"...

דערציילט מען ווי איינמאָל, ווען ער האָט זיך אַזוי מיט זיין גרויסער „העלדישקייט" באַרימט, האָט איינער פון די נאָענטע אין הויף צו אים גע־זאָגט:

— אויב אייער מאַיעסטעט וועט מיר דערלויבן, וועל איך אייך דערציילן וואָס אַ ייד האָט געזאָגט ווען ער האָט געהערט ווי אַלע זיינען אַזוי באַגייסטערט פאַר דעם „שפּאַציר" וואָס איר האָט געמאַכט צופוס איבער קרים...

דער צאַר איז געווען נייגעריק צו הערן וואָס אַ ייד האָט וועגן דעם גע־זאָגט, האָט ער דעם מקורב אין הויף געגעבן די דערלויבעניש דאָס צו דערציילן, און דאַן האָט יענער אים איבערגעגעבן, אַז ער האָט דאָס געהערט אויף אַזאַ שטייגער:

מ'האָט געפרעגט אַ יידן וואָס ער דענקט וועגן דעם וואָס דער קיסר איז ווי אַ פּשוטער סאָלדאַט געגאַנגען צופוס אויף די וועגן פון קרים, האָט דער ייד פאַרקנייטשט דעם שטערן און געענטפערט דערויף אַזוי:

— מ'קען ניט זאָגן — ס'איז אַוודאי אַ גרויסע זאַך... מ'דאַרף האָבן מוט אַזוינס צו טאָן... מ'דאַרף אַוודאי זיין אַ גרויסער העלד דערויף... אַ קיסר פון אַן אַנדער לאַנד וואָלט אַזאַ העלדישקייט ניט געקענט באַווייזן... אָבער נאָך אַ גרעסערע העלדישקייט וואָלט אונדזער קיסר באַוויזן, ווען אויפן אָרט פון די פּשוטע סאָלדאַטסקע קליידער, וואָלט ער זיך אָנגעטאָן אין אַ יידישער קאַפּאָטע מיט אַ גאַרטל און וואָלט כאָטש אַ צוויי דריי מאָל געגאַנגען הין און צוריק לעבן דעם הויף, וואו ס'וואוינט דער יאַלטער גראַדאָנאַטשאַלניק, גענעראַל דומבאַדזע... דאָס וואָלט געווען אַן אמתע העלדישקייט און ס'וואָלט נאָך מער געגאַנגען פון מויל צו מויל... *)

די געשיכטע — אויב אַפילו זי איז אויסגעטראַכט — איז זייער כאַראַק־טעריסטיש פאַר דער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד בכלל אין די צייטן פון די צאַרן. און נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז זי פאַר דער לאַגע פון די יידן אין דער שטאָט יאַלטע, ווען דער גענעראַל איוואַן אַנטאָנאָוויטש דומבאַדזע איז דאָרט געווען דער גראַדאָנאַטשאַלניק.

לויט זיין געבורט איז דומבאַדזע גאָר ניט געווען קיין רוס, נאָר אַ גרוזינער. ער האָט געשטאַמט פון אַ רייכער, פּריצישער משפחה, און ער איז אַ לענגערע צייט גאָר געווען אַ קעגנער פון דער רוסישער פּאָליטיק אין גרוזיע. ערשט נאָך

---

*) געהערט די געשיכטע האָב איך אין מאָסקווע און דערציילט האָט דאָס מיר איינער פון די באַרימטע אַרטיסטן פונעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער; ער איז געווען נאָענט באַפריינדעט מיט דעם מענטשן, וועלכער פלעגט אַריינקומען אין קייזערלעכן הויף, און ווי ער האָט מיך פאַרזיכערט, האָט יענער אים דאָס אַזוי איבערגעגעבן. איך האָב עס פאַרשריבן ווי ער האָט דאָס דערציילט.

דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט ער זיך איבערגעדרייט און איז געוואָרן אַ הייסער פּאַטריאָט פון דער צאַרישער רעגירונג און פון דער פּאָליטיק, וואָס זי האָט אָנגע־פירט צו אונטערדריקן די קלענערע פעלקער אין לאַנד. און ווי ס'איז שוין פון תמיד אָן דער שטייגער פון די איבערלויפער, איז ער אין דעם דערגאַנגען צום ווייטסטן עקסטרעם; ער האָט געהאַסט יעדער באַוועגונג, וואָס האָט ניט געשטימט מיט דער רוסיפיקאַטאָרישער פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג; ער האָט פיינט געהאַט בתכלית השנאה די אַלע קלענערע פעלקער, וואָס מישן זיך אין רוסלאַנד ניט אויס מיטן רוסישן פאָלק און וואָס ווייזן אַרויס איבער־געבנקייט צו זייער אייגענער שפּראַך און צו זייער אייגענער קולטור. און מער ווי אַלעמען האָט ער פיינט געהאַט יידן.

אין זיין שנאה צו יידן און צו יידישקייט האָט דומבאַדזע גאָר קיין גרע־נעץ ניט געוואוסט. ער איז בכלל געווען איינער פון די פינצטערסטע און פאַר־ביסנסטע רעאַקציאָנערן, וואָס רוסלאַנד האָט ווען אַרויסגעגעבן. און ווייל ער איז ביים צאַר אַליין געווען זייער אַ גרויסער יחסן, האָט ער זיך גענומען די רעכט צו טאָן אַלץ, וואָס ס'איז אים נאָר איינגעפאַלן. און אין די יאָרן ווען ער איז געווען דער גראַדאָנאַטשאַלניק אין יאַלטע און אויך דער פאַקטישער הערשער פון דעם גאַנצן געגענט אַרום און אַרום, האָט ער יידן די שרעקלעכסטע נגישות אָנגעטאָן, און ער האָט זיך ממש געבאָדן אין זייער בלוט.

דומבאַדזע האָט זיך געפילט אַזוי פעסט אין זיין מאַכט, אַז ער פלעגט אינ־גאַנצן איגנאָרירן די באַשלוסן און פאַראָרדענונגען פונם סענאַט. אַפילו מיט די באַפעלן פון דער רעגירונג האָט ער זיך ניט גערעכנט; אויף מיניסטאָרן פונם קאַבינעט האָט ער זיך געבייזערט ווען זיי האָבן ניט געטאָן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט; ער האָט באַזייטיקט יעדן איינעם, וואָס איז אים נאָר געשטאַנען אין וועג, אָדער וואָס איז אים גלאַט ניט געפעלן, און ער האָט דערהויבן די אַלע מענטשן, וואָס האָבן אים געטריי געדינט. בכלל האָט ער זיך אויפגעפירט ווי אַן אַזיאַטישער דיקטאַטאָר, וואָס רעכנט זיך ניט מיט קיינעם און טוט אַלץ, וואָס אים געפעלט; אויף די תקיפות פון דעם וואָס ער איז אַ גענעראַל פון קיסרס סוויטע, האָט ער אויף אַלץ און אויף אַלעמען געקוקט מיט פאַראַכטונג און געטראָטן מענטשן מיט די פיס, ווי זיי וואָלטן געווען ווערים. ס'איז צו זיין רשעות גאָר ניט געווען קיין שיעור, פונקט ווי ס'איז ניט געווען קיין שיעור צו זיין שנאה צו יידן. און ניט אומזיסט האָט אַ ייד געקענט זאָגן, אַז די גרעסטע העלדישקייט וואָס דער קיסר וואָלט באַוויזן, וואָלט געווען אויב ער וואָלט זיך אָנגעטאָן אין אַ יידישער קאַפּאָטע מיט אַ גאַרטל און וואָלט כאַטש אַ צוויי־דריי מאָל געגאַנגען הין און צוריק לעבן דעם פּאַלאַץ, וואו ס'וואוינט דער יאַלטער גראַדאָנאַטשאַלניק, גענעראַל דומבאַדזע...

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די ווילדע אַזיאַטישע אייגנשאַפטן, וואָס דער יאַלטער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט אין זיך געהאַט, איז דער פאַל מיט דער באָמבע וואָס אַ רעוואָלוציאָנער אין יאַלטע האָט, אינם יאָר 1907, געוואָרפן אויף דער דאַטשע, וואו דומבאַדזע האָט דאַן געוואוינט. דער רעוואָלוציאָנער האָט גלייך נאָכדעם זיך אַליין דערשאָסן אויפן אָרט, אָבער דומבאַדזע איז אַרויס גאַנץ און ס׳האָט אים גאָרניט געשאַדט. ער האָט אָבער ניט געוואָלט, אַז אויף דער ערד זאָל בלייבן אַ דאַטשע, וואו מען האָט אויף אים אַ באָמבע געוואָרפן, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל די דאַטשע אינגאַנצן פאַרברענען און ס׳זאָל פון איר קיין שריד ופליט ניט איבערבלייבן. און אַזוי ווי די דאַטשע איז ניט געווען זיינע, האָט די רעגירונג נאָכדעם געדאַרפט באַצאָלן דעם אייגנטימער דעם שאָדן, וואָס ער האָט געהאַט, און דאָס האָט באַטראָפן אַ סומע פון זעכציק טויזנט רובל אין גאָלד.

דער צאַר האָט אַלץ נאָכגעגעבן דעם ליבלינג זיינעם, וואָס האָט זיך אין יאַלטע שטאַרק אויסגעצייכנט מיט זיין שנאה צו יידן און מיט דעם ביטערן קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעפירט קעגן דער באַוועגונג צו מאַכן פון רוסלאַנד אַ פריי לאַנד.

*
**

יאַלטע איז אַ האַפן־שטאָט ביים דרומדיקן ברעג פונם האַלב־אינזל קרים. די שטאָט וואו די „דריי גרויסע״, פרעזידענט רוזוועלט, פרעמיער טשורטשיל און מאַרשאַל סטאַלין, האָבן אַ קורצע צייט פאַרן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָפּגעהאַלטן אַ וויכטיקע באַראַטונג, שטייט צופוסנס פון די שיינע יאַילאַ־בערג און ס׳איז פון דאָרט ניט ווייט קיין סעוואַסטאָפּאָל און קיין סימפע־ראָפּאָל. ס׳איז ניט קיין גרויסע שטאָט; ס׳וואוינען דאָרט אַוודאי ניט מער ווי אַן ערך דרייסיק טויזנט מענטשן. ס׳איז אָבער זייער אַ שיינע שטאָט. איינע פון די שענסטע אין קרים. און ס׳איז דאָרט שווער צו געפינען אַ הויז אָן אַ גאָרטן ביי דער זייט, און אומעטום וואַקסן בוימער, און אַלץ באָדט זיך דאָרט אין גרינס.

און אַרום דער שטאָט געפינען זיך אַ סך דאַטשעס און ווייגערטנער און סאָסנאָווע וועלדער און בערג און טאָלן און שיינע וועגן, וואָס פירן צום ים און צו טייכן. די שיינקייט אַרום און אַרום פאַרכאַפּט דאָס אויג ביי יעדן איינעם, וואָס קומט אַהין. און דער קלימאַט איז אַ פרישער און געזונטער, סיי זומער און סיי ווינטער. און ניט אומזיסט האָבן די צאַרן פון רוסלאַנד דאָרט גרויסע און שיינע פּאַלאַצן אָוועקגעשטעלט, און אַהין פלעגן זיי קומען פאַרברענגען, און מ׳פלעגט זאָגן, אַז דאָרט, אין יאַלטע און אינם גאַנצן אַרומיקן געגענט, איז דער „גן־עדן אויף דער ערד״.

דעם נאָמען יאַלטע האָט די שטאָט געקראָגן ערשטביים סוף פונם אַכטצנטן יאָרהונדערט, נאָכדעם ווי דער האַלב־אינזל קרים איז געוואָרן אַ טייל פון דער רוסישער אימפעריע. פריער האָט די שטאָט אַ סך אַנדערע נעמען געהאַט; מ׳האָט זי גערופן יאַליטאַ און קאַליטאַ און איאַליטאַ און אויך עטאַליטאַ.

דעם נאָמען יאַליטאַ האָבן דער שטאָט געגעבן די גריכן, נאָך אין די צייטן ווען די גריכישע אימפעריע איז געווען די גרעסטע אין דער וועלט. און אייניקע פאָרשער זיינען געניגט אָנצונעמען די מיינונג, אַז נאָך אין די צייטן פון נאָכן חורבן פונם ערשטן בית־המקדש האָבן שוין יידן געלעבט אויף דעם האַלב־אינזל קרים, וואָס האָט דאַן געהייסן פאַנטוס, און אויך שפּעטער, ווען רוים האָט פאַרשפּרייט איר הערשאַפט איבער דער וועלט, האָבן יידן געוואוינט אין קרים און דאָרט אַ יידיש לעבן געפירט אין אַ סך שטעט, און די קליינע קאָלאָניע איז אין דעם פּרט אַוודאי ניט געווען קיין אויסנאַם, ווייל אין די מערסטע ערטער, וואו ס׳איז נאָר געווען אַ האַפן ביים ים, האָבן זיך יידן געוויינלעך באַזעצט.

עס זיינען אָבער פאַראַן זייער ווייניק מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן העלפן וואַרפן אַ ליכט אויף דעם לעבן פון די יידן אין יאַלטע אין די גאָר אַלטע צייטן פון דער גריכישער און רוימישער הערשאַפט. ס׳איז אויך זייער ווייניק באַקאַנט וועגן זייער לעבן אין די צייטן פון דער טאָטערישער און טערקישער הערשאַפט. מ׳ווייסט בלויז, אַז אונטער די טאָטערישע כאַנען האָבן די יידן אין קרים געהאַט אַ סך אויסצושטייטן, און מ׳קען אָננעמען, אַז אויב אין יאַלטע זיינען דאַן געווען יידן, האָט מען זיי אַוודאי ניט אויסגעשלאָסן פונם כלל און זיי האָבן געליטן ניט ווייניקער ווי די אַנדערע יידן אין קרים.

ניט די טאָטערן און אויך ניט די טערקן האָבן זיך געאײלט אויסצונוצן ווי געהעריק די ברעגן ביים שוואַרצן ים אין קרים, און דאָס איז אפשר געווען איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס ס׳האָט אַהין קיין יידן ניט צוגעצויגן אין קיין גאָר גרויסער צאָל. און ווען די רוסן האָבן, אינם יאָר 1783, פאַרנומען דעם גאַנצן געגנט פון קרים און אים געמאַכט פאַר אַ טייל פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע, איז אויף דעם אָרט, וואו די שטאָט יאַלטע געפינט זיך איצט, גע־שטאַנען אַ קליין דערפל. ס׳איז דאָרט גאָר קיין סימן ניט געווען פון קיין שטאָט.

ערשט אינם יאָר 1823, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, האָט מען דאָרט אָנגעהויבן בויען אַ שטאָט, און באַלד נאָכדעם האָבן זיך דאָרט אָנ־געהויבן באַזעצן יידן און זיי האָבן אין דער אויפבויאונג אַ סך געהאָלפן. די שטאָט האָט אָנגעהויבן ווערן גרעסער און ס׳האָבן שוין דאָרט געוואוינט אַ פּאָר טויזנט מענטשן, און אינם יאָר 1837 האָט מען זי שוין געמאַכט פאַר אַ אויעזדנער שטאָט.

דאָס איז געווען אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, ווען ס׳האָט געהאָגלט

מיט גזירות און חרמות אויף די קעפּ פון די ייִדן אין רוסלאַנד. דער צאַר האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט ווי צו טאָן די ייִדן; מיט רייד און מעשים האָט ער זיין בייזע שנאה צו זיי אַרויסגעוויזן, און גלייך נאָכדעם ווי יאַלטע איז געוואָרן אַן אויעזדנע שטאָט, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז פון איצט אָן און ווייטער האָבן ייִדן קיין רעכט ניט דאָרט צו וואוינען.

אַז דאָס אויסשליסן די ייִדן פון יאַלטע האָט געבראַכט שאָדן דער שטאָט, קען מען זען פון דעם וואָס מיט יאָרן שפּעטער, ווען ניקאָלאַי דער ערשטער איז שוין געווען טויט און אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז שוין געזעסן אויפן טראָן, האָט דער נאָוואָראָסיסקער גענעראַל־גובערנאַטאָר זיך אַריינגעלייגט אין דעם, אַז מ׳זאָל אָפּשאַפן די גזירה פונם פריערדיקן קיסר און ווידער אָנהויבן אַריינלאָזן ייִדן קיין יאַלטע. ער האָט מיט פאַקטן באַוויזן ווי גרויס ס׳איז דער שאָדן פון דעם וואָס מען האָט ביי ייִדן צוגענומען די רעכט זיך דאָרט צו באַ־זעצן. און זיינע באַמיאונגען האָבן געהאָלפן און מ׳האָט די גזירה אָפּגעשאַפט.

דאָס, אַגב, איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס אַ רוסישער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט זיך באַמיט, אַז מ׳זאָל ביי די ייִדן ניט צונעמען די רעכט זיך צו באַזעצן אין דעם געגנט, וואָס שטייט אונטער זיין הערשאַפט. אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד זיינען געווען עטלעכע פאַלן אַזעלכע, און ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז די בעסערע און מער פּראַקטישע גובערנאַטאָרן זאָלן אַזוי האַנדלען אין די געגנטן, וואָס זיינען געשטאַנען אויסער דער אַזוי־גערופענער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי״. דאָס איז פשוט געווען דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז דער געגנט זאָל האָבן מער מעגלעכ־קייטן זיך צו אַנטוויקלען, און זיי האָבן געוואוסט ווי ייִדן קענען אין דעם זייער אַ סך העלפן מיט זייער אויסערגעוויינלעכער ענערגיע און מיט זייערע פעאיקייטן. אַזעלכע גובערנאַטאָרן זיינען אָבער אין רוסלאַנד געווען זייער ווייניק.

ווען די גזירה איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, האָט די צאָל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין יאַלטע אָנגעהויבן ווערן גרעסער; אַ סך ייִדן האָבן זיך דאָרט באַזעצט אויף שטענדיק און אַנדערע זיינען אַהין געקומען בלויז אויף אַ געוויסער צייט זיך צו קורירן אין די דאָרטיקע סאַנאַטאָריומס און געניסן פון דער פרישער און געזונטער לופט, וואָס איז אַ היילונג צו פאַרשיידענערליי קראַנקהייטן. יאַל־טע האָט אָנגעהויבן ווערן אַ וויכטיקער צענטער, וואוהין ייִדן זיינען געפאָרן אויף דאַטשעס ניט נאָר אין די זומער־מאָנאַטן, נאָר אויך אין די ווינטער־מאָנאַטן; ווער ס׳האָט זיך נאָר געקענט פאַרגינען דעם פאַרגעניגן, איז אַהין געפאָרן; אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דאָס ניט געקענט פאַרגינען, זיינען געפאָרן אַהין זיך קורירן, ווייל דאָקטוירים האָבן זיי געראָטן דאָס צו טאָן און מ׳האָט געוואוסט, אַז די לופט אין יאַלטע איז אַ רפואה צו לונגען־קראַנקהייט און צו נאָך אַנדערע

קראַנקהייטן און אַז די וואָס ליידן פון אַ הוסט און זיי קענען ווינטער די גרויסע קעלטן ניט אַריבערטראָגן, איז די בעסטע זאַך פאַר זיי צו פאָרן קיין יאַלטע. דאָרט ווערט מען געגעזן און מ׳נעמט זיך אָן מיט פרישע כוחות.

יאַלטע איז געוואָרן דער צענטער פון דער רוסישער „ריוויעראַ", ווי מ׳האָט גערופן דעם האַלב־אינזל קרים; ס׳האָבן זיך דאָרט אויסגעבויט אַ סך האָטעלן פאַר די געסט, וואָס זיינען געקומען אַהין אויף סעזאָנען לויטן ראָט פון דאָקטוירים; אַרום דער שטאָט זיינען אויסגעוואַקסן אַ סך דאַטשעס און קור־ערטער, וואָס זיינען שטענדיק געווען געפּאַקט, און יידן האָבן אַ סך געהאָלפן אין דעם, אַז יאַלטע זאָל ווערן דאָס וואָס זי איז געוואָרן.

אָבער נאָכן טויט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, ווען זיין זון, אַלעקסאַנ־דער דער דריטער, איז אַרויף אויפן רוסישן טראָן, האָט זיך די לאַגע געביטן און די יידן אין יאַלטע האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרלירן די פּריווילעגיעס, וואָס זיי האָבן פריער געהאַט.

און דאָ איז נויטיק צו געבן אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דעם דאָזיקן רוסישן קיסר און פון זיין באַציאונג צו יידן.

פון סאַמע אָנפאַנג אָן, ווי ער איז נאָר אַרויף אויפן טראָן, האָט אַלעקסאַנדער דער דריטער גלייך אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיין פאַרביסענע שנאה צום יידישן פאָלק. ער האָט איינמאָל גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז ווען ער הערט, אַז מ׳שלאָגט יידן, פרייט ער זיך שטאַרק דערמיט. ס׳איז ניט געווען קיין וואונדער וואָס ער איז געווען אַזאַ פאַרביסענער שונא־ישראל; נאָך איידער ער איז אַרויף אויפן טראָן, איז ער די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דעם שרעקלעכן רעאַקציאָנער פּאָבעדאָנאָסצעוו, וועמען די יידן זיינען געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגן, און אויך נאָכדעם ווי ער איז שוין געוואָרן קיסר, האָט פּאָבעדאָנאָסצעוו ביי אים געהאַט די גאַנצע דעה אין דער מלוכה.

בכלל איז אַלעקסאַנדער דער דריטער אין זיין כאַראַקטער געווען מער זשאַנדאַר ווי קיסר. ער האָט מיט אַלעמען גערעדט גראָב; אַפילו אין די בריוו, וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער זיך מיט גראָבע און וואולגאַרע אויסדרוקן באַנוצט. דער גרעסטער ליבלינג זיינער איז געווען דער גענעראַל טשערעווין, דער הויפּט פון דער „אָכראַנקע"; מיט אים פלעגט ער אָפט שיכורן גאַנצע טעג און אַמאָל אויך גאַנצע נעכט, און ס׳איז שוין קיין נייס ניט געווען, אַז ער, דער קיסר אַליין, זאָל זיך אַזוי אָנשיכורן, אַז ער זאָל זיך אין הויף פשוט וואַלגערן אויפן דיל, און מ׳האָט שוין געוואוסט, אַז דאַן פאַרטשעפּעט ער געוויינלעך ביי די פיס יעדן איינעם, וואָס גייט פאַרביי.

דאָס דערציילט וועגן אים דער רוסישער היסטאָריקער מ. פּאָקראָווסקי, און ער האָט דאָס פעסטגעשטעלט אויפן גרונט פון אַרכיוו־מאַטעריאַלן.

אויך די רוסישע גרעפין קלאַינמיכעל, אין אירע מעמואַרן „ז׳פּאַטאַנואַוור־שאַווע מירא״ (פון אַ דערטרונקענער וועלט), שילדערט אים ווי אַ גראַבן מענטשן; זי זאָגט, אַז „פון אַלע רוסישע צאַרן, איז ער געווען דער גרעסטער אַנטיסעמיט, און דערביי דערציילט זי, אַגב, אַז ווען דער גראַף קאָנסטאַנטין איוואַנאָוויטש פּאַליען, דער פאָרזיצער פון דער ספּעציעלער קאָמיסיע פון די געזעצן וועגן יידן אין רוסלאַנד, האָט פאַר אים, פאַרן קיסר, פאַרגעלייענט דעם באַריכט, האָט ער דערביי געזאָגט:

„אייער מאַיעסטעט, די יידן האָבן זיך צו אונדז שטענדיק באַצויגן אַזוי ווי יידן צו קריסטן, אָבער מיר קריסטן האָבן זיך צו די יידן קיינמאָל ניט באַצויגן קריסטלעך״.

ליבעראַלע מענטשן האָט אַלעקסאַנדער דער דריטער געהאַסט ווי דעם טויט, ווי ס׳איז געווייינלעך דער שטייגער פון אַלע אַנטיסעמיטן. ווי נאָר ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיינער אַ מיניסטער ווייזט אַרויס ליבעראַלע, אָדער כלומרשט ליבעראַלע נייגונגען, האָט ער אים גלייך אַרונטערגעזעצט. און אין די קנאַפּע פערצן יאָר, וואָס ער איז געזעסן אויפן טראָן, האָט ער זיך אָן די יידן נוקם געווען אויפן שרעקלעכסטן אופן; אין זיינע צייטן זיינען אין רוס־לאַנד פאַרגעקומען די שרעקלעכסטע פּאָגראָמען. און צו דעם האָט ער נאָך אַרויסגעגעבן אַזעלכע גזירות, אַז מ׳האָט געקענט זען קלאָר, אַז דער עיקר פון זיין כוונה איז צו באַליידיקן און דערנידעריקן יידן וואָס מער, און זיי אַוועקשטעלן אין אַזאַ לאַגע, אַז יעדער טשינאָווניקל זאָל מיט זיי קענען טאָן וואָס ער וויל.

אונטער זיין הערשאַפט האָט אַ ייד זיך ניט געטאָרט רופן מיט אַ רוסישן נאָמען; אויב ער איז געווען פאַרשריבן „וואָלף״, האָט ער זיך ניט געטאָרט רופן „וואָלאָדימיר״, און אויב מ׳האָט אים אין דער מעטריקע פאַרשריבן „יאָסל״, האָט ער זיך ניט געטאָרט רופן ניט נאָר „אָסיפּ״, נאָר אַפילו ניט „יוסף״. דאָס זעלבע איז אויך געווען ווען אַ בעזגראַמאָטנער סטאַראָסטע האָט אַ יידיש קינד פאַר־שריבן מיטן נאָמען „סרול״ אַנשטאָט „ישראל״. און די טשינאָווניקעס און פּאָ־ליציי־לייט אומעטום זיינען אין דעם געווען זייער שטרענג און האָבן אַכטונג געגעבן, אַז ניט נאָר אין די אָפיציעלע פּאַפּירן זאָל דאָס אָפּגעהיט ווערן, נאָר אויך אויף די שילדן, וואָס מ׳הענגט אַרויס ביי די קראָמען און אויך אויף די וויז־זיט־קאַרטלעך. און ווער ס׳האָט דאָס נישט אָפּגעהיט, איז באַשטראָפט געוואָרן דערפאַר.

אַזוי האָט מען זיך געגוקמט אין יידן אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן — ניט נאָר ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן גרויסע זאַכן, נאָר אויך וועגן קלייניקייטן.

אין זיין געיעג צו טאָן די יידן וואָס מער שלעכטס, האָט אַלעקסאַנדער

דער דריטער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אין די אַלע ערטער, וואָס געפינען זיך אויסער דער „טשערטאַ", זאָל מען ביי די יידן צונעמען די וואוינרעכט, וואָס זיי האָבן דאָרט געהאַט ביז איצט אויפן גרונט פון דעם וואָס זיי זיינען שוין דאָרט תושבים, און מ'זאָל זיי אַרויסטרייבן.

דאָס איז געווען אינם יאָר 1893, און אין יענער צייט איז אויך אַרויסגע־געבן געוואָרן דער באַפעל אויסצושליסן די שטאָט יאַלטע פון דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" און אַרויסטרייבן פון דאָרט אַלע יידן, וואָס זיינען ניט צוגעשריבן צו דער אָרטיקער געמיינדע.

דאָס האָט געטראָפן הונדערטער יידישע פאַמיליעס אין יאַלטע; מ'האָט זיי אַלע פון דאָרט געדאַרפט אַרויסטרייבן. און דאָס האָט אויך געהייסן אַז מער טאָרן יידן קיין יאַלטע ניט קומען זיך קורירן, אַפילו ווען דאָקטוירים געפינען, אַז דאָס איז אַבסאָלוט נויטיק פאַר זייער געזונט.

די יידן אין יאַלטע זיינען דעם קיסר געווען גרזיס אין די אויגן. און ווייל ער אַליין האָט ניט ווייט פון דאָרט, אין ליוואַדיע, געהאַט אַ זומער־פּאַלאַץ, האָט ער ניט געוואָלט ליידן וואָס יידן געפינען זיך דאָרט אַזוי נאָענט.

אָנגעהויבן טרייבן די יידן פון דאָרט האָט מען מיט אַ קנאַפּן יאָר נאָכ־דעם ווי דער באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. און ס'איז גראָד אויסגעפאַלן אַזוי, אַז פונקט אין דער צייט ווען מ'האָט הונדערטער יידישע פאַמיליעס גע־טריבן פון יאַלטע און זיי האָבן זיך פאַראומערטע און פאַרצווייפלטע, געשלעפּט אויף די באַנען, אַליין ניט וויסנדיק וואָס דער מאָרגן וועט פאַר זיי ברענגען און וואו זיי וועלן זיך קענען באַזעצן און פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט פאַר ווייב און קינדער — פונקט דאַן איז אַלעקסאַנדער דער דריטער פלוצלונג גע־שטאָרבן, און טאַקע ניט ווייט פון יאַלטע, אין דעם זומער־פּאַלאַץ, וואָס ער האָט געהאַט אין ליוואַדיע...

דאָס איז געווען אינם מאָנאַט אָקטאָבער פונם יאָר 1894. אַלעקסאַנדער דער דריטער איז נאָך דאַן קיין גאַנצע פופציק יאָר ניט אַלט געווען. ער איז געשטאָרבן פון אַ קראַנקהייט וואָס איז אים געקומען פון שיכרות. און ווען מ'האָט זיין טויטן קערפּער געפירט קיין פּעטערבורג און די אַרויסגעטריבענע יידן האָבן זיך אויפן וועג דערוואוסט וועגן דעם, האָבן די פרומע פון זיי אין דעם געזען אַ „באַשערטע זאַך" און זיי האָבן געגלויבט, אַז ער האָט געקראָגן די שטראָף, וואָס ער האָט פאַרדינט, ווייל קיין רשעות, קיין פאַרברעכן גייט ניט אָפּ אָן אַ שטראָף...

***

דריי יאָר נאָכדעם ווי ניקאָלאַי דער צווייטער האָט דעם רוסישן טראָן איבערגענומען בירושה פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן — אין 1897 — איז שוין

די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יאַלטע באַשטאַנען פון טויזנט מיט פינף און צוואַנציק נפשות, און דאָס איז געווען עפּעס ווי מיט ניסים, ווייל אויך אונטער דער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן האָט עס געהאַלטן אין איין האַגלען מיט גזירות און חרמות אויף די קעפּ פון רוסישע יידן און די שטאָט יאַלטע איז געבליבן אויסגעשלאָסן פון די גרענעצן פון דעם געגנט, וואו יידן האָבן אַ רעכט צו וואוינען.

יידן האָבן אָבער דאָך געפונען וועגן ווי אַזוי אַנצוקומען קיין יאַלטע און אויך ווי צו קריגן רעכט זיך דאָרט צו באַזעצן, און זיי האָבן אין שטאָט אויסגעבויט צוויי שולן פאַר זייערע קינדער — אַ שול פאַר ייִנגלעך און אַ שול פאַר מיידלעך. אויך אַ תלמוד־תורה האָבן זיי דאָרט געגרינדעט, און אַנגעשטעלט מלמדים, און יידישע קינדער אין יאַלטע האָבן געלערנט חומש מיט רש״י און אויך אַ בלאַט גמרא און אַ פּרק משניות. קיין כוח אין דער וועלט האָט דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע לעבן דאָרט ניט געקענט אָפּשטעלן, און ס׳האָט ניט אויסגעמאַכט וואָס ניט ווייט געפינט זיך דעם קיסרס זומער־פּאַלאַץ, וואו די פּאַרביסנסטע און גאַליקסטע שונאי־ישראל ברעכן זיך אָפּט די קעפּ דערויף ווי צו דערשטיקן דאָס יידישע פאָלק און אויסראָטן מיטן וואָרצל דעם גייסט פון יידישקייט...

היסטאָריש גענומען, איז די תלמוד־תורה אין יאַלטע געשטאַנען אויף אַ פעסטערן באָדן ווי דער זומער־פּאַלאַץ פונם רוסישן קיסר דאָרט ניט ווייט...

דאָס האָבן שפּעטער באַוויזן די געשעענישן, וואָס האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער גאַנצער הערשאַפט פון די צאַרן אין רוסלאַנד...

אָבער איידער דאָס איז געשען, האָבן יידן געהאַט זייער אַ סך אויסצושטיין, און אין די פינצטערע צייטן, ווען ניקאָלאַי דער צווייטער האָט איבערגעגעבן די מלוכה אין די הענט פון די רעאַקציאָנערע מיניסטאָרן, גאָרעמיקין, סיפּיאַגין און פּלעווע, איז די לאַגע וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, און מ׳קען זאָגן אַז די רשעות פון דעם רעזשים האָט זיך אַ סך אָפּגעשפּיגלט אין דעם אופן ווי מ׳האָט באַהאַנדלט די יידן אין דער שטאָט יאַלטע, וואוהין אַ סך פון זיי זיינען פון אַנדערע שטעט געקומען זיך קורירן פון פאַרשיידענערליי קראַנקהייטן.

אין יענע צייטן, אָנהויבנדיק פון 1896 ביז 1904, האָבן די קעפּ פון ניקאָלאַי דעם צווייטנס רעגירונג אַלץ געאַרבעט דערזיף, אַז מ׳זאָל די יידן ביסלעכווייז אַרויסשטויסן פון אַלע דערפער, אַז בלויז די אַלטע תושבים זאָלן דאָרט בלייבן און נאָכדעם ווי זיי וועלן אויסשטאַרבן, זאָלן קיין אַנדערע יידן דאָרט מער ניט זיין. פון אַלע דערפער האָט מען דאַן געטריבן, און אין די הייסע זומער־מאָנאַטן האָט אַ ייד ניט געהאַט קיין רעכט צו קומען אין אַ דאָרף זיך דאָרט אָפּרוען

אַ ביסל אויף דער פרישער לופט; אַ ייד האָט געמעגט זיין ווי קראַנק און שוואַך — אויף אַ דאַטשע אין דאָרף האָט ער ניט געטאָרט פאָרן, אויב ער איז ניט געווען פון די פריווילעגירטע, וואָס האָבן וואוינרעכט; הונדערטער טויזנטער יידן איז די קליינע שטעטלעך און אויך אין די גרויסע שטעט זיינען אין די הייסע זומער־דיקע טעג ממש פאַרטשאַכנעט געוואָרן אין די ענגע און דושנע דירות זייערע און מען האָט זיי ניט געלאָזט קומען אין די זומער־פּלעצער, וואו זיי האָבן קיין וואוינרעכט ניט געהאַט; מ׳האָט פאַר זיי פאַרבאָטן די פרישע לופט פון די פעלדער און וועלדער; מ׳האָט פאַר זיי פאַרשלאָסן די ערטער, וואו קראַנקע און שוואַכע קענען זיך מיט פרישע כוחות אָנגעמען, און די גרעסטע רציחה האָט מען דאַן אַרויסגעוויזן צו יענע יידן, וואָס זיינען געקומען קיין יאַלטע זיך קורירן.

אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַלטן ביי דער לעצטער שטופּע פון שווינדזוכט, האָט מען ניט געשאַנעוועט. און אין דער געשיכטע פון יענער צייט זיינען פאַרשריבן אַ פּאָר פאַלן, וואָס קענען דינען ווי אַ מוסטער פון יענע ווילדע מעשים, וואָס מ׳האָט געטאָן צו די יידן:

צווישן די שווינדזיכטיקע, וואָס זיינען געקומען קיין יאַלטע זיך קורירן, איז אויך געווען די פרוי פון אַ יידישן דאָקטאָר. זי איז געווען אַזוי קראַנק, אַז זי איז די גאַנצע צייט געלעגן אין בעט, און דער הוסט האָט זי אַזוי אויס־געמוטשעט, אַז ס׳איז איר געווען שווער אַ וואָרט אויסצורעדן. איינמאָל, ווען זי האָט זייער שטאַרק געהוסט, איז אַ פּאָליצייסקער טשינאָווניק אַריינגעקומען צו איר אין צימער מיט אַ פּאַפּירל, אַז זי זאָל זיך אונטערשרייבן, אַז אין פיר און צוואַנציק שעה צייט זאָל זי שוין דאָ ניט זיין! זי האָט קיין רעכט ניט דאָ צו וואוינען, און זי מוז וואָס גיכער פון דאַנען אַוועק! אויף דער קראַנקער פרוי האָט דאָס שטאַרק געווירקט. די אויפרעגונג איז פאַר איר געווען צופיל, און זי האָט זיך נאָך שטאַרקער צעהוסט, שפּייענדיק מיט בלוט, און נאָך איידער די פיר און צוואַנציק שעה זיינען אַוועק, איז זי שוין געווען טויט...

דאָס איז איין פאַל.

און אָט איז אַ צווייטער פאַל:

אַ יונגן יידישן סטודענט, וואָס איז פון אַן אַנדער שטאָט געקומען קיין יאַלטע זיך קורירן פון שווינדזוכט, האָט די פּאָליציי געהייסן, ער זאָל גלייך פאַרלאָזן די שטאָט און ווען ער האָט זיך פאַרזאַמט און האָט דאָס ניט געטאָן אַזוי שנעל, האָט מען אים אַרעסטירט און אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג האָט מען אים אַרויסגעשיקט אינאיינעם מיט קרימינעלע פאַרברעכער, וואָס מ׳האָט געפירט מיטן עטאַפּ צופוס.

ס׳איז געווען מיט ניסים, וואָס דער סטודענט איז אויפן וועג ניט געשטאָרבן.

און ווען ער האָט שפּעטער אַריינגעשיקט אַ קלאָגע קעגן דעם אין סענאַט, אינם העכסטן געריכט פונם לאַנד, האָט מען זיין קלאָגע ניט אָנגענומען. דער ענטפער איז געווען, אַז אין דער האַנדלונג פון דער פּאָליציי אין יאַלטע, איז „ניט פאַראַן קיין זאַך, וואָס איז קעגן געזעץ".

אַזאַ געזעץ איז דאָס געווען, און אַזאַ „יושר" האָט דאָס געהערשט אין רוסלאַנד ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן יידן!...

עס איז ניט אויסצורעכענען די אַלע צרות און נגישות, וואָס מ'האָט אָנגע־טאָן די יידן אין יאַלטע, אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן און ניקאָלאַי דעם צווייטן. פאַר אַלע יידן אין רוסלאַנד זיינען יענע צייטן געווען ווי אַ שווע־רער קאָשמאַר, ווען ס'דוכט זיך אין שלאָף, אַז אָט־אָט פאַלט מען אַריין אין אַ טיפן אָפּגרונט, און — מ'פאַלט אַלץ ניט...

מ'איז שטענדיק געווען אין דער מורא. מ'האָט קיינמאָל ניט געקענט זיין זיכער וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען...

און מער פון אַלע אַנדערע האָבן געליטן די קראַנקע יידן, די וואָס האָבן געדאַרפט זיין אין יאַלטע ניט צוליב פּרנסה, נאָר צוליב דער לופט דאָרט.

מיטן פאַרבאָט צו קומען קיין יאַלטע אויף פרישער לופט, האָט מען פּשוט פאַרבאָטן יידן צו ווערן געזונט. מ'האָט זיי מיט דעם פאַרמשפּט צו וואַרטן אויפן טויט. און אין דעם איז געווען נאָך מער רשעות ווי אין אַ סך פון די אַנדערע גזירות.

***

אַ לענגערע צייט האָט אין יאַלטע געוואוינט דער באַרימטער רוסישער שריפטשטעלער אַנטאָן טשעכאָוו. ער האָט דאָרט געוואוינט צוליב זיין געזונט; ער האָט געליטן פון שווינדזוכט און דאָקטוירים האָבן אים דעריבער געהייסן דאָרטן וואוינען. דאָן פלעגן צו טשעכאָוון אָפט קומען צו־גאַסט אַ סך פון די אָנגעזעענע רוסישע שרייבער און קינסטלער, וועלכע האָבן זומער פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן אין יאַלטע. עס זיינען צו אים געקומען אַזעלכע באַרימטע מענטשן ווי מאַקסים גאָרקי, פיאָדאָר שאַליאַפּין, קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַניס־לאַווסקי און וולאַדימיר איוואַנאָוויטש נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ, די צוויי גרינ־דער און באַשאַפער פון דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, וואו מ'האָט טשעכאָווס בעסטע פּיעסן אויפגעפירט. אויך אַנדערע באַרימטע מענטשן פלעגן אין יאַלטע באַזוכן טשעכאָוון. און צווישן די געסט, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט קומען צו אים, איז אויך געווען זיין נאָענטער פריינד, דער גרויסער רוסישער מאָלער, איסאַק איליאיטש לעוויטאַן. פּונקט ווי טשעכאָוו, פלעגט לעוויטאַן אויך קומען קיין יאַלטע צוליב זיין געזונט. ער איז געווען אַ ייד, דער גרויסער רוסישער מאָלער.

# יאַלטע

אַ ייד פונם שטעטל ווערזשבאָלאָווע. און דווקא ער, אַ זון פון דעם פאָלק, וואָס מ׳האָט ניט צוגעלאָזט צו דער שענקייט פון דער נאַטור אין לאַנד, איז געווען איינער פון די גרעסטע מאָלער פון רוסישע לאַנדשאַפטן. פון רוסישע פעיזאַזשן!...

לעוויטאַנס בילדער פון רוסישע לאַנדשאַפטן האָט מען מיט שטאָלץ אַריינגענומען אין די גרעסטע רוסישע מוזעאומס. מיט זיין שאַפן האָט ער באַרייכערט די רוסישע קונסט און איר פאַרשאַפט אַ סך כבוד אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט. און ניט איינע פון זיינע בילדער, וואָס דריקן אויס אין פאַרבן די שענקייט און אויך דעם געמיט פון דער רוסישער לאַנדשאַפט, האָט ער געמאָלן אין יאַלטע, אין דער שטאָט, וואו די רוסישע רעגירונג האָט, אין איר רשעות, פאַרבאָטן יידן צו וואוינען...

דעם שעפערישן כוח פון יידן האָט מען ניט געקענט דערשטיקן...

# פעאָדאָסיע

אין דער שטאָט פעאָדאָסיע, וואָס שטייטביים ברעג פונם שוואַרצן ים, וואו די וואַסער איז שטענדיק בלוי ווי דער הימל און ווערט קיינמאָל ניט פאַרפראָרן, איז פאַראַן אַ שול, און איבער דער טיר זיינען אויף אַ שטיין אויסגעקריצט די ווערטער:

„זה השער לה׳ צדיקים יבואו בו״!

לעבן אַ הויכן באַרג שטייט יענע שול, און אַ לעגענדע דערציילט, אַז אַמאָל, מיט אַ סך־אַ סך יאָרן צוריק, איז זי געווען אינגאַנצן פאַרשאָטן און מ׳האָט שוין אָן איר געהאַט פאַרגעסן; עס איז צווישן די לעבעדיקע ניט געווען קיין איינער, וואָס זאָל געדענקען, אַז ער זאָל אַמאָל האָבן געהערט פון אימיצן, אַז דאָרט, לעבן באַרג, איז אַמאָל געשטאַנען אַ שול, וואָס די ערד האָט פאַר־שאָטן; אָבער שפּעטער האָט מען זי דאָך געפונען און מ׳האָט זי איבערגעבויט און זי שטייט ביז היינטיקן טאָג...

דאָס איז די עלטסטע יידישע שול אין רוסלאַנד. אין קיין אַנדער רוסישער שטאָט איז ניט פאַראַן נאָך אַ שול, וואָס זאָל זיין אַזוי אַלט ווי די וואָס שטייט אין פעאָדאָסיע, און ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אויסגעבויט האָט מען זי נאָך אינם יאָר 909 — מיט איבער טויזנט יאָר צוריק. און אינעווייניק שטייען פיר גרויסע זיילן; די ערשטע צוויי זיינען פון מירמלשטיין און די אַנדערע צוויי זיינען פון געהאַקטע שטיינער, און מ׳דערציילט, אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק זיינען דאָרט געווען נאָך צוויי זיילן פון מירמלשטיין, אָבער מ׳האָט זיי צוגענומען פאַר אַ נייעם קלויסטער, וואָס מ׳האָט געהאַלטן אין בויען.

פעאָדאָסיע איז זייער אַן אַלטע שטאָט. נאָך אינם זעקסטן יאָרהונדערט, וואָס פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, האָבן שוין דאָרט געוואוינט מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון אַ שבט וואָס מ׳האָט גערופן קימירעיער, און שוין דאַן זיינען דאָרט פאָרגעקומען מלחמות, און שפּעטער איז דאָרט געווען אַ גרויסע גריכישע קאָלאָניע, און דער האַפן האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אינם האַנדל פון יענער צייט. פון פעאָדאָסיע האָט מען קיין אַטהען, אין דער הויפּט־שטאָט פון גריכנלאַנד, און אויך אין אַנדערע שטעט, געשיקט ווייץ, פיש, זאַלץ און אויך פעל. פעאָדאָסיע האָט אין דעם געקאָנקורירט מיט דער שטאָט קערטש,

וועלכע האָט דאַן געהייסן פּאַנטיקאַפּעיאַן, און אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען ביז די צייטן פון מיטרידאַט דעם זעקסטן, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן געפירט קריג קעגן דער הערשאַפט פון רוים.

דאָס איז געווען נאָך דאַן, ווען יידן האָבן געהאַט אַן אייגן לאַנד און אַן אייגענע מלוכה. אין ירושלים איז נאָך געשטאַנען דאָס בית־המקדש און אויפן טראָן זיינען נאָך געזעסן די קעניגן פון די חשמונאים. אָבער אויך אין יענע צייטן זיינען שוין יידן געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, און אַזוי ווי עס איז באַוויזן געוואָרן, אַז נאָך אינם ערשטן יאָרהונדערט פון דער היינטיקער צייט־רעכענונג האָבן שוין יידן געוואוינט אויף דעם האַלב־אינזל קרים, וואָס האָט דאַן געהייסן פּאָנטוס, איז דעריבער ניט אויסגעשלאָסן, אַז אויך אין פעאָדאָסיע האָבן שוין דעמאָלט געוואוינט יידן. עס איז אַפילו פאַראַן אַ סברא, אַז זיי זיינען נאָך פריער געקומען אַהין.

די שטאָט האָט אָבער אין יענער צייט ניט געהייסן פעאָדאָסיע, נאָר אַרדאַבראַ. און שפּעטער האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן קאַפאַ, און ווען די טערקן זיינען דאָרט, אינם פופצנטן יאָרהונדערט געוואָרן די בעלי־בתים, איז ביי זיי פון קאַפאַ געוואָרן קעפע, און אויך קיטשוס־סטאַמבול, און ערשט ביים סוף פונם אַכטצנטן יאָרהונדערט, ווען דער האַלב־אינזל קרים איז געוואָרן אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע, האָט מען דער שטאָט אַ נאָמען געגעבן פעאָדאָסיע און ביי דעם נאָמען איז זי געבליבן ביז היינטיקן טאָג.

נאָך אין די צייטן ווען די קעניגן פון די כאַזאַרן האָבן — ביים סוף פונם אַכטן יאָרהונדערט — דעם יידישן גלויבן אָנגענומען, איז דער האַלב־אינזל קרים געווען איינער פון די זיכערסטע פּלעצער פאַר יידן. און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס יידן זיינען געלאָפן אַהין פון די אַלע לענדער, וואו זיי האָבן געהאַט אַ סך אויסצושטיין. אין דעם „כוזרים־לאַנד", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן דעם גאַנצן געגנט, פון וועלכן דער האַלב־אינזל קרים איז אויך געווען אַ טייל, איז געווען איינגעפירט איין געזעץ פאַר אַלעמען; די כאַזאַרישע קעניגן, וואָס האָבן דעם יידישן גלויבן אָנגענומען, האָבן זיך שטרענג געהאַלטן ביי דעם וואָס די תורה האָט אָנגעזאָגט, אַז מען דאַרף ליב האָבן דעם פרעמדן, און זיי האָבן ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן יידן און ניט־יידן; אַלע האָבן געהאַט גלייכע רעכט און מ'האָט קיינעם ניט פאַרפאָלגט פאַר זיין גלויבן. ערשט נאָכדעם ווי די מלוכה פון די כאַזאַרן איז אונטערגעגאַנגען, איז די לאַגע פון די יידן אין קרים געוואָרן ערגער און מ'האָט זיי דאָרט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן.

אינם יאָר 1260 האָבן די גענועזער אָפּגעקויפט די שטאָט ביים טאָטערישן כאַן אַראַאַן־טימור, און גלייך נאָכדעם איז דאָרט געוואָרן דער וויכטיקסטער צענטער פון האַנדל פאַר אַלע גענועזער קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען ביי די

ברעגן פונם שווארצן ים; פונם פעאדאסיער האפן האט מען צעשיקט פארשיי־דענערליי סחורות איבער גאנץ מיטל־אזיע; דער האנדל האט זיך דארט שטארק צעבליט, און אין דעם האבן יידן זייער א וויכטיקע ראלע געשפילט, און די גענועזער האבן געטאן אלץ, וואס זיי האבן נאר געקענט צוצוציען וואס מער יידן אהין, כאטש אין די גרענעצן פון זייער אייגענער רעפובליק האבן זיי קיין יידן אינגאנצן ניט ארייננעלאזט.

מ'האט פשוט געדארפט האבן די יידן, כדי צו העלפן אנטוויקלען דעם האנדל אין פעאדאסיע, האט מען זיי דעריבער אלע פריווילעגיעס געגעבן, און ווען די יידן האבן זיך איינמאל באקלאגט דערויף וואס דער קאטוילישער בישאפ מישט זיך אין זייערע געשעפטן, איז גלייך ארויסגעגעבן געווארן א באפעל, אז דער קאנסול און די שטאט־פארוואלטונג זאלן באשיצן דאס אייגנטום פון די יידן און זען, אז דער קאטוילישער בישאפ זאל זיך מער אין זייערע געשעפטן ניט מישן. ניט אלע מאל אבער האבן די קאנסולן אפגעהיט דעם באפעל; עס זיינען געווען אזעלכע, וואס האבן דאך פארפאלגט די יידן אין פעאדאסיע, כאטש דאס איז געווען פארבאטן, און אזוי זיינען אוועק קנאפע צוויי הונדערט יאר — פון 1260 ביז 1454. און נאכדעם האט די גענועזישע רעפובליק איבער־געגעבן אלע אירע קאלאניעס, וואס ביים ברעג פונם שווארצן ים, אין די הענט פון א האנדלס־געזעלשאפט, וואס איז געפירט געווארן פון א באנק, וואס האט געטראגן דעם נאמען פונם הייליקן געארג, און דאן איז די שטאט פעאדאסיע אויך געשטעלט געווארן אונטער איר שוץ, און אזוי ווי די האנדלס־געזעלשאפט איז געווען פאראינטערעסירט אין דעם, אז די האפן־שטאט זאל ארייננטראגן וואס מער געלט, האט מען געזען, אז דער האנדל זאל זיך דארט נאך מער אנטוויקלען און צוליב דעם האט מען באשיצט די יידן, אז די קאנסולן זאלן זיי קיין שלעכטס ניט טאן.

די גוטע באציאונג איז געקומען ניט אזוי פיל פון א גוט הארץ ווי פון א גוטער אויסרעכענונג. אין דער זעלבער צייט וואס מען האט פארגעווארפן די יידן, אז זיי זיינען אזוי שטארק פארטאן אין געשעפט־זאכן, האט מען אליין דווקא פריער פון אלץ אין זינען געהאט נאר געשעפט, און ווען עס האט זיך נאר געלוינט, האט מען צוליב דעם אלע אנדערע זאכן פארבויגן...

***

אינם יאר 1475 האט זיך אין פעאדאסיע געענדיקט די קאטוילישע הער־שאפט פון די גענועזער און אויך פון דער באנק, וואס האט געטראגן דעם נאמען פון דעם הייליקן געארג. אין יענעם יאר האבן די טערקן איינגענומען די שטאט

און נאָכדעם איז גאַנץ קרים איבערגעגאַנגען צו זיי, און די הערשאַפט איבער קרים האָבן די טערקן איבערגעגעבן אין די הענט פון די טאַטערישע כאַנען, וואָס האָבן געשטאַמט פון ז׳ער גירעי־דינאַסטיע, און די הויפּט־שטאָט פון קרים איז געווען באַכטשיסאַראַי. דאָרט האָט געוואוינט דער כאַן און אַהין פלעגן צו אים קומען די דיפּלאָמאַטישע שלוחים פון אַנדערע לענדער, און צווישן זיי זיינען אויך געווען די רוסישע פּרינצן, וואָס זיינען אים געווען אונטערטעניק און אים אָפט טייערע מתנות געבראַכט.

אין יענער צייט האָט זיך צו די פאָדערשטע רייען אַרויסגערוקט אַ פעאָדאָסיער ייד, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אַלס דיפּלאָמאַט און געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די פאַרהאַנדלונגען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען צווישן דעם טאַטערישן כאַן מענגלי־גירעי און דעם הערשער פון דער מאָסקווער מלוכה איוואַן דער דריטער.

כאַזע קאָקאָס איז געווען דער נאָמען פון דעם פעאָדאָסיער יידן, וועלכער האָט זיך אין יענער צייט געמאַכט אַ נאָמען פון זייער אַ קלוגן דיפּלאָמאַט. אַ טאַטערישער נאָמען. דער כאַן מענגלי־גירעי האָט פון אים זייער שטאַרק געהאַלטן און זיך פאַרלאָזט אויף אים אין די וויכטיקסטע זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער פירונג פון דער מלוכה; קיין אָפּמאַך מיט אַן אַנדער מלוכה איז ניט געשלאָסן געוואָרן אָן זיין צושטימונג, און אַלע מאָל ווען עס איז קיין באַכטשיסאַראַי אָנגעקומען אַ דיפּלאָמאַטישער שליח פון אַן אַנדער לאַנד, האָט ער זיך פריער פון אַלץ געדאַרפט זען מיט דעם פעאָדאָסיער יידן, כאַזע קאָקאָס, און אים ברענגען די פריינדלעכע גרוסן און די גוטע וואונטשן פון דעם קעניג, וואָס האָט אים צום טאַטערישן כאַן געשיקט.

אַלע האָבן געדאַרפט אָנקומען צו דעם יידישן דיפּלאָמאַט פון פעאָדאָסיע. אַלע האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד, און דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן די דיפּלאָמאַטישע שלוחים פון איוואַן דעם דריטן, ווען זיי זיינען פון מאָסקווע געקומען קיין באַכטשיסאַראַי פאַרהאַנדלען וועגן אַ בונד קעגן ליטע און פּוילן. דער יידישער דיפּלאָמאַט איז געווען דערפאַר, אַז אַזאַ בונד זאָל געשלאָסן ווערן און דער כאַן האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס ער האָט געזאָגט, און מ׳האָט דעם בונד געשלאָסן, און דאָס האָט ניט ווייניק געהאָלפן אין דעם פּלאַן פונם מאָסקווער הערשער צו פאַראייניקן די גאַנצע רוסישע ערד אין איין גרויסער מלוכה.

דער צאַר פון מאָסקווע איז דעם יידישן דיפּלאָמאַט געווען זייער דאַנקבאַר דערפאַר וואָס ער האָט אים געהאָלפן שליסן דעם בונד. ער האָט צו אים גרויס אַכטונג אַרויסגעוויזן. ער האָט זיך מיט אים אַ לענגערע צייט איבערגעשריבן, און לויט די דאָקומענטן, וואָס זיינען געבליבן פון יענער צייט, זיינען די בריוו פון

דעם יידישן דיפּלאָמאַט צום מאָסקווער צאַר געווען געשריבן „מיט יידישע אותיות", און דער צאַר האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל בעסער שרייבן „מיט רוסישע אָדער מוסולמאַנישע אותיות". איך וועלכער שפּראַך די בריוו זיינען געווען געשריבן ווערט אין די דאָקומענטן ניט געזאָגט. אָבער מ'איז זיך משער, אַז אויב אַפילו די אותיות זיינען געווען יידישע, איז די שפּראַך אַוודאי געווען רוסיש, אָדער טאָטעריש. אַזאַ השערה דריקט אויס דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו *).

צווישן די גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון יידן אין פעאָדאָסיע, און אין קרים בכלל, פאַרנעמט זייער אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ ר' משה דער קיעווער, אָדער ר' משה הגולה, ווי מ'האָט אים גערופן איבער דעם וואָס ער האָט אין זיין לעבן אַ סך אַרומגעוואַנדערט און מ'האָט אים געהאַלטן אין איין יאָגן פון איין אָרט אויפן אַנדערן. ער איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער למדן, נאָר ער האָט זיך דערצו אויך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און שטענדיק אין זינען געהאַט טובת־הכלל.

אָבער וועגן אים האָבן מיר שוין גערעדט פריער, אין דעם קאַפּיטל וועגן קיעוו, וואו מיר האָבן, צווישן אַנדערש, אויך אָנגעוויזן אויף דער באַדייטונג פון דעם נייעם נוסח־התפילות, וואָס ער האָט איינגעפירט, כדי צו פאַראייניקן אין פעאָדאָסיע די אַלע יידן, וועלכע האָבן זיך דאָרט דעמאָלט צעטיילט אין צופיל כיתות, וועלכע האָבן זיך אַרומגעריסן צווישן זיך. יענער נוסח־התפילות, וואָס ווערט נאָך איצט אָנגערופן „מנהג כפא", אויפן נאָמען פון דער שטאָט קאַפאַ, וואָס הייסט איצטער פעאָדאָסיע, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אינם לעבן פון די יידן אין גאַנץ קרים. ער האָט צו דעם נאָך צוגעגעבן אַכטצן כללים ווי אַזוי זיך צו פירן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און די יידן אין קרים האָבן די כללים אָפּגעהיט. זיי זיינען געשטאַנען אונטער זיין איינפלוס ניט נאָר אין רעליגיעזע ענינים, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זאַכן, וואָס בין אָדם למקום, נאָר אויך אין אַזעלכע זאַכן, וואָס בין אדם לחברו. דער געלערנטער רב, ר' משה הגולה, האָט דאַן די יידן פון פעאָדאָסיע און אויך פון די אַנדערע שטעט אין קרים גייסטיק אויפגעהויבן אַלץ העכער און העכער, און זיי געמאַכט ניט נאָר פאַר בעסערע יידן, נאָר אויך פאַר בעסערע מענטשן. און ניט אומזיסט איז זיין אָנדענק ביי די יידן פון קרים געבליבן פאַרהייליקט נאָך ביז היינטיקן טאָג.

ער איז געשטאָרבן אין פעאָדאָסיע אינם יאָר 1520, און די יידישע קהילה, וואָס ער האָט ביים לעבן פאַראייניקט און אויף גלייכע וועגן געפירט, האָט אים אין טיפן טרויער באַגלייט צו דער אייביקער רו, וואָס ער האָט געפונען ביים טויט נאָך די אַלע יאָרן פון וואַנדערונגען און וואָגלענישן. און נאָך זיין

---

*) דברי ימי עם עולם, באַנד 5, ז' 277.

פ ע אָ ד אָ ס י ע

טויט איז אינם יידישן לעבן אין קרים שוין מער ניט געווען אַזאַ פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל באַלויכטן דעם וועג אַזוי ווי ער.

דורות און דורות זיינען אַוועק און דער איינפלוס, וואָס ר׳ משה הגולה האָט איבערגעלאָזט אויפן לעבן פון די יידן אין קרים, איז נאָך אַלץ געווען קענטיק. און מער ווי אומעטום איז דאָס געווען קענטיק אין פעאָדאָסיע. ווען דער רייזנדער יוסף יהודה טשאַרני האָט אין 1876 באַזוכט די שטאָט, איז די יידישע באַ־פעלקערונג דאָרט ניט געווען צעטיילט אין צוויי באַזונדערע קהילות, נאָר אַלע זיינען געווען פאַראייניקט אין איין קהילה. מ׳האָט ווייטער געצויגן די טראַדיציע וואָס איז געבליבן נאָך פון יענע צייטן ווען ר׳ משה הגולה האָט דאָרט גע־לעבט *).

עס איז ניט אָפּגעמעקט געוואָרן דער איינפלוס פון דער גרויסער יידישער פערזענלעכקייט, וואָס האָט דאָרט געלעבט און געווירקט נאָך אינם זעכצנטן יאָרהונדערט, ווייל בכלל ווערט ניט אָפּגעמעקט דער איינפלוס פון אַ גרויסער פערזענלעכקייט, וואָס לעגט אַרויף אַ קענטיקן שטעמפּל צום גוטן אויפן לעבן פון זיין דור און דערהויבט דעם מענטשן העכער גייסטיק. מ׳פאַרגעסט דאָס קיינמאָל ניט.

אַ סך געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אין פעאָדאָסיע אין די אַלע יאָרן, וואָס זיינען שוין אַוועק זינט ר׳ משה הגולה איז דאָרט געשטאָרבן. די שטאָט איז פון די טערקן איבערגעגאַנגען צו די רוסן; עס זיינען דאָרט געווען פּאָגראָמען; אַרמייען האָבן זיך דאָרט געשלאָגן אין די אַלע מלחמות, וואָס מ׳האָט געפירט; אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אַהין אַריין די אַרמייען פונם דייטשן קייזער ווילהעלם; אין די צייטן פונם בירגער־קריג אין רוסלאַנד זיינען דאָרט געווען די ווייסע באַנדעס פונם גענעראַל דעניקין און זיי האָבן גענוג געבושעוועט אין יענער צייט. אָבער אין די אַלע יאָרן איז אין פעאָדאָסיע אַלץ געווען אַ יידיש לעבן, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט דערשטיקן, און ס׳איז דאָרט נאָך אַלץ גע־שטאַנען די שול, וואָס איז שוין מער ווי טויזנט יאָר אַלט און וואו ס׳איז אויף אַ שטיין אויסגעקריצט:

„זה השער לה׳, צדיקים יבואו בו!״

---

*) יוסף יהודה בן יעקב הלוי טשאַרני: ספר המסעות, ז׳ 229.

# די וואָלגע אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק

## א.

גרויסע טייכן האָבן אַמאָל געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון לענדער און פעלקער. אין פרידלעכע צייטן, ווען מ׳האָט ניט געפירט קיין מלחמות, האָבן שיפן געשניטן די וואַסערן פון די גרויסע טייכן, וואָס פאַלן אַריין אין די ימען, און זיי האָבן געפירט סחורה פון איין מדינה אין דער אַנדערער, פון איין פאָלק צום אַנדערן; מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער און אומות זיינען דורך דעם געוואָרן נעענטער; מ׳האָט זיך געביטן ניט נאָר מיט סחורות, נאָר אויך מיט אידעען, און דאָס האָט געהאָלפן אַנטוויקלען אַ העכערע קולטור און אַ בעסערע ציוויליזאַציע. אַ מלוכה, וואָס האָט געהאַט שטעט ביי די ברעגן פון אַ גרויסן טייך, וואו ס׳קענען גיין שיפן, האָט געהאַט מער מעגלעכקייטן זיך צו אַנטוויקלען און ווערן מעכטיק. און דערפאַר זיינען אָפט פאָרגעקומען מלחמות צווישן שבטים און פעלקער; מ׳האָט זיך געשלאָגן איבער טייכן, און ווער ס׳האָט זיך נאָר ביי זייערע ברעגן געקענט באַפעסטיקן, דער האָט געהאַט דעם נצחון און דערמיט פאַרזיכערט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פונם לאַנד.

אין דער גאַנצער וואַנדערונג פון פעלקער אין די אַלטע צייטן איז שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ דראַנג צו די ברעגן פונם וואַסער, צו די גרויסע טייכן, וואָס פאַלן אַריין אין די ימען. אַרום יענע ברעגן האָבן זיך אָפּגעשפּילט די דראַמאַטישסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אַ סך פעלקער. אויך אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק האָבן גרויסע טייכן זייער אַ וויכטיקע ראָלע געשפּילט. אָבער ווייל דער גורל פונם יידישן פאָלק איז געווען אַנדערש ווי דער גורל פון די אַנדערע פעלקער, איז די ראָלע פון די גרויסע טייכן אין אונדזער געשיכטע אויך געווען אַנדערש.

אָנהויבנדיק פון דעם טייך נילוס, וואוהין פּרעה, דער מלך פון מצרים, האָט געהייסן אַריינוואַרפן אַלע יידישע יינגלעך, וואָס וועלן געבוירן ווערן אין לאַנד, ווי ס׳ווערט דערציילט אין חומש, האָט זיך יידיש בלוט ווי וואַסער געגאָסן ביי די ברעגן פון אַ היפּשער צאָל גרויסע טייכן, וואָס שטראָמען אין פאַרשיידענערליי טיילן פון דער וועלט. און דווקא ניט אין קיין מלחמות, וואו גלייכע פאַרמעסטן זיך אין כוחות, נאָר אין שחיטות און הריגות, וואָס שטאַרקע האָבן געמאַכט אויף אומשולדיקע שוואַכע מענטשן, וואָס קענען זיך ניט באַשיצן.

אין אַזעלכע שחיטות און הריגות, וואָס זיינען אין דער געשיכטע פון לענ־דער און פעלקער געבליבן ווי אַ מיאוסער פלעק, וואָס מ׳קען בשום אופן ניט אָפּמעקן, האָט זיך יידיש בלוט ווי וואַסער געגאָסן ביי די ברעגן פונם טייך רהיין, ביים דניעפּר, ביים בוג, ביים דניעסטר, ביי דער ווייכסל, און ביי נאָך און נאָך גרויסע טייכן. אָן אויסנאַם אָבער אין דעם פּרט איז די וואָלגע.

די וואָלגע איז דער גרעסטער טייך אין אייראָפּע און דער וויכטיקסטער אין סאָוועט־רוסלאַנד. אין דער לענג ציט זיך די וואָלגע אויף אַ ווייטקייט פון צוויי טויזנט מיט דריי הונדערט און פינף און צוואַנציק מייל, און די צאָל פון דער באַפעלקערונג, וואָס וואוינט אַרום דער וואָלגע, האָט נאָך מיט יאָרן צוריק דערגרייכט ביז איבער פופציק מיליאָן מענטשן. אָן אַ שיעור טייכן, גרעסערע און קלענערע, פליסן אַריין אין דער וואָלגע, און ביי אירע ברעגן געפינען זיך אַזעלכע וויכטיקע רוסישע שטעט ווי טווער, סאַמאַראַ, סאַראַטאָוו, קאַזאַן, אַסטראַ־כאַן, ניזשני־נאָווגאָראָד, קאָסטראָמאַ, ריבינסק און אויך די שטאָט צאַריצין, די איצטיקע סטאַלינגראַד, וואָס איז אין דער צווייטער וועלט־מלחמה געוואָרן אַזוי באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט, ווייל דאָרט איז געבראָכן געוואָרן די מאַכט פון די נאַצישע אַרמייען אין רוסלאַנד.

אין די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר איז די וואָלגע איינגעוויגט געוואָרן אין אַזוי פיל שיינע רוסישע לידער און ניגונים און אויך אין אַזוי פיל שיינע, פאַנטאַסטישע פאָלקס־מעשיות און לעגענדעס, אַז מ׳קען גאָר וועגן איר אַנדערש ניט טראַכטן ווי נאָר וועגן אַן „עכט־רוסישן״ טייך. ווי מ׳רעדט נאָר אַרויס דאָס וואָרט „וואָלגאַ״, קלעפּט זיך גלייך צו דאָס רוסישע וואָרט „מאַטושקאַ״, און באַלד הויבט מען אָן אונטער׳זינגען פאַר זיך דעם ניגון פון דער ליד „העי אוכניעם״, וואָס פאַרבינדט זיך אין געדאַנק מיטן בילד „בורלאַקי״, וואָס דער באַרימטער רוסישער מאָלער ריעפּין האָט געמאָלן. מ׳דערמאָנט זיך דערביי אויך דעם בונט פון סטענקאַ ראַזין אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט, און אויך דעם בונט פון יעמיליאַן פוגאַטשאָוו אינם אַכצנטן יאָרהונדערט. אַלץ וואָס איז נאָר פאַרבונדן מיט דער וואָלגע אָטעמט ממש מיט עכט־רוסישער געשיכטע און מיט ספּעציפיש־רוסישער פאָלקסטימלעכקייט, וואָס ד׳ריקט זיך אויס אויף פאַרשיידענערליי אופנים אין מעשיות און אין לידער.

אָבער ס׳איז דאָך געווען אַ צייט, ווען די וואָלגע איז מיט דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק געווען מער פאַרבונדן ווי מיט דער געשיכטע פונם רוסישן פאָלק.

געווען איז דאָס נאָך ביים אָנהויב פונם זיבעטן יאָרהונדערט, ווען די כאַזאַרן האָבן ביי די ברעגן פון דער וואָלגע געהאַט אַזאַ גרויסע און מעכטיקע מלוכה, אַז אַלע פעלקער פון אַרום און אַרום האָבן פאַר זיי מורא געהאַט און

געווען אונטערטעניק צו זיי. אָבער אין יענער צייט האָט דער גרויסער טייך נאָך ניט געהייסן וואָלגע, נאָר „איטיל״, אָדער „אטעל״, און דאָס איז שוין אויך געווען אַ נייער נאָמען, ווייל אין די גאָר אַלטע צייטן האָט ער געהייסן „רא״.

פון וואַנען די כאַזאַרן שטאַמען און ווער זיי זיינען — דאָס האָט מען אַ לאַנגע צייט ניט געוואוסט. אייניקע האָבן גאָר געמיינט, אַז זיי שטאַמען פון די עשרת השבטים, וואָס זיינען פאַרפאַלן געוואָרן נאָכדעם ווי די מלוכה פון אַשור האָט אינם יאָר 719, וואָס פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, געמאַכט אַ סוף צו דער מלוכה פון ישראל. אַזעלכע לעגענדעס וועגן די כאַזאַרן האָבן זיך אַרומגעטראָגן אַ לאַנגע צייט. ערשט שפּעטער, שוין אין די גאָר לעצטע יאָרן פון דער כאַזאַרישער מלוכה, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז זיי האָבן ניט געצויגן זייער יחוס ביז די צען פאַרלאָרענע יידישע שבטים, נאָר זיי זיינען געווען געצנדינער, וואָס האָבן יאָרנלאַנג, פּונקט ווי אַנדערע ווילדע שבטים, געוואַנדערט אין דער געגנט, וואָס געפינט זיך צווישן דעם שוואַרצן ים און דעם קאַספּישן ים, און ווען זיי האָבן זיך באַפעסטיקט ביי דער וואָלגע, האָבן זיי, פירנדיק מלחמות מיט די אַנדערע געצנדינערישע פעלקער, געגרינדעט אַ גרויסע און מעכטיקע מלוכה, וואָס האָט זיך צעוואַקסן אַלץ גרעסער און גרעסער ביז זי האָט אַריינגענומען אין אירע גרענעצן קאַווקאַז און קרים און נאָך אַנדערע טיילן פון דער איצטיקער רוסלאַנד.

די הויפּט־שטאָט פון די כאַזאַרן האָט געהייסן איטיל. אַזאַ נאָמען האָט מען איר געגעבן, ווייל דער גרעסטער טייך האָט אויך אַזוי געהייסן. און געשטאַנען איז זי ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו ס׳געפינט זיך איצט די באַרימטע רוסישע שטאָט אַסטראַכאַן.

געפירט האָבן זיך די כאַזאַרן פּונקט אַזוי ווי די אַנדערע געצנדינערישע פעלקער. אויף דעם קעניג, וואָס האָט געהערשט איבער זיי און וועמען זיי האָבן גערופן „כאַגאַן״, האָבן זיי געקוקט ווי אויף אַ גאָט און זיי האָבן צו אים געדינט ווי צו אַ גאָט; זיין וואָרט איז געווען הייליק, און ווען ער האָט אימיצן פאַרמשפּט צום טויט, האָט יענער גלייך אַליין געמוזט מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן, פּונקט אַזוי ווי ס׳איז געווען איינגעפירט אין די צייטן פון די רוימישע צעזאַרס, וועלכע האָבן זיך אויך געהאַלטן פאַר געטער. און כדי דער „כאַגאַן״, וואָס איז געטלעך, זאָל ניט דאַרפן אין זינען האָבן קיין וואָכעדיקע זאַכן, איז געווען איינגעפירט, אַז פירן די מלוכה זאָל דער שני־למלך, און אים האָט מען גערופן „פּעגאָ״, אָדער „פּעהאָ״.

ווען די כאַזאַרן האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן — דאָס איז ניט אינגאַנצן קלאָר. פּונקט ווי עס איז ניט אינגאַנצן קלאָר וואָס ס׳האָט זיי געבראַכט דערצו, אַז זיי זאָלן דעם יידישן גלויבן אָננעמען. לויט איין נוסח איז דאָס געשען

אינם יאָר 620, וואָס לויט דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג און אַז אויפן טראָן — ווי ס׳ווערט איבערגעגעבן אין דעם בריוו, וואָס איינער פון די כאַזאַרישע כאַגאַנעס, יוסף בן אהרן, האָט צוגעשיקט צו דעם יידישן געלערנטן און שטאַטס־מאַן ר׳ חסדאי איבן שאפרוט — איז דאַן געזעסן דער כאַגאַן בולאַן. און לויט אַן אַנדער נוסח איז דאָס געשען ניט אינם זיבעטן, נאָר אינם אַכטן יאָרהונדערט. אַזאַ מיינונג דריקט אויס דער רוסישער היסטאָריקער קליוטשעווסקי*) און דער יידישער היסטאָריקער דובנאָוו, נעמט אָן, אַז דאָס איז געשען צווישן די יאָרן 740 און 790 פון דער איצטיקער צייטרעכענונג**).

אָבער ווען דאָס זאָל ניט האָבן געשען — ס׳איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט אין דער געשיכטע, אַז ביי די ברעגן פון דער וואָלגע איז אַמאָל געווען אַ גרויסע און מעכטיקע יידישע מלוכה, פאַר וועלכער עס האָבן געציטערט אַלע פעלקער פון אַרום און אַרום, ווייל „זייערע הערשער זיינען געווען שטאַרק ווי די לייבן", ווי עס ווערט דערציילט אינם „תולדות הכוזרים"; פון אַלע מלחמות, וואָס זיי האָבן געפירט מיט די שונאים, ווען זיי זיינען געווען גרויס אין די אויגן, זיינען זיי אַרויס מיט נצחון. פערסיע, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע מדינה, האָט פאַר דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה שטאַרק מורא געהאַט און איר געצאָלט צינזן. אויך די קריסטלעכע קיסרים פון ביזאַנטיע האָבן זיך שטאַרק גערעכנט מיט איר מאַכט, און די קיעווער רוסישע מלוכה איז איר אויך געווען אונטערטעניק. די פירשטן פון דער אַלטער רוסישער שטאָט, וואָס ביים דניעפּר, האָבן קיינמאָל ניט פאַרפעלט צוצושיקן צום קעניג פון דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה, וואָס ביי דער וואָלגע, די שטייערן, וואָס זיי האָבן געדאַרפט צאָלן פון יעדער שטוב, אָדער „פון יעדן קוימען", ווי ס׳האָט געהייסן אויף דער אָפיציעלער שפּראַך פון יענער צייט. און צו דעם האָט מען נאָך, מיט ספּעציעלע שלוחים, צוגעשיקט טייערע מתנות, כדי דערמיט צו געפינען חן אין די אויגן פון דעם קעניג, וואָס היט אָפּ אַלע מצוות פון דער יידישער תורה.

*
**

עס איז גאָר קיין צווייפל ניט, אַז דאָס איבערגיין פון געצנדינעריי צו יידישקייט איז ביי די כאַזאַרן פאָרגעקומען ניט מיטאַמאָל, נאָר ביסלעכווייז, און אַז ס׳האָט אַוודאי געדויערט לאַנג ביז דער איינפלוס פונם יידישן גלויבן האָט זיך אויסגעדריקט אין אַזאַ פאָרמע, אַז דער גאַנצער קעניגלעכער הויף און אַלע אָנגעזעענע לייט פון דער מלוכה זאָלן אָננעמען יידישקייט.

---

*) זע זיין ווערק: Курс Русской Истории, באַנד 1, ז׳ 146.

**) דברי ימי עם עולם, באַנד 4, ז׳ 298.

נאָך אײדער דאָס איז געשען פלעגן ייִדן קומען קײן כאַזאַריע פון די קריסטלעכע לענדער, וואו מ׳האָט זײ פאַרפאָלגט. אונטערן שוץ פון די כּוזרים האָבן זײ זיך געפילט זיכערער און זײ האָבן זיך דערױבער באַזעצט אין זײער לאַנד. אױך ייִדישע סוחרים פון אַנדערע, נאָענטע, לענדער פלעגן אַהין קומען, װײל דאָס לאַנד האָט געפירט האַנדל אױף אַ ברײטן שטײגער און ס׳זײנען דאָרט געװען אַ סך מעגלעכקײטן דאָס נאָך מער צו פאַרברײטערן. און װײל די ייִדישע סוחרים זײנען געװען װעלטלעכע מענטשן און זײ זײנען גײסטיק געשטאַנען העכער פון אַנדערע, האָבן זײ געהאַט אַ גרױסן אײנפלוס אױף די קרײזן, מיט װעלכע ס׳איז זײ אױסגעקומען זיך צו טרעפן אָפט, און װי ס׳איז געװען דער שטײגער אין יענע צײטן האָבן זײ בײ אַ סך געלעגנהײטן אַװדאי געפירט געשפּרעכן װעגן מאָראַל און װעגן רעליגיע.

דעם גרעסטן אײנפלוס האָבן געהאַט די קאַװקאַזער ייִדן, װעלכע שטאַמען נאָך פון די עשרת השבטים. אַזאַ מײנונג דריקט אױס דער העברעאישער שריפטשטעלער צבי כשדאי, װעלכער האָט יאָרן לאַנג געפאָרשט דעם ענין פון פאַרשײדענע קריסטלעכע סעקטעס און אױך פון גרים אין פאַרשײדענע לענדער. ער שרײבט װעגן דעם אױספירלעך אין זײן בוך „המתיהדים״ און אױך אין זײן „שבטי יעקב ונצורי ישראל״, און דערבײ זאָגט ער, אַז װען ניט דער נידעריקער קולטורעלער צושטאַנד פון די ייִדן אין יענער צײט, װען ניט די װײטקײט פון די װעגן, װאו מען האָט געדאַרפט אײנשטעלן דאָס לעבן ביז מ׳איז צוגעקומען װאוהין מ׳האָט געדאַרפט, און װען ניט „נאָך און נאָך אורזאַכן״ איז דאַן געװען דער פאַסיקסטער היסטאָרישער מאָמענט פאַר אַ מעגלעכקײט צו גרינדן אַ גרױסע, שטאַרקע און מעכטיקע ייִדישע מלוכה בײ די ברעגן פון דער װאָלגע *).

און ס׳האָט טאַקע אפשר געהאַלטן ניט װײט דערפון. דאָס קען מען זען פון דעם װאָס דער כאַזאַריש-ייִדישער קעניג יוסף בן אהרון האָט, אינם יאָר 960 פון דער הײנטיקער צײט-רעכענונג, געשריבן אין זײן ענטפער אױף דעם בריװ, װאָס ר׳ חסדאי איבן שאַפּרוט, דער גרױסער ייִדישער געלערנטער און שטאַטסמאַן פון קאָרדאָװאַ, האָט צו אים צוגעשיקט. „זינט אונדזערע עלטערן האָבן אָנגענומען דעם ייִדישן גלױבן, — האָט דער כאַגאַן יוסף בן אהרון געשריבן, — האָט גאָט געמאַכט אונטערטעניק צו אונדז אַלע אונדזערע פײנד און געבױגן פאַר אונדז אַלע אומות פון אַרום און אַרום און קײנער קען זיך אַקעגן אונדז ניט שטעלן און אַלע צאָלן אונדז צינז דורך די קעניגן פון פּרס און די קעניגן פון ישמעאל״ **).

---

*) צבי כשדאי: שבטי יעקב ונצורי ישראל, ז׳ 165.

**) ציטירט לויטן טעקסט פון דעם „מכתב רב חסדאי בן יצחק מ״ר למלך אלכזר״, װאָס איז געדרוקט בײם סוף פון ר׳ יהודה הלוי׳ס „ספר הכוזרי״, אינאײנעם מיטן „תולדות הכוזרים״.

אויפן גרונט פון דעם וואָס מען געפינט דאָ און דאָרט אין דער געשיכטע וועגן דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע, קען מען דרינגען, אַז נאָך איידער מ׳האָט דאָרט דעם יידישן גלויבן אָנגענומען און זיך אָנגעהויבן פירן לויט דער יידישער מאָראַל, האָט דער קריסטלעכער קעניג פון דער ביזאַנטישער מלוכה געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט, אַז די כאַזאַרן זאָלן אָננעמען דעם קריסטנטום, און דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן דער כאַליף, דער הויפּט פונם מאַכמעדאַנישן גלויבן. יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט געווינען אויף זיין זייט אַזאַ שטאַרקע און מעכטיקע מלוכה, וואָס צעוואַקסט זיך אַלץ גרעסער און גרעסער. בכלל איז צווישן די צוויי גלויבנס, צווישן קריסטנטום און איסלאַם, דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע קאָנקורענץ איבער די פעלקער, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן ביי געצנדינערײַ. אָבער ניט די מוסולמאַנער און ניט די קריסטן האָט זיך איינגעגעבן צו באַקערן די כאַזאַרן. איינגעגעבן האָט זיך דאָס דווקא די יידן, דעם שוואַכן פאָלק, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און האָט אין ערגעץ קיין היים ניט. און דאָס אַליין, וואָס די כאַזאַרן, וועלכע האָבן דאָס מאָל געהאַט אַזאַ גרויסע און שטאַרקע מלוכה, האָבן אָנגענומען דווקא דעם יידישן גלויבן, באַווייזט, אַז זיי האָבן דערביי דער עיקר אין זינען געהאַט די מאָראַלישע זייט.

זייער אַ וויכטיקע ראָלע דערביי האָט געשפּילט דער געלערנטער ייד ר׳ יצחק הסנגרי, וועלכער האָט נאָך פון פריער געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דעם כאַזאַרישן „כאַגאַן" און אויף אַלע אָנגעזעענע לייט אין קעניגלעכן הויף. ער איז געווען דעם כאַגאַנס לערער און ס׳שיינט, אַז אין דער צייט ווען די שלוחים פון די צוויי רעליגיעס, דער קריסטלעכער און דער מוסולמאַנישער, האָבן פלייסיק געאַרבעט איבערן כאַגאַן אים צו באַווייזן ווי גוט ס׳וועט זיין פאַר זיין מלוכה, ווען ער וועט אָננעמען זייער גלויבן, האָט ר׳ יצחק הסנגרי אויך ניט געררוט און ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַווייזן דעם כאַגאַן די גוטסקייט פון דער הויכער מאָראַל, וואָס יידישקייט פּרעדיקט די גאַנצע צייט פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט.

ווי עס איז געווען אָנגענומען אין יענע צייטן, האָבן די דריי געלערנטע פון די דריי פאַרשיידענע רעליגיעס געפירט וויכוחים צווישן זיך און דער כאַגאַן פון דער כאַזאַרישער מלוכה האָט זיך איינגעהערט און געדאַרפט אַרויסגעבן דעם אורטייל, ווער פון זיי ס׳איבערצייגט אים מער. אַזוי איז דאָס, ווי ס׳שיינט, אָנגעגאַנגען אַ לענגערע צייט און ס׳וואָרט דערציילט, אַז איינמאָל האָט דער כאַגאַן אַריינגערופן צו זיך דעם קריסטלעכן געלערנטן און אים געבעטן, ער זאָל אים ענטפערן אויף בלויז איין פראַגע:

— וועלכע פון די צוויי רעליגיעס איז די בעסערע — די מוסולמאַנישע, צי די יידישע?

האָט דער קריסטלעכער געלערנטער דערויף געענטפערט, אַז פון די צוויי, איז די ייִדישע רעליגיע די בעסערע...

דאַן האָט ער דעם קריסטלעכן געלערנטן געהייסן אַרויסגיין און ער האָט אַריינגערופן דעם מוסולמאַנישן געלערנטן און אים געשטעלט די זעלבע פראַגע, נאָר אַ ביסל אַנדערש:

— וועלכע פון די צוויי רעליגיעס איז די בעסערע — די קריסטלעכע, צי די ייִדישע?

האָט דער מוסולמאַנישער געלערנטער דערויף געענטפערט, אַז פון די צוויי איז די ייִדישע רעליגיע די בעסערע...

דאָס האָט דער כאַגאַן געטאָן דעמאָלט ווען ער האָט שוין סיי־ווי־סיי געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך אָנצונעמען דעם ייִדישן גלויבן. ער האָט נאָר גע־וואָלט קענען זאָגן, אַז אַפילו לויט דער מיינונג פון די צוויי אַנדערע געלערנטע איז די ייִדישע רעליגיע די בעסערע. און אַזוי האָט ער זיי טאַקע געזאָגט און האָט זיי געהייסן גיין, און דערביי האָט ער זיי אויך געלאָזט וויסן, אַז ער נעמט אָן דעם ייִדישן גלויבן. „און פון יענעם טאָג אָן האָט אים דער אַלמעכטיקער געהאָלפן און האָט געשטאַרקט זיין כוח. און ער האָט זיך מל געווען, ער און אַלע זיינע הויף־לייט, און דאַן איז געקומען איינער פון די ייִדישע געלערנטע און האָט אים פאַרטייטשט די גאַנצע תורה און האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַלע מצוות". — אַזוי האָט מיט עטלעכע דורות שפּעטער דערציילט דער כאַ־זאַריש־ייִדישער קעניג יוסף בן אהרון אין דעם ענטפער וואָס ער האָט צוגעשיקט קיין קאָרדאָוואָ צו ר' חסדאי איבן שאַפּרוט, וועלכער האָט אים געבעטן, ער זאָל אים באַקאַנען מיט אַלע איינצלהייטן ווי אַזוי ס'איז געקומען דערצו, אַז די כאַ־זאַרן זאָלן אָננעמען דעם ייִדישן גלויבן.

עס איז מער ווי זיכער, אַז איידער דאָס איז געשען, איז שוין געווען אַ באַדן פאַר דעם. עס שיינט, אַז אין פאָלק אַליין איז נאָך פריער אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג אָנצונעמען דעם ייִדישן גלויבן און אַ סך מענטשן האָבן זיך מגייר געווען. מ'האָט די ייִדישע רעליגיע אויפן פאָלק ניט אַרויפגעצוואונגען מיט געוואַלד אַפילו נאָכדעם ווי דער קעניג און זיינע הויפלייט און אַלע אָנגעזעענע לייט פון דער מלוכה האָבן זי שוין געהאַט אָנגענומען. און אַז די צאָל פון ייִדן, און פון אַזעלכע וואָס זיינען געוואָרן ייִדן, איז שוין דאַן געווען גרויס, קען מען זען פון דעם, וואָס ווי נאָר מ'האָט איינגעשטעלט אַ הויפּט־געריכט, וואָס זאָל העלפן דעם קעניג משפּטן דאָס פאָלק מיט גערעכטיקייט, האָט מען דערביי אין זיבעצן געהאַט די צאָל פון דער באַפעלקערונג, וואָס יעדער רעליגיע האָט אין לאַנד, און דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין דעם הויפּט־געריכט זאָלן זיין זיבן ריכטער: פאַר די ייִדן, קריסטן און מוסולמאַנער — צו צוויי ריכטער, און פאַר

די געצענדינער — איין ריכטער. פון דעם איז קלאָר, אַז די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד איז שוין דאַן געווען גרויס, און שפּעטער איז די צאָל געוואָרן נאָך גרעסער, ווייל די הערשנדיקע רעליגיע אין דער מלוכה איז דאָך געווען די יידישע.

בכלל האָט די גאַנצע מלוכה ביי דער וואָלגע אָנגענומען גאָר אַן אַנדער געשטאַלט ווען מ׳האָט דאָרט דעם יידישן גלויבן אָנגענומען. מ׳האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן פירן שענער, פיינער און איידעלער, ווי ס׳איז שוין ניט איין מאָל אָנגעוויזן געוואָרן דערויף. די שיינע מידה פון טאָלעראַנץ איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פּרינציפּן פון דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע. האַלטנדיק הייליק פון דעם וואָס שטייט געשריבן אין דער תורה (ויקרא, י״ט, ל״ג, ל״ד), אַז מ׳דאַרף זיין גוט צום פרעמדן, וואָס וואוינט אין דיין לאַנד, וואָרעם יידן דאַרפן געדענקען, אַז זיי אַליין זיינען אַמאָל געווען פרעמדע אינם לאַנד מצרים. האָט מען אין דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה, וואָס ביי דער וואָלגע, באַהאַנדלט אַלעמען גלייך און מ׳האָט קיינעם ניט פאַרפאָלגט דער־פאַר וואָס ער איז פון אַן אַנדער גלויבן, אָדער פון אַן אַנדער פאָלק.

***

כדי צו באַגרייפן די וויכטיקייט פון דעם, וואָס ס׳איז דעמאָלט געשען ביי דער וואָלגע, ווען אַ גרויסע און וויכטיקע מלוכה, פאַר וועלכער אַלע האָבן מורא געהאַט, האָט דעם יידישן גלויבן אָנגענומען, איז נויטיק צו פאַרשטיין דעם גייסט פון יענער צייט. מ׳דאַרף געדענקען, אַז אין דער קריסטלעכער וועלט איז דער קאַמף קעגן דער יידישער רעליגיע דעמאָלט געווען זייער אַ שאַרפער און אַ פאַרביסענער, און אין דעם קאַמף האָט מען אַלץ אָנגעוויזן דערויף וואָס יידן האָבן אין ערגעץ קיין היים ניט און דערויף וואָס אומעטום ווערן זיי פאַרפאָלגט און גערודפט. לויט דער מיינונג פון די פרומע קריסטן איז אויסגעקומען, אַז גאָט האָט זיך אָפּגעקערט פון די יידן און ער שטראָפט זיי דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט אָנגענומען יעזוסן פאַרן אמתן משיח, און אַז בלויז דאַן ווען זיי וועלן איינ־זען דעם פעלער, וואָס זיי האָבן געמאַכט און זיי וועלן יאָ אָנערקענען יעזוסן פאַר דעם אמתן משיח, וועלן זיי טאָן גוט און וועלן ווידער געפינען חן אין די אויגן פון דעם אַלמעכטיקן, וואָס איז דער פאָטער פון יעזוסן דעם משיח...

אַזוי איז אויסגעקומען ביי די פרומע קריסטן, וועלכע האָבן דעמאָלט אָנ־געפירט אַזאַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן יידן און יידישקייט.

די צרות, וואָס דאָס פאָלק האָט דעמאָלט אַריבערגעטראָגן, האָבן ניט וועניק געהאָלפן אין דעם, אַז צווישן יידן אַליין זאָלן זיך אויך געפינען אַזעלכע,

וואָס זאָלן דענקען, אַז ס׳איז אפשר טאַקע אַזוי. מ׳איז געווען געפאַלן ביי זיך; מ׳האָט אָנגעהויבן פאַרלירן דעם מוט; ס׳האָבן אָנגעהויבן ווערן שוואַכער די האָפענונגען. אָבער ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט וועגן דער גרויסער געשעעניש ביי דער וואָלגע, ווען מען האָט דערהערט, אַז אַ גרזיסע מלוכה, וואָס האָט געמאַכט אונטערטעניק צו זיך אַנדערע גרויסע מלוכות, האָט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן און פירט זיך לויט די דינים פון דער יידישער תורה, האָבן יידן אויפגעטום ווידער באַקומען מוט און די האָפענונג האָט זיך ווידער געשטאַרקט.

עס זיינען דאַן מיטאַמאָל אינגאַנצן אַוועקגעפאַלן די טענות פון די קריסטלעכע פרומע פּרעדיקער, אַז יידן האָבן אין ערגעץ קיין היים ניט און אַז דאָס שטראָפט זיי גאָט פאַר דעם וואָס זיי האָבן ניט אָנגענומען יעזוסן פאַר דעם אמתן משיח.

די נייע יידישע מלוכה ביי דער וואָלגע איז געוואָרן אַ היים פאַר יידן; זיי זיינען אַהין געלאָפן פון די אַלע נאָענטע לענדער, וואו מ׳האָט זיי גערודפט. און ס׳זיינען אויך געווען פאַלן, ווען דער כאַזאַריש־יידישער קעניג האָט זיך איינגעשטעלט פאַר יידן, וואָס מ׳האָט פאַרפאָלגט אין אַנדערע מדינות.

עס איז אויך וויכטיק צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז די כאַזאַרן, וואָס האָבן זיך מגייר געווען, האָבן זיך אויסגעלערנט די שפּראַך, אויף וועלכער די תורה איז געשריבן. זיי האָבן געקענט העברעאיש און געשריבן זייערע בריוו אויף העברעאיש. אויך דער בריוו, וואָס דער קעניג יוסף בן אהרון האָט צוגעשיקט צו ר׳ חסדאי איבן שאַפּרוט, איז געווען געשריבן אויף העברעאיש. אָבער דער היסטאָריקער גרעץ האָלט, אַז ס׳איז ניט באַשטימט צי דער קעניג אַליין האָט דעם העברעאישן בריוו געשריבן, אָדער ער האָט געגעבן איינעם פון די געלערנטע יידן אין הויף, ער זאָל פאַר אים שרייבן דעם בריוו אין דער שפּראַך פון דער תורה *).

דאָס איינשטעלן זיך פאַר די יידן אין אַנדערע לענדער האָט ניט איינמאָל אַריינגעצויגן די כאַזאַריש־יידישע מלוכה אין אַ מלחמה מיט די שכנישע מדינות. אָבער ניט אַלע מאָל, פאַרשטייט זיך, איז דאָס געווען די איינציקע אורזאַך פאַרוואָס מ׳האָט זיך געשלאָגן. ס׳זיינען געווען נאָך און נאָך סיבות, וואָס האָבן געפירט דערצו, אַז די אַרומיקע מלוכות זאָלן פּרואוון אַרונטערוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון דער מעכטיקער מלוכה ביי דער וואָלגע און ניט דאַרפן צאָלן מער קיין צינזן. און מער ווי מיט אַלע אַנדערע האָבן די כאַזאַרן זיך געשלאָגן מיט די קיעווער רוסן, וועלכע זיינען דאַן נאָך געווען געצנדינער.

אָנגעהויבן האָט זיך די מלחמה צווישן די צווי צדדים אין דער ערשטער

*) דברי ימי ישראל, באַנד 3, ז׳ 344.

העלפט פונם צענטן יאָרהונדערט, ווען דער הערשער פון דעם קיעווער רוסישן פירשטנטום איז געווען פרינץ איגאָר. דער זון פון דעם פרינץ ריוריק. ער האָט אַרויסגעמאַרשירט מיט אַן אַרמיי קעגן די כאַזאַרן. אָבער דער כאַזאַריש־יידישער הויפּט־קאָמאַנדיר, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פּסח, האָט אים פאַרטריבן פון די גרענעצן פון דער יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע און צעקלאַפּט די גאַנצע אַרמיי זיינע.

דערמיט איז אָבער דער קריג ניט געווען געענדיקט. און אינם יאָר 966, ווען דער פרינץ סוויאַטאָסלאַוו איז געווען דער הערשער פון דעם קיעווער־רוסישן פירשטנטום, האָט ער אָנגעהויבן אַ נייע מלחמה קעגן דער מעכטיקער כאַזאַריש־יידישער מלוכה, וואָס ביי דער וואָלגע. גאַנצע דריי יאָר האָט די מלחמה געדויערט, און ס׳האָט זיך דעם קיעווער פרינץ דאָך איינגעגעבן אַרויס־צוקומען מיט אַ נצחון; ער האָט פאַרכאַפּט די הויפּט־שטאָט איטיל, וואָס איז געשטאַנען ביים ברעג פון דער וואָלגע, און ער האָט אויך פאַרכאַפּט און חרוב געמאַכט אַנדערע וויכטיקע שטעט, וואָס זיינען געווען אַ טייל פון דער גרויסער מלוכה.

דאָס האָט נאָך אָבער אַלץ ניט געמיינט, אַז די כאַזאַריש־יידישע מלוכה ביי דער וואָלגע איז שוין אינגאַנצן צעקלאַפּט. ערשט שפּעטער, ווען די קיעווער רוסן האָבן געשלאָסן אַ בונד מיט דער קריסטלעך־ביזאַנטישער מלוכה און דער קיעווער פרינץ, וולאַדימיר דער הייליקער, האָט אינם יאָר 988 זיך אָפּגעקערט פון געצנדינעריי און איינגעפירט דעם קריסטנטום אין די גרענעצן פון זיין מלוכה, איז דורך דעם דער בונד מיט דער קריסטלעכער ביזאַנטיע געוואָרן שטאַרקער, און דאָס האָט געהאָלפן ברענגען דעם סוף צו דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה.

געשען איז דאָס אין יאָר 1016. די פאַראייניקטע קריסטלעכע כוחות האָבן צעקלאַפּט דעם לעצטן אָנהאַלט פון דער קעניגרייך, וואָס איז אַמאָל געווען שטאַרק און מעכטיק און וואָס האָט זיך שוין ווידער געהאַט באַפעסטיקט אויף דעם האַלב־אינזל קרים. און דאָס איז געווען דער סוף פון דער יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע.

נאָכדעם זיינען אייניקע פון די אָנגעזעענע יידן, וועלכע האָבן פאַרנומען הויכע פאָסטנס אין דער מלוכה, אַוועק קיין שפּאַניע, און דאָס פאָלק איז צעשפּרייט געוואָרן איבער די סטעפּעס פון דער געגנט, וואָס מ׳רופט איצט דרום־רוסלאַנד; זיי האָבן זיך באַזעצט וואו זיי האָבן נאָר געקענט און וואו מ׳האָט זיי נאָר געלאָזט. און די, וואָס זיינען פאַרבליבן אין קרים, האָבן זיך ביסלעכווייז אויסגעמישט מיט די אַנדערע יידן, און ס׳איז אָנגעקומען צו גלויבן, אַז ניט ווייניק פון זיי זיינען צוגעשטאַנען צו דער קאַראַאימער סעקטע.

נאָר ביז היינטיקן טאָג איז די געשיכטע פון דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן אַזוי גרינטלעך, אַז מ׳זאָל קענען פאַרשטיין קלאָר אַלע אורזאַכן פון דעם אונטערגאַנג. עס שיינט אָבער, אַז וולאַדימירס איינפירן דעם קריסטנטום פאַר די רוסן וואָס זיינען פריער געווען געצנדינער, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע דערביי, און ס׳שיינט אויך, אַז אין דעם כאַזאַריש־יידישן קעניגלעכן הויף האָט מען זיך טאָקע שטאַרק געשראָקן דערפאַר.

דאָס קען מען דרינגען דערפון וואָס ס׳ווערט דערציילט אין די אַלטע רוסישע כראָניקעס, אַז ווען די שלוחים פון דער קריסטלעכער קירכע זיינען געקומען צום קיעווער פרינץ וולאַדימיר אים צו באַווייזן ווי גוט ס׳וועט זיין ווען ער און זיין פאָלק וועלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, און מוסולמאַנישע געלערנטע האָבן געפּרואווט אים באַקערן צו זייער גלויבן, זיינען צו אים אויך געקומען געלערנטע כאַזאַרישע יידן און האָבן גערעדט איבער אים, אַז ער זאָל בעסער איינפירן אין זיין לאַנד דעם יידישן גלויבן.

די טעאָלאָגישע זייט איז דאָ ניט געווען אַזוי וויכטיק ווי די פּאָליטישע.

פאַר דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה, וואָס איז דאַן שוין ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי פריער, איז געווען זייער וויכטיק, אַז דער קיעווער פרינץ וולאַדימיר זאָל אָננעמען דעם יידישן גלויבן. אָבער אויף וולאַדימירן האָבן די שליחים פון דער קריסטלעכער קירכע געהאַט אַ גרעסערן איינפלוס ווי די אַנדערע, און ער האָט אָנגענומען דעם קריסטנטום, און מיט דעם אַליין איז שוין די קיעווער רוסלאַנד געוואָרן נעענטער דער קריסטלעך־ביזאַנטישער קעניגרייך, וואָס האָט די גאַנצע צייט געקוקט קרום אויף דער יידישער מלוכה, וואָס ביי דער וואָלגע.

עס איז אויך פאַראַן אַ גרונט צו גלויבן, אַז מ׳קען וואַרפן אַ חשד אויף דעם לעצטן קעניג פון די כאַזאַרן. פון דער געשיכטע וויסן מיר, אַז זיין נאָמען איז געווען געאָרג און אַז ער איז שוין גאָר ניט געווען קיין ייד, נאָר אַ קריסט. צי ס׳האָט זיך ערשט שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ קריסט, אָדער מ׳האָט דאָס געוואוסט פריער, נאָך איידער ער איז אַרויף אויפן טראָן — דאָס ווייסט מען ניט באַשטימט. אָבער ווייל מען ווייסט, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט ניט קיין יידישן נאָמען, און ווייל מען ווייסט, אַז ס׳איז אין דער מלוכה געווען איינגעפירט, אַז איינער, וואָס איז ניט קיין ייד, קען ניט זיצן אויפן טראָן, ווי ס׳שטייט בפירוש אין דעם בריוו פון דעם כאַגאַן יוסף בן אַהרון צו ר׳ חסדאי איבן שאפּרוט („ולא יוכל זר לישב על כסא אבותנו“), קען מען דע־ריבער חושד זיין, אַז ער האָט דאָס פאָלק אפשר גאָר פאַרפירט און געהאָלפן ברענגען דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה, וואָס איז אים, ווי אַ פאַר־

גלויבטן קריסט, אויך ניט געווען צום האַרצן. און צו דעם האָט מען אים אפשר געגעבן אַ גרויסע באַלוינונג אויך דערפאַר.

פאַררעטער האָבן קיינמאָל ניט אויסגעפעלט. מ׳האָט זיי אין אַלע צייטן געקענט געפינען אומעטום. אַפילו אויף קעניגלעכע טראָנען... *).

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין — די געשיכטע פון דער יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע איז איינער פון די גאָר אינטערעסאַנטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. עס איז געווען אַ גרויסע געשעעניש, וואָס האָט געקענט ברענגען גרויסע רעזולטאַטן פאַר דעם ווייטערדיקן גאַנג אין דער געשיכטע פונם יידישן פאָלק. אָבער זי האָט דאָך קיין גרויסע רעזולטאַטן ניט געבראַכט.

ב.

מיטן אונטערגאַנג פון דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה איז אין די שטעט און דערפאַר, וואָס שטיין ביי דער וואָלגע, דאָך ניט אָפּגעווישט געוואָרן אינגאַנצן דער איינפלוס וואָס די יידישע רעליגיע האָט דאָרט איבערגעלאָזט. די כאַזאַרן, וואָס האָבן דעם יידישן גלויבן נאָך פריער אָנגענומען און אויך די געבוירענע יידן וואָס האָבן דאָרט געלעבט, זיינען נאָכדעם צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער די סלאַווישע לענדער. און פון דעם וואָס מ׳געפינט אין די אַלטע רוסישע כראָניקעס, קען מען זען, אַז דער גלויבן פון די צעזייטע און צעשפּרייטע האָט דאָך געהאַט אַן איינפלוס און האָט געזוכט וועגן אַריינצודרינגען אין אַזעלכע קרייזן, וואוהין ער האָט פריער גאָר קיין צוטריט ניט געהאַט.

אַפילו נאָכדעם ווי אין דער קיעווער רוסלאַנד איז שוין דער קריסטלעכער גלויבן געווען איינגעפירט, איז פונדעסטוועגן געווען אַן אָנגענומענע זאַך, אַז הויכגעשטעלטע קריסטלעכע גייסטלעכע זאָלן זיך שטילערהייט דאָך זייער שטאַרק אינטערעסירן מיט דעם יידישן גלויבן, ווי ס׳איז געווען דער פאַל מיט דעם קיעווער גלח פעאָדאָסי און מיט ־יעם נאָווגאָראָדער יעפּיסקאָפּ פון דער קריסטלעכער

*) אין זיין בוך „כזריה, תולדות ממלכה יהודית באירופה", דריקט דר. אב. נ. פּאָלאַק אויס די מיינונג, אַז ניט די רוסן האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה, נאָר די מאָנגאָלן און אַז געשען איז דאָס אינעם 13־טן יאָרהונדערט. אויך אין אַן אַרטיקל וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אינעם זאַמלבוך „ציון" (חוברת ניסן תש"א) האָט ער דיזעלבע מיינונג אויסגעדריקט. אָבער אויב אַפילו מ׳זאָל אָננעמען, אַז זיין אויספיר איז אַ ריכטיקער, שליסט דאָס דאָך ניט אויס די הנחה, אַז וולאַדימירס איינפירן דעם קריסטנטום פאַר די רוסן, וואָס זיינען פריער געווען געצנדינער און זיין בונד מיט דער קריסטלעכער ביזאַנטיע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם אונטערגאַנג פון דער כאַזאַריש־יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע. אויב דאָס איז ניט געווען דער סוף, איז דאָס געווען דער אָנהויב פונעם סוף.

קירכע, לוקאַ זשידיאַטאַ, און מיט אַנדערע רוסישע גייסטלעכע. פּעאָדאָסי און זשידיאַטאַ האָבן ביידע געלעבט אין עלפטן יאָרהונדערט, און אייניקע היסטאָ־ריקער זיינען געניגט צו גלויבן, אַז דער יעפּיסקאָפּ לוקאַ זשידיאַטאַ, וועלכער איז אין רוסלאַנד געווען דער ערשטער וואָס האָט געשריבן וועגן דער קריסט־לעכער רעליגיע, איז שטילערהייט גאָר געווען אַ ייד; מ׳ווייסט נאָר ניט צי ער האָט געשטאַמט פון יידן און מ׳האָט אים מיט גוואַלד אָפּגעשמדט ווען ער איז נאָך אַ קליין ייִנגל געווען, אין די צייטן ווען וולאַדימיר האָט אין קיעוו אָנגע־נומען דעם קריסטנטום, אָדער ער איז געבאָרן געוואָרן אַ קריסט און ער האָט שטילערהייט געהאַלטן פון יידישקייט בעת ער איז שוין געווען אַ בישאָף פון דער קריסטלעכער קירכע.

אַלע אָנשטרענגונגען פון דער קריסטלעכער קירכע צו פּאַריאָגן די יידישע רעליגיע און זי פּאַרשפּאַרן אין אַ ווינקל האָבן ניט געהאָלפן, מ׳האָט זי ניט געקענט אַרויסוואַרפן פון לעבן, פּונקט ווי מ׳האָט ניט געקענט אָפּווישן אירע שפּורן אין דער עוואַנגעליע; די מער געבילדעטע גייסטלעכע פון דער קריסט־לעכער קירכע האָבן זיך מיט איר אינטערעסירט; זיי האָבן די יידישע רעליגיע ערנסט געשטודירט, און ס׳איז דעריבער געווען נאַטירלעך, אַז עס זאָלן סוף־כל־סוף אויסוואַקסן יענע סעקטעס, וואָס האָבן אין אָנפאַנג אַרויסגעוויזן בלויז אַ נויגונג צום יידישן גלויבן, און שפּעטער זיינען פון יענע סעקטעס אַרויסגע־וואַקסן די גרים, וועלכע האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער קריסטלעכער קירכע און אָנגענומען דעם יידישן גלויבן.

די יידן, וואָס זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבער די שכנישע לענדער נאָכדעם ווי די כאַזאַריש־יידישע מלוכה ביי דער וואָלגע איז אונטערגעגאַנגען, האָבן אָנגעשלאָגן אין אַזעלכע ערטער און זיינען אַריין אין אַזעלכע קרייזן, וואו זיי האָבן פריער גאָר קיין צוטריט ניט געהאַט. אויך אין די הויפן פון די רוסישע פּרינצן זיינען זיי אַריינגעקומען. און דאָס קען מען זען פון דעם וואָס נאָך אין צוועלפטן יאָרהונדערט האָבן צוויי יידן געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין הויף פון דעם רוסישן פּרינץ אַנדרעי באָגאָליובסקי. איינער פון זיי האָט גע־הייסן אפרים מאָיזיטש, און דער אַנדערער האָט געהייסן אנבעל יאַסין. אויך אינם פופצנטן יאָרהונדערט, ווי ס׳איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן פריער, ווען דער רוסישער פּרינץ מיכאַיל אָלעלקאָוויטש איז אין יאָר 1470 אָנגעקומען פון קיעוו קיין נאָווגאָראָד, האָט ער מיט זיך געבראַכט אַהין דעם געלערנטן יידן זכריהו, און אין דער רוסישער געשיכטע ווערט דערציילט, אַז נאָכדעם האָט זיך צווישן די געלערנטע גלחים פון דער פּראַוואָסלאַווער קירכע אין נאָווגאָראָד אָנגעהויבן אַ באַוועגונג איבערצוגיין צום יידישן גלויבן.

דאָס האָט זיך אַלץ געצויגן פון יענע צייטן, ווען די כאַזאַריש־יידישע מלוכה ביי דער וואָלגע איז אונטערגעגאַנגען. דער קאַמף האָט זיך געצויגן ווייטער, כאָטש ער האָט שוין מער קיין פּאָליטישע באַדייטונג ניט געהאַט, און ער האָט שוין געטראָגן אַ ריין טעאָלאָגישן כאַראַקטער. די אַלע מיטלען, וואָס די רוסישע קירכע האָט אָנגענומען קעגן דעם, האָבן ניט געהאָלפן. פון די גייסטלעכע האָט זיך די באַוועגונג אַריבערגעוואָרפן צום פאָלק; די צאָל פון די פאַריידישטע קריסטלעכע סעקטעס, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן ביי דער וואָלגע, ביים דאָן און אויך אין די אַנדערע טיילן פון רוסלאַנד, איז וואָס אַמאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער, און ביז די גאָר לעצטע צייטן איז די צאָל פון די גרים און פאַר־יידישטע גויים דאָרט געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן זיך געציילט אין די צענד־ליקער און צענדליקער טויזנטער. דאָס האָבן פעסטגעשטעלט פאָרשער, וועלכע האָבן יאָרנלאַנג דעם ענין גרינטלעך געשטודירט, און איינער פון זיי איז דער העברעאישער שריפטשטעלער צבי כשדאי, וועמען מיר האָבן שוין פריער דער־מאָנט. ער האָט וועגן דעם עטלעכע ווערק אָנגעשריבן.

***

ניט מיט יעדן אויספיר וואָס צבי כשדאי מאַכט אויפן גרונט פון זיינע אויספאָרשונגען קען מען איינשטימען. ער פאַרגייט אַמאָל צו ווייט אין זיינע השערות און ער בויט צופיל אויף די השערות וואָס אַנדערע האָבן אַרויסגעזאָגט. אָבער די מעשיות וואָס ער דערציילט וועגן די אייגענע דערפאַרונגען וואָס ער האָט געהאַט מיט גרים און אויך מיט פאַריידישטע גוים ביי דער וואָלגע אויף די אָפטע רייזעס וואָס ער האָט דאָרט געמאַכט, זיינען זייער אינטערעסאַנט.

ער דערציילט ווי אינם יאָר 1891, אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מ׳האָט אַרויס־געטריבן די יידן פון מאָסקווע, איז אים אויסגעקומען צו זיין אין דער שטאָט צאַריצין, אין דער איצטיקער סטאַלינגראַד. די צייט איז דאָן געווען זייער אַ בי־טערע פאַר די יידן אין רוסלאַנד. דער צורר־היהודים פּאָבעדאָנאָסצעוו, וועלכער האָט געהאַט זייער אַ גרויסן איינפלוס אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטן, האָט אַלעמאָל געפונען נייע וועגן און מיטלען ווי צו פאַרביטערן דאָס לעבן פון די יידן אין לאַנד און אויך פון די גרים, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צו יידישקייט. און אַזוי ווי די צאָל פון אַזעלכע גרים איז דעמאָלט אין דער שטאָט צאַריצין געווען גרויס און יידן האָבן דאָרט ניט געהאַט קיין רעכט צו וואוינען, האָט אַ ייד דעריבער געדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק ווען ער איז געקומען אַהין. ער האָט זיך געדאַרפט היטן ער זאָל ניט אַריינפאַלן.

דערציילט דער העברעאישער שריפטשטעלער, אַז ער האָט פון די אַלע איז־

וואַשטשיקעס, וואָס זיינען געשטאַנעןביים וואָקזאַל מיט זייערע שליטנס, אויס־געקליבן דעם וואָס איז געווען דער לעצטער אין דער ריי און אים געהייסן פאָרן אין יענעם טייל פון שטאָט, וואָס געפינט זיך אויף דער אַנדערער זייט פונם טייך. דאָרט, האָט ער געוואוסט, וועט ער קענען געפינען אַ יידישע אַכסניא, וואו ער וועט זיך ניט דאַרפן שרעקן פאַר דער פאָליציי. אַזוי האָבן אים געזאָגט אַנדערע געניטע רייזנדער, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן אין באַן פאָרנדיק קיין צאַריצין.

דער איזוואָזטשיק האָט אויסגעזען ווי אַן עכטער רוס און אַנגעטאָן איז ער געווען ווי אַ טיפּיש־רוסישער איזוואָזטשיק, און גערעדט האָט ער ווי ס׳רעדן געוויינלעך די רוסישע מענטשן, וואָס זיינען געבאָרן ביי דער וואָלגע — אַ ביסל דורך דער נאָז. און ווייל דער יידישער פּאַסאַזשיר איז געווען זיכער אין דעם, אַז ער איז אַן עכטער „פאָניע״, האָט ער זיך פאַר אים געהיט. אָבער ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז זיין מורא געווען אומזיסט.

אויפן וועג האָט דער עכט־רוסישער איזוואָזטשיק זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פּאַסאַזשיר און געפּרוּווט פאַרפירן אַ געשפּרעך.

— איך פאַרשטיי, — האָט ער געזאָגט, — פאַרוואָס איר הייסט זיך פירן דווקא אַהין, אין יענעם טייל פון דער שטאָט; איר זענט אַוודאי אַ זון פון ישראל (סין איזראַיעליאַ), און דאָרט וועט איר קענען געפינען אַ יידישע אַכסניא.

אין אָנפאַנג האָט דער יידישער רייזנדער זיך דערשראָקן; ער האָט געמיינט, אַז דער איזוואָזטשיק אַרבעט אפשר גאָר פאַר דער געהיים־פּאָליציי. אָבער דער איזוואָזטשיק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער „פאָניע״, האָט אים באַרואיקט:

— איר דאַרפט זיך ניט שרעקן — האָט ער געזאָגט, — איך בין אייערער אַן אייגענער, אַ פאַריידישטער („יודעיסוואַישטשי״). מיר האָבן דאָ אַ סך אַזעלכע ווי איך, און ניט איין מאָל איז מיר שוין אויסגעקומען צו פירן יידן אַהין, אין יענעם טייל פון שטאָט. אַפּנים, אַז זיי דערפילן, די פּאַסאַזשירן, אַז איך בין אַן אייגענער. איין האַרץ פילט דאָס אַנדערע...

דער העברעאישער שריפטשטעלער כשדאי איז אַוודאי געווען זייער צו־פרידן פון דעם וואָס ער האָט גראָד אָנגעטראָפן אַזאַ איזוואָזטשיק, אָבער נאָכדעם ווי ער איז מיט אים אָפּגעכאָרן אַקעגן אַ שטונדע צייט האָט אים יענער געזאָגט, אַז ווייטער פירן קען ער אים ניט, ווייל היינט איז פרייטיק, און איצט איז שוין צוועלף אַזייגער בייטאָג, און ס׳איז ביי זיי איינגעפירט, אַז פרייטיק נאָך צוועלף אַזייגער זיינען זיי מקבל־שבת... — אָבער איר זאָלט זיך גאָר ניט זאָרגן, — האָט ער געזאָגט — איך וועל אייך איבערגעבן אין די הענט פון אַ רוסישן איז־וואָזטשיק, וואָס וועט אייך בשלום ברענגען וואוהין איר ווילט. און פאַר אים

דאַרפט איר זיך ניט שרעקן, ווייל ער איז שוין כמעט אויך אונדזערער אַ מענטש; ער וועט זיך גאָר אין גיכן אויך מגייר זיין...

מיט אַ פייף, וואָס בלויז געקליבענע זיינען בריות דערויף, האָט דער ערשטער איזוואָזטשיק צוגערופן אַן אַנדערן און אים געהייסן פירן דעם יידישן פּאַסאַזשיר וואוהין ער וועט אים הייסן, און יענער האָט געפאָלגט, און פאַרנאַכט איז דער העברעאישער שריפטשטעלער אַוועק אין דער שול וואו די „פאַריידישטע גויים" האָבן געדאַוונט.

די שול איז געווען געפּאַקט, און געדאַוונט האָט מען אויף רוסיש, און ווען ס'איז געקומען צו „לכה דודי", האָבן זיך אַלע צעזונגען אויפן קול. דער חזן האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער אויף לשון־קודש און אויך אויף רוסיש, און אַלע האָבן אים נאָכגעזאָגט; אָבער ניט אַלע האָבן געקענט נאָכזאָגן די העברעאישע ווערטער און זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט דעם וואָס זיי האָבן נאָכגעזאָגט בלויז די רוסישע ווערטער, און נאָכזאָגנדיק האָבן זיי געזונגען; אויך די פרויען, וואָס זיינען געווען אין דער וייבערישער שול, האָבן געזונגען דעם „לכה דודי" אויף רוסיש. און ווייל אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן ווי עכטע קאַצאַפּעס און עכטע קאַצאַפּקעס, האָט דאָס ווירקלעך אויסגעקוקט זייער מאָדנע, און ס'האָט זיך געדוכט, אַז מ'וועט ניט דאַרפן זיין איבערראַשט ווען איינער וועט גאָר אין מיטן דערינען אָנהויבן שפּילן אויף אַ „גאַרמאָשקאַ" און אַלע וועלן אָנהויבן טאַנצן אַ „קאַמאַרינסקע" זינגענדיק דעם „לכה דודי"...

אויך שבת אין דער פרי איז דער רייזנדער געקומען אין שול אַריין צו די גרים אין דער שטאָט צאַריצין, וואָס הייסט איצטער סטאַלינגראַד. און אין זיין בוך „המתיהדים" דערציילט ער, אַז ער האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, ווייל די גרים קומען שבת אין שול אַריין זייער פרי. מען איז שוין געשטאַנען „שמונה־עשרה" ווען ער איז אין שול אַריינגעקומען. און ביי דער „קדושה" האָבן זיך פון אַלע זייטן דערהערט הילכיקע קולות: „סוויאַט! סוויאַט! סוויאַט!"

דאָס האָט מען אַזוי געזאָגט „קדוש! קדוש! קדוש!" און געזאָגט האָט מען דאָס מיט אַזאַ עכט־רוסיש וואָלגישן אַקצענט, אַז ס'איז שווער געווען דאָס צונויפצובינדן מיט דער „קדושה" אין דער „שמונה־עשרה".

עס איז יענע גרים ביי דער וואָלגע שווער זיך אויסצולערנען זאָגן די תפילות אין דער שפּראַך, אויף וועלכע זיי זיינען געשריבן געוואָרן. אויך די תורה קענען זיי ניט לערנען אין דער אָריגינעלער שפּראַך, און זיי לערנען זי אויף רוסיש. און די וואָס לערנען זיך יאָ אויס זאָגן די תפילות אין דער אָריגינעלער שפּראַך, רעדן אַרויס די העברעאישע ווערטער אַזוי, אַז עס איז שווער זיי צו דערקענען.

זיי קענען זיך ביים דאַווענען געבן אַ זאָג אַרויס אַזעלכע ווערטער ווי: „גאַ־

בויכער בעיגאַמוי איזראַיעל בעיגאַוואַ״, און דאָס מיינט צו זאָגן: „הבוחר בעמו ישראל באהבה״. זיי קענען אויך זאָגן: „וועאיסגאַלע וועיאיסגאַלעיל״, און דאָס מיינט „ויתעלה ויתהלל״.

אַ פרומער גר — און פרומע זיינען זיי אַלע — זאָגט ניט קיין תהילים, נאָר — טעגילים.

ער זאָגט ניט קיין הלל, נאָר — גאַלעל.

אָבער ס׳מאַכט ניט וואָס זיי רעדן אַרויס אויף אַזאַ גויישן שטייגער די ווערטער פון די יידישע תפילות — אין האַרצן זיינען זיי יידן, גוטע, איבערגע־געבענע יידן. און דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז, וואָס די גאַנצע באַוועגונג אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן איז אין דער אַלטער רוסלאַנד פון די צאַרן דע־מאָלט שוין ניט געווען קיין רעזולטאַט פון יידיש־מיסיאָנערישער אַרבעט. יידן האָבן דאָרט קיינמאָל גאָרניט געטאָן צו באַקערן קריסטן צום יידישן גלויבן; זיי האָבן דאָס ניט געקענט טאָן אַפילו ווען זיי וואָלטן געוואָלט, ווייל אַזאַ טעטיקייט איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת נפשות, און מ׳האָט געקענט באַשטראָפט ווערן זייער שטרענג דערפאַר. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען וואָס דווקא ביי דער וואָלגע און אין די אַנדערע געגנטן, וואו יידן האָבן ניט גע־טאָרט וואוינען, איז די צאָל פון די גרים און פון פאַריידישטע קריסטלעכע סעקטעס געווען זייער גרויס. און די אַלע מיטלען וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אָנגענומען קעגן דעם האָבן ניט געהאָלפן. פאַרקערט, וואָס מער מ׳האָט זיי פאַרפאָלגט, אַלץ גרעסער איז געווען זייער צאָל. און עס זיינען געווען פאַלן ווען גאַנצע דערפער ביי דער וואָלגע האָבן — אינאיינעם מיטן „סטאַראָסטע״, מיטן „אוריאַדניק״ און אויך מיט די „סטראַזשניקעס״ — אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. און אין אַזעלכע פאַלן האָבן זיי געוויינלעך שטילערהייט אַראָפּגעבראַכט אַ מוהל פון ליטע, פון פוילן, אָדער פון אוקראַינע, און ער האָט זיי מל געווען, און נאָכ־דעם האָט ער געמוזט אַנטלויפן, ווייל די פּאָליציי האָט אים אומעטום געזוכט.

וועגן אַזאַ פאַל, מיט אַ גאַנץ דאָרף וואָס האָט זיך מגייר געווען, דערציילט צבי כשדאי אין זיין בוך „המתיהדים״ זייער אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע:

ער איז אַמאָל געפאָרן, — דערציילט ער, — אויף דער וואָלגע, און ס׳האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי, אַז אויף דער זעלבער שיף זיינען אויך געפאָרן עטלעכע פון יענע פאַריידישטע גויים, וואָס מ׳האָט אין רוסלאַנד גערופן „זשידאָווסטוואָ־יושטשי״. איינער פון זיי, אַן אַלטער מאַן, האָט אין דער פרי אַרויסגענומען פון זיין רענצל אַ טלית און האָט זיך געשטעלט דאַווענען, און דאָס האָט שטאַרק דערצאָרנט איינעם אַ פּריסטאַוו, וואָס איז גראָד אויך געפאָרן אויף דער זעלבער שיף.

ווען זייער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ ברעג, האָט דער פּריסטאַוו

אַרויסגערופן צוויי פּאָליצייסקע און זיי געהייסן אַרעסטירן דעם אַלטן מאַן, דעם גר, וואָס האָט מיט כוונה געדאַוונט אויף רוסיש, אָנגעטאָן אין טלית און תפילין. די צוויי פּאָליצייסקע האָבן געפאָלגט און, אַראָפּשלעפּנדיק דעם אַלטן מאַן אויפן ברעג, האָבן זיי אים געשלאָגן און אויך געמאַכט „אין דער מאַמען אַריין" — אויפן עכט־רוסישן שטייגער.

ווען די אַנדערע גרים אויף דער שיף האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי זיך איינגעשטעלט פאַר דעם אַלטן און ס׳איז געוואָרן אַ געשלעג. אויך די עכטע רוסן, וואָס זיינען געפאָרן אויף דער שיף, האָבן זיך פאַר דעם אַלטן מאַן איינגעשטעלט, און אַלע אינאיינעם האָבן גוט אָנגעשלאָגן די פּאָליצייסקע.

די רוסישע פּאַסאַזשירן זיינען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט; זיי האָבן מיט כעס גערעדט וועגן דעם וואָס מ׳האָט אַזוי גראָב באַליידיקט דעם אַלטן פרומען גר, וואָס האָט מיט אַזאַ כוונה געדאַוונט אָנגעטאָן אין טלית און תפילין. און אַ סך פון זיי האָבן געשריען אויפן קול:

— ווייל ס׳איז יאָ אַזוי, וועלן מיר זיך אויך מגייר זיין!...

עס איז פּשוט אוממעגלעך געווען איינצושטילן די פּשוטע, ערלעכע רוסישע מענטשן, וועלכע האָבן די עוולה ניט געקענט צוזען; זיי האָבן איינע די אַנדערע גוט געקענט, ווייל זיי זיינען אַלע געווען פון איין דאָרף און ס׳איז זיי אָפּט אויסגעקומען צו פאָרן אויף דער וואָלגע צוליב געשעפטן, וואָס זיי האָבן געפירט. דעם גאַנצן וועג ביז דער שטאָט ניזשני־נאָווגאָראָד, וואָס הייסט איצט גאָרקי, האָבן זיי ניט אויפגעהערט רעדן וועגן דעם ווי די פּאָליציי האָט גראָב באַליידיקט דעם אַלטן פרומען גר אינם טלית און תפילין. און דערביי האָט אַלע מאָל אַן אַנדער געזאָגט:

„ווייל ס׳איז יאָ אַזוי, וועלן מיר זיך אַלע מגייר זיין!..."

און זיי האָבן געהאַלטן וואָרט. עס זיינען אַוועק ניט מער ווי עטלעכע חדשים און דאָס גאַנצע דאָרף זייערס, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי הונדערט מענטשן, האָט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ יונגן מוהל פון דער ליטע און ער האָט זיי שטילערהייט אַלעמען מל געווען און זיי האָבן אים דערפאַר באַצאָלט אַ רובל אַ שטיק, און נאָכדעם האָט ער געמוזט אַנטלויפן, פאַרשטעלנדיק זיך פאַר אַ פרוי, ווייל די פּאָליציי האָט אים אומעטום געזוכט...

בכלל קען מען זאָגן, אַז די באַוועגונג, וואָס איז אַזוי פיל יאָרן אָנגעגאַנגען ביי דער וואָלגע און אין אַנדערע רוסישע געגנטן אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן, איז איינע פון די גרעסטע רעטענישן אין דער געשיכטע און ס׳איז זייער שווער דאָס צו דערקלערן, אַפילו ווען מען נעמט אָן דעם שטאַנדפּונקט אַז אין אַלגעמיין איז די רוסישע נשמה זייער אַ פאַרפּלאָנטערטע, און אַז ניט אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט איר, קען מען דערקלערן מיטן שכל. אין דעם פאַל גילט ניט אַט

דער כלל, ווייל אַזעלכע באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אַ יידישן אָפּנויג ביי רעליגיעזע קריסטלעכע סעקטעס און זיך געענדיקט דערמיט וואָס מ׳איז אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צום יידישן גלויבן, זיינען אָנגעגאַנגען ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין פוילן, אין אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער. זיי זיינען אויך אָנגעגאַנגען אין די גאָר אַלטע צייטן, נאָך איידער דער קריסטנטום איז געוואָרן אַ וועלט־מאַכט. ס׳איז דער אַלטער קאַמף צווישן דעם גלויבן אין איין גאָט און דעם גלויבן אין אַ סך געטער, — דער קאַמף צווישן מאָנאָטעאיזם און געצנדינעריי. און ווען עס קומט צו דעם איז שווער אַריינצודרינגען אין דער נשמה פון דעם טיף־רעליגיעזן מענטשן, וואָס טראַכט אַ סך וועגן דעם און וואָס פילט דאָס נאָך מער ווי ער טראַכט...

פון אַלץ, וואָס מ׳האָט שוין ביז איצט געשריבן וועגן דער באַוועגונג פון די גרים און פאַריידישטע קריסטלעכע סעקטעס ביי דער וואָלגע און אין אַנדערע געגנטן, איז שווער זיך אָפּצושטעלן אויף איין אויספיר, וואָס זאָל לאָגיש קלאָר מאַכן די גרויסע רעטעניש, און מ׳מוז דעריבער אָננעמען אַז אין דעם איז פאַראַן אַזוינס, וואָס איז שטענדיק געווען און וואָס איז נאָך איצט געבליבן מיסטעריעז. און דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן דער ענטפער וואָס די מער אויפגעקלערטע פון די גרים ביי דער וואָלגע פלעגן געוויינלעך געבן ווען מ׳האָט זיי געשטעלט די פראַגע ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז זיי זאָלן אויפגעבן דעם קריסט־לעכן גלויבן און אָננעמען דעם יידישן, און ווער ס׳האָט זיי צוגערעדט דערצו:

„צוגערעדט דערצו — האָבן זיי געוויינלעך געזאָגט, — האָט אונדז אַ גוטע און זייער אַ ליבע אַלטיטשקע — די ביבל...״

***

די מערסטע גרים קענען די ביבל אויסגעצייכנט. זיי האָבן זי גוט שטו־דירט אינאיינעם מיטן עוואַנגעליום, און וואָס מער זיי האָבן זיך באַקענט מיט דעם וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תורה, אַלץ מער האָבן זיי איינגעזען, אַז דאָס, וואָס די פּראַוואָסלאַווניע קירכע פּרעדיקט, איז פול מיט ווידערשפּרוכן וואָס שטימען ניט מיט דעם גלויבן אין איין גאָט, ווי עס ווערט אויסגעדריקט אין דער תורה.

אַלע גרים ביי דער וואָלגע זאָגן געוויינלעך, אַז אָננעמענדיק דעם יידישן גלויבן קערן זיי זיך אום צוריק צו דער אמונה פון זייערע אָבות, די כאַזאַרן. זיי גלויבן, אַז זיי שטאַמען פון די כאַזאַרן, און אַז נאָכן אונטערגאַנג פון דער כאַ־זאַריש־יידישער מלוכה ביי דער וואָלגע, זיינען זייערע אור־עלטערן ביסלעכווייז

פאַרגזיישט געוואָרן און האָבן דעם קריסטלעכן גלויבן אָנגענומען. און איצט ליגט אויף זיי אַ חוב זיך אומצוקערן צוריק.

אַזוי גלויבן זיי.

אַ וויכטיקע ראָלע דערביי האָט אויך געשפּילט דער קלימאַט. אַזוי האָבן אַלטע און געלערנטע גרים פאַרזיכערט דעם פאָרשער אין די געשפּרעכן וואָס זיי האָבן געפירט מיט אים. דער ווינטער — האָבן זיי געזאָגט, — איז ביי אונדז אַ שווערער; די טעג זיינען קורצע און די נעכט לאַנגע, איז דעריבער אין אונדזער געגנט ביי דער וואָלגע געווען איינגעפירט, אַז אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט זאָל מען זיך אין די דערפער צונויפקומען אין די שטיבלעך וואו ס'איז געווען וואַרעם, און דאָרט האָט מען אַלעמאָל אויסגעקליבן איינעם וואָס האָט גוט גע־קענט לייענען, און ער האָט פאַר אַלעמען פאָרגעלייענט די ביבל און אויך די עוואַנגעליע. אַזוי נאַכט אויף נאַכט.

און אַלע מאָל האָט מען נאָכן לייענען אַ סך גערעדט וועגן דעם וואָס מ'האָט געהערט, און רעדנדיק האָט מען פאַרגליכן דעם טעקסט פון דער ביבל מיטן טעקסט פון דער עוואַנגעליע. און אַט דאָס האָט געשאַפן אַ געראַנגל אין די מוחות, און מערסטנטייל איז אויסגעקומען אַזוי, אַז ביים סוף פונם ווינטער האָבן אַ סך פון די צוהערער זיך אָפּגעקערט פון דעם קריסטלעכן גלויבן און זיי־נען איבערגעגאַנגען צום יידישן...

ווען די רעגירונג האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז מען זאָל האַלטן אַן אויג אויף די אַלע קריסטלעכע סעקטעס, וואָס האָבן אַן אָפּנייג צו יידישקייט; מ'האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די אַלע „סור־באָטניקעס", די „מאָלאָקאַניעס" און די אַנדערע פון דעם זעלבן מין; און מער ווי אַלע אַנדערע האָט מען פאַרפאָלגט יענע, וואָס מ'האָט גערופן „זשידאָווסטוואָר־יושטשי". אין די אַלע דערפער, וואָס זיינען ביי דער וואָלגע און אויך אין די וואָס ביים דאָן, האָט מען פאַרבאָטן די פויערים זיך צונויפצוקומען אין איין שטיבל אין די פרייע שטונדן, וואָס זיי האָבן אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט. פאַרלייענען די ביבל און די עוואַנגעליע אויף אַזעלכע פאַרזאַמלונגען און פירן דיסקוסיעס וועגן דעם, איז געווען כמעט אַזאַ פאַרברעכן ווי אָפּהאַלטן אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמלונג; די פּאָליציי האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, אַז אַזעלכע פאַרזאַמלונגען זאָלן אין ערגעץ ניט פאָר־קומען.

אָבער די אַלע מיטלען, וואָס מ'האָט אָנגענומען קעגן דעם, האָבן ניט גע־האָלפן; די פרומע פויערים, וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע וועגן די צוויי רעליגיעס, האָבן געוואוסט ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון דער פּאָליציי, און ווען זיי האָבן נאָר געקענט און וואו זיי האָבן נאָר געקענט האָבן זיי אין די דערפער וואָס זיינען ביי דער וואָלגע, אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען

## שטעט און שטעטלעך

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט. אויך אין די שטעט — אין צאַריצין, אין אַסטראַ־כאַן, אין סאַראַטאָוו, אין ניזשני־נאָווגאָראָד און אין אַנדערע שטעט — האָט מען אַזעלכע פאַרזאַמלונגען אָפּגעהאַלטן, און דער סוף איז געווען, אַז טויזנטער און טויזנטער פון די וואָס האָבן אַזוי פלייסיק געשטודירט די ביבל און די עוואַנ־געליע, זיינען געוואָרן ספּעציאַליסטן צו פאַרגלייכן ביידע טעקסטן. און וואָס מער זיי האָבן דאָס פאַרגליכן, אַלץ מער ווידערשפּרוכן האָבן זיי געפונען אין דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע, און דאַן האָבן זיי אויפגעהערט גיין אין די קלויס־טערס, וואו די רעליגיעזע צערעמאָניע איז שוין, לויט זייער מיינונג, געווען אַ געצנדינערישע. און ביסלעכווייז זיינען זיי אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צו יידישקייט.

כדי אָפּצורייסן די פּויערים ביי דער וואָלגע פון דעם יידישן אָפּנויג און פון דעם גרויסן אינטערעס צו דער ביבל וואָס זיי לייענען מיט אַזוי פיל התמדה אויף רוסיש, האָט מען געטאָן אַלץ וואָס מ׳האָט נאָר געקענט צו פאַרשפּרייטן שיכרות צווישן זיי. אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן. איבערגעלעגן אין די שענקען זיינען גאָר יענע פּויערים, וועלכע האָבן זיך ווי די בלינדע געלאָזט פירן פון נאַטשאַלסטוואָ און אויך פון די גלחים, וואָס האָבן געדינט דער צאַ־רישער נאַטשאַלסטווע. אָבער די אַנדערע פּויערים, די וואָס האָבן אין די היי־ליקע שריפטן געפונען דאָס וואָס זיי האָבן אַנגערופן אויף רוסיש „סלאָווא באָזשי״ (גאָטס ווערטער) — זיי זיינען אין די שענקען ניט געגאַנגען, זיי האָבן ניט גע־שיכורט, און אַפילו דאַן ווען די גלעקער האָבן זיי גערופן אין קלויסטער אַריין, זיינען זיי אַהין שוין ניט געגאַנגען און אַנשטאָט דעם זיינען זיי זיך שטילערהייט צונויפגעקומען אין די שטיבלעך, וואו איינער האָט פאַר זיי געלייענט די ביבל און די עוואַנגעליע, און נאָכדעם האָט מען געפירט דיסקוסיעס וועגן דעם וואו דער גלויבן אין איין גאָט ווערט אויסגעדריקט שענער און קלאָרער און וואו די מאָראַל ווערט אָוועקגעשטעלט העכער.

פון יענע שטיבלעך, וואָס זיינען צעוואָרפן איבער די דערפער ביי דער וואָלגע, זיינען אין פאַרלויף פון דורות אַרויסגעקומען טויזנטער און צענדליקער טויזנטער גרים, וואָס זיינען מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דעם יידישן פאָלק און וואָס האָבן אָפּגעהיט אַלע מצוות פון דער תורה. אַ סך פון זיי זיינען געווען אַזוי פרום, אַז אַפילו די פרומקייט פון פרומע יידן איז שוין פאַר זיי ניט געווען גענוג. און ווייל מ׳האָט זיי אין רוסלאַנד שטאַרק פאַרפאָלגט און דערצו איז נאָך אין די אַלטע צייטן די לאַגע אין לאַנד געווען אַזאַ, אַז יידן האָבן מורא געהאַט אַרויסצואווייזן צו זיי אַ נאָענטקייט, איז ווער פון זיי ס׳האָט נאָר געקענט, איז אָוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער לאַנד, וואו ער האָט זיך מיט זיין יידישקייט געפילט זיכערער און פרייער. אַ סך פון זיי זיינען אָוועק קיין אַמעריקע; און אין

ניו־יאָרק געפינט זיך נאָך איצט אַ געמיינדע פון אַזעלכע רוסישע גרים, וואָס זיינען מיט יאָרן צוריק געקומען אַהער פון דער געגנט ביי דער וואָלגע. זיי האַלטן זיך אַלע אינאיינעם, און כאָטש זיי קענען קיין יידיש ניט רעדן, זיינען זיי אָבער דאָך פרומע יידן און זיי היטן אָפּ יידישקייט מיט אַלע פּרטים און דקדוקים. אויך קיין ארץ־ישראל זיינען אַ סך פון זיי אַוועקגעפאָרן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און מיט זיי האָבן זיך די אַנדערע גרים ביי דער וואָלגע זייער שטאַרק אינטערעסירט און זיי טאָקע מקנא געווען אויך. און דער רייזנדער צבי כשדאי דערציילט, אַז ווען ער איז אינם יאָר 1915 געקומען צוריק קיין רוסלאַנד פון ארץ־ישראל און געמאַכט אַ נייע רייזע איבער דער וואָלגע, האָט ער זיך אויפן וועג פון צאַריצין קיין אַסטראַכאַן ווידער געטראָפן מיט אַ סך פון די פאַר־יידישטע גויים און ער האָט מיט זיי ווידער לאַנגע און אינטערעסאַנטע גע־שפּרעכן געפירט וועגן זייער איבערגיין צום יידישן גלויבן.

מיט הונדערטער אַזעלכע גרים האָט ער זיך דאַן אויף דער וואָלגע גע־טראָפן, און זיי האָבן אַלע געוואָלט ער זאָל זיי דערציילן נאָך און נאָך וועגן דעם לעבן פון זייערע ברידער־גרים, וועלכע האָבן זיך אין ארץ־ישראל באַ־זעצט. און ווען ער האָט זיי דערציילט, אַז זיי פילן זיך איצט צווישן אייגענע און אַז זייערע קינדער רעדן שוין לשון־קודש, האָבן זיי זיך שטאַרק געפרייט. דאָס האָט זיי גרויס נחת פאַרשאַפט, און זיי האָבן געזאָגט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס זיי וועלן נאָך האָבן, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן זיי אויך אַוועק אין דעם לאַנד, וואו זיי וועלן זיך קענען פילן ווי צווישן אייגענע ברידער...

עס ציט זיי צו דעם לאַנד, וואו זייערע קינדער וועלן ניט דאַרפן שרייען „סוויאַט! סוויאַט! סוויאַט!" אָנשטאָט „קדוש! קדוש! קדוש!" נאָר זיי וועלן קענען רעדן די שפּראַך פון דער גוטער און זייער ליבער אַלטיטשקער זיידער — די שפּראַך פון דער ביבל...

אויסגעוואַקסן ביי דער וואָלגע — מיט אַ בענקשאַפט צום ירדן...

# אינהאַלט פון באַנד צוויי:



## אויסער אוקראַינע

זייט

# אינדעקס

## באנד II

### א.



### ב.

## ג.



## ד.



## ה.



## ו.



## ז.

## ח.



## ט.



## י.



## כּ.



## כ.



## ל.

## מ.



## נ.



## ס.



## ע.